רחל אויערבאַך

# וואַרשעווער צוואָות

באַגעגענישן, אַקטיוויטעטן, גורלות

1933—1943




פאַרלאַג „ישׂראל-בוך"
תל-אביב, תשל"ה — 1974

דאָס בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון :
קרן הנשיא, ירושלים ;
ווילי און ליזאַ שאָר־פאָנד ביים ייִדישן קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק ;
הנהלת יד־ושם, ירושלים ;
קרן תל־אביב לספרות ואמנות ;
ליטעראַטור־פאָנד ביים ייִדישן שרייבער־פאַראיין, תל־אביב ;
בוך־קאָמיטעט, מאָנטרעאָל.

# פאָרוואָרט

„Z ludem pospołu — אין איינעם מיטן פאָלק — אַ טרויער־כראָניק וועגן אומקום פון די ייִדישע שרייבער און קינסטלער אין וואַרשע"...

אַזוי האָב איך סוף 1943 אָנגערופן די ערשטע ווערסיע פון דאָזיקן בוך. דאָס האָט געזאָלט זיין ניט מער, ווי איין קאַפּיטל פון אַן אַרבעט וועגן דער אויסראָטונג פון די וואַרשעווער ייִדן, וואָס איך האָב לויט דער בקשה פון אַ ייִדישן אונטערערדישן טוער אויף דער אַרישער זייט געזאָלט אָנשרייבן פאַר אַ פּוילישער פּובליקאַציע.

ווען איך האָב זיך אָבער גענומען צום שרייבן, האָט זיך אָט דער פּרק אַזוי צעוואַקסן, אַז ער האָט זיך ניט געלאָזט אַריינפּרעסן אין יענער ראַם; געוואָרן קאַפּירט אין באַזונדערע העפטן, מיט אַ באַזונדערער נומעראַציע. און אָט וואָס איך האָב דעמלט צוגעשריבן צו יענעם כתב־יד:

„...און אַזוי ווי מען קאָן היינט איבערציילן אויף די פינגער אונדזערע ביים לעבן געבליבענע מענטשן פון דער פּען, צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון ייִדישער וויסנשאַפט און קונסט, און אַזוי ווי מען קאָן אויך וועגן זיי ניט זיין זיכער, צי וועלן זיי שוין בלייבן לעבן — האַלט איך פאַר מיין חוב צו פאַרצייכענען מיינע ביזאיצטיקע ידיעות וועגן זייער גורל.

כּדי אַז חברים און פריינד און סתם ייִדן פון אונדזער עולם לייענער און סימפּאַטיקער אין דער וויטער וועלט, זאָלן זיך אַ מאָל דערוויסן, וואָס עס איז מיט אונדז געשען.

מען זאָל וויסן זיין, ווער עס איז געפאַלן פריִער, ווער שפּעטער; ווער פון אַ קויל, ווער פון אַ מגפה, ווער אין די פייערן פון ברענענדיקן געטאָ; ווער אין טרעבלינקע, ווער אין כעלמנאָ, און ווער אויף די ווילבאַקאַנטע גאַסן פון זיין שטאָט...

אַ בינטל נעמען, אַ רשימה פון אַדרעסן אַרויסגעצויגן פון ברידער־קבר; אַ סנאָפּ ליכט־שטראַלן, געוואָרפן אויף אַ שורה פנימער צווישן די הויפּנס אַנאָנימע אומקום־ציפערן...

כּל־זמן איך אַליין טו זיך נאָך דאָ אַרומדרייען, אַן איינגעהילטע אין

אַ נעפּל פון נישט געוויינטע טרערן, אַ פאַרטראָגענע אויף אַ פרעמדן עולם התּוהו...

ווי לאַנג איך אַליין קאָן נאָך געדענקען און פאַרצייכענען..."

*

איך בין נישט די איינציקע מחברטע פון חורבן־שריפטן, וואָס זענען אַנטשטאַנען אויף דער אַרישער זייט. פון דעסטוועגן איז געווען אַ חילוק, צי האָט אַ ייִד געשריבן, זיצנדיק באַהאַלטן ביי אַ קריסט, וועלכער האָט סיי ווי געוווּסט וועמען ער האַלט ביי זיך און אַזאַ איינעם, וואָס האָט זיך געמוזט היטן, בוכשטעבלעך ווי פאַרן טויט, פאַר יעדן פּיצל פּאַפּיר, וואָס האָט געקאָנט פאַרראַטן דעם בעל־הבית זיין מוראדיקן סוד. איך האָב געהערט צו אָט דער צווייטער קאַטעגאָריע.

*

געטריבן פון אַן אומבאַהערשבאַרן דראַנג, האָב איך געשריבן די זאַכן בסודי־סודות, אין טיפער איינזאַמקייט, אין אַן אָפּגעזונדערט צימערל פון אַ האַלב־דייטשער דירה, אויף סמאָלנע 24, וואָס האָט געהערט צו אַ פרוי מיטן נאָמען קראַוזע. איך האָב דעמלט אין די שעהען פון 12 ביי נאַכט ביז 5 פאַר טאָג אין האַרבסט 1943 און אין די ווינטער־חדשים 1943/44 אָנגעשריבן צוויי זאַכן: איינע וועגן דער גירוש־אַקציע א.ט. Nazwali to Wysiedleniem (זיי האָבן דאָס גערופן אויסזידלונג) און די פון איר אָפּגעשפּאָלטענע ווערסיע פון אָט דעם בוך. איבערן טאָג פלעגן די העפטן בלייבן ליגן צווישן צוויי בויגנס פּאַפּיר אויפן דנאָ פון אַן אָפּענעם שופלאָד, אויף וועלכן איך האָב, לשם פאַרמאַסקירונג, אָנגעלייגט פון אויבן עפּל מיט באַרן און בייטעלעך שוואַרץ מעל און גרויפּן, וואָס מ'האָט באַקומען צוגעטיילט אויף דערנערונגס־קאַרטן. ערב „פּאַסחאַ" 1944 האָט מיך די פאָלקסדייטשע דינסט פון פרוי קראַוזע אונטערגעקוקט אין אַ פאַרטאָג דורכן שליסל־לאָך פון אַ שכנותדיקן צימער, איידער איך האָב באַוויזן צו פאַרלעשן דעם לאָמפּ און דאָס האָט געקאָנט ברענגען צו די ווייטגייענדיקסטע קאָנסעקווענצן... אַדאַנק אַ וואָרענונג מצד אַ פּוילישער מיטלאָקאַטאָרין, האָב איך נאָך דעם זעלבן טאָג אַרויסגערוימט דעם „חמץ" און שוין ביז צום אויסברוך פון פּוילישן אויפשטאַנד דעם 1טן אויגוסט און דער בהדרגהדיקער עוואַקואַציע פון גאַנץ וואַרשע אין חודש סעפּטעמבער — מער צום שרייבן נישט געקומען.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָב איך אַ קאָמפּלעט פון מיינע (אין צווישן דורך אַ ייִד אין אַ באַהעלטעניש איבערגעשריבענע)

העפטן, איבערגעגעבן דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון זאָאָלאָגישן גאָרטן ד״ר יאַן זשאַבינסקי, וועלכער האָט זיי אין אַ גרויסן, הערמעטיש פאַרמאַכטן, „וועקאַ־סלאָי״ באַגראָבן אונטער אַ שטיין אויפן שטח פון זאָאָ אין פּראַגע.

די ווילע פון דירעקטאָר איז אין אַלגעמיינעם אויפשטאַנד געוואָרן צעשטערט און פאַרברענט; ער אַליין איז געוואָרן פאַרוווּנדעט און אַרייַנגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, די איינוווינער פאַרטריבן, צעשיידט... מיינע כתב־ידן האָב איך אין אַפּריל 1945 אויסגעגראָבן גאַנץ און אומבאַשעדיקט. אויך אַ צווייטע קאָפּיע פון די העפטן, צוזאַמען מיט נאָטיצן און אַ לענגערער גבית־עדות פון אַ לעמבערגער ייִד מיטן נאָמען אלישע לאַנדוי — פאַרגראָבן אויף די מאָקאָטאָווער פעלדער — האָט איבערגעהאַלטן די פאַרמינירונג פון דעם שטח און די קריגס־געשעענישן, וואָס האָבן זיך דאָ אָפּגעשפּילט בשעת דער סאָוויעטישער אָפענסיווע און דעם אַרויסטרייבן די דייטשן אין חודש יאַנואַר 1945.

ליידער האָב איך צום ראַטעווען מאַנוסקריפּטן געהאַט מער גליק ווי צום ראַטעווען מענטשן...

*

הייַנטיקן ווינטער זענען געוואָרן 30 יאָר זינט מיינע ביינאַכטיקע סעאַנסן אויף סמאָלנע 24. אין יאָר 1954 איז אין פאַרלאַג „עם עובד״ דערשינען דאָס בוך „בחוצות ווארשה״, וואָס אַ גרויסער טייל פון זיינע קאַפּיטלען און בפרט זיינע ליריש־פּאַטעטישע אינטערמעדיומס זענען אַנטשטאַנען אין דער דירה פון פראַו קראַוזע. איך דאַרף צוגעבן, אַז אין זייער רויער, דאָקומענטאַרער פאָרעם — אין פּוילישן אָריגינאַל — איז אויך דער צווייטער מאַנוסקריפּט פון 1943/44, שוין אין יאָר 1946 געוואָרן געדרוקט אין פאָרזעצונגען אין דער צוויי־וואָכן־שריפט פון די רעכטע פּועלי־ציון „Nasze słowo”.

איך דאַרף דערביי באַמערקן, אַז קיין געלעגנהייטן אַרויסצוגעבן די און אַנדערע אַרבעטן מיינע אויף ייִדיש אַלס ביכער, האָבן מיר נישט געפעלט. דאָס בוך וועגן אומקום פון די שרייבער און קינסטלער איז אין משך פון אַ צייט געוואָרן אַנאָנסירט אין דער אַרגענטינער ביכער־סעריע פון פּוילישן ייִדנטום. איך בין אָבער געווען פאַרנומען מיט פאַרשידענע אַנדערע אַרבעטן, אַנדערע ביכער, אַנדערע צרות, צוו. אַנד., אין איינעם מיט הערש וואַסער, מיט דער אַקציע פאַרן אויסגראָבן דעם רינגעלבלום־אַרכיוו. איך האָב אין דער ראַם פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש

אָרגאַניזירט אַ דאָקומענטאַציע און פאַרעפנטלעכט אַ ביכל וועגן טרעב־לינקע, פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1948 אַ בוך וועגן ייִדישן אויפשטאַנד; איך האָב געאַרבעט אויף חורבן־סצענאַרן, זיך באַטייליקט אין דער פראָדוקציע פון דעם ביז היינט איינציקן פילם וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד „די גרענעץ־גאַס" און נאָך מיין צוריקקומען פון אָט דער אַרבעט אין טשעכיע, פאַרלוירן צוויי יאָר ביז איך האָב באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען פון פוילן מיט דער אַלגעמיינער עליה פון יאָר 1950.

*

אויך ביכער האָבן זייערע מזלות. אין טעקסט פון סמאָלנע־מאַנו־סקריפּט געפינט זיך אַ פסוק וואָס קלערט אויף די אייגנטלעכע שוועריקייטן פון אַרויסגעבן מיין איצטיק בוך.

„איך באַטראַכט אָט די כראָניק נישט מער ווי פאַר אַן עסקיז און אויב עס וועט מיר באַשערט זיין צו בלייבן לעבן, וועל איך זיך נאָך דאַרפן אומקערן צו אָט דעם טעקסט: קאָנטראָלירן און דערגענצן די ידיעות, אויף ס'ניי אַריינקוקן אין די שאַפונגען פון די אומגעקומענע מחברים, פאַרגלייכן פאַקטן, אפשר רעווידירן אָפּשאַצונגען — מיט איין וואָרט, אויס־ענדיקן די אַרבעט". און ווי מאָדנע ס'זאָל נישט אויסקומען, איז דאָך טאַקע אָט דער זיך אַליין מיט דרייסיק יאָר צוריק געשטעלטער פּראָגראַם, די סאַמע עצמדיקע און דורכויס באַרעכטיקטע סיבה פון אָפּהאַלטן דאָס דער־שיינען פון בוך ביז איך זאָל קאָנען אויספירן דאָס, צו וואָס איך האָב זיך מתחייב געווען.

אויב איך האָב עמעצן געטון דערמיט אַן עוולה, איז מיר גופא. וויפל צייט האָט עס ביי מיר געגומען — שוין זייענדיק אין ישׂראל — אויפצוזוכן די פאַרמלחמהדיקע ווערק פון די אומגעקומענע שרייבער און קודם־כל נאָכצושפּירן די מינדעסטע שורות פון זייערע געטאָ־שריפטן, וועלכע האָבן זיך דאָ און דאָרט באַוויזן אויפצוהיטן און דערשיינען אין דרוק נאָכן דער־שיפרירן אין פוילןביידע גניזות פון דעם רינגעלבלום־אַרכיוו. איך האָב געבישטערט און געזוכט אין די יזכור־ביכער פון די קהילות, פון וועלכע עס קומען אַרויס אַ ריי באַקאַנטע ייִדישע שרייבער. איך בין דערגאַנגען ביאָגראַפישע פּרטים ביי קרובים און לאַנדסלייט, וואָס געפינען זיך אין ישׂראל. איך האָב — ווי נאָר עס איז געווען מעגלעך — פאַרגליכן מיינע אייגענע ידיעות מיט די דאַטן און פאַקטן, וואָס עס האָבן וועגן זיי אָנ־געגעבן פריינד, לאַנדסלייט און יוגנט־חברים. אין אַ פּאָר פאַלן איז מיר אויך אויסגעקומען צו קאָריגירן גירסות און מיספאַרשטייענישן, וועלכע

זענען וועגן זיי אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון דער תּקופה דורך מחברים, וועלכע זענען דעמלט אין וואַרשע נישט געווען.

און דערביי וויל איך באַטאָנען, אַז מיין בוך האָט אַבסאָלוט נישט די אַמביציע צו זיין אַ לעקסיקאָן פון אַלע אומגעקומענע שרייבער, וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ וואַרשע, און נאָך ווינציקער פון די אומגעקומענע קינסטלער. מיט אָט דער אויפגאַבע האָט זיך מיט יאָרן צוריק פאַרנומען ד״ר עמנואל רינגעלבלום, וועלכער האָט אין זיינע שריפטן אויף דער אַרישער זייט, פאַרצייכנט אין יאָר 1944, וואָס ער האָט נאָר געדענקט וועגן דעם גורל פון די עסקנים, לערער און אַנשי שם, וועלכע זענען אומגעקומען אין די אַקציעס. מיט די ביאָגראַפיעס פון אָט די פערזענלעכקייטן האָט זיך אויך פאַרנומען אין זיינע ביכער מיט אַ סך קאָמפּעטענץ און בקיאות (בפרט בנוגע די מענטשן פון יידישן טעאַטער) — יאָנאַס טורקאָוו, אים צו לענגערע יאָרן.

אין מיין בוך וועט דער לייענער געפינען דערמאָנונגען וועגן פערזענלעכע באַגעגענישן מיט חברים און פריינד, וועמען איך האָב ס׳רוב געקענט נאָך פאַר דער מלחמה און געהאַט מיט זיי אַ קאָנטאַקט בשעת דער מלחמה. מיינע זכרונות וועגן זיי באַהאַנדלען נישט נאָר זייער גורל, נאָר אין אַ געוויסער מאָס אויך זייערע ליטעראַריש־קינסטלערישע פּראָפילן. ווי ווייט מעגלעך האָב איך זיך דערביי באַמיט, אַז די אינפאָרמאַציעס וועגן זייער גורל זאָלן זיין קאָנקרעט און קאָנטראָלירט, פריי פון אויסטראַכטענישן, מיט וועלכע זיי זענען געוואָרן באַקליידט אין משך פון די יאָרן.

*

נישט אַלע מאָל גיט זיך אַ שרייבער אָפּ אַ רעכנשאַפט דערפון, וואָס ער וויל זאָגן. יאָרן לאַנג האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיין שרייבן וועגן די אומגעקומענע שרייבער און קינסטלער איז אַן אַזכּרה און אַ רעקוויעם נאָך אַ וועלט, וואָס האָט זיך אַוועקגעקייקלט אין אַ תּהום. ערשט ביים אַנטוויקלען און אויפבויען מיין אַרבעט אין אירע עלעמענטן, איז אויפגעקומען אין מיר דאָס באַוווסטזיין, אַז נישט נאָר דאָס בין איך אויסן און אַז נישט דאָס דרינגט אַרויס פון דעם מאַטעריאַל וואָס איך האָב אָנגעקליבן וועגן זיי. דער שווערפּונקט האָט זיך איבערגעטראָגן נישט אויפן לעצטן, נאָר אויף זייער פאַר־לעצטן וועג; אויף דער טראַגישער אינספּיראַציע, וואָס האָט פאַרברייטערט זייער בליק לגבי דער גרויסער יידישער אומקום־טראַגעדיע. „בלזיונג אין אומקום״ —האָב איך אַ צייט לאַנג אָנגעהויבן רופן די דאָזיקע סעריע פון מיינע שריפטן. וואָס אַ מאָל בולטער האָט זיך

פאַר מיר אַנטפּלעקט די אויסטערלישע התלהבות, מיט וועלכער די הונגע־ריקע, צום טויט פאַרמשפּטע שרייבער, קינסטלער און קולטור־עסקנים, וועלכע האָבן זיך קוים געהאַלטן אויפן אויבערפלאַך פון קיום — האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט ליטעראַרישער און קינסטלערישער שאַפונג און מיט קולטור־אַקטיוויטעט. עס איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו שרייבן, אַז דער אויפבלי פון קולטור און קונסט, און דאָס אַנטוויקלען גייסטיקע אינהאַלטן, פאַרנעמט נאָך דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, דעם צווייט־וויכטיקסטן פּלאַץ אין דער היעראַרכיע פון די ווערטן, וואָס זענען פאַראַן אין געטאָ־לעבן. איצט זע איך איין, אַז די קולטור־באַוועגונג און די ווי־דערשטאַנד־באַוועגונג זענען נישט קיין צוויי פאַרשידענע זאַכן, נאָר פּשוט צוויי פאַרשידענע זייטן פון איין און דער זעלבער דערשיינונג.

זי איז געווען אַ באַשטעטיקונג פון לעבן אין אַנבליק פון טויט. אַ טייל פון אונדזער גרויסן געראַנגל פאַרן לעבן, פאַר דער מענטשלעכער ווירדע, פאַר שיינקייט, פאַר חכמה, פאַר כּוח, פאַר גייסט.

אונדזערע חברים, די ייִדישע שרייבער און קינסטלער, האָבן אָט דעם געראַנגל פאַרן גייסטיקן מהות נישט אויפגעגעבן און נישט פאַרשפּילט. געשריבן און געזונגען, געהאָפט און געגלייבט. זיי האָבן זיך נישט אָפּגע־טון פון אונדז. זיי זענען דאָ מיט אונדז אין זייער ירושה, אין זייער זכר, אין זייער לעצטן ליד — ברידער פאַרלענדטע, גניזות פאַרשאַרפטע, בלע־טער איינגעטונקענע אין טרערן.

*

דאָס בוך איז געהייליקט דעם זכר פון דעם נייעם דור ייִדישע גבורים און קדושים, די טייערסטע און שענסטע זין פון ייִדישן פאָלק, געפאַלענע אין פאַרטיידיקן דעם ייִדישן המשך.

**רחל אויערבאַך**

תל־אביב, חנוכה־טעג תשל״ד

# 1. שערן אויפן הימל

זומער 1939 בין איך געווען אַרבעטסלאָז. גלייך מיט אַנדערע ניי־צוגעקומענע מיטאַרבעטער פון דער יידישער פרעסע איז מיר אין משך פון אַ גאַנצן יאָר אויסגעקומען זיך אויסצוהאַלטן פון די האָנאָראַרן פאַר זאַכן געדרוקטע פון צייט צו צייט אין יידישע און יידיש־פוילישע צייטונגען. בלויז בעת די פעריען, ווען די סטאַבילע מיטאַרבעטער פלעגן אַרויספאָרן אויף אורלויב, פלעג איך באַקומען אין דער אָדער יענער צייטונג אַ צייטווייליקע פאַרטרעטונג. די לעצטע צוויי וואָכן אויגוסט איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אין די אָוונט־שעהען אין דער דרוקעריי פון „נאַש פשעגלאָנד", מאַכן די לעצטע קאָרעקטן פאַרן שליסן דעם נומער.

אַלס נאַכט־רעדאַקטאָר האָט דעמלט געאַרבעט סטאַניסלאַוו פילאָזאָף.

די פוילישע פרעסע־אַגענטור האָט געקלאַפּט ביז אין די שפּעטע שעהען מיט אַלאַרמירנדיקע דעפּעשן וועגן אינצידענטן ביי דער דייטשער גרענעץ, און מיר ביידע, אין איינעם מיט די זעצערס, האָבן געהאַט אויס־צושטיין די שווערע שפּאַנונג פאַרן מלחמה־אויסברוך, ממש ביז דער לעצטער מינוט.

דעם 31סטן אויגוסט ביי נאַכט זענען מיר נאָך דער אַרבעט אַרויס צוזאַמען פון דער דרוקעריי. עס איז געווען נאָך 12. פון נאַוואַליפּקי 7 ביז פשעיאַזד 1, ווו איך האָב געוווינט, איז געווען זייער נאָענט. די שטאָט איז אָבער געווען פאַרטונקלט און פילאָזאָף האָט באַשלאָסן מיך צו באַ־גלייטן ביז מיין טויער.

ביים פאַרבייגיין נעבן דעם מאָסטאָווסקי־פּאַלאַץ, אין פאַרברייטערטן דרייעק פון די גאַסן פשעיאַזד־נאַוואַליפּיע־מילנע, האָבן מיר געזען נישט מער ווי איין סאָלדאַט מיט דער ביקס אויפן אַקסל, האַלטן וואַך פאַר דעם שיינעם פּראַנט פון אָט דעם בנין, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען די מאָ־ביליזאַציע־קאָמאַנדע פון דעם וואַרשעווער צפון־ראַיאָן. .D.O.K נאָך די ידיעות, וואָס מיר האָבן נאָר־וואָס איבערגעטייטלט אין דער מאָרגנדי־קער צייטונג, איז פאַר אונדז געווען שטאַרק משונהדיק די ממש אידילישע שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין דעם מיליטערייש אַזוי וויכטיקן צענט־ראַל־פּונקט.

— איך בין דאָ שוין געווען מיט מיין ביכעלע — האָט פילאָזאָף גע־

ענטפערט אויף מיינער אַ באַמערקונג — מען האָט מיר געהייסן וואַרטן אויף אַ צעטל. — נישטאָ זיך וואָס צו איילן — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ בייגעמיש פון ביטערער איראָניע. פון די וועלכע זענען אַרויס אויפן סמך פון דעם מאָביליזאַציע־פּלאַקאַט זענען נאָך אויך אַ היפּש ביסל אין ערגעץ נישט פאַרפאָרן.

— איך האָב זיי געזען — האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט שיער נישט שטאָלץ דערויף, וואָס איך ווייס אויך עפּעס צו דערציילן אויף דער טעמע — טויזנטער מאָביליזירטע אויסגעמישט מיט מענטשן, וואָס פאָרן צוריק פון אורלויב. די צוגן זענען פול מיט פּליטים פון שלעזיען און פּויזנער קאַנט. מענער, פרויען, קינדער. מאַסן ציוויל־מענטשן ליגן אויף די פּעראָנען מיט די פּעק, די קינדער וויינען. די צוגן זענען פאַרשטאָפּט, מען באַקומט נישט קיין פאַרבינדונג אין קיין שום ריכטונג. אויף די טרעפּ, וואָס פירן אַראָפּ, טרעפט מען זיך מיט מחנות מענטשן, וואָס שפּאַרן אַרויף פון די אונטערשטע פּעראָנען. די אַראָפּגייערס שטויסן זיך צונויף מיט די אַרויפגייערס, מען קאָן זיך נישט רירן. עס ברעכן אויס געוויינען, געשרייען, קלעפּ. איך האָב געזען מענער מיט שטעקנס, די פּאָליציי קאָן זיך נישט קיין עצה געבן, אַלץ איז פאַרשטאָפּט, בלאָקירט...

— בלאָקירט, פאַרשטאָפּט, — האָט איבערגעחזרט פילאָזאָף — מענער? וואָס פאַראַ מענער? ווּהין פאָרן די מענער? — איך האָב אַרויסגעהערט פון זיין טאָן עפּעס אַ רוגז, חשדים, רמזים...

איך האָב אים דערציילט פון וואַנען איך האָב זיך גענומען אויפן באַנהויף. איך בין געגאַנגען באַגלייטן אַ שוואָגער פון מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער, איינעם פון די „פּוילישע בירגער״, וואָס זענען אָפּגעזעסן כמעט אַ יאָר אין זבאָנשין, ווייל פּוילן האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט איבער דער גרענעץ. ערשט איצט האָט מען זיי אָפּגעשטעמפּלט די דאָקומענטן, דערלויבט אַריינפאָרן אין לאַנד, אַפילו שוין אָן בילעטן.

עמיל געלעס האָט געהאַט ביז 1933 אַ שיך־געשעפט אין עססען אַן דער רוהר. איצט האָט ער זיך געוואָלט דערשלאָגן קיין לעמבערג, אָבער אַריינבאַקומען זיך אין אַ צוג האָט ער נישט באַוויזן... איך האָב מיט אים געוואַרט דריי שעה, צום סוף געמוזט אים דאָרט איבערלאָזן, ווייל איך האָב שוין געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט. איך האָב נאָך אַלץ נישט אַראָפּגעשלונגען דאָס וואָס איך האָב געהערט פון זיין מויל.

— „דיזער שטאַט האָט קיינע דאַזיינס־באַרעכטיקונג — האָט מיר געזאָגט דער פון אַלץ באַרויבטער און אַרויסגעטריבענער ייִד פון עססען,

וואָס האָט שוין אויך געהאַט געניטע ידיעות וועגן דער „קריסטאַל־נאַכט” פון די שפּעטער פון אים אַרויסגעטריבענע קרבנות. דער אין אַלץ שול־דיקער „שטאַט” איז נאָך אָבער אַלץ געווען אין זיינע אויגן נישט דייטש־לאַנד נאָר דווקא פּוילן. ער, דער פאַרשריגענער, פאַרשפּיגענער, באַ־עוולטער ייִד, האָט נאָך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן אין די קאַטעגאָריעס פון דער היטלער־פּראָפּאַגאַנדע.

— וואָס ווילט איר, מאַיאַ פּאַני? — האָט זיך אָנגערופן פילאָזאָף. — אויך די פּסיכאָטעכניק פון דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע איז בעסער אויסגעאַר־בעטעט פון דער פּוילישער. אַפילו אין דעם פּרט זענען זיי בעסער באַ־וואָפנט. פון דער אַנדערער טעכניק איז אָפּגערעדט.

— הייסט עס? — האָב איך געפרעגט און עס איז מיר שלעכט גע־וואָרן אויף דער נשמה.

— ליידער — האָט ער געענטפערט — מיר האָבן זיך נישט וואָס צו מאַכן קיין אילוזיעס. עס איז אַ פראַגע פון טעג און אפשר נאָר פון שעהען.

מיר זענען שוין כמעט געווען ביים טויער. אויפן הימל האָבן זיך נאָכאַנאַנד געקרייצט ליכט־„שערן” פון דער פּוילישער אַוויאַציע. צי האָבן זיי שוין אויף אַן אמת געזוכט איבער וואַרשע די דייטשע עראָ־פּלאַנען?

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען נעבן קינאָ „פּאַמאַ”. פון דעם זייטן־געסל, וואָס האָט פאַרבונדן פשעיאַזד מיט די נאַלעווקעס, האָט אַרויסגעקוקט דער אַרכאַישער שטאָט־בנין פון אַרסענאַל־מוזיי פאַר אַלט געוועזן. ערגעץ אויף אַ קלויסטער־טורעם האָט אַן אַלטער זייגער אויסגעקלונגען: איינס! די ערשטע שעה פון 1טן סעפּטעמבער 1939.

אַ דראַבנע ערב־אָסיען רעגנדל האָט פּלוצים אָנגעהויבן טריפן און דער קוים־באַנעצטער גאַסנשטויב האָט אַ שמעק געטון מיט ערד — מיט צעגראָבענער ערד אין מיטן שטאָט...

איך האָב דערפילט אַ גרויסע מידקייט און געדריקט אויפן גלעקל צום הויז־וועכטער.

*

מיט 4 שעה שפּעטער האָבן זיך מער אויסגעשלאָפענע מענטשן אויפ־געכאַפּט צוליב דעם רויש, וואָס האָט זיך דערהערט איבער די דעכער פון וואַרשע. עפּעס נייע מאָדנע פייפעניש האָבן געסווישטשעט אין דער

לופט. פון דער ווייטנס האָבן זיך אין גיכן דערטראָגן שווערע אויפרייסן. ערשט דערנאָך האָט זיך צעוואָיעט און צעוויינט די פוילישע סירענע.

אַ טייל פון די פּריזע אויפשטייער, וואָס האָבן געדאַרפט גיין צו דער אַרבעט, האָבן געפּרוווט איינרעדן זייערע פרויען, אַז דאָס זענען איבונגען פון דעם פּוילישן לופטשוץ — O.P.L.

די ערשטע באָמבעס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען געפאַלן אויף דער יידישער אַנשטאַלט פאַר דעפעקטיווע קינדער אין אָטוואָצק. דערהרגעט אָדער פאַרוווּנדעט אַ פאַר צענדליק פון זיי. צווישן די פאַר־וווּנדעטע האָט זיך אויך געפונען דער לייטער פון דער אַנשטאַלט, דער יידישער דיכטער קלמן ליס.

*

אין דער ערשטער תקופה פון דער אָקופּאַציע האָב איך געטראָפן פילאָזאָפן אין דער ליטעראַטן־קיך, ווען זי האָט זיך געהאַט אַריינגעקליבן אין דער אָפיצין פון דעם הויף אויף טלאָמאַצקע 13, וואָס אין זיין פּראָנט האָט זיך ביז דעם יאָר 1938 געפונען דער ליטעראַטן־פאַראיין. ער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס באַאַמטער פון דער פאַרוואַלטונג. אָט די באַגעגעניש געדענק איך גענוי און זי איז אויך פאַרצייכנט אין די העפטן מיינע פון דער אַרישער זייט. אַלדאָס שפּעטערע איז פאַרמעקט און מטושטש ווי אין אַ חלום. אפשר האָב איך אים געזען אויף אַ ליטעראַרישער לוויה? מיר דאַכט זיך, אַז איך האָב אים איין מאָל געטראָפן אויף אַ קורצער ווײַלע אין דער ערשטער וואָך פון דער גירוש־אַקציע. דאָס האָט געקאָנט זיין אין אַ גאַנץ־פרי, ווען מיר האָבן ביידע געיאָגט איבער דער לעשנאָ אין צוויי פאַרקערטע ריכטונגען קורץ פאַרן אָנהייב פון די בלאָקאַדעס. מיר האָבן צו זיך קעגנזייטיק אַ שאָקל געטון מיט די קעפּ און ווייטער געלאָפן — נאָכגעלאָפן דעם טייוולס קאָפּ נאָך עפּעס פּוסטע מיראַזשן פון אַרבעטס־פאַרזיכערונגען פאַר די פּערסאָנאַלן מיט וועלכע מיר האָבן געאַרבעט.

און מער האָב איך דעם קאָלעגע פון די צוויי ערב־מלחמה־וואָכן נישט געזען און האָב אויך גאָר נישט געהערט וועגן אים ביזן היינטיקן טאָג, הגם איך האָב זיך נאָכגעפרעגט.

פאַר וואָס איז ער נישט אַוועק איבערן בוג גלייך מיט די צוויי שעפן פון זיין צייטונג, וואַגמאַן און שוואַלבע? צי האָט ער זיך (אָדער פאַר וואָס האָט ער זיך נישט) געפּרוווט ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט — דער

דאָזיקער „סטאַך" — ווי די פויליש רעדנדיקע קאָלעגן האָבן אים גע־רופן? ביזן היינטיקן טאָג האָב איך נישט געטראָפן קיין מענטש, וואָס זאָל עפּעס וויסן וועגן זיין גורל.

*

וועגן עמילן פון „עססען אַן דער רוהר" האָט מיר זיין שוועסטער, מיין שוועגערין לאָניע, געשריבן שפּעטער פון סאָוויעטישן לעמבערג, אַז מען האָט אים אַוועקגעשיקט זי „ווייסט נישט וווּאַהין".

מיר ווייסן יאָ. מסתמא איז דאָס געווען דער גורל פון דעם רוב זבאָנשינער פּליטים, וואָס האָבן געהאַט דאָס „גליק" זיך אַרויסצובאַקומען אויף די שטחים, וועלכע זענען דעם 17טן סעפּטעמבער באַזעצט געוואָרן דורכן ראַטנפאַרבאַנד. זענען דאָך אויך אַ סך פּוילישע ייִדן אַנטלאָפן אַהין פון די דורך דייטשלאַנד באַזעצטע פּוילישע געביטן אַרעסטירט און פאַרטיליקט געוואָרן אַלס כלומרשטע דייטשע שפּיאָנען, ווי נאָר זיי זענען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן אָנגעקומען אויף די פאַרמלחמהדיקע שטחים פון ראַטנפאַרבאַנד.

נאָך דעם ווי אויך לעמבערג איז באַזעצט געוואָרן דורך די דייטשן, האָב איך נאָך העכער אַ יאָר פון צייט צו צייט באַקומען פּאָסט־קאַרטלען פון מיין שוועגערין. אין דער לעצטער תּקופה פון אונדזער קאָרעספּאָנ־דענץ, אָנהייב זומער 1942, האָט זיך ווידער אין אירע ידיעות וועגן לעמ־בערגער שכנים און באַקאַנטע באַוויזן כמעט די זעלבע קורצע כאַראַקטער־ריסטישע אינפאָרמאַציע, אַז די און די מיר באַקאַנטע פּערזאָן אָדער משפּחה איז אַוועקגעפאָרן „מען ווייסט נישט וווּאַהין". ביז איך האָב אין איינעם אַ נאָוועמבער־טאָג פון זעלביקן יאָר דערהאַלטן אַ פּאָסט־קאַרטל, אַז זי, אין איינעם מיט איר 15־יאָריק טעכטערל, מיין פרי פאַרשטאָרבע־נעם ברודערס יתומהלע לוסיע — איז אויך אַרויסגעשיקט געוואָרן „מען ווייסט נישט וווּאַהין".

דאָס דאָזיקע קאַרטל האָט געשריבן דער 19־יאָריקער יתום פון מיין ברודער, מונדעק, אַן אַבסאָלווענט פון דער לעמבערגער ייִדישער פאַכשול אויפן נאָמען פון אברהם קאָרקיס. דאָס קאַרטל איז געוואָרן אַרויסגעשיקט דעם 13טן אויגוסט 1942, אָבער אַזוי ווי אויך אין וואַרשע האָט מען אין משך פון די זעלבע זומער־חדשים 1942 עוסק געווען אין אַרויספירן ייִדן „מען ווייסט נישט וווּאַהין", און נאָך אָט דער אַרויספירונגס־אַקציע האָב איך זיך איבערגעטראָגן אויף אַ נייעם אַדרעס, — האָט זיך דאָס קאַרטל

געוואַלגערט אַ פּאָר חדשים, ביז עס איז על־פּי־נס אָנגעקומען אין מיינע הענט.

און מער קיין נסים זענען שוין נישט געשען און מער קיין ידיעות פון מונדזיען האָב איך שוין נישט דערהאַלטן. איך האָב געפרעגט און געזוכט און געשריבן נאָך בשעת דער מלחמה און אָקופּאַציע און נאָך דער מלחמה אין משך פון העכער דרייסיק יאָר, אָבער צו אַ קלאָרער ידיעה וואָס עס איז געשען מיט מיין איינציקן און לעצטן טייערסטן ברודער־זון, האָב איך זיך נישט דערפרעגט ביזן היינטיקן טאָג. ווייס איך ביז היינט נישט צי האָט מען אויך אים אַרויסגעפירט אין דעם טויטן־לאַגער קיין בעלזשעץ, אָדער אים דערשאָסן אויף די לעמבערגער זאַמדן נאָך דעם, ווי מען האָט פון זיין יונגן גוף אויסגעפּרעסט דעם לעצטן טראָפּן כוח און פאַך־קענטעניש פאַר די באַדערפענישן פון דער דייטשער מלחמה־מאַשין.

*

ליכט־שערן אויפן וואַרשעווער הימל אין דער נאַכט פון 31סטן אויגוסט אויפן 1טן סעפטעמבער 1939.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון מאָרדן און עוקר מן השורש זיין ציווילע מענטשן — איינע פון די בולטסטע און כאַראַקטעריסטישע דער־שיינונגען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס מיר יידן זענען געוואָרן איר סאַמע ערשטער און פּראָצענטמעסיק סאַמע גרעסטער קרבן.

## 2. שקיעה־ליכט

אין פלוג געבומען זענען מיר — דער לעצטער פאַרמלחמהדיקער דור ייִדישע שרייבער אויף פּוילישער ערד, אויפגעקומען אין אַ צייט פון אָפּגאַנג.

דער גרויסער, גייסטיקער „שטורעם און דראַנג״, וואָס האָט אויפגערודערט די צוואַנציקער יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיט נייע נעמען, נייע פאָרמען, נייע אינהאַלטן — אַרויסגעריסן די ייִדישע ליטעראַטור פון השכּלהש־שטעטלדיקן תּחום המושב — האָט שוין געהאַט אַדורכגעשטורעמט. די מער מאַרקאַנטע פאָרשטייער פון יענעם דור, פון יענעם אויפשוווּנג — פּרץ מאַרקיש, משה קולבאַק, י. י. זינגער, אורי צבי גרינבערג, מלך ראַוויטש, י. באַשעוויס און אַנדערע — זענען אַוועק פון פּוילן: ווער קיין רוסלאַנד, ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין ארץ ישראל. די, וועלכע זענען געבליבן, זענען געווען אינערלעך און אויסערלעך צעריסן, מיט אַלץ און מיט אַלעמען אומצופרידן. אויף טריט און שריט האָט מען געקלאָגט אויף דער „ירידה״. די עקסיסטירנדיקע צייטונגס־טריבונעס זענען געווען „באַזעצט״ דורך די איינגעפונדעוועטע בעלי חזקה — דורך פּאַרטיי־ אָדער פאַמיליע־קליקעס — און מיר, די אָנגעפאָרענע פון גאַנץ פּוילן אין דער הויפּטשטאָט, האָבן זיך מיט שווערער מי אַדורכגעלייגט אַ וועג, געקעמפט פאַר אַ שטיקל פּלאַץ, פאַר אַ שטיקל ברויט.

„וואַרשע, מאָסקווע, צי ניו־יאָרק?״ — איז אין יענע יאָרן געגאַנגען אַ דיסקוסיע אין דער ייִדישער פּרעסע וועגן דעם, ווו עס געפינט זיך דער צענטער פון דער ייִדישער ליטעראַטור. און מיר, די נייע, האָבן דעמלט אַמווייניקסטן געגלייבט אין וואַרשע. מיר האָבן עס געזען צו באָענט, אָן אַיעדער פּערספּעקטיוו. אַממייניסטן האָבן סיי די אַלטע, סיי די יונגע געהאַט אויסצוזעצן קעגן דער אינסטיטוציע, וואָס האָט געהויזט אויף טלאָמאַצקע [13].

און ביי דעם אַלעמען זענען מיר געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מעכטיקן, דינאַמישן, ייִדישן פאָלקס־מאַסיוו. אַ ריזיקער אַקטיוו פון פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע כּוחות האָט געברויזט אַרום אונדז. די ייִדישע מאַסן זענען געשטאַנען אין מיטן פון אַ סטיכישן עמאַנציפּאַציע־ און אַסימילאַציע־פּראָצעס. דאָך איז די מאַסע געווען צו געדיכט, צו פיל

צאָלרייך, אַז דאָס זאָל אָנרירן דעם עצם־קרן פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרט. די פרומע שיכטן, דער ריזיקער שוואַרצוואַלד פון דער ייִדישער אָרטאָ־דאָקסיע, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שפעדיקן רעזערוואַט פון מענטשן־כּוח און גייסטיקע ענערגיעס, וואָס האָבן געדעקט די בלויזן מיט אַן עודף.

אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר זענען געקומען שוין „נאָך אַלעמען", אַז עפּעס האָט שוין אויף אייביק אָפּגעבליט. אין דער אמתן האָט עס אָפּגעבליט, כּדי צו צייטיקן פּירות!

ווען ניִשט דער מוראדיקער קאַטאַקליזם, וואָס איז געגאַנגען אויף אונדז.

*

זענען טאַקע — נישט געקוקט אויף דעם שטענדיקן אָפּפלוס פון שאַ־פערישע עלעמענטן צו אַנדערע ייִדישע און פרעמדע צענטערס, נישט געקוקט אויף דעם אַריינדרינגען פון די מער אַסימילירטע שרייבער און קינסטלער (אָפט מאָל אונטער פרעמדע נעמען) אין דער אַרומיקער פּוי־לישער פּרעסע און ליטעראַטור — אויפגעקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור אַלץ נייע און נייע כּוחות.

געווען טאַלענטן רייכערע און אָרעמע. געווען מענטשן מיט אַן אָריגינעלן, אינטערעסאַנטן תּוכן און געווען רוטיניסטן, מיט מיטלמעסיקע פעיִקייטן, וואָס האָבן געלעבט פון דעם געדרוקטן וואָרט, ווייל עס איז געווען דערויף אַ נאָכפראַגע. געווען אומגליקלעכע עקסיסטענצן, וואָס האָבן זיך געפּײַניקט אַרום אונדזער אָרעמען טיש, צוליב נישט אויסגעטראָגענע אַמביציעס. עס זענען אָבער אויך געווען שטראַלנדיקע, גייסט־געבענטשטע אינדיווידואַליטעטן, אַרומגערינגלטע מיטן אָרעאָל פון הייסער ליבשאַפט און הייסן אינטערעס, מצד דער ברייטער לייענער־מאַסע.

פינף — און אין דער לעצטער צייט זעקס — ייִדישע טאָג־צייטונגען (מיט צוויי נאָכמיטאָג־בלעטער) און צו יעדער פון זיי פאַרשידענע וועכנטלעכע און פאַך־אָרגאַנען, אילוסטרירטע אויסגאַבן; צוויי טאָג־צייטונגען אין דער פּוילישער שפּראַך. אַיעדע פון די צייטונגען מיט אַ טיראַזש, וואָס איז געגאַנגען אין די צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן אין די וואָכן־טעג און געווען טאָפּלט גרויס אין די ערב־שבתים און ערב ימים־טובים.

אַן אויסדרוק פון אָט דער מעכטיקער קולטור־אַקומולאַציע איז גע־ווען דער ייִדישער ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין מיט זיינע

איבער 400 מיטגלידער און די ייִדישע סעקציע פון אַלגעמיינעם, מלוכהשן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, מיט ביי אַ 200 פּראָפעסיאָנעלע מיטגלידער.

אין וואַרשע האָבן עקסיסטירט צוויי שטענדיקע ייִדישע טעאַטערס און צאָלרייכע וואַנדער־טרופּעס מיט אַן אייגענעם, פּראָפעסיאָנעלן אַר־טיסטן־פאַראיין, וואָס האָט געהויזט אויף לעשנאָ 2, ראָג פּשעיאַזד, כּמעט אַנטקעגנאיבער דעם ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין אויף טלאָ־מאַצקע 13.

געווען אַ פאַראיין פון ייִדישע פּלאַסטיקער מיט עטלעכע צענדליק מיטגלידער, אַ ריי מוזיק־פאַראיינען און אויסער דעם אַ צאָל כאָרן און אָרקעסטערס, וואָס האָבן זיך אויסגעפּיקט נעבן פאַרשידענע פּאַרטייִשע, יוגנט־ און פאַך־אָרגאַניזאַציעס. געווען פאַרלאַגן, ביבליאָטעקן, פאַרשי־דענע קרייזלעך, קלובן, סטודיעס.

נישט דאָ איז דאָס אָרט צו רעדן וועגן דעם פאַרשידן באַפאַרבטן, אייגענעם שולוועזן, וועגן דער מעכטיקער נעץ פון לאָקאַלע און אינטער־לענדישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, געזעלשאַפט־לעכע בענק און גמילת חסדים־קאַסעס; וועגן דעם ייִדישן געזונטהייטס־דינסט. און היינט, ווער שמועסט וועגן פּאָליטישע פּאַרטייען, וועגן די ספּאָרט־פאַראיינען, וועגן דער ייִדישער געזעלשאַפט פאַר לאַנד־קענטע־נישט און אַזוי ווייטער און ווייטער — שוין אָפּגערעדט וועגן די סאַמע עלעמענטאַרע, אוראַלט־איינגעוואָרצלטע קהלשע אינסטיטוציעס און אַנ־שטאַלטן; וועגן דער נעץ פון שולן צום דאַווענען, בתּי מדרשים, קלויזן, חסידים־שטיבלעך.

Państwo w Państwie — אַ מלוכה אין אַ מלוכה — האָבן מיט ציין־קריצעניש געשריבן און געשריִען די פּוילישע אַנטיסעמיטן. און עפּעס אַן אמת איז אין דעם געווען, בפרט אויפן קולטור־געביט.

זי האָט געהונקען אויףביידע פיס, נישט באַקומען קיין ממשותדיקע אונטערשטיצונג מצד די מלוכהשע און מוניציפּאַלע קערפּערשאַפטן; גע־ווען אָנגעוויזן בלויז אויף אייגענע, פרייוויליק אויפגעבראַכטע „שטייערן", אויף אויסלענדישע ייִדישע פאָנדן און דערצו סיי אין לאַנד, סיי אין אויס־לאַנד געקאָנט רעכענען, בעיקר, אויף דער פאַרשטענדעניש פון די ווײַ־ניקער פאַרמעגלעכע, נאַציאָנאַל־ייִדיש און פאָלקסטימלעך געשטימטע שיכטן.

זי האָט געהונקען אויף ביידע פיס — אָבער דאָך איז זי געווען אַ פאַקט פון ייִדישן לעבן — די ייִדישע קולטור־אויטאָנאָמיע אין אַ נייעם.

וועלטלעכן, מאָדערנעם זין. זי האָט עקסיסטירט און געווירקט — אַזוי לאַנג ווי עס האָבן געלעבט די מאַסן. באַגלייט די מאַסן ביז דעם לעצטן עטאַפּ פון זייער אונטערגאַנג.

*

אַחוץ וואַרשע האָבן עקסיסטירט קלענערע צענטערס מיט אייגענע צייטונגען, טעאַטערס, ליטעראַרישע גרופּן און פּעריאָדישע אויסגאַבן — אין לאָדזש און אין קראָקע, אין לעמבערג און קודם כּל אין ווילנע, אַפילו אין אַ פּאָר גרעסערע פּראָווינץ־שטעט פון פּוילן, ווי לובלין, ראַדאָם, טשענסטאָכאָוו און נאָך און נאָך.

אַ צענטער פון רבנישן לומדות, אין משך פון יאָרהונדערטער, האָט ווילנע אין דער צייט פון מאָדערנעם איבערבוי אויף ס'ניי זוכה געווען צום נאָמען ירושלים ד'ליטא.

מיט איר קאָמפּראָמיסלאָזן ווילן זיך אויסצולעבן אין דער אייגענער שפּראַך און אין אייגענע קולטור־פאָרמען, איז ווילנע געוואָרן די רעזידענץ פון יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, די פעסטונג פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, וווּ עס זענען אין גימנאַזיעס און סעמינאַרן געוואָרן אויסגעבילדעט די לערער־קאַדרען פאַרן יידישן ווי פאַרן העברעיִשן שול־וועזן; די לאַבאָראַטאָריע, אין וועלכער עס איז געוואָרן אויסגעפאָרעמט אַ נייער טיפּ פון אַ יידישן אינטעליגענט.

נאָכן אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשער מלחמה איז דער ווילנער צענטער, איינער פון די ערשטע, געפאַלן אַ קרבן פון דייטשן מאָרד־שגעון. ווער פון די ווילנער יידישע שרייבער און געלערנטע עס האָט נישט באַוויזן בייצייטנס אויסצוּוואַנדערן מעבר לים, אָדער אַנטלויפן קיין טיף־רוסלאַנד, דער האָט שוין אין האַרבסט 1941 געטיילט דעם גורל פון דער ווילנער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געוואָרן אויסגעמאָרדעט אין פּאָנאַר.

און היינט, וואָס זאָל איך דאָ זאָגן וועגן לעמבערג, מיין לעמבערג, די יידישע הויפּטשטאָט פון עסטרייכיש געוועזענעם גאַליציע? מיר איז אויסגעקומען אין די לעצטע יאָרן אַדורכצוּוואַרפן צען יאָרגענג לעמבערגער „כווילאַ". ציוניסטיש און אַסימילאַנטיש, אָבער יידיש ביז צום מאַרך פון די ביינער איז געווען די דאָזיקע שטאָט; די דאָזיקע „פּראָווינץ", פון אַלע גייסטיקע שטרעמונגען און באַוועגונגען. די נעמען פון די באַוועגונגען האָבן

זיך געביטן, אָבער די סובסטאַנץ איז געבליבן די זעלבע — דאָס זעלבע פייער, די זעלביקע שפע.

דער בעל שם טוב און להבדיל שבתי צבי און להבדיל אלף הבדלים יעקב פראַנק...

חסידות און השׂכּלה, ציוניזם און אַסימילאַציע, קאָמוניזם און מאָדערנע ייִדישע פּאָעזיע, משה לייב סאַסאָווער און משה לייב האַלפּערן...

און קיין שטיין אויף אַ שטיין איז נישט פאַרבליבן פון דעם, וואָס ייִדיש לעמבערג איז געווען. אַפילו נישט די קברים און נישט די שטיינער פון מצבות, מיט וועלכע מ׳האָט גאַסן געפּלאַסטערט.

האָט בלוט געטריפט פון מיינע פינגער, ווען איך האָב געמישט די בלעטער פון דער פּויליש־ייִדישער צייטונג. אַוועק אין תּהום די אויסטער־לישע מענטשן־בליִונג און אַראָפּ אין תּהום זייערע ווערק, די נעמען זייערע.

ווער וועט זיי איינקריצן אין פאָלקס זכּרון? ווער וועט ראַטעווען פון אונטערגאַנג די שאַפונגען זייערע?

לעמבערג — מיין לעמבערג!...

און ווו איז דאָס נישט מיינע ייִדישע קראָקע?!... ווו איז פּשעמישל, ווו איז סטאַניסלאַוו, ווו איז טאַרנאָפּאָל, ווו איז קאָלאָמיי — אַפילו בי־טשאָטש?...

*

אַז נישט דאָס בין איך אויסן. — מיט דעם, וואָס איך ברענג אין מיין בוך. נישט קיין היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם צי יענעם פון אונדזע־רע ייִדישע צענטערס. בלויז פּערזענלעכע דערמאָנונגען וועגן אייגענע באַגעגענישן, אייגענע געשפּרעכן, אָבסערוואַציעס, נסיונות; בלויז דאָס וואָס איך האָב אַליין צוגעזען, מיט אייגענע אויגן, אַדורכגעלעבט מיט אייגענע חושים, פאַרזיגלט מיט מיין אייגענעם גורל.

## 3. צום לעצטן מאָל ליטעראַטן־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין

5טער סעפּטעמבער 1939...

איך האָב דעמלט געוווינט אויף פּשעיאַזד 1 און אין דער זעלבער דירה האָבן אויך געוווינט, אין אַ שותּפותדיקן צימער, דער דיכטער נחום באָמזע און דער מאָלער מענדל רייף. די באַמבאַרדירונג פון דער הויפּטשטאָט, די כּסדרדיקע לופט־אַלאַרמען האָבן אָנגעהאַלטן שוין דעם פינפטן טאָג. און דווקא דינסטיק, דעם 5טן סעפּטעמבער, זענען געווען ווייניקער אַלאַרמען, ווי אין די פריִערע טעג. פאַר נאַכט איז באָמזע געקומען צו לויפן פון שטאָט, מיט דער דערוווייל נאָך סוד־סודותדיקער, שוואַרצער בשׂורה, אַז וואַרשע ווערט עוואַקויִרט; די אַרמיי ציט זיך צוריק אויף ווייטערע פאַר־טיידיקונגס־ליניעס, די רעגירונג פאַרלאָזט די הויפּטשטאָט. שוין מאָרגן, איבערמאָרגן וועט אַהער אַריינמאַרשירן — היטלער...

דער קלאַפּ איז געווען מוראדיק.

נישט געקוקט אויף די האָפערדיקע קעפּלעך אין די צייטונגען, האָבן מיר געוווּסט, אַז אויפן פראָנט איז שלעכט; אַז דער דייטש אָפּערירט מיט עפּעס אַ נייער קריגס־טאַקטיק, שפּאַרט אָן מיט זיינע „קלינעס" ווו ווייט: אַז אַ הוראַגאַן פון פייער און אייזן צעקלאַפּט אויף שטויב אַפילו די סאַמע העלדישע, פאַרצווייפלטע פּרוּוון פון געוויסע פּוילישע אַרמיי־איינהייטן, אָפּצוהאַלטן דעם בליץ־שנעלן דייטשן מאַרש פאָרויס. מיר האָבן געוווּסט וועגן דיווערסיע, וואָס האָט צעמישט די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע, פאַראַליזירט די באַוועגונגען פון מיליטער. און דאָך האָט קיינער פון אונדז אַזאַ עווענטואַליטעט כּלל נישט גענומען אין באַטראַכט.

נאָך איז אונדז געזעסן אין די ביינער די שרעק, טאָמער וועט פּוילן — טאָמער וועלן אַנדערע אייראָפּעיִשע מדינות — איינגיין אויף אַ נייעם קאָמפּראָמיס מיט היטלערן.

אין משך פון יאָרן האָט היטלער, אין יעדער פון זיינע רעדעס, אָנגע־קלאָגט די ייִדן, אַז זיי ווילן קריג און זיי וועלן פאַר אים אויך באַצאָלן. הייַנט קאָנען מיר פעסטשטעלן, אַז נישט נאָר אין זיינע דראָונגען קעגן די ייִדן איז געווען אַ מוראדיקער ערנסט. אויך אין זיין טענה, אַז ייִדן ווילן מלחמה איז געווען אַ געוויסער אמת. מער פון אַ וואָסער נישט איז אַנ־

דערן פאַקטאָר זענען מיר געווען קעגן שלום מיט היטלערן, קעגן נאָכגעבן אים זיינע וואָס אַ מאָל ווייטער־גייענדיקע פאָדערונגען. שטיינער זענען אונדז אַראָפּ פון האַרצן, ווען מיר האָבן איינגעזען, אַז דער קריג איז אומפאַרמיידלעך, אַז קיין שלום מיט היטלערן וועט נישט זיין. מיר האָבן צו פיל געגלייבט אין כּוח פון גערעכטן קאַמף. מיר האָבן אָט דעם כּוח איבערשאַצט.

די יידישע זעלנער זענען אַוועק, אויפן רוף פון דער פּוילישער רעגירונג, מיט אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און מיט אַן אמתן קאַמפסווילן. מיר זענען גרייט געווען אויף דעם סאַמע גרעסטן קרבן. די אוממיטלבאַרע סכּנה פון אַ מפּלה און פון אַ דייטשער אינוואַזיע, פון דייטשער אָקופּאַציע, האָט קיינער פון אונדז נישט גענומען אין באַטראַכט.

פון אַזאַ שאָק וואָלט מען, אייגנטלעך, געקאָנט זיך איינברעכן, אַבער מען האָט זיך נישט איינגעבראָכן. מען שמועסט, אַז דאָס געפיל פון סכּנה אַקטיוויזירט אין אָרגאַניזם אַ ספּעציעלע דריז מיט אַ מין פליסיקייט — אַ כעמישע סובסטאַנץ — וואָס טעמפּט אָפּ אין אונדז די עמפּפינדלעכקייט און פאַרשאַרפט די אָפּווער־רעפלעקסן.

*

עמעצער האָט געזאָגט, אַז מען קאָן באַטראַכטן די לעצטע וועלט־מלחמה אונטערן אַספּעקט פון מענטשן־וואַנדערונגען. די ערשטע מאַסן־רעאַקציע אויף אַ סכּנה איז — אַנטלויפן! איך האָב דאָס געזען, בעת דער מלחמה, סיי ביי דער יידישער און סיי ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג. דער דייטש האָט אָט די דערשיינונג אַריינקאַלקולירט אין זיין קריגס־טאַקטיק — די טאַקטיק פון גורם זיין אין באַפאַלענעם לאַנד אַ מאַסן־פּאַניק און מאַסן־וואַנדערונג פון דער ציווילער באַפעלקערונג, וואָס וועט פאַרשטאָפּן די הויפּט־שאָסייען און אוממעגלעך מאַכן די באַוועגונגען פון דער אַרמיי.

צו מיין אייגענער פאַרוווּנדערונג האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך בין כּמעט אין גאַנצן פריי פון דער נטיה צו אַנטלויפן.

אין איינעם מיט דער ביטערער סענסאַציע האָט אויך באָמזע געבראַכט די ידיעה, אַז אין דעם עוואַקואַציע־צוג, וואָס וועט ביי נאַכט פאַרלאָזן וואַרשע, זענען אין וואַגאָן פאַר דער פּרעסע באַשטימט אַ צאָל פלעצער פאַר יידישע זשורנאַליסטן. פאַר די אַממיינסטן עקספּאָנירטע — די פּאָליטישע פּובליציסטן, שעף־רעדאַקטאָרן פון צייטונגען.

האָט זיך אין יענעם אָוונט פון 5טן אויפן 6טן סעפּטעמבער דאָס איינ־ציקע מאָל אין משך פון דער מלחמה געטראָפן, אַז איך האָב איינגעפּאַקט אַ וואַליזקע און געווען (כּמעט) גרייט זיך צו לאָזן אַנטלויפן, גלייך מיט די אַנדערע. באַמזע האָט דערציילט, אַז פאַר די ייִדישע זשורנאַליסטן זענען רעזערווירט 15 פּלעצער. האָב איך אין מיין נאַיִוויטעט אַ טראַכט געטון, אַז דאָרט ווו עס זענען פאַראַן 15 פּלעצער פאַר זשורנאַליסטן מענער, וועט מען אַוודאי קאָנען פּועלן מיטצונעמען אַ זעכצנטן זשורנאַליסט — אַ פרוי.

אַזוי וואָלט טאַקע מסתּמא געווען, ווען איך זאָל פאַקטיש געווען אָנ־קומען צו יענעם צוג. ווען איך זאָל פאַקטיש געווען וועלן — אַנטלויפן....

*

עס איז געווען באַשערט, אַז דער ייִדישער ליטעראַטן־פאַראיין זאָל נישט „אויסגיין אויף זיין אייגענעם געלעגער״, אויף זיין איינגעזעסן אָרט אויף טלאָמאַצקע 13.

מיט אַ יאָר, אַנדערהאַלבן צוריק איז דאָס געשען. געווען אַ סיכסוך מיטן אייגנטימער פון דעם הויז אויף טלאָמאַצקע 13 און מיטן „אימ־פּרעזן־דיקטאַטאָר״ פון פאַראיין דוד ריבאַייזן. דער דריטער פאַקטאָר איז געווען אַ שרייבער מיטן נאָמען הענעך (חנוך) איש. דאָס מזל האָט גע־וואָלט, אַז אָט דער איש, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַל־טונג, זאָל פּונקט צו יענער צייט איבערלעבן אַן אינטים־פּערזענלעכע אַנטוישונג. זוכנדיק מיט וואָס צו פאַרטויבן זיין פאַרדראָס, האָט ער זיך מיט אַ ממש מאַניאַקאַלישן אימפּעט אַריינגעטון אין די ענינים פון פאַראיין. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט דערפירט צו אַ „גט״ סיי מיט ריבאַייזענען, סיי מיטן באַלעבאָס פון הויז טלאָמאַצקע 13. ער האָט אויסגעפונען אַ זייער נישט צוגעפּאַסטע דירה, אויף גראַניטשנע 11. דער פאַראיין האָט זיך, דער עיקר, אויסגעהאַלטן פון אימפּרעזעס, און דאָ האָט זיך דער קליינער, ווייניק באַקאַנטער זאַל, געפונען אויפן דריטן שטאָק. מען האָט געמוזט אַריינלייגן אַ מטמון געלט אין דעם רעמאָנט, אָבער איש האָט אַלץ דורכגעזעצט. מען האָט אויסטאַפּעטירט די ווענט מיט דעם גוט באַקאַנטן, פריש געפּוצטן ברוין־גאָלדענעם בראָקאַט־שטאָף, אָנגעהאָנגען די קינקעטן צווישן די פענצטער און געפייערט אַ חנוכּת הבית. צוזאַ־מען מיט דעם לעבעדיקן און טויטן אינווענטאַר פון טלאָמאַצקע 13 איז איבערגעגאַנגען אויף גראַניטשנע אויך דער וויכטיקער אַרכיוו מיט כּתב־ידן פון באַרימטע שרייבער, מיט דער קאָלעקציע קאַריקאַטורן פון דער

גאַנצער ליטעראַרישער משפחה, מיט קאַנעלבעס גרויסע אייל־פּאָרטרעטן פון י. ל. פרץ און שלום אַש און מיט אַנדערע שאַפונגען פון ייִדישע קינסטלער, וואָס האָבן באַצירט די ווענט פון דעם פאַראיין.

דער לאָקאַל אויף גראַניטשנאַ האָט זיך געפונען נישט ווייט פון באַן־הויף און פון דער עלעקטרישער צענטראַלע אויף זיעלנאַ, וואָס זענען געווען אַ געזוכטער ציל פאַר דייטשע לופט־פליערס. האָט טאַקע שוין, אויף דער צווייטער וואָך פון דער מלחמה, אַ באָמבע אַריינגעזעצט אין הויז אויף גראַניטשנאַ 11, וואָס איז געוואָרן אויפגעריסן און דערצו פאַר־ברענט. פון דעם פאַראיין־לאָקאַל און זיינע זאַמלונגען איז נישט פאַר־בליבן קיין שׂריד ופּליט.

ווען מען האָט, מיט אַ חודש שפּעטער, שוין נאָך דער קאַפּיטולאַציע און נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, געמאַכט דעם סך הכּל פון די גע־שעענישן און שאָדנס, האָט מען געהאַלטן אין איין קלאָגן אויפן בייזן צופאַל מיטן איבערטראָגן דעם ליטעראַטן־פאַראיין. דאָס הויז אויף טלאָ־מאַצקע איז, בעת דער באָמבאַרדירונג, געבליבן אומבאַרירט.

פונקט ווי אַן אינסטיטוציע וואָלט פאַקטיש געווען אידענטיש מיט אַ לאָקאַל אָדער אַן אַדרעס. אין דער אמתן האָבן די ערשטע באָמבעס פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געטראָפן דעם ייִדישן צענטער אפילו נאָך איידער דער לאָקאַל אויף גראַניטשנאַ איז געוואָרן צעשטערט.

*

יענעם דינסטיק אויף דער נאַכט איז נאָך דערוויילע אַלץ געשטאַנען אויף זיין אָרט.

פאַר מיינע אויגן שטייט אויף דאָס בילד, וואָס איך האָב געזען, בעת מיין לעצט מאָל זיין אין ליטעראַטן־פאַראיין.

ווען איך בין אַרויפגעקומען מיט מיין רענצעלע אויף גראַניטשנאַ 11, איז דער גאַנצער לאָקאַל געשטאַנען פינצטער און בלויז אין די צוויי קאַנצעלאַריעס — פון ליטעראַטן־פאַראיין און פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט — האָבן זיך די סעקרעטאַרן ב. ראָזען און י. ל. לעווינשטיין געפּאַרעט ביים ליכט פון בלוי־אַרומגעהילטע עלעקטרישע לאַמטערנדלעך, זיך גע־גרייט אין וועג אַריין. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויסרוימען דאָקומענטן און בריוו. עמעצער האָט געוואָרפן אַ לאָזונג, אַז מען דאַרף פאַרניכטן די רשימות מיט די אַדרעסן פון די מיטגלידער.

די זעלבע נאַכט האָבן געוויסע מחברים ביי זיך אין דער היים פאַר־

ברענט ביכער און זשורנאַלן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַנטי־היטלעריסטישע שאַפונגען. נישט געקוקט אויפן גאַנצן טראַגיזם פון אונדזער סיטואַציע האָט מיר אין אַ פּאָר טעג אַרום די דיכטערין רייזל זשיכלינסקי דערציילט מיט אַ געלעכטער וועגן איינעם אַ יונגן דיכטער, וואָס איז פון 5טן אויפן 6טן סעפּטעמבער געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אין זיין שטיבל און האָט מיט די אייגענע הענט געריסן און געוואָרפן אין ברענעדיקן אויוון די גאַנצע אויפלאַגע פון זיין, מיט שווערער מי באַר וואָס אַרויסגעגעבענעם, ערשטן בענדל לידער. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווי באָר די דייטשן וועלן אַריינשטעלן אַ פוס אין וואַרשע, וועט איינער פון זייערע ערשטע שריט זיין אַ רעוויזיע אין זיין סובלאָקאַטאָרן־צימער און דאָס קאָנפיסקירן די אויפלאַגע פון זיין ביכל מיט אַ פּאָר אַנטי־היטלערישע פערזן.

אין די צוויי גרויסע שטיבער, וואָס דורכן פונאַנדעררוקן צווישן זיי די טיר, פלעגן זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין דעם „זאַל", איז געשטאַנען אַ גרופּע זשורנאַליסטן, גרייטע אין וועג אַריין. אַ רעכט צו פאָרן האָבן געהאַט נאָר די מיטגלידער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. ווי אַלע מאָל זענען די „בלויז שרייבער" אויך איצט געווען הינטערשטעליק, מינדערווערטיק. אָבער אויך צווישן די זשורנאַליסטן און רעדאַקטאָרן איז נייטיק געווען אויסצוקלייבן 15 מאַן. עס איז געווען אַ רשימה אָבער אויך אַ צאָל פון די וועלכע האָבן אויף דער רשימה נישט פיגורירט, זענען געקומען מיט וואַליזעס. אַ טייל פון זיי האָבן געשריִען, באַקומען היסטעריע...

עס איז געווען די ערשטע ייִדישע סעלעקציע. אומדרייסט, שוין נישט גלייבנדיק אַליין אין דעם וואָס איך לייג פאָר, האָב איך אַרויסגעבראַכט מיין פאָרשלאַג, אַז איך אַלס די איינציקע פרוי, זאָל פרווון זיך „צושעפּען", קומען צום באַנהויף, אפשר וועט מען מיך מיטנעמען. היינט בין איך זיכער, אַז דאָס וואָלט זיך טאַקע געווען איינגעגעבן. עס זענען סיי ווי אַרויסגעפאָרן מיט דעם טראַנספּאָרט מער ווי 15 ייִדישע זשורנאַליסטן. מען האָט מיך אָבער צו מאָל לייטיש נישט אויסגעהערט. אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג האָט מיך אָפּגעפאַרטיקט מיט דער פראַזע, אַז „פרויען זענען נישט באַדראָט", אַז הלוואַי זאָל מען קאָנען מיטנעמען כאָטש די, וועלכע זענען אַממיינסטן איינגעשטעלט...

נעבן די, וואָס האָבן זיך געקריגט און געריסן וועגן אַ פּלאַץ אויף דער רשימה, האָבן זיך אין גיכן אויסגעטיילט אַ פּאָר אַזעלכע, וואָס האָבן מיט זייער אייגענעם ווילן געשטראָכן זייער נאָמען פון דער ליסטע. דער

ערשטער פון זיי איז געווען דער פּרעזעס פון דער יידישער סעקציע פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, מיטרעדאַקטאָר פון „היינט" משה אינדעלמאַן. ווי אַ קאַפּיטאַן פון אַ זינקענדיקער שיף האָט ער נישט געוואָלט זיין צווישן די, וואָס נוצן אויס אַ פּלאַץ, בשעת ער קאָן פאַר אַנדערע קיין ערטער נישט פאַרזיכערן. אויך אַהרן איינהאָרן, אַ חשובער מיטגליד פון רעדאַקציע „היינט", האָט נאָך אַ קורצן יישוב הדעת דערקלערט, אַז ער איז מוותּר אויף זיין רעכט צו פאָרן. דאָס רייסן זיך וועגן אַ פּלאַץ אין עוואַקואַציע־צוג האָט אים שוין געגעבן אַ פאָרגעשמאַק פון דעם, וואָס עס וועט זיין ווייטער. אַ מין אַריסטאָקראַטישע נערוועזיטעט האָט אים אָפּגעהאַלטן פון נעמען אויף זיך דעם גורל פון אַ פּליט.

און נאָך געדענק איך פון יענעם אָוונט — סעגאַלאָוויטשן. ער איז געקומען נישט מער ווי מיט אַ טעקע אין האַנט, דערקלערט, אַז אַזוי וועט ער פאָרן, ווי ער שטייט און גייט — נישט מיטנעמען קיין שום רענצל. דער דאָזיקער זשעסט האָט זיך אין אים שפּעטער נוקם געווען. איך געדענק די בריוו זיינע פון ביאַליסטאָק צו רות קאַרלינסקאַ, מען זאָל אים למען השם זען איבערשיקן אַהין וואָס נישט איז פון זיין גאַרדעראָבע.

און אָט פאַרשווינדן אַלע אַנדערע פון מיין זכּרון. מיט וועמען האָב איך זיך געזעגנט דעמלט, מיט וועמען נישט?

די פענצטער פון לאָקאַל זענען געשטאַנען אָפן, אין די שטיבער איז געווען פינצטער, אָבער אַ יונג־האַרבסטיקע לבנה האָט אַריינגעשיינט פון דרויסן, באַגאָסן פּנימער פון די פאָרער און פאַרבלייבער מיט אַ גרינלעך־זילבערדיקן מתים־ליכט...

*

די, וועלכע האָבן געזאָלט פאָרן, האָבן זיך איינציקווייז אַרויסגערוקט, נאָך עפּעס איינפּאַקן, מיט עמעצן זיך געזעגענען. זיי האָבן זיך געדאַרפט טרעפן האַלבע נאַכט אויפן באַנהויף.

דער באַשלוס פון אהרן איינהאָרן האָט מיר אימפּאָנירט. זייער שנעל האָב איך זיך אָפּגעפּאַרטיקט דערמיט, אַז אויך איך בלייב איבער און דערצו אין אַ גוטער געזעלשאַפט.

ווי נישט אינמיסטן האָבן זיך די בלייבערס צונויפגעשאַרט צוזאַמען. איך בין אַראָפּגעגאַנגען מיט איינהאָרנען און מיט זיין פרוי ברכה.

אַ מאָדנע שטילקייט — אַ לויטערע, קרישטאָל־פרישע לופט — האָט אונדז אַרומגענומען, ווען מיר זענען אַרום צען אַזייגער אַרויס אין גאַס.

ביי נאַכט האָט מען נישט באָמבאַרדירט. די שטאָט אָן ליכט, די פולע לבנה איבער די ביימער פון זאַקסישן גאָרטן, די קליינע באַוועגונג — אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין אַ לאַנדשאַפט פון כלומרשטער שלווה. דער קאָשמאַר פון דער נייער ווירקלעכקייט האָט זיך ערגעץ אָפּגערוקט.

אויפן פלאַץ פון „אייזערנעם טויער" זענען זיך צעגאַנגען אונדזערע וועגן. די איינהאָרנס האָבן געוווינט אויף מיראָווסקע, איך אויף פשעיאַזד. מיר האָבן זיך געזעגנט אין יענער לבנה־נאַכט, ווי עס וואָלט אונדז געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן.

מיר האָבן דורכגעמאַכט אַ שאָק און מיר זענען געשטאַנען אויף דער שוועל פון ווייטערע דערשיטערונגען. דער מבול האָט זיך גערוקט וואָס אַ מאָל נאָענטער, נאָענטער, אָבער מיר האָבן נאָר־וואָס אָנגענומען אַ באַשלוס. מיר זענען געגאַנגען שלאָפן — אַהיים. מיר זענען געוועזן מיד, אַנטשפּאַנט. דער קלוגער אָרגאַניזם האָט געשטרעבט צו רעקרעאַציע, צום באַוואָפענען זיך מיט נייע כּוחות, כּדי צו קאָנען אויסהאַלטן דאָס, וואָס איז אויף אונדז געגאַנגען מיטן מאָרגנדיקן טאָג.

דער עוואַקואַציע־צוג איז נאָך די זעלבע נאַכט געוואָרן באָמבאַרדירט. ווי פייגל אַרויסגעפלאָשעטע פון זייער נעסט, האָבן זיך די עוואַקוירטע, שוין אין לובלין, צעשפּרייט אין פאַרשידענע ריכטונגען. אויף צו מאָרגנס און אין די ווייטערע טעג — אויך שפּעטער, נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, זענען זיי — דורך וועגן און אומוועגן — נאָכגעלאָפן אַנדערע יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן.

אַ טייל פון זיי האָבן זיך דערשלאָגן, אָדער זיך כלומרשט דערשלאָגן — צו אַ ברעג. אַנדערע האָבן שוין צו קיין מנוחה און צו קיין אייגן ווינקל מער נישט זוכה געווען ביז צום סוף פון זייערע טעג.

אויף אונדז, געבליבענע, האָט זיך קודם כּל אָנגערוקט די באַלאַגערונג און די פאַרטיידיקונג פון וואַרשע.

דאָס איז געווען די הקדמה צו שרעקלעכע, וואָס אַ מאָל שרעקלעכערע, יאָרן און טעג.

# 4. סעפּטעמבער־שכנים

די דאָזיקע געשיכטע האָט געהאַט אַ פאָרגעשיכטע. בערך אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט זיך יוסף קאַמען אין איינעם מיט זיין פרוי און עסטראַדע־פּאַרטנערין נאַדיאַ קאַרעני אַריינגעצויגן אין אַ געדונגען צימער אויפן פערטן שטאָק פון דעם זעלבן הויז אויף פּשעיאַזד 1, אין וועלכן איך האָב געוווינט אַלס סובלאָקאַטאָרין אויפן זעקסטן שטאָק. קאַמענס באַלעבאַטים האָבן פאַרמאָגט אַ טעלעפאָן, פון וועלכן איך פלעג טייל מאָל געניסן, און עס פלעגט מיר אַזוי אַרום אויסקומען זיך מיט אים און נאַדיען כסדר צו באַגעגענען. די עצם באַקאַנטשאַפט איז אָבער, פאַרשטייט זיך, געווען אַ סך פריִערע. איך האָב שוין קודם יעדן פון זיי געקענט פון דער בינע — אים אַלס שוישפּילער פון דער „ווילנער טרופּע", זי פון „אַראַראַט" און „עזאזל".

יוסף קאַמען איז געווען אַ ייִנגערער ברודער פון אַלעקס שטיין, דעם „סטאַר" פון דעם אַנסאַמבל, דעם פּאַרטנער פון מרים אָרלעסקאַ אין רוב פון די זאַכן, וואָס איך האָב געזען אין לעמבערג ביי די „ווילנער". אין אַ געוויסער תקופה איז אויך שטיינס ייִנגערער ברודער געוואָרן אויפגענומען אין אַנסאַמבל און כדי אויסצומיידן אויף די פּלאַקאַטן די פאַרמישונג פון דעם זעלבן פאַמיליען־נאָמען, האָט מען דעמלט סלאַוויזירט דעם נאָמען „שטיין", געמאַכט פון אים אַ „קאַמען". דער ייִנגערער ברודער האָט דעמלט געשפּילט קלענערע ראָלן — געשפּילט אַזוי, אַז די לעמבערגער מבינים זענען תיכף געוואָרן עלעקטריזירט.

איך געדענק אַזאַ ראָלעכל זיינס אין דעם באַרימטן שטיק פון בערגערן „דער מבול". ער האָט געשפּילט אַ קוועקזילבערן בּעגערל, אַ פּיקאָלאָ אין אַ לוקסוס־האָטעל אויף אַן אינדזל; אַרומגעשפּרונגען מיט אַ טאַץ צום טאַקט פון אַן איינגעגעסן לידל, וואָס ער האָט זיך געזונגען און אונטערגעפּייפט דערלאַנגענדיק משקאות און אויספירנדיק פלעריליי אַנדערע (לעצטע) ווינטשן פון אַ חברה רייכע געסט, וואָס זענען דאָ געבליבן שטעקן צוליב אַ וואָלקנבּרוך און דערוואַרטן דעם סוף פון זייער לעבן. דאָס אינדזל האַלט אין פאַרפלייצט ווערן דורך די אויפגעברויזטע כוואַליעס פון אָקעאַן, וואָס שטייגן וואָס אַ מאָל העכער און העכער...

כלומרשט זאָרגלאָז, קינדעריש פריילעך און גלייכצייטיק אומהיימלעך

אין זיין לצנות, ווי ער וואָלט געווען אַ שליח פון די כּוחות, וואָס שלעפּן דאָס סימבאָלישע „ווערטל" אין תּהום... איך האָב נישט צו דער האַנט יענע פּיעסע און איך קאָן היינט נישט וויסן, וואָס עס איז פאַראַן אין טעקסט, איך געדענק אָבער, אַז נישט אָפּהענגיק פון די כּוונות פון מחבר און פון רעזשיסער, איז דאָס אויסשפּילן די ראָל אויף אַט דעם אופן, דורך אַ יונגן אַנהייבער געווען פאַר די חסידים פון יידישן טעאַטער אַן אָנגענעמע איי־בעררעַשונג.

קאַמען איז דערנאָך געוואַקסן און געוואַקסן, געוויזן זיין גרויסן כּוח אין וואָס אַ מאָל וואַגיקערע ראָלן. איך געדענק זיין שפּיל, זיין גרים, זיין הלבשה אין דער הויפּט־ראָל פון משה ליפשיצעס „מעשׂה מיט הערשעלע אָסטראָפּאָליער". ער האָט זיך וואָס אַ מאָל מער אַנטפּלעקט נישט אַלס קאָמיקער סתּם, נאָר אַלס אינטערעסאַנטער, סטיכישער קאָמעדיען־שוי־שפּילער, וואָס ברענגט אַרויס אין זיין שפּיל דעם פאַרהוילענעם דעמאָניזם פון דעם לעכערלעכן.

*

באַקענט זיך פּערזענלעך מיט קאַמענען האָב איך ערשט מיט אַ ריי יאָרן שפּעטער שוין אין וואַרשע, אין ליטעראַטן־פאַראיין. אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן פלעגט ער דאָ אויפטרעטן אין ספּע־ציעלע רעציטאַציע־אָוונטן אין באַגלייטונג פון דער ווילנער זינגערין לובאַטשקאַ לעוויצקאַיאַ. אַזוי פלעגט ער זי אַנאָנסירן איבערגעבנדיק איר דעם פּלאַץ אויף דער בינע נאָכן אויספירן אַ צאָל פון זיינע „נומערן" אין זייער שותּפותדיקן פּראָגראַם.

און געווען איז דאָס שוין נאָך דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפן אין לעבן, ווען עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער ליידט אויף דער בירגער־קראַנקייט. מען האָט אים אַראָפּגענומען אַ פוס און אין אַ צייט אַרום נאָך דער אָפּעראַציע האָט ער אָנגעהויבן גיין מיט אַ פּראָ־טעזע און האָט זיך איבערגעשטעלט אויף רעציטאַציע־אויפטריטן.

ער איז דאַדורך נישט געוואָרן קיין רעציטאַטאָר, וועלכער זאָל זיך קאָנצענטרירן אויפן אַרויסבאַקומען פון טעקסטן זייער ליריש־פּאָעטישע שיינקייט, דעם ריטעם, די מוזיק פון דעם וואָרט. זיין עלעמענט איז געווען און געבליבן די דראַמאַטישע סיטואַציע, אינטערפּרעטאַציע פון געשטאַלטן און לויט דעם פּרינציפּ האָט ער זיך צוגעקליבן זיין רעפּערטואַר.

אין יענער צווייטער, פאַר אים פּערזענלעך אַזוי טראַגישער תּקופה,

ווען ער — דער דינאַמישער, אַזוי באַוועגונגס־רייכער שוישפּילער, וואָס פלעגט פריִער שפּילן מיט אַלע רמ״ח אברים — איז געבליבן געפּענטעט, באַגרענעצט אין זיינע אויסדרוקס־מיטלען. האָט ער זיך אָבער נישט אונ־טערגעגעבן, געקעמפט מיטן גורל, נישט געוואָלט וועקן ביי קיינעם קיין רחמנות. העכסטנס ברוגז איז ער געווען סיי אויפן גורל, סיי אויף די, וואָס האָבן אים געוואָלט באַהאַנדלען ווי אַן אינוואַליד. איך מיין, אַז ער האָט פּאַקטיש, אין אַ געוויסן זין באַוויזן צו באַהערשן די סיטואַציע. אויך אַן דעם פוס איז ער געווען רייכער פון אַנדערע. ער איז דאָך געווען נישט בלויז אַן אויספירער פון ראָלן. ער איז אַליין געווען אַ גאַנצער טעאַטער, אַן און פאַר זיך און דאָס שפּילן אויף דער בינע איז געווען בלויז אַ פראַגמענט פון דער טעאַטער־סטיכיע, וואָס האָט אין אים געבושעוועט.

ער האָט איבערגעלעבט טעאַטראַליש דעם גאַנצן אַרום. ער איז גע־ווען אַן אויסערגעוויינלעכער אָבסערוואַטאָר און אַ געניאַלער אימיטאַטאָר פון מענטשלעכע תּנועות און העוויות. פון דעם זעלבן „אינעווייניק״ וואָלט זיך געווען געקאָנט אַנטוויקלען אַ גלענצנדער ראָמאַניסט, אַן ערשטקלאַ־סיקער דראַמאַטורג. איך האַלט, אַז ער איז דאָס טאַקע געווען — אין אַ געוויסן זין — אויפן ראַנד פון זיין עיקר־שאַפונג און דאָס נישט לשם תּכלית, נישט לשם שפּילן, נאָר לשם שפּילעריי.

אַלס טאַלענטפולער אימפּראָוויזאַטאָר פון מאָנאָלאָגן און קליינע סצענ־קעס, וואָס האָבן אויסגעדריקט די כאַראַקטער־שטריכן פון די מענטשן, אויף וועלכע ער האָט זיך אָנגעשטויסן. ס׳רוב — פאַרשטייט זיך — מיט אַ טענדענץ צום קאַריקאַטורעלן, אָבער נישט בלויז קאַריקאַטורעלן. ער האָט „נאָכגעמאַכט״ און געשפּילט כּמעט יעדן מענטש, וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע דלד אמות. אין לשון פון ליטעראַטן־פאַראיין פלעגט מען דאָס רופן „מאַכן פילמען״ — אַ הויכע מדרגה פון טעאַטער־מיניאַטורן, אַ לוק־סוס־קונסט פאַר יחידי־סגולה. קאָמען איז נישט געווען דער איינציקער טאַלענט אויף דעם געביט, אָבער ער האָט עס דערפירט צו פּערפעקציע. ספּאָנטאַן, עקספּראָמפּט, פלעגט ער „איבעררעדאַגירן״ די אויפגעכאַפּטע באַ־זונדערע ווערטער און אויסדרוקן פון זיינעם אַ „קרבן״ — זיין טאָן, דאָס קול — געשאַפן דערפון אַ נייעם טעקסט, אַ סופּער־טעקסט, אין וועלכן עס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די פּראָבלעמען און פאַרבאָרגענע קאָמפּלעקסן פון דעם געגעבענעם מענטש. ער איז אין דעם זין געווען ממש געפערלעך, ער האָט דאָס אָבער אימפּראָוויזירט און אויסגעפירט מיט חן און אין גוטן געמיט, אַזוי אַז דער אָביעקט גופא האָט דערביי מיטגעלאַכט.

אַ ברירה האָט ער געהאַט?...

זיינע „קרבנות" זענען געווען פיגורן פון ליטעראַרישן פּאַראיין — שרייבער, רעדאַקטאָרן פון צייטונגען, שוישפּילער, אימפּרעסאַריאָס... מען פלעגט אַראָפּפאַלן פון די בענקלעך פאַר לאַכן, ווען ער פלעגט אין אַ פּאַר־נאַכט „נעמען וועמען אויפן צימבל". אַזעלכע זאַכן געראָטן שטענדיק אַמ־בעסטן אין פאַרנאַכטן...

איך געדענק ביז היינט דעם פּאָרטרעט פון זיין גוטן פריינד דעם אימפּרעסאַריאָ „פריילין גאַריעלאָור". נישט מער, ביים היינטיקן טאָג איז שוין אָט די פּאַראָדיע געוואָרן אַן עלעגיע...

און נישט נאָר די טיפּן פון דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע האָט ער נאָכגעמאַכט. אויך זיין בעל־הביתטע פון פּערטן שטאָק אויף פּשעיאַזד 1. ער איז פעיִק געווען צו אינדיווידואַליזירן אין זיינע „פילמען" אַפילו אַ קאַץ. פאַר קינדער האָט ער געהאַט אַ נומער פון צוויי קאָטערס, וואָס סטראַשען איינער דעם אַנדערן אין אַ ווינקל הויף, לאָזן אַרויס קעמפערישע קלאַנ־גען און האָבן אין גרונט גענומען מורא איינער פאַרן אַנדערן...

אַזאַ איז געווען קאַמען.

און דערביי איז ער אַליין געווען אַ „טיפּ" — אַ געצוג שווערער מענטש אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אַ לץ און אַן אומדערטרעגלעך קאַפּריזנע קינד.

אַזאַ האָב איך אים קענען געלערנט בשעת דער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע, אין גאָר די שווערסטע מאָמענטן פון סעפּטעמבער 1939. איך בין דאַן געווען זיין שכנטע.

*

איידער איך וועל צוקומען צו אָט די טעג, מוז איך אָבער ברענגען אַהער צו פירן אויך נאַדיאַ קאַרעני, זיין דעמלטיקע פרוי. אויך זי האָב איך אַ ריי יאָרן געקענט בלויז פון דער בינע, ווען זי פלעגט דערשיינען אין לעמבערג בעת די גאַסט־שפּילן פון „עזאזל" אָדער „אַראַראַט". שטראַלנדיק בלאָנד, באַשאָנקען מיט אַ העלן סאָפּראַן, האָט זי מיטן עכטן יידישן „קנייטש" אויסגעפירט שטיפערישע לידער פון בראָדערזאָן און געבירטיג, געזונגען דועטן מיט יוסף סטרוגאַטש.

אין וואַרשע האָב איך זי אויך אַ פּאָר מאָל געזען אויף דער בינע אין אָפּערעטן, אין „טראַגעדיעס מיט טאַנץ און געזאַנג" לויטן נוסח פון דזשיקן זשאַנער. אין מיטן דערינען פלעגט מען איבעררייסן די אַקציע און זי

פלעגט צוקומען צום ראַנד פון דער בינע, טרעלירן, „קאָלאָראַטורירן", הייבן אַ פיסל. איך האָב שפּעטער געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַוווּנדערן איר פענאָמענאַלן זכרון פאַר טעקסטן און מעלאָדיעס. זי איז געווען אָנגע־זאַפּט מיט נגינה, אַ לעבעדיקע פאַנאַטעקע פון ייִדישע טעאַטער־געזאַנגען ווי אויך פון ייִדישע און רוסישע פאָלקסלידער.

אין די לעצטע טעג אויגוסט 1939 האָבן מיר ביידע מיט מרים אָר־לעסקאַ אָפּגעראַטעוועט נאַדיען פון אַ גרויסער סכנה, אָפּפירנדיק זי אין לעצטן מאָמענט אין אַ שפּיטאָל לשם אַ דרינגענדער אָפּעראַציע. קאָמען איז דעמלט נישט געווען אין וואַרשע — געבליבן שטעקן אויף אַ טורנע אין מערב־גאַליציע און ער האָט זיך דערשלאָגן אַהיים ערשט נאָכן אויס־ברוך פון דער מלחמה.

זיין וועג פון קראָקע האָט געדויערט צוויי צי דריי טעג. אין דער בהלה און געדראַנג פון מענטשן, וואָס זענען געלאָפן מיט קינדער און פעק פון דער מערב־גרענעץ אין צענטרום פון לאַנד, האָט ער מיט זיין איינעם פוס — אָפט מאָל מיטן גרויל פון אַראָפּנעמען די פּראָטעזע און מיט איר פאָכען אין דער לופט — באַוויזן זיך אויסצוקעמפן אַ פּלאַץ אין די צוגן. מענטשן האָבן אונטערגעשטעלט אַ פּלייצע אים אַריינצופּאַקן אינעווייניק דורכן פענצטער פון אַן איבערפולטן וואַגאָן. עס גרוילט מיך נאָך היינט, ווי עס האָט מיך דעמלט געגרוילט, ווען ער האָט אונדז ביידע מיט נאַדיען אין דער ביינאַכטיקער „רו" פון דעם „סכראָן" צווישן כראָפּענדיקע מענטשן דערציילט די „אַוואַנטורעס" פון זיין וועג פון קראָקע קיין וואַר־שע דעם 30סטן און 31סטן אויגוסט, 1939.

*

שוין פרייטיק גאַנץ פרי, דעם ערשטן טאָג פון דער דייטשער אינ־וואַזיע אויף פוילן, איז די פּוילישע אַרמיי און די ציוויל־באַפעלקערונג פון גאַנצן לאַנד געבליבן כּמעט אָן אַ־יעדער באַשיצונג פון אויבן. נאָך פריִער פון פּוילנס ערד־שטחים, זענען אירע הימלען אַריינגעפאַלן אין היטלערס רשות. דער רוב פלי־מאַשינען פון דער פּוילישער אַוויאַציע זענען געוואָרן פאַרניכטעט דורך דייטשע באָמבעס אויף דער ערד, נישט באַוויזנדיק זיך אַפילו אויפצוהייבן אין דער לופט. אין דער ערשטער וואָך פון דער מלחמה האָבן די פּוילישע לופט־אָפּווער־קאַנאָנען באַוויזן אַראָפּצושיסן איבער וואַרשע אַ פּאָר דייטשע עראָפּלאַנען, אָבער אויך דאָס האָט אויף קיין האָר נישט פאַרקלענערט די אַבסאָלוטע דייטשע באַהערשונג פון די לופט־

רעגיאָנען איבער דער הויפּטשטאָט און אין גיכן איבער דער גאַנצער מדינה.

ערגעץ ווו, ביי דעם אָדער יענעם גרויסן טייך פון פוילן האָבן נאָך געדויערט פאַרצווייפלטע שלאַכטן און מיט דער הילף פון זעלבסטמערדע־רישע אולאַנער־שאַרזשן האָבן פוילישע גענעראַלן געפּרווט אָפּשטעלן דעם פאַרויסמאַרש פון דעם אַלמעכטיקן מאָטאָריזירטן טעווטאָנישן גולם. ער־געץ ווו האָבן קאַפּיטאַנען און לייטענאַנטן אָפּגענומען שבועות צו פאַר־שטעלן מיט זייערע גופים דעם דייטשן פאַרויסמאַרש — ביז צום לעצטן מענטש, ביז צו דער לעצטער קויל. מען האָט די שבועה מקיים געווען. מקריב געווען נישט נאָר זיך, נאָר אויך ישובים אַרום, אויף וועלכע עס האָט זיך דאַן אויסגעגאָסן דער צאָרן פון די באַוועלטיקער.

אויפן פאַרלויף פון די געשעענישן האָבן אויך אָט די העלדן־מעשים קיין השפּעה נישט געהאַט. דער טייוולאָניש שנעלער פאַראויסמאַרש פון דער דייטשער אינוואַזיע האָט ווייטער געהאַקט דאָס לאַנד מיט זייניע קלינעס אויף שטיקער, דערנענטערט זיך צום האַרץ פון דער מדינה.

האָט די רעגירונג מיט אירע אַנגעפּאַקטע וועגענער פאַרלאָזט די הויפּטשטאָט; אויף שינעס פון דער באָמבאַרדירטער באַן־נעץ געשלעפּט מיט זיך אין געפּאַנצערטע וואַגאָנען די מלוכה־אַרכיוון און די שטאַבעס גאָלד פון מלוכה־אוצר. נאָך האָט דער הויפּטפירער פון דער אַרמיי, אין איינעם מיט זיין גענעראַל־שטאַב פּלאַנירט צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד אויף דער ליניע פון דעם טייך בוג. מיטן מאָמענט פון דעם סאָוויעטישן אַריינמאַרש אויף די מזרח־שטחים פון פוילן דעם 17טן סעפּטעמבער, זענען זיי שנעל אַריבער די דרום־גרענעץ, כּדי צו שיצן זיך אויף דער רו־מענישער טעריטאָריע פאַרן אַריינפאַלן אין די סאָוויעטישע הענט אין איינעם מיטן מלוכה־פּרעזידענט און מיטן גאַנצן רעגירונגס־קאַבינעט.

*

וואַרשע איז געבליבן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין. דער ראַדיאָ האָט נאָך דערוייל געאַרבעט. מיטן סיגנאַל פון שאָפּענס מאַזורעק אויפגעגעבן און אָפּגערופן אַלאַרמען. אין די פּויזעס האָט מען טראַנסמיטירט דעם אין פוילישן ראַדיאָ יאָרן־לאַנג נישט געהערטן הימן פון די פוילישע סאָ־ציאַליסטן „טשערוואָני שטאַנדאַר״.

דער ראַדיאָ האָט נאָך געאַרבעט: וואַרשאַוואַ I און וואַרשאַוואַ II... דאָנערשטיק דעם 7טן סעפּטעמבער אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך דער־

הערט דורך אַלע ראַדיאָ־הילכערס אַ משונהדיקע רעדע פון דעם פּולקאָווניק ראָמאַן אומיאַסטאָווסקי, דעם פּראָפּאַגאַנדע־שעף פון דעם גענעראַל־שטאַב. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז „אַלע מענער, וואָס זענען פעיִק צו מיליטער־דינסט זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט און נאָכפאָלגן דער אַרמיי אין דער מזרח־ריכטונג, ווו זיי וועלן ווערן מאָביליזירט"...

און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָט אויך דער פּרעמיער־מיניסטער סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי געהאַלטן אַ קורצע געזעגענונגס־רעדע צום פאָלק און דערקלערט, אַז „צוליב דער סכּנה, וואָס דראָט וואַרשע, מוז די רעגירונג פאַרלאָזן די הויפּטשטאָט מיטן פעסטן באַשלוס זיך אומצוקערן נאָכן זיגרייכן סוף פון דער מלחמה"...

די פּאַניק און צעמישונג, וואָס די צוויי דרשות האָבן אַרויסגערופן ביי דער באַפעלקערונג איז געווען אין לשער. עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז אַלע מענטשן זענען אַרויס פון זייערע נעסטן; אַז אַלע קלייבן זיך פאַרלאָזן זייערע היימען, פאַרלאָזן די שטאָט און לויפן־אַנטלויפן, ווי בהמות פון אַ שׂרפה.

דער עקזאָדוס פון יונגע יידן האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן ווי נאָר עס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען דער קלאַנג פון דער עוואַקואַציע. איך האָב נאָך מיט אַ טאָג פריִער אַרויסבאַגלייט אין וועג אַריין די צוויי חברים און שכנים מיינע פון 6טן שטאָק פּשעיאַזד 1 — נחום באָמזע און מענדל רייף. די פּאַניק און די אויסוואַנדערונגס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אומיאַסטאָווסקיס באַפעל איז אָבער געווען גאָר עפּעס אַנדערש, שווער צו באַשרייבן, מיט גאָר נישט צו פאַרגלייכן.

איך האָב שוין יענע נאַכט אין מיין צימער אויפן 6טן שטאָק נישט גענעכטיקט. די ווענט און דאָס מעבל זענען שוין געווען צעלעכערט און צעקראַצט דורך די אָפּשפּריצן פון אויפרייס־קערפּער, וואָס האָבן געפּלאַצט איבער די דעכער. די שויבן פון די פענצטער, וועלכע מיר האָבן אין דער דירה אַזוי פלייסיק „באַפעסטיקט" מיט פּאַפּירענע בענדער, זענען געלעגן צעטראַסקעט אויף דער פּאָדלאָגע, און אין דער לופט איז שוין געשטאַנען דער געדיכטער ריח פון שוועבל און שׂרפה, וואָס האָט געזאָלט באַגלייטן די וואַרשעווער איינוווינער נישט נאָר אין משך פון דעם ערשטן חודש בשעת דער דאָזיקער מלחמה.

אָנגעטון (אין הסכּם מיט די „מלחמה־כּללים") אין מיין בעסטן קלייד און צוגעדעקט מיט מיין נייעם מאַנטל — מיט דער שטאַרקסטער פּאָר שיך אונטער דעם בינטל פּערזענלעכע זאַכן צוקאָפּנס — בין איך איבער־

געשלאָפן די נאַכט אויף דער פּאָדלאָגע פון אַ דירה אויפן ערשטן שטאָק, און ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן שאַריִען אויף טאָג, בין איך אַראָפּ צום טויער זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן.

ווי אַן אויפגעקוואָלענער טייך, וואָס איז אַרויס פון די ברעגעס, האָט אויסגעזען די גאַס. דער אַרויסמאַרש פון די מענער האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט און איצט, אין די פרימאָרגן־שעהען איז ער דערגאַנגען צו זיין פולן פאַרנעם. פון די מערב און דרום־געגנטן פון שטאָט האָבן זיך יונגע מענער — און אויך יונגע פרויען — געלאָזט וואַנדערן איבער די אַרטעריעס, וואָס האָבן געפירט אַרויס אויף די גרויסע לאַנד־שאָסייען אין דער ריכטונג אויף מזרח. דער מענטשן־שטראָם האָט אָנגעפילט די קאָ־רעטע פון פּשעיאַזד פון איין ראַנד ביז צום אַנדערן. אַ געדיכטע מאַסע קעפּ, מאַרשירנדיקע פיס, רוקנס אָנגעזאָטלטע מיט פּלעצאַקעס. דאָ און דאָרט האָט אַרויסגעשטאַרצט פון דער געדיכטעניש אַ פון ערגעץ מיט־געשלעפּטער הויכער שטעקן פון אַ קער־באַרשט. מענטשן האָבן גע־טראַכט, אַז אַזאַ אָנשפּאַר קאָן זיי צונוצקומען אין וועג, און דערווייל האָבן זיי אויף אים אָנגעהאָנגען זייערע בינטלעך און זיי געטראָגן אי־בערן אַקסל, האַלטנדיק מיט ביידע הענט איבער דער ברוסט דעם לאַנגן שטעקן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ דרענגל פון אַ פאָן בעת דעם פּאַראַד פון 1טן מײַ. צווישן דער פאַרשידנאַרטיקער מאַסע האָבן זיך אויך אויסגעטיילט דאָ און דאָרט יונגע משפּחות מיט קינדער אויף די פּלייצעס און מיט קינדערוועגעלעך אָנגעלאָדענע מיט פּעק.

אָט דאָס טאַקע זענען זיי אויסן געווען, די דייטשן, מיט זייער נייער טאַקטיק — די „שאָק"־טאַקטיק — אין פּוילן און שפּעטער אין אַנדערע לענדער פון זייערע אינוואַזיעס.

אַרויסבאַקומען וואָס גרעסערע מאַסן ציוויל־באַפעלקערונג פון די שטעט אויף די גרויסע שאָסייען און דאָרט זיי דרעשן און מלויצען מיט באָמבעס און מאַשין־געווער פון נידעריק קרייזנדיקע עראָפּלאַנען, פּאַראַ־ליזירן די באַוועגונג פון דער לאַנד־אַרמיי, אַרויסרופן אַ פּאַניק מיט אַ כאַאָס נישט צום באַהערשן, אָפּשטעלן דעם גאַנצן מלוכה־אַפּאַראַט — אומוואַרפן מדינות אין משך פון געציילטע טעג.

צווישן די גייערס זענען אויך געווען מענטשן אָן יעטוועדן געפּעק. מסתּמא איז זיי די גאַנצע זאַך פאָרגעקומען עפּעס ווי אַ קאַטאַווועס. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז זיי פאַרלאָזן וואַרשע אויף יאָרן, אפשר אויף

תּמיד; נישט געאַנט, אַז די וועמען זיי לאָזן איבער, וועלן זיי שוין אפשר מער קיין מאָל נישט זען.

אויך אַ טייל פון די, וואָס זענען געבליבן, האָבן זיך ערשט נאָכן אַוועקגיין פון זין, חתנים, אָדער מענער, אַ ריס געטון פלוצים פון אָרט, ווי אַ שלאַנג וואָלט זיי אַ ביס געטון אין סאַמע האַרץ. אַן אַנונג, אַ חרטה, אַ נישט־דערזאָגטקייט! האָט מען געזען אַלע ווייַלע ביי די ראַנדן פון די שטראָמענדיקע מאַסן, וואָס האָבן זיך געשטופּט מיט אַ פאַרצווייפלטן אימפּעט לענג־אויס די ווענט פון די הייזער; געדופן נעמען, נאָכגעלאָפן די „נאָכ־לויפערס נאָך דער אַרמיי". אפשר האָבן זיי זיך דערמאָנט, אַז זיי האָבן זיי פאַרגעסן עפּעס אָנצוזאָגן, אָדער מיטגעבן; אפשר האָבן זיי געוואָלט וועמען אומקערן פון וועג, אָדער מיטלויפן מיט זיי. געטריבן פון אַן אומ־היימלעכער אַנגסט, האָבן זיי געפּלאָנטערט מיט די פיס, שטרעקנדיק אַרויף אַ האַנט מיט אַ פּעקעלע עסן, אַ מטבע אָדער אַ צעטעלע מיט אַדרעסן פון קרובים.

אַ פאַרגאַפטע אויף אָט די סצענעס האָב אויך איך דערפילט דעם ביס פון אַ חרטה־געפיל: צי האָב איך באמת גלייך געטון, וואָס איך בין גע־בליבן; נישט מיטגעגאַנגען מיט באָמזען און רייפן קיין לעמבערג?!

פלוצים האָב איך זיך געכאַפּט, אַז נאָך עמעצער שטייט אין טויער נעבן מיר. אָנגעשפּאַרט אויף זיין אינוואַלידן־שטעקן איז געשטאַנען יוסף קאַמען! פאַסצינירט, בולוועריזירט, האָט ער מיט אַלע זיינע חושים גע־שלונגען דאָס אויסטערלישע בילד: מענטשן פאַרלאָזן די שטאָט — מע־נער אין מיליטער־עלטער!...

אַ מאַגישע קראַפט האָט אים געצויגן מיטצולויפן, צו יאָגן אויף זיין איינעם פוס אין איינעם מיט אַלע...

ענדלעך האָט ער מיך באַמערקט און האָט מיך קראַמפּהאַפטיק אָנגע־כאַפּט ביים אָרעם:

— איך מוז האָבן מיינע אַלטע שטאָלצן — האָט ער אויסגערופן — קומט אַרויף אויבן! העלפט מיר עפּעס איינפּאַקן! איך וויל נישט בלייבן מיט די דייטשן. איך מוז גיין!

איך האָב אים אָנגעקוקט, דערזען אַ פונק פון שגעון אין זיינע אויגן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיט קיין לאָגישע אַרגומענטן וועל איך גאָר־נישט פועלן.

— פאַניע אָסיו — האָב איך צו אים געזאָגט אויף פּויליש — ווי קאָנט איר אָפּטון נאַדיען אַזאַ זאַך? וואָס וועט זי זאָגן, ווען זי וועט צוריקקומען

פון שפּיטאָל און זיך דערוויסן, אַז איר זענט דאָ געווען און אַוועק פון וואַרשע, אַפילו זיך מיט איר נישט געזעגנט?

דער דאָזיקער אַרגומענט האָט געהאָלפן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און אַרויף צו זיך מיט דער ווינדע „זיך אַ ביסל אָפּרוען".

די ווינדע האָט נאָך דעמלט פונקציאָנירט.

*

נאָך דער עוואַקואַציע פון דער רעגירונג און נאָך דעם אַרויסמאַרש פון אַ פּראָצענט יונגע מענטשן אין שייכות מיט אומיאַסטאָווסקיס באַפעל, האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ שטאַרקע און אַנטשלאָסענע אָנפירערשאַפט פון די ציווילע און קיין וואַרשע צונויפגעצויגענע מיליטערישע כּוחות מיט צוויי אַרמיי־גענעראַלן בראש, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט די פאַר־טיידיקונג. עס איז דערקלערט געוואָרן אַ נייע מאָביליזאַציע פון אַר־בעטס־באַטאַליאָנען, וועלכע האָבן באַנייט די פאָרטיפיקאַציע־אַרבעטן אין און אַרום דער שטאָט. די לופט־שוץ קאָמיטעטן, וואָס האָבן עקסיסטירט אין יעדן ראַיאָן און יעדן הויז — זענען רעאָרגאַניזירט און פאַרשטאַרקט גע־וואָרן.

דער וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט און קאָמיסאַר פאַר ציווילער פאַר־טיידיקונג מאַיאָר סטעפאַן סטאַזשינסקי האָט פייערלעך דערקלערט, אַז וואַרשע וועט ווערן פאַרטיידיקט; כּסדר גערעדט צו דער באַפעלקערונג. געוואָרן הייזעריק און ווייטער גערעדט. ער האָט גערופן צו רו און ביר־גערלעכער אחריות, געלערנט ווי אַזוי מען דאַרף לעשן די בראַנד־באָמ־בעס אויף די דעכער. ער האָט אָנגענומען די לאָזונג פון פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט, נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ גרויס שטיק פּוילן איז שוין געווען באַזעצט, און אַלס מיליטערמאַן האָט ער גוט פאַרשטאַנען, אַז קיין שום שאַנס אויף הילף און נצחון איז נישט פאַראַן.

דער אַלטער לעגיאָניסט סטאַזשינסקי מיטן אַלטן סאָציאַליסטישן פּי־רער ניעדזשאַלקאָווסקי האָבן געמאַכט יד־אחת. שוין ווייסנדיק, אַז דאָס וועט זיין אַ קאַמף לשמו — לויט דעם העכסטן געבאָט פון פאַרטיידיקן די „לעצטע רעדוטע"...

אין נאָמען פון דעם, וואָס מען האָט געלערנט אין משך פון 150 יאָר אין די שריפטן פון די גרויסע פּוילישע פּאָעטן, נאָכן פאַרלירן די אומ־אָפּהענגיקייט...

ווי עס וואָלטן פאַרשווונדן די 20 יאָר פון דער באַנייטער פּוילישער

מלוכהשקייט און מען וואָלט זיך צוריק אומגעקערט צו יענער גרייטקייט מקריב צו זיין אַלץ פאַרן כבוד פון פאָלק און פאַר זיין רעכט צו אַן אייגענער מדינה.

ראָמאַנטיזם, אידעאַליזם? — פאַראַכטונג די אָפּלאַכער!

אַנדערע אייראָפּעישע פעלקער האָבן דאָס נישט געטון. מיר פוילישע ייִדן האָבן דאָס דעמלט פאַרשטאַנען און מיטגעמאַכט און מיר פאַרשטייען דאָס אויך איצט.

עס האָט זיך געזאָלט אָנהייבן דער ערשטער פון די דריי, פון פאָרויס אויף גרויזאַמע מפּלות פאַרמשפּטע, פאַרמעסטן פון אָט דער שטאָט מיט דעם זעלבן סאַטאַנישן מאַכט־קאָלאָס.

דער צווייטער פון זיי האָט געזאָלט פאָרקומען מיט דריי און אַ האַלב יאָר שפּעטער הינטער די מויערן פון געטאָ.

*

עס זענען פאַרגאַנגען ווייטערע 10 טעג. די שטאָט איז שוין געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און דייטשע פּאַטראָלן האָבן שוין דערגרייכט די פאָרשטעט, די פאָרפעלדער. די וואַסער־פילטערן, די עלעקטרישע אַנשטאַלטן האָבן שוין בלויז טיילווייז פונקציאָנירט. די שטאָטישע גאַז־צענטראַלע איז געוואָרן אָפּגעשטעלט נאָך פריִער צוליב דער סכנה פון אויפרייס. עס האָט שוין אָנגעהויבן אויסצופעלן וואַסער צום לעשן די אומצאָליקע שרפות, אַפילו צום וואַשן ווונדן...

גאַנצע נעכט זענען מענטשן אָפּגעשטאַנען אין קאָלייקעס ביי די נאָך פונקציאָנירנדיקע בעקערייען און אַ סך פון זיי פלעגן צוריקקומען מיט ליידיקע הענט. אויב זיי זענען בכלל צוריקגעקומען...

אויף די גאַסן האָבן זיך געוואַלגערט געהרגעטע מענטשן און פערד. וואַרשע — די „אָפענע שטאָט”...

די באַפעלקערונג — אַ מיליאָנען־שטאָט פון ציווילע מענער, פרויען און קינדער אין איינעם מיט 100.000 סאָלדאַטן איבערגעבליבענע פון דער שוין באַזיגטער, צעקלאַפּטער, טיילווייז אַנטוואָפנטער אַרמיי — האָט מיט אַ טראַגישער אַנטשלאָסנקייט און אויסדויער קאָנטיניִירט די שוין פאַרשפּילטע מלחמה, וואָס די אויבערשטע אָנפירונג פון דער אַרמיי האָט אויסגעגעבן.

אויף אַלע סקווערן און גערטנער פון דער שטאָט האָבן זיך געפונען צייטווייליקע קברים פון געפאַלענע און נאָך גרעסער פון זיי איז געווען

די צאָל מענטשן, דערשטיקטע, דערהרגעטע, אָדער לעבעדיקערהייט באַגראָבענע אונטער די חורבות פֿון די דורך צעשטער־באָמבעס געטראָפֿענע הייזער.

כוואַליע נאָך כוואַליע זענען געקומען פֿון נאָענטן, געוועזענעם, פּויליש פּלי־פּלאַץ די עסקאַדרעס דייטשע „סטוקאַס״, אַראָפּגעוואָרפֿן זייער לאָדונג פֿון בראַנד און צעשטער־באָמבעס און געפֿלויגן ברענגען נייע לאָדונגען. נאָך פֿלעגן אַ מאָל פֿון אַ דאַך אַ קלאַפּ טון קעגן זיי אַ פּאָר פּוילישע לופֿט־אָפּווער־קאַנאָנדלעך, אָבער וועגן אַראָפּגעשאָסענע דייטשע עראָפּלאַנען — ווי אין די ערשטע מלחמה־טעג — האָט מען שוין איצט נישט געהערט. טייל מאָל פֿלעגן זיך בלויז אַ שאָט טון פֿון אויבן ווייסע צעטלען, גערופֿן די באַפֿעלקערונג זיך אָפּצוווענדן פֿון די „פּוילישע און ענגלישע פֿאַרפֿירער״, צו מאַכן אַ סוף...

די באַפֿעלקערונג האָט אָבער ווייטער געליטן און נישט געמאָנט קיין קאַפּיטולאַציע, נישט אַרויס אין קיין דעמאָנסטראַציעס מיט דער פֿאָדערונג אָפּצושטעלן די פֿאַרטיידיקונג, נישט פּראָטעסטירט קעגן אומזיסטיקן קרבן פֿון מאַסן־טויט און שטאָט־צעשטערונג.

די וואָס האָבן געהאַט אויסצופֿירן פֿונקציעס, האָבן טאָג פֿאַר טאָג פֿאַרלאָזט זייערע משפּחות און געוואַנדערט צו דער אַרבעט, אין הסכּם מיט דער לאָזונג צו טון יעדער איינער זיין פֿליכט און זיין אויפֿגאַבע.

אויך ייִדן האָבן אויפֿגעשטעלט אַרבעטס־באַטאַליאָנען. אויך ייִדן האָבן אַרויסגעשטעלט אויף די דעכער שומרים צו פֿאַרשיטן בראַנד־באָמבעס מיט דער הילף פֿון אָנגעגרייטן זאַמד; געראַטעוועט הייזער פֿון פֿאַרברענט ווערן, געפֿאָלגט די הוראות פֿון לופֿט־שוץ און די עצות פֿון סטאַזשינסקין.

דעם 13טן סעפּטעמבער איז אויסגעפֿאַלן ערב ראש השנה און די אָבערקאָמאַנדאָ פֿון דער ווערמאַכט האָט געפֿייערט די דאַטע מיט אַ ספּעציעלן לופֿט־אַטאַק אויף דער ייִדישער געגנט.

האָב איך נאָך דעם זעלבן אָוונט געהערט די שילדערונג פֿון אַן אויגן־עדות וועגן סטאַזשינסקיס באַזוך אויף די נאַלעווקעס און פֿראַנציסקאַנסקע, וועלכע האָבן אַממייסטן געליטן פֿון יענעם „נאַלאָט״. ער איז אַרויס פֿון זיין אויטאָ, קוים געקאָנט מאַכן אַ שריט אין מיטן דעם המון ייִדן, וואָס האָבן אָנגעפֿילט די גאַס נאָך דער באָמבאַרדירונג, בשעת אַ טייל הייזער האָבן נאָך געברענט און אַנדערע זענען נאָך געוועזן אָפּגעצוימט דורך די פֿייערלעשער און עס האָבן נאָך דאָרט געדויערט פֿאַרצווייפֿלטע פּרוּוון

אַרויסצובאַקומען די נאָך לעבעדיקע מענטשן פון אונטער די איינגעפאַלענע מויערן. סטאַזשינסקי האָט גערעדט מיט די געליטענע, געגלעט קעפּלעך פון קינדער, געדריקט די האַנט פון אַ יונגן בחור, וועגן וועלכן מ'האָט אים דערציילט, אַז ער איז די גאַנצע צייט אַרומגעלאָפן איבערן דאַך מיט לאָפּעטעס זאַמד און אָפּגעראַטעוועט צוויי הייזער פון פאַרברענט ווערן; געטרייסט און דערמוטיקט די איינוווינער פון די ייִדישע גאַסן... אפשר האָט ער אין די טעג פון זיין העכסטער טראַגישער דערהייבונג געדענקט ווי אַזוי מען האָט ייִדן באַעוולט און באַליידיקט ערב דער מלחמה אין אָט דעם לאַנד, אין אָט דער שטאָט. אפשר האָט ער געפילט אין אָט די מאָמענטן אַז זיי גייטיקן זיך אין זיין וואַרעם וואָרט נאָך מער פון אַנדערע...

דאַרפן אויך ייִדן געדענקען און דערמאָנען אָט די ליכטיקע און טראַגישע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אין יענע שרעקלעכע און גרויסע טעג איבערגעוואַקסן זיך אַליין.

ער האָט אין זין געהאַט די ייִדישע באַפעלקערונג אויך ערב דעם אַריינמאַרש פון די דייטשן. אין אַ באַזונדערן פּאַראַגראַף פון דעם דורך אים נאָך אונטערגעשריבענעם לעצטן אויפרוף, וואָס איז געוואָרן פונאַנדערגעקלעפּט איבער דער שטאָט דעם 28סטן אָדער 29סטן סעפּטעמבער, נאָכן אונטערשרייבן די קאַפּיטולאַציע.

אין יענעם פּאַראַגראַף איז געווען אַ רייד וועגן דעם, אַז אַלע פאַראָרדענונגען פאַרפליכטן די ייִדישע באַפעלקערונג גלייך מיט אַלע אַנדערע איינוווינער פון וואַרשע און אַז קעגן ייִדן וועלן נישט ווערן אָנגעווענדט קיין ספּעציעלע רעפּרעסיעס.

קיין סך האָט ער שוין נישט געקאָנט העלפן, אָבער געוווּסט און געדענקט האָט ער צו שיקן אויך דער ייִדישער באַפעלקערונג צום לעצטן מאָל אַ וואָרט פון דערמוטיקונג.

דער צוזאָג פון די היטלער־גענעראַלן איז אַזוי פיל ווערט געווען ווי זייערע אַנדערע צוזאָגן. די „רעסטריקציעס” האָבן זיך דווקא יאָ אָנגעהויבן שוין אין ערשטן טאָג פון אַוועקשטעלן אויף די גאַסן קעסלען עסן פאַר די הונגעריקע. און וואָס ווייטער איז געווען, ווייסן אַלע. סטאַזשינסקי האָט שוין אַלנפאַלס אין קיין שום ענין נישט געקאָנט אינטערווענירן. איינער פון די ערשטע איז ער געוואָרן איינגעשלאָסן אויפן פּאַוויאַק אַלס ערובניק און שוין קיין מאָל פון די דייטשע הענט נישט געוואָרן באַפרייט.[1]

*

מיר זענען נאָך אָבער צו יענע טעג נישט דערגאַנגען. מיר דאַרפֿן זיך נאָך אומקערן צו יוסף קאַמען און נאַדיאַ קאַרעני.

דאָס איז פֿאָרגעקומען ערגעץ אין אָנהייב פֿון דער דריטער מלחמה־וואָך. אַ טייל פֿון די, וועלכע זענען אַוועק פֿון וואַרשע, זענען שוין אפשר ערגעץ דערגאַנגען. אפשר זענען זיי פּונקט אין יענעם טאָג געווען עדות פֿון סאָוויעטישן אַריינמאַרש אויף דער פּוילישער טעריטאָריע.

וואַרשע איז נאָך אָבער אַלץ נישט געווען אָקופּירט — נישט דורך די רוסן און נישט דורך די דייטשן. וואַרשע איז נאָך אַלץ געלעגן אונטער דעם טאָפּלטן פֿייער פֿון די לופֿט־באָמבאַרדירונגען און פֿון אַרטילעריי־שער באַשיסונג. אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן, אונטערגעצונדן אין אַלע עקן, האָט די שטאָט געברענט און געבלוטיקט און זיך אַלץ נאָך נישט אונטערגעגעבן.

מענטשן, וואָס זענען אין יענע טעג געגאַנגען איבער דער באָמבאַר־דירטער שטאָט צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט, פֿלעגן כּסדר טרעפֿן אויפֿן וועג גרופּן נאָנעס, אין לאַנגע האַביטן און ווייסע קאָרנעטן אויף די קעפּ, וואָס האָבן געשלעפּט אויף טראָגבעטלעך פֿאַרוווּנדעטע פֿון שפּיטע־לער און הילף־סטאַציעס, וועלכע זענען געוואָרן געטראָפֿן דורך באָמבעס. נישט געווען קיין אַנדערע טראַנספּאָרט־מיטלען, אָדער עס איז נישט מעג־לעך געווען זיך מיט זיי צו באַנוצן. די נאָנעס האָבן געטראָגן די קראַנקע אויף אַנדערע ערטער, אָבער ביז זיי זענען אַהין דערגאַנגען, האָט אין אַ סך פֿאַלן אויך אויף דעם אַנדערן אָרט אַריינגעזעצט אַ באָמבע און טייל מאָל האָט אַ שראַפּנעל געטראָפֿן די עוואַקואַציע־גרופּע און איינגעשפּאָרט דעם ווייטערן וועג די שוועסטער אין איינעם מיט די פֿאַרוווּנדעטע...

האָבן שפּיטעלער און סטאַציעס פֿון דער גיכער הילף אויסגעשפּרייט אויף זייערע דעכער ווייסע פּלאַכטעס מיט גרויסע רויטע קרייצן, וואָס זאָלן זיך גוט אָנזען פֿון דער הייך. זיי האָבן גערעכנט דערויף, אַז אַדאַנק דעם וועלן פֿאַרשוינט ווערן אָט די בנינים. אין גיכן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די פֿאָנען אויף די דעכער פֿאַרהיטן נישט, נאָר ציִען צו באָמבעס...

אין איינעם אַ טאָג האָט אַן עסקאַדרע עראָפּלאַנען אויסגעפֿירט אַן אַטאַק אויף דעם ברייט פֿונאַנדערגעבויטן שטח פֿון „שפּיטאַל דזיעציאָנטקאַ יעזוס".

*

דער ראַדיאָ האָט נאָך אַלץ טיילווייז פונקציאָנירט, און מיר האָבן נאָך פונקט יענעם אָוונט געהערט די ידיעה אין איינעם מיטן פּראָטעסט פון דער שטאָט־קאָמענדע אין שייכות מיטן אַריינמאַרש פון דער סאָוויעטישער אַרמיי אויף די מזרח־געביטן פון פּוילן. האָבן מענטשן פאַרזאַמלטע ביים „קעסטל" אין דער פאַרטער־דירה, לינקס פון די טרעפּ אין דער הינטערשטער אָפיצין פון פשעיאַזד 1 גערעדט וועגן דער נייער סענסאַציע, ווען עס האָט זיך פון דרויסן דערהערט אויף פּויליש די פראַגע: צי איז דאָ פאַראַן פאַן יוזעף קאַמען? און אָט האָט זיך באַוויזן אין דער געעפנטער טיר — ווי אַ פּרימאַדאָנע אין לעצטן אַקט פון אַ גרויסער אָפּערע — אָנגעטון אין אַ לאַנגן בלויען זיידענעם שלאָפראָק און אין זיידענע הויז־שיך אויף די צעבלוטיקטע פיס, מיט די בלאָנדע האָר צעלאָזטע אויף די אַקסלען און מיט אויגן טאָפּלט גרויסע פאַר פּחד און גרויל — נאַדיאַ קאַרעני.

זי האָט זיך דערשלאָגן אַהער אין באַגלייטונג פון אַ „האַרצעזש" — אַ פּוילישן סקויט פון די יוגנט־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געטון דינסט אין דער באַלאַגערטער שטאָט, געראַטעוועט מענטשן פון ברענענדיקע, דורך באָמבעס געטראָפענע הייזער.

מער ווי דעם שלאָפראָק האָט זי נישט באַוויזן אויף זיך צו כאַפּן, ווען דער שכנותדיקער פּאַוויליאָן האָט אָנגעהויבן צו ברענען און אין צימער, ווו זי איז געלעגן, זענען אַרויסגעפאַלן די פענצטער. דער האַרצעזש האָט זי אויפגעהויבן אַ האַלב־פאַרחלשטע אין גאָרטן, און זי האָט ביי אים געפּועלט, ער זאָל זי אָפּפירן אין דער ייִדישער געגנט — אַ מהלך פון עטלעכע קילאָמעטער איבער חורבות און לעכער אויסגעריסענע אין טראָטואַרן, איבער ברעטער אַריבערגעלייגטע איבער פּאָסעס אויסגעגראָבענע אין מיטן שטאָט. דער וועג האָט געדויערט אַ פּאָר שעה.

אַריינגעפירט נאַדיען, איז דער האַרצעזש נעלם געוואָרן, איידער מען האָט אים באַוויזן מכבד צו זיין מיט אַ טרונק וואַסער.

ווי איך האָב שוין נישט איין מאָל דערמאָנט, האָבן די דייטשן ביי נאַכט נישט באָמבאַרדירט און די גרויסע אַרטילערישע באַשיסונג פון דעם צענטער שטאָט האָט זיך נאָך דעמלט נישט אָנגעהויבן. אין פאַרטער, רעכטס פון די טרעפּ, איז געוועזן אַ ליידיק צימער, וואָס האָט געדינט אין די טעג ווי אַ שוץ־קעלער און דאָ, לינקס, האָבן נאָך מענטשן „געוווינט". זיי האָבן אָפּגעטיילט פאַר נאַדיען אַ פּלאַץ אין רעכטן ווינקל פון דער קיך, דורך וועלכער מען איז אַריינגעגאַנגען אין די ווייטערדיקע צימערן.

מען האָט אויסגעבעט פאַר איר אַ געלעגער, און אויך פאַר קאַמענען, דעם אינוואַליד, האָבן זיי פריי געמאַכט אַ צונויפגעלייגטן שטול, אויף וועלכן ער האָט זיך געקאָנט אויסשטרעקן צום שלאָפן.

וועגן אַרויפפאָרן „צו זיך״ אויפן פערטן שטאָק האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זיין. די ווינדע האָט שוין צוריק מיט אַ וואָך אויפגעהערט צו פונקציאָנירן און אויך אויפן פערטן שטאָק איז שוין מער נישט מעג־לעך געווען זיך אויפצוהאַלטן.

*

אַ צען טעג איז אונדז נאָך באַשערט געווען זיך צו וואַלגערן אין די פאַרטער־שטיבלעך און אין קעלער פון דעם אָפיצין־הויז פשעיאַזד 1. איך וויל זיך שוין אויף די טעג מער נישט אָפּשטעלן, הגם איך טו נאָך אַלץ גאַנץ גענוי געדענקען באַשטימטע סיטואַציעס, בילדער, געשפּרעכן — די סאַמע גרויליקע פאַזע פון דער באַלאַגערונג, שוין אָן וואַסער, אָן ליכט, אָן ראַדיאָ.

— קומט אַרויף אויפן דאַך, וועט איר זען ווי וואַרשע ברענט — האָט מיך ווער געוואָלט מיטנעמען אַרויף, אָבער איך בין נישט געגאַנגען. איך האָב אַפילו אויסגעמיטן אַרויסצוגיין צום טויער, זען די פייערן, וואָס האָבן אונדז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן — אַלייען פון ברענענדיקע הייזער.

די שטאָט האָט געגאָסן און אויף אירע גאַסן איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט און נויט־שווייס די פוילישע מדינה.

צווישן מיינע סאַמע ערשטע פאַרצייכענונגען פאַרן רינגעלבלום־אַרכיוו, האָט זיך אָפּגעזוכט אַ באַשרייבונג פון דעם ערשטן אַרויסגיין אויף די גאַסן פון דער שטאָט דעם ערשטן נאָכמיטאָג נאָכן אָפּשטעלן דאָס פייער. איך בין געגאַנגען מיט צוויי שכנטעס מיינע פון פשעיאַזד, רות קאַרלינסקאַ און העלאַ הערמאַן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַפריינדעט בשעת די באָמבאַרדירונגען, זיצנדיק אין פאַרטער־צימער פון זייער טרעפּן־הויז, וואָס האָט געדינט אַלס שוצקעלער און הילפס־פּונקט פאַר די, וואָס האָבן זיך נישט געהאַט וווּ אַהינצוטון, נאָך דעם ווי זיי האָבן גע־מוזט פאַרלאָזן זייערע דירות. אויך זיי האָבן געוווינט אויף די הויכע גאָרנס און מיר פלעגן זיך כסדר טרעפן אין דאָזיקן שוצפּלאַץ, ווו זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער ווירדיקער האַלטונג בעת די אַלאַר־מען. אין דעם פאַרטער־צימער אַנטקעגנאיבער האָבן זיך געפונען קאַמען

מיט נאַדיען. איך האָב אָגב געקענט רותן פון ליטעראַטן־פּאַראיין און העלען, אַ שוועסטערן־טאָכטער פון פּראָפ׳ משה שאָר פון לעמבערג.

אויפן וועג האָט מען געזען הייזער, וואָס האָבן נאָך געברענט און קיינער האָט זיי נישט געלאָשן. מיר זענען דערגאַנגען, דערקלעטערט, דערקראָכן ביז דער פיגור פון דער מאַדאָנע אויף דער קראָקעווער פאָר־שטאָט און קריסטן האָבן דאָס זעט אויס געהאַלטן פאַר אַ נס, וואָס זי איז געבליבן גאַנץ. מיר האָבן געזען פאַר דער מוטער מיטן קינד אַ גרופּע פרויען, וואָס האָבן זיך געצלמט און געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, כּדי נישט צו זען וואָס אַרום טוט זיך.

— ווי אַן ערד־ציטערניש, ווי נישט קיין מענטשלעכע האַנט וואָלט עס געטון — האָבן געשעפּטשעט מענטשן נעבן אונדז...

אויך קאַמען האָט געפּרוווט נעמען זיינע העלצער, זיך אַרויסלאָזן „אין גאַס". ער האָט זיך אָבער תיכף געמוזט אומקערן צוריק. ערשט מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אים געלונגען אַדורכגיין וועלכע הונדערט־צוויי־הונדערט מעטער איבער דער מיט פון לעשנאָ און טלאָמאַצקע־גאַס, שוין טיילווייז אָפּגערייניקטע פון גרוז, לויט דעם דייטשן באַפעל, וואָס איז אויסן געווען צו דערמעגלעכן דעם אַריינמאַרש פון דייטשע מיליטערישע איינהייטן. ער האָט זיך שוין געטראָפן מיט וועמען פון די טעאַטער־מענטשן און צוריקגעקומען אויף פּשעיאַזד אַן אויפגעמונטערטער דערפון, וואָס פאַראַן נאָך „לייט", וואָס טראַכטן אין דער זעלבער ריכטונג ווי ער — ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון קלעם.

אויף די צעגראָבענע, מיט הויפנס גרוז פאַרשיטע גאַסן האָט מען אין יענע טעג געזען שפּאַנען אין מיטן ברוק מענטשן, וואָס זענען געגאַנגען מיט עמערס, קענדלעך, טעפּ, טשייניקעס נאָך וואַסער צו דער ווייסל. אַנ־דערע האָבן געטאַסקעט אויף די פּלייצעס זעק מיט קאָנסערוון אָדער צוקער, פון די צעשלעפּטע, דורך קיינעם שוין נישט געהיטע מיליטערישע מאַגאַזינען. אויך קאָלומנעס סאָלדאַטן האָט מען געזען אין לאַנגע אויפ־געקנעפּלטע מיליטערישע מאַנטלען אָן די לעדער־פּאַסן, אָן די בלעכלעך פון די שאַרזשעס. זיי האָבן מאַרשירט אין דער ריכטונג צום קראַשינסקי־פּלאַץ, צום „לייגן דאָס געווער" אין הסכם מיטן פייער־איבעררייס.

מערקווירדיק, פול מיט אויסדרוק, זענען געווען די פּנימער פון אַ טייל זעלנער.

אויפן וועג צו דער ווייסל נאָך אַ באַנקעלע וואַסער, שטייענדיק שוין אין דער ריי צום שעפּן, האָב איך געזען פון ווייטן, ווי אַ פּאָר סאָלדאַטן

האָבן אין פאַרבייגיין לענג־אויס דעם ברעג אַראָפּגעריסן פון זיך די מאַנט־לען, זיי צונויפגעקנוילט און מיט גרויס ראָזמאַך זיי געשליידערט אין טייך. ווען איך האָב דאָס נאָכן צוריקקומען אויף פּשעיאַזד דערציילט, האָט דאָס אויף קאָמענען געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. אים האָט פאַסצינירט דער געדאַנק וועגן דער באַגעגעניש צווישן די זיגער און באַזיגטע. און אָט האָט ער פּלוצים דעם זעלביקן אָוונט אָפּגעשפּילט פאַר אונדז — אַ פאָר מענטשן שוין אַרויפגעקומענע צוריק אין די צעקלאַפּטע דירות — נאָך איינעם פון זיינע „פילמען". אפשר האָט אים ווער דערציילט וועגן די פערטראַקטאַציעס, וואָס פירן זיך ערגעץ אין אַ גאַנץ געבליבענעם פּאַלאַץ צווישן פוילישע און דייטשע גענעראַלן. אפשר האָט ער אַמאָל געזען ראָדענס סקולפּטור „די בירגער פון קאַלע" — בירגער פון אַ גע־פאַלענער שטאָט, וואָס שפּאַנען אויף זייער גאַלגאָטע־וועג צום געצעלט פון דעם זיגערישן אַרמיי־פירער, אים איבערצוגעבן דעם שליסל פון דער שטאָט...

האָט אים די אימאַגינאַציע אַ טראָג געטון איבער די חורבות פון וואַרשע, אַהין ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער לעצטער אַקט פון דער גראַנדיעזער טראַגעדיע.

ער שפּילט די פּאָלאַקן. אַרויפגעצויגן אַ וואָלקן טרויער אויף זיין פּנים — דערנענטערט צואַנאַנד, טראַגיש, ברוגז אויפגעשטעלט די ברעג־מען. זיי שווייגן הערויִש, שטאָלץ, אויף אַלץ אַנטשלאָסענע קרבנות; מיט דער לאַסט פון דער מפּלה אויף די אַקסלען.

און אָט פאַרוואַנדלט ער זיך אין אַ זיגערישן גענעראַל. אויך דער איז ברוגז און גלייכצייטיק פאַרריסן, אָנגעבלאָזן פאַר גאווה און פאַראַכטונג, פאַר געזעטיקטן נקמה־געפיל. ער דרייט זיך אויס מיט דער פּלייצע צו די אימאַגינירטע פוילישע אָפיצירן, וואָס שטייען פאַר אים; באַוויליקט נישט צו זען זייערע פּנימער. אַ קורצער וואָלפישער ביל, אַ וואָרף מיטן קאָפּ אויף הינטערווייַלעכץ. איבערן אַקסל רעדט ער צו זיי, וויל כלל נישט הערן וואָס זיי רעדן. ער דיקטירט די באַדינגונגען...

איך בין כלל נישט זיכער, אַז אַזוי האָט געקאָנט אויסזען די באַגע־געניש צווישן פוילישע און דייטשע גענעראַלן און אַז די דייטשע יונ־קערס, וועלכע האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין היטלערס וואָגן האָבן ביי יענער געלעגנהייט נישט אָפּגעהיט די כּללים פון דער מיליטערישער עטי־קעטע, וואָס איז אָנגענומען ביי אַזעלכע מיני באַגעגענישן.

קאָמען האָט אָבער געזען די סצענע מיט אַלע חושים פון זיין קינסט־

לערישן דמיון — עלעמענטאַר אין איר אינערלעכן אמת. יוסף קאַמען — דער דראַמאַטורג און די דראַמאַטישע פערזאָן, דער שפּילער און דער טעאַטער אין איין אידענטיטעט.

*

און נאָך אַ מאָל יענע אייביקע פאַרפלעכטונג פון פּערזענלעכן גורל מיטן היסטאָרישן שטראָם פון די געשעענישן.

עס איז שוין בערך אַ חודש נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן. מענטשן לאָזן זיך שוין ווידער אין וועג אַריין — אַוועק פון וואַרשע.

אויך קאַמען מיט נאַדיען...

זע איך זיי נאָך אַ מאָל ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן. ער שטייט אַ גלאַט ראַזירטער מיט אַ „נאַרציאַרקע" אויפן קאָפּ לויט דער נייסטער יידישע מאָדע אין וואַרשע.[2] נאַדיע אין איר סיל־פּוטער, רייזע־פּער־טיק, שיין פריזירט, פּערפומירט, אַרומגעבונדן דעם בלאָנדן קאָפּ מיט אַ שוואַרצן שפּיצן־שאַל, אפשר פון עפּעס אַ ראָלע אין טעאַטער.

אַ פּראָסטיקער פרימאָרגן. עס וואַרט אויף זיי אַ פערד און וואָגן, געדונגען מיט נאָך וועמען בשותּפות. דער ציל איז ביאַליסטאָק און פון דאָרטן רעכענען זיי זיך צו דערשלאָגן קיין ווילנע מיט דער באַן. זיי צעקושן זיך מיט מיר, זיי לאָזן מיר אַן אָנדענק פון זייער באַלעבאַטיש־קייט — אַ ראָנדעל צום „וועלן" מילך. מען צעשיידט זיך ווי אין אַ היס־טאָרישן ראָמאַן.

קאַמענען האָב איך דעמלט געזען צום לעצטן מאָל.

*

נאָך אין דער צייט פון דער מלחמה זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע ידיעות וועגן זיי. נאָכן אָנפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטנפאַרבאַנד אין 1941 האָט מען דערציילט, אַז ער איז געוואָרן געהרגעט אין ווילנע אַלס איינער פון די ערשטע.

די אמתע ידיעות וועגן קאַמענען האָב איך געהערט ערשט נאָך נאַ־דיעס צוריקקומען קיין פּוילן אין יאָר 1946. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז בעת דעם אויסברוך פון דעם רוסיש־דייטשן קריג האָבן זיי זיך גע־פונען אין סאָוויעטיש ווייסרוסלאַנד אויף אַ טורנע. זיי זענען ביז דעמלט אויפגעטראָטן מיט זייערע פּראָגראַמען פון רעציטאַציע און געזאַנג ווי פאַר דער מלחמה אין פּוילן. פון דאָרט האָבן זיי זיך עוואַקויִרט אין טיף

רוסלאַנד, אָנגעשפּאַרט אין מיטל־אַזיע, אין אוזבעקיסטאַן. און דאָ איז געקומען דער סוף. די שרעקלעכע קראַנקייט, וועלכע האָט געטאָטשעט קאַמענס ביינער, האָט זיך דאָ ווידער באַנייט און מען האָט אים געמוזט אַראָפּנעמען אויך דעם צווייטן פוס. דאָס איז געשען אין אַ שפּיטאָל אין קאַראַגאַנדאַ, און לויט די אינפאָרמאַציעס, וואָס עס האָט אויפגעקליבן וועגן קאַמענס גורל זיין טאַלענטפולע טאָכטער ליאה קעניג — ביים הייני־טיקן טאָג איינע פון די בעסטע שוישפּילערינס אין ישראל — איז ער דאָרט געשטאָרבן שוין אין חודש יאַנואַר 1942. נאָך אויפן טויטן־בעט — אַזוי האָט דערציילט נאַדיאַ קאַרעני — האָט דער גרויסער קינסטלער פאַרווײַלט מיט זיינע אימפּראָוויזאַציעס און אימיטאַציעס די קראַנקע מיט די פאַרוואונדעטע, די דאָקטוירים מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל פון דעם שפּיטאָל.

ער האָט אויפגעהיט זיין פּערזאָנאַליטעט ביזן לעצטן מאָמענט.

## 5. די זונטיקדיקע „פּייף־אַ־קלאַקן" פון פרוי צעציליאַ סלאַפּאַק

דאַכט זיך, אַז צעציליאַ סלאַפּאַק איז געווען די ערשטע, וועמען עס איז איינגעפאַלן, אַז מען מוז עפּעס טון, כּדי צו פאַרטרייבן דעם יאוש.

דאָס האָט געקאָנט זיין בערך סוף נאָוועמבער, אָדער אָנהייב דעצעמבער 1939, אין איינעם פון די סאַמע קורצע, סאַמע פינצטערע טעג. די שטאָט האָט זיך נאָך קוים אָנגעהויבן אַרויסצוזען פון צווישן די אָנגעשיטע הויפנס צעדריוולטע שטיינער און ציגל פון די דורך באָמבעס אָדער האַרמאַטן צעטראַסקעטע הייזער. די ראָוועס קעגן טאַנקן זענען שוין געווען פאַרשיט, די באַריקאַדן צענומען, אָבער די אויפגעשיטע קברים־בערגלעך פון געלן ליים מיט פּירקאַנטיקע זעלנערישע היטלען אויפגעשטעקטע צוקאָפּנס אויף די פון צוויי שטעקעלעך צונויפגעקלאַפּטע פּראָוויזאָרישע צלמים — זענען נאָך נישט פון אומעטום געוואָרן אָפּגערוימט. אויף אַלע סקווערן, אויף יעדן פּלאַצטעלע ווייכע ערד זענען געבליבן קברים, אָדער לעכער פון עקסהומירטע טויטע. אויך פון ציווילע, אויך פון יידישע קרבנות פון וואַרשעווער סעפּטעמבער. די וועלכע זענען געבליבן ליגן אונטער די חורבות פון איינגעפאַלענע הייזער האָבן אָנגעפילט די לופט מיט אַ מתים־אַוויר, וואָס האָט זיך אויסגעמישט מיטן שׂרפה־ריח פון די אָפּגעברענטע הייזער און געבליבן הענגען איבער וואַרשע אין משך פון אַלע אָקופּאַציע־יאָרן; געוואָרן ביי אַ נייס פאַרשטאַרקט דורך די נייע כוואַליעס רויך און מאַסן־טויט, וואָס האָבן זיך געזאָלט אויסשפּרייטן איבער די גאַסן און קוואַרטאַלן פון דער אַלץ אויף ס'ניי געברענטער און געמאָרדעטער שטאָט בשעת אירע קומענדיקע, פון פאָרויס פאַרשפּילטע קאַמפן...

אַ מערכה, וואָס די לעבנס־טעכניק איז געווען אַזוי שווער. דער הונגער, די ביטערע קעלט, די סכּנה געכאַפּט צו ווערן אויף אַרבעט דורך די גראַסירנדיקע נייע מושלים — האָבן געצוווּנגען יעדן איינעם צו מעשׂים, צו וואַכזאַמקייט, צו אַ טאָג־טעגלעכן געראַנגל; נישט געלאָזט די מענטשן איינזינקען אין קיין אַפּאַטיע, אין דעפּרעסיע־שטימונגען.

אין די ערשטע וואָכן איז דערלויבט געווען צו גיין אין גאַס בלויז ביז 6. שפּעטער זענען די פּאָליציי־שעהען פאַרקירצט געוואָרן, זיך אָנגעהויבן

ערשט 7 אָדער 8 אַזייגער אָוונט. איז אָט די אָפּגעוווּנענע צייט אַריין אין רשות פון צעציליאַ סלאַפּאַק.

*

די משפחה האָט געוווינט אין פּאַרטער אויף עלעקטאָראַלנע 1 און אַ טייל פענצטער פון דער דירה זענען אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף — אַ זאַך, וואָס איז געווען פאַר יענער צייט אַ גרויסע מעלה.

דער מאַן איז געווען אַן אינזשעניר. דאַכט זיך שוין פאַר דער מלחמה געהאַט אַ שייכות צו פילם־פּראָדוקציע. די פירמע פאַר די ליטעראַריש־קינסטלערישע פאַרבינדונגען איז אָבער געווען די פרוי צעציליאַ. זי איז געווען אויסגעקאָכט אין די קרייזן פון דער נאָך רוסיש, אָבער אויך ייִדיש רעדנדיקער אינטעלעקטועלער עליטע פון ווילנע און ריגע און דערביי אויך פעסט איינגעבירגערט אין דער סביבה פון דער פויליש רעדנדיקער ייִדישער אינטעליגענץ פון וואַרשע. איר עיקר־ייִחוס איז געווען דאָס איבערזעצן דובנאָווס געשיכטע פון ייִדישן פאָלק אויף פויליש. די פרוי צעציליאַ איז אויך געווען באַפריינדעט מיט דער ניגער־טשאַרני־דינאַסטיע, געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט מאַרק און בעלאַ שאַגאַל און אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיטן פּראָפעסאָרן־סגל פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט.

איך האָב זיך באַקענט מיט איר אין ליטעראַטן־פאַראיין און מיר איז אַפילו אויסגעקומען אין שייכות מיט עפּעס אַן ענין צו זיין ביי איר אין שטוב נאָך פאַר דער מלחמה. איך האָב זיך באַקענט מיט איר מאַן און איינציק טעכטערל — אַ פּולבאַקיק, נישט צו הויך געוואַקסן, סימפּאַטיש מיידעלע אין אַ שילער־פאַרטעכל, מיט אַ ברייט צעפּל פאַרענדיקט מיט אַ שוואַרצער קאָקאַרדע אויפן פּלייצעלע. אויך די מאַמע איז געווען נישט קיין הויכע, געטראָגן דעם מיידלשן צאָפּ, אַלטמאָדיש אויפגעשטעקט אויפן נאַקן.

אַזעלכע זענען זיי פאַרבליבן אין מיין זכרון — די מאַמע מיט דער טאָכטער — געמאַכט פון איין שטאָף, מיט אַ נישט איבעריק שלאַנקער ליניע פון האַלדז; מיט איין קאָליר פון די אויגן, איין שמייכל...

און אויך מיט איין שותפותדיקער באַשטימונג שוין אין דער ערשטער פאַזע, ביידע אין איינעם אַוועקצושווימען מיטן שטראָם קיין טרעבלינקע..

*

איינמאָל האָב איך געטראָפן די פרוי סלאַפּאַק אין קאָרידאָר פון דעם דעמלט נאָך אַזוי גערופענעם „זשיטאס”, ווען די אינסטיטוציע האָט זיך

שוין געהאַט אַריינגעקליבן אין בנין פון דעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע 5. זי האָט מיך אַוועקגעפירט אין דער פראַמוגע פון אַ פענצטער און מיך דיסקרעט פאַרבעטן אַריינצוקומען צו איר אין איינעם פון די נאָענטסטע זונטיק־טעג אַרום 5 פאַר נאַכט „אויף אַ קאַווע”.

— עס וועלן זיין נאָך אַ פּאָר מענטשן — האָט זי צוגעגעבן.

פאַראינטריגירט דורכן איינפאַל צו פאַרבעטן אין דער געשאַפענער לאַגע געסט אויף אַ „פייף אָ קלאָק”, האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג און באַלד דעם נאָענטסטן זונטיק אין איינעם מיט מרים אָרלעסקאַ זיך צוגעשטעלט אויף עלעקטאָראַלנע 1.

אין גרויסן צימער מיט אַ נאָך גליקלעך נישט צוגערויבטן קלאַוויר, אין ווייכע פאָטעלן אַרום נידעריקע טישלעך, האָבן מיר געטראָפן אַ גאַנצע גרופּע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע געסט: דעם דאָצענט עדמונד שטיין און דאָס פּאָרפאָלק פּאָלמאַן פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט, די צוויי ברידער קירשברוין — איינער אַ יוריסט, דער צווייטער אַ דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע, און נאָך אַ פּאָר מענטשן. די ברידער קירשברוין זענען ביידע געווען באַקאַנט אַלס נישט פּראָפעסיאָנעלע, אָבער זייער גענייטע מוזיקער, איינער אַ פּיאַניסט, דער צווייטער אַ פידלער. אַדאַנק זיי זענען די סעאַנסן ביי די סלאַפּאַקס געווען פאַרבונדן מיט דער געלעגנהייט צו הערן אַ ביסל ערנסטע מוזיק אין אַן ערשטקלאַסיקער אויספירונג.

איינער פון די ברידער, דער אַדוואָקאַט, האָט פאַרלוירן די פרוי בשעת די באָמבאַרדירונגען. ער פלעגט זיך נישט באַטייליקן אין די געשפּרעכן און די אַנווענזנדע האָבן זיך צו אים באַצויגן ווי צו אַן אָבל.

איך וויל באַטאָנען, אַז אין יענער ערשטער צייט איז דאָס בלויזע אויפקלייבן זיך פון 10—15 מענטשן אין אַ פּריוואַטער שטוב געווען אַן און פאַר זיך אַ געפערלעכע, דאַכט זיך בפירוש פאַרבאָטענע זאַך. עס וואָלט גענוג געווען, אַז עפּעס אַ דייטשער פּאַטראָל זאָל צופעליק דערהערן אין פאַרבייגיין קלאַנגען פון מוזיק, אַריינקומען זען וואָס דאָ קומט פאָר, וואָלט זיך אָט די אימפּרעזע געקאָנט פאַרענדיקן זייער שלעכט. דאָך האָבן די סלאַפּאַקס און זייערע געסט נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער סכּנה, אָדער זיך נישט אָפּגעגעבן פון איר די פולע רעכנשאַפט. אין דער פּערספּעקטיוו פון יענער צייט דאַרף דאָס באַטראַכט ווערן שיער נישט פאַר אַן אַקט פון ציווילן ווידערשטאַנד; פאַר איינעם פון די ערשטע פּרוּוון זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דער דייטשער טענדענץ אַריינצושטויסן די דערדריקטע באַפעלקערונג — און ספּעציעל די קולטור־קרייזן פון דער יידישער (און

אויך פוילישער) געזעלשאַפט — אין אַ מצב פון בהמהשן פחד און פאַר־טעמפּטקייט.

מסתמא האָבן די סלאָפּאַקס פּאַרמאָגט אַ זאַפּאַס פון מעל און צוקער, פון וועלכע מען האָט געקאָנט אויסבאַקן יעדע וואָך אַ גרויסן קוכן אַלס צובייס צום זונטיקדיקן „פייף אָ קלאָק״ קאַפּע. נישט געקוקט אויף דעם פּערמאַנענטן הונגער, וואָס האָט אונדז שוין אָנגעהויבן צו נאָגן, אין דער ערשטער תקופה אפשר נאָך מער ווי אין דער שפּעטערדיקער צייט, איז אָבער, פאַרשטייט זיך, די הויפּט־אַטראַקציע פון אָט דעם אָקופּאַציע־סאַלאָן געווען דער פריינדלעכער שמייכל און די וואַרעמע אַטמאָספערע, וואָס די באַלעבאַטים האָבן באַוויזן אויפצוהאַלטן בעת די מסיבות. מען האָט זיך געקאָנט אָפּשאָקלען אויף אַ ווײַלע פון דעם קאָשמאַר, זיך אַדורכשמועסן מיט אינטערעסאַנטע מענטשן, זיך דערהייבן אויף אַ רגע איבער דער אומהיימלעכקייט פון דער סיטואַציע, אין וועלכער מען איז געוואָרן אַריינגעשפּאַרט.

די נייסטע פּלאָטקעס, די לעצטע ידיעות פון ענגלישן ראַדיאָ, פּאָלי־טישע פּראָגנאָזן און פּירושים, אויך אַקטועלע וויצן.

אין די געשפּרעכן איז כּסדר אויפגעקומען די טעמע פון די וועגן — די וועגן זיך אַרויסצובאַקומען פון דעם קלעם; ידיעות וועגן די וועלכע זענען „אַוועק אַלס מענער״ צום סוף פון דער ערשטער וואָך סעפּטעמבער, און אויך וועגן די, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבערן בוג „אַלס ייִדן״ שוין נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן.[3] די דאָזיקע באַוועגונג האָט אָנ־געהאַלטן כּמעט אַ גאַנצן ווינטער. אויף די אַנטלויף־טראַסעס זענען גע־פאַלן קרבנות פון די ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע קרייזן — דער־הרגעטע פון באַמבעס, דערשאָסענע דורך די דייטשן.[4] געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אומגעקערט, נישט באַוויזנדיק זיך אַריבערצובאַקומען דורך דער דייטש־סאָוויעטישער דעמאַרקאַציע־ליניע און געווען אויך אַזעלכע, וועל־כע זענען שוין געווען אויף יענער זייט און זיך אַריבערגעפּעקלט צוריק, כּדי אַרויסצובאַקומען מיט זיך עמעצן אַ נאָענטן און דערנאָך צו זוכן וועגן צו ציִען ווייטער — אַוועק פון אייראָפּע...

אַ שטיקל סענסאַציע האָט אַרויסגערופן דאָס צוריקקומען פון צוויי אַרעסטירטע, וועגן וועמענס גורל מען איז שטאַרק געווען באַזאָרגט — איציק גיטערמאַן און משה אינדעלמאַן. די פרוי סלאָפּאַק איז מיט די אינ־דעלמאַנס געווען זייער באַפריינדעט, זי האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער פרוי אינדעלמאַן אין די סאַמע שווערסטע ערשטע טעג פון זיין אַרעסט און

אַרויספירן פון וואַרשע. שפּעטער איז זי געווען פון די געציילטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך מיט אים געזען און גערעדט נאָך זיין צוריקקער; דיס־קרעט דערציילט די זונטיקדיקע געסט די מעשׂה נורא, וואָס זי האָט פון אים געהערט וועגן אַ גוטן דייטש, מיטן נאָמען פּריץ, וועלכער האָט אים אין תּפיסה אַרויסגעוויזן מיטגעפיל און הילף. אינדעלמאַן איז צוריקגעקומען קראַנק, ניט אַרויסגעגאַנגען אין גאַס און אויך געהיט זיך אויפנעמען מענטשן ביי זיך. אַ ווייטערע סענסאַציע איז געווען זיין אַרויספאָרן פון וואַרשע אין איינעם מיט זיין משפּחה, שיער ניט ווי אין נאָרמאַלע צייטן — אויפן סמך פון אַ סערטיפיקאַט, קיין ארץ־ישׂראל, אַלס פּאַסאַזשיר פון דער רייזע־געזעלשאַפט „ללאָיד־טריעסטינאָ".

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די איטאַליענישע רייזע־געזעלשאַפט האָט באַנייט אירע געשעפטן אין וואַרשע, געפירט אַ ביוראָ אויף מאַרשאַל־קאָווסקאַ און נאָר ייִדן מיט „פּאַפּירן" האָבן געקאָנט געניסן פון אירע סער־וויסן אַדאַנק דער שותּפות צווישן היטלער און מוסאָליני.

די מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פון דעם אָקופּירטן פּוילן מיט אַן אמתן רייזע־פּאַספּאָרט, מיט באַן און שיפס־בילעטן אַלס אַ פּאַסאַזשיר פון אַ וועלט־באַקאַנטער רייזע־אַגענטור, איז געווען צוגענגלעך בלויז פּאָר גאָר געציילטע מענטשן. צווישן די געסט אויף עלעקטאָראַלנע האָבן זיך אָבער געפונען אַזעלכע און אַ שטיקל צייט האָט אָט די פראַגע געהאַלטן אין שפּאַן די גאַנצע געזעלשאַפט. גלייכצייטיק איז אָבער דערגאַנגען אַן עכאָ פון דער לאָזונג, וואָס איז לאַנסירט געוואָרן דורך דער אָנפירונג סיי פון יודענראַט און סיי פון דער מער ראַדיקאַלער און פאָלקס־נאָענטער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף, אַז „ניט אַלע קאָנען און מעגן אַנטלויפן". עס איז אונטערגעקומען די ביטערע מעשׂה מיטן אַרעסט און אויסשיסונג פון אַ גרופּע פון דער ייִדישער באַרופס־אינטעליגענץ, בעיקר אַדוואָקאַטן, צווישן זיי דער דירעקטאָר פון „צענטאָס" בראַוורמאַן.

די טיי־פאַרנאַכטן ביי פרוי צעציליאַ האָבן זיך אויף אַ פּאָר וואָכן געטון אַ וואַקל, אָבער אין אַ צייט אַרום זענען זיי ווידער געוואָרן באַנייט און פרעקווענטירט דורך דעם רוב פריערדיקע און אויך אַ פּאָר נייע באַ־זוכער.

*

איך מיט מרים אָרלעסקאַ האָבן ניט געהערט צו די גאַנץ אָפטע באַזוכער אויף עלעקטאָראַלנע 1. איינער פון מיינע באַזוכן, אָדער בעסער געזאָגט, אַהיימגענג פון דאָרטן, איז מיר פאַרבליבן אין זכּרון.

דאָס האָט שוין געמוזט זיין אין פעברואַר אָדער מערץ; שוין נאָכן באַזעצן פון נאָרוועגיע. אין סאַלאָן פון פרוי צעציליאַ האָט מען זיך אָבער דערמיט צו פיל נישט איבערגענומען. מען האָט זיך אין יענע שוין כּמעט ליכטיקע סוף־ווינטער־פאַרנאַכטן אָפּגעגעבן מיט די פאַרשידענע האָראָס־קאָפּן פון דעם נאָענטן פרילינג; מיט די אויסזיכטן פון דער „גרויסער, אַלגעמיינער אָפענסיווע פון די מערב־אייראָפּעישע מלוכות קעגן היטלער־דייטשלאַנד"...

אין אָט דעם פעריאָד איז מיר איינמאָל אויסגעקומען צו גיין אַהיים פון די סלאַפּאַקס אין דער געזעלשאַפט פון דעם העברעיִשן קולטור־עסקן און פּובליציסט הירש־צבי ראַקאָווסקי. מיר זענען געגאַנגען אין איין ריכטונג און די פרוי צעציליאַ האָט אונדז צונויפגעפּאָרט, כּדי ער זאָל מיך „באַגלייטן אַהיים".

עס איז געווען קורץ פאַר דער פּאָליציי־שעה און די חרובע גאַס, וואָס האָט געפירט פון פּלאַץ באַנקאָווי צו כלאָדנע איז געווען כּמעט ליידיק. פון ביידע זייטן עלעקטאָראַלנע האָבן געשטאַרצט די געשפּענסטער פון די צעטראַסקעטע הייזער. קיין לאַמטערנס האָבן נישט געברענט און אין בלייכן לבנה־שיין האָבן די טויטע הייזער אויסגעזען ווי אירעאַליס־טישע טעאַטער־דעקאָראַציעס. אויך די לבנה גופא, וואָס האָט דאָ און דאָרט אַרויסגעקוקט דורך די לעכער פון צעפּאַלענע ווענט, האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טעאַטער־רעקוויזיט.

דער ווינטער איז שוין געגאַנגען צו נעילה, ביי טאָג האָבן די קופּעס שניי און גרודעס אייז, וואָס האָבן באַדעקט די גאַס, אָנגעהויבן לאָזן. פאַר נאַכט איז אָבער די נישט אָפּגערייניקטע, שוין ווייכע, אייז־קרוסטע צוריק געוואָרן איינגעפרוירן און מען האָט גוט געמוזט אַכטונג געבן, כּדי זיך נישט אויסצוגליטשן. אַלס גוט דערצויגענער דזשענטלמען וואָלט מיר ראַקאָווסקי אין אַזאַ סיטואַציע געוואָלט געדאַרפט „דערלאַנגען דעם אָרעם" און זען מיך אַריבערפירן בשלום איבער דער געפערלעכער טראַסע. אַזאַ זאַך איז אים אָבער, זעט אויס, אין גאַנצן נישט איינגעפאַלן. אַ הויכער, עט־וואָס איינגעהויקערטער, מיט אַ פּאָר ברילן אויף דער דינער און לאַנגער נאָז, האָט ער זיך איינער אַליין געלאָזט שפּאַנען איבער דער מיט גאַס און ער האָט זיך כּלל נישט געקימערט וועגן דעם, אַז איך זאָל נישט ברעכן די הענט מיט די פיס אין זיין באַגלייטונג.

זיין אויפפירונג איז מיר פאָרגעקומען אויסערגעוויינלעך קאָמיש. איך בין יאַקאָש אדורכגעגאַנגען דעם וועג אין מיינע באָטן אָן אַ מיכשול, אָבער

אָנקומענדיק צום ראָג סאָלנע, ווו אונדזערע וועגן זענען זיך צעגאַנגען, האָב איך נישט אויסגעהאַלטן און האָב אים געפרעגט אין שפּאַס, צי אַזוי פירט ער זיך תּמיד באַגלייטנדיק אַ דאַמע.

ער האָט מיינע ווערטער גענומען טויט־ערנסט, זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַרענטפערן און ער האָט מיר דערציילט אָט וואָס:

ביים אַרויסגיין מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פון די סלאַפּאַקס האָט ווער פון די פריִער פון אים אַוועקגייענדיקע געסט אָנגעטאָן על־פּי טעות זיינע — ראַקאָווסקיס — קאַלאָשן און נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט ער געמוזט אַריינטרעטן אין די קאַלאָשן, וואָס יענער האָט איבערגעלאָזט, נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זענען אויף אים געווען אַ ביסל צו קליין. זינט דעמלט לאָזט ער נישט אויס קיין איין זונטיק ביי די סלאַפּאַקס אין דער האָפענונג, אַז ער וועט זיך סוף כּל סוף באַגעגענען מיטן ערשטן פאַר־דרייער פון די קאַלאָשענע יוצרות און זיך קאָנען מיט אים צוריקבייטן.

— צי ווייסט איר ווער דאָס איז? — האָב איך אים געפרעגט.

— פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסן? — האָט ער מיר געענטפערט. — איך באַמי זיך צו קומען ווען אַנדערע געפינען זיך שוין אינעווייניק, איך פּרוּוו אָנמעסטן די קאַלאָשן, וואָס שטייען אין פאָרצימער, אָבער מיין פּאָר האָב איך ביז איצט נישט געטראָפן. איך האָב שוין אַפילו די ערשטע פאַרביטענע קאַלאָשן אויך נישט מער. איך גיי שוין אפשר די פינפטע פּאָר פרעמדע קאַלאָשן. די סאַמע לעצטע פּאָר איז אויף מיר צו גרויס.

אויף סאָלנע איז געווען אַ ביסל ליכטיקער. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אויף ראַקאָווסקיס פיס: לאַנגע און שמאָלע זענען זיי געשווומען ווי אין שיפלעך צוויי אין די צו ברייטע און אויך פאַר אים צו לאַנגע קאַלאָשן. די לאַנגע דינע נאָז איז געווען געצילט, ווי דער שנאָבל פון אַ טשאַפּלע אויף זיינע פיס, ווי ער וואָלט דאָרט געהיט זיין מויל־רויב, ער זאָל אים נישט אַנטרינען.

איך האָב שוין דעמלט געוווינט ביי דער משפּחה פעלדשו. געקומען אַ רגע פאַרן טויער־שליסן אויף לעשנאָ 66, האָב איך באַלד דערציילט די מעשׂה מיט דער פינפטער פּאָר קאַלאָשן פון צבֿי ראַקאָווסקי.

מיינע קוזינס האָבן ראַקאָווסקין געקענט און זיי האָבן זיך האַרציק צעלאַכט הערנדיק מיין שילדערונג.

די געשיכטע האָט באַקומען פליגל. מען האָט זי קאָלפּאָרטירט אין וואַריאַנטן. פון פינף פּאָר קאַלאָשן זענען געוואָרן צען. מענטשן האָבן נאָך דעמלט פאַרמאָגט אין זיך אַ ביסל געלעכטער. אַ חשק צו שפּאַסן און קאָמ־

פענסירן דעם גרויסן געמיטס־דעפיציט מיט אַבי וואָס. מיר האָבן נאָך געוואָלט גלייבן אין אַ העפּי ענד. געוואָן איבערצייגט, אַז מיר וועלן נאָך אַ מאָל דערציילן מיט הומאָר די פאַרשידענע פּאָרפאַלן און אַנעקדאָטן פון דער אָקופּאַציע־צייט. אַז עס וועט זיך אונדז גלוסטן צו לאַכן אַפילו פון אונדזערע צרות. אויך אויף אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס זענען פאַראַן שאַבלאָנען. אויך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן מענטשן געשריבן זכרונות. אַפילו אין אונדזערע סאַמע שוואַרצע און פעסימיסטישע פּאָרויס־זעונגען האָבן מיר נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלן דאָס, וואָס עס האָט מיט אונדז געזאָלט טרעפן מיט צוויי יאָר שפּעטער.

באַטראַכטנדיק די זאַכן פון דער פּערספּעקטיוו פון יאָרן קאָן מען זאָגן, אַז די אָנזאָגן זענען געווען קלאָר און בולט. מען וואָלט אייגנטלעך געווען געקאָנט פאָרויסזען און פאַרשטיין דעם אמת. מען האָט זיך אָבער געהיט פאַר דעם אמת. מען האָט אים נישט געוואָלט זען.

*

שוין פרילינג 1940 האָבן זיך די סלאָפּאַקס געמוזט אַרויסציִען פון עלעקטאָראַלנע 1 און די „זשור־פּיקסן" זענען געוואָרן אָפּגעשטעלט. איך פלעג די פרוי צעציליאַ טרעפן אין דער צענטראַלע פון דער סאָציאַלער אַליינ־הילף. ביים סוף פון יאָר 1941 האָט זי מיך באַזוכט אין קיך אויף לעשנאָ 40 און אויך אין מיין פּריוואַטער דירה ביי די פעלדשוס. זי האָט מיך אויס־געפרעגט אויף פאַרשידענע פּרטים פון מיין אַרבעט אין דער פאָלקס־קיך, וועגן מיינע מיינונגען בנוגע דעם אַלגעמיינעם מצב. איך האָב זיך משער געווען, אַז זי קלייבט מאַטעריאַלן צו אַן אַרבעט פאַרן קאָנקורס „צוויי יאָר געטאָ" וואָס דער ד"ר עמנואל רינגעלבלום האָט אָרגאַניזירט.

וואָס איז געשען מיט צבי ראַקאָווסקי, מיט די ברידער קירשברוין? וואָס איז געווען דער גורל פון די אַנדערע שטאָם־געסט פון צעציליאַ סלאָ־פּאַקס זונטיק־פאַרנאַכטיקע מסיבות?

איך האָב זיך וועגן זייער גורל דערוווּסט טיילווייז ערשט נאָך דער מלחמה.

אַחוץ דער פרוי צעציליאַס מאַן אינזשעניר סלאָפּאַק־יושינסקי האָב איך נאָך דער מלחמה מער קיינעם פון זיי נישט געזען.

# 6. פּאָלקס־קיך לעשנאָ 40

מיר זענען דעמלט אַרומגעגאַנגען — די קעפּ פול מיט אַש און סאַזשע פון די שׂרפות, וואָס האָבן ערשט נישט לאַנג אויפגעהערט שלינגען די שטאָט. די קנאַפּל פון אונדזערע שיך זענען געווען געשפּאָלטן פון בראַ־דזשען אין דעם שטיינער־ און ציגל־אָפּשיט פון די חרוב געוואָרענע הייזער און אונדזערע נאָזלעכער זענען געווען פול מיט רויך און נבלה־געדוך וואָס האָט אָנגעפילט דעם חלל. אין די אויערן האָט נאָך געהילכט דער רויש פון די עראָפּלאַנען און דאָס קראַכן פון די באָמבעס.

ווי נאָך אַן ערד־ציטערניש האָט אויסגעזען די שטאָט. די מלוכה איז שוין געווען טויט, אָבער דער מת איז נאָך געלעגן נישט באַגראָבן, און מיר זענען געווען די אבלים פאַר קבורה. עס זענען געשטאַנען די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער 1939. נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע, ערב דעם אָפיציעלן אַריינמאַרש פון דער דייטשער אַרמיי...

אין איינעם אַזאַ טאָג, אין ערשטן צי צווייטן פון דער שוואַרצער סעריע — טעג מיט די ערשטע דייטשע פּלאַקאַטלעך אויף די מויערן — אין איינעם פון אָט די לעצטע סעפּטעמבער־טעג איז געקומען צו מיר די דיכטערין רייזל זשיכלינסקי מיט דער ידיעה, אַז עמנואל רינגעלבלום זוכט מיך. ער האָט זי געבעטן מיך אַרויסרופן אין ביוראָ פון „דזשאָינט".

נאָכן צעשטערן דעם „דזשאָינט"־בנין אויף יאַסנע 11, האָט זיך די צענטראַלע פון דער אינסטיטוציע איבערגעטראָגן אויף ווישעלקאַ גאַס. ווען רינגעלבלומען האָט מען דערציילט, אַז ער האָט זיך בשעת דער גאַנצער באַלאַגערונג, אין די סאַמע שווערסטע באָמבאַרדירונג־טעג, צוגעשטעלט צו דער אַרבעט. אַפילו אין יענעם שרעקלעכן מאָנטיק דעם 25סטן סעפּטעמ־בער, ווען דאָס באָמבאַרדירן האָט אָנגעהאַלטן אָן אויפהער פון 8 פרי ביז 6 פאַר נאַכט און געווען די הקדמה צום פאַלן פון וואַרשע.

איך בין צעבראָכן, אָפּהענטיק, פאַרצווייפלט. אויך אָן אַ גראָשן געלט. אָנגעקומען אויף ווישעלקאַ, דערציילט מיר רינגעלבלום, אַז עס איז אָנגע־נומען געוואָרן אַ באַשלוס צו באַשעפטיקן אין די יידישע אינסטיטוציעס וואָס מער אינטעליגענץ — ראַטעווען די „קאַדרען". צווייטנס מאַכט ער מיר קלאָר, אַז נישט אַלע קאָנען — נישט אַלע מעגן — אַנטלויפן...

די דייטשן טרייבן די יידן פון די מערב־געביטן. עס זענען שוין פאַראַן

אין וואַרשע צענדליקער טויזנטער פּליטים און אַרויסגעטריבענע פון דער פּראָווינץ. מען טאָר נישט מפקיר זיין די מענטשן אויף זייער אייגענעם באַראָט. ער שיקט מיך אויף לעשנאָ 40 אין לאָקאַל פון קליינהענדלער פאַרבאַנד. דאָס הויז איז געבליבן גאַנץ און מען דאַרף דאָרט אָרגאַניזירן אַ קיך. רינגעלבלום באַקענט מיך מיט דעם סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד מיטן נאָמען צאַלעל. איך באַקום אין דער האַנט אַ סומע געלט און אַט קלעטער איך שוין צוזאַמען מיט צאַלעלן איבער די חורבות, איבער רעשטן באַריקאַדעס און איבער רעשטן נישט־פאַרשיטע אַנטי־טאַנק גריבער. מיר וואַנדערן איבער פּריוואַטע וווינונגען פון געוועזענע געשעפטס־אייגנטימער. מיר זוכן כּלים צום קאָכן, טעלער, לעפל, אויך פּראָדוקטן. אין אַ „דזשאָינט"־מאַגאַזין זענען פאַראַן אַ ביסל רעשטן פון נישט־פאַרברענטער, נישט־פאַרנעצטער שפּייז. און אין סאַמע 1טן אָקטאָבער, אין טאָג פון היטלערס קומען קיין וואַרשע — אין דער עצם שעה פון זיין אָפּנעמען די נצחון־פּאַראַדע אויפן זאַקסישן פּלאַץ — שפּאַן איך אין איינעם מיטן פּוילישן וואָזשני פון קליינהענדלער־פאַרבאַנד פּיאָטר סולין איבער די חורבות פון די זייטיקע גאַסן, וווּ עס איז דערלויבט צו גיין, נישט אָנשטויסנדיק זיך אויף דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען, וואָס ציִען צו דער דעפילאַדע. איך טראָג אַ פּאַק בלאַנקעטן צום איינפירן די אַדמיניסטראַציע פון דער ניי־געשאַפענער קיך און צום קאָכן טראָג איך אַ קאַרטאָן געטרוקנטע פלוימען. פּיאָטר טאַסקעט אויף די פּלייצעס אַ האַלב זעקל רייז. עטלעכע פּאַקעטן געטרוקנטע ים־פיש האָבן מיר באַקומען מיט אַ טאָג פריִער.

*

אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן.

דעם ערשטן טאָג פון איר עקסיסטענץ גיט די קיך אַרויס די ערשטע פופציק פּאָרציעס פון דער משונהדיקער מאַלצייט, וואָס אַ פרוי פון דעם הויז אויף לעשנאָ 40 האָט זיך אָנגעבאַטן אָפּצוקאָכן פון די צונויפגעשלעפּטע פּראָדוקטן. די ערשטע קאָנסומענטן געהערן צו דער ליטעראַרישער משפּחה. די מערהייט — פרויען פון מענער, וואָס זענען אַוועק נאָך דער אָפּטרעטנדיקער אַרמיי. אויך זיי גרייטן זיך אין וועג אַריין איבערן בוג אויף דער סאָוויעטישער זייט. צו די ערשטע פרייוויליקע מיטאַרבעטער פון דער קיך האָבן געהערט די באַקאַנטע צוויי לערערינס פון די יידישע פאָלקס־שולן רבקה קאַגאַן און שיינע פּאַט, יעקב פּאַטס שוועס־

טער, ווי אויך די שווישפּילערין מרים אָרלעסקאַ. אַחוץ דער אָרלעסקאַ זענען די דערמאָנטע און נישט דערמאָנטע חברים און חברטעס — סיי פון די מיטאַרבעטער פון אונדזער קיך, סיי פון אירע קאָנסומענטן פון די ליטעראַריש־קינסטלערישע קרייזן — אין געציילטע טעג אַרום אַוועק אויף מזרח.

אַ פּאַקטישע ליטעראַטן־קיך באַשטימט אויסשליסלעך פּאַר שרייבער מיט זשורנאַליסטן און זייערע משפּחות, איז געשאַפן געוואָרן אויף קאַר־מעליצקע 5 און פון איר האָבן זיך שפּעטער אויסגעפּיקט צוויי באַזונדערע קיכן — פּאַר די שרייבער אין דער אָפּיצין פון טלאָמאַצקע 13 און פּאַר די זשורנאַליסטן אויף גראַניטשנע 13, האַרט נעבן דעם הויז, אין וועלכן עס האָט זיך ביזן אויסברוך פון דער מלחמה געפונען דער לאָקאַל פונעם פּאַראיין, וואָס איז געוואָרן פּאַרברענט און צעשטערט פון אַ באָמבע אין דער סאַמע ערשטער תקופה פון דער באַלאַגערונג. די זשורנאַליסטן־קיך איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער דירה פון י. מ. אַפּלבוים און זי איז שפּעטער צוזאַמען מיט אים און זיין משפּחה אַריבערגעגאַנגען אויף לעש־נאָ 14. די קיך אויף לעשנאָ 40 איז רעגיסטרירט געוואָרן אַלס געוויינלעכע פּאָלקס־קיך.

אין דעם ערשטן טאָג פון אונדזער טעטיקייט האָבן מיר אַרויסגעגעבן 50 פּאַרציעס עסן. די לעצטע צוויי טויזנט זופּן האָבן מיר אַרויסגעגעבן שוין אין דער צייט פון גירוש, סוף יולי 1942, איידער זי איז פּאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „שאָפּ־קיך", איבערגייענדיק אין רשות פון דער דייטשער פירמע וו. צ. טעבענס. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז איך בין אַ מענטש פון אויסדויער. איך האָב אויסגעהאַלטן אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ ביז צו אָט דעם מאָמענט. אין משך פון קנאַפּע דריי יאָר בין איך געשטאַנען אין סאַמע צענטער פון יידישע צרות, אויף דער ערשטער ליניע פון דעם קאַמף קעגן הונגער; מיטגעלעבט דעם יידישן מאַסן־גורל פון אַזאַ נאָענטן דיס־טאַנץ, וואָס נאָענטער קאָן שוין נישט זיין.

*

אַ פּאָלקס־קיך... עס איז נישט אַזוי לייכט צו דעפינירן אַזאַ מין אינסטיטוציע. אַ קיך האָט געהייסן זייער אַ סך. דאָס איז געווען די אָרגאַ־ניזאַטאָרישע „איינס" פון יידישן ציבור, דאָס אָרגאַנישע קעמערל פון דער הילפס־אַרבעט און מיטן לויף פון דער צייט — בפּרט נאָכן איינפירן דאָס געטאָ — געוואָרן אויך די אָרגאַניזאַטאָרישע „איינס" פּאַר אַ סך אַנדערע,

געהיימע און האַלב־געהיימע אַקטיוויטעטן פון דעם ייִדישן ציבור — פּאָליטישע, קולטורעלע, צום סוף אַפילו פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג.

ייִדישע געזעלשאַפטלעכע בנינים — פּאַרטיי־לאָקאַלן, הייזער און כּלל־ערליי פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן, פאַראיינען, שולן — זענען געוואָרן באַזעצט דורך דער סאָציאַלער אַליינהילף, וועלכע האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט און באַשעפטיקט ברייטערע קרייזן פון כּלל־טוערס און אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ. אַלע אַנדערע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן זענען געווען פאַרבאָטן, אָבער מיט דער צייט איז דער רוב פון די ייִדישע אַקטיוויטעטן אויפגעשווומען אויף ס׳ניי אונטערן דעקמאַנטל פון דער איינציק־טאָלערירטער הילפס־אָרגאַניזאַציע פאַר די הונגעריקע און היימלאָזע מאַסן — יעדע קיך מיט איר ספּעציפישער באַפאַרבונג, אין וועלכער עס איז געקומען צום אויסדרוק דער גאַנצער פעכער פון דער אידעיִש־פּאָליטישער דיפערענצירונג אין ייִדישן לעבן.

די דורך די ייִדישע פאָרשטייער מיט אַן אַ שיִער פּיקחות און מסירות נפש ביי דער אָקופּאַנטישער אַדמיניסטראַציע אויסגעדונגענע לעגאַליזירטע און (דער איינציקער ביישפּיל אין אָקופּירטן אייראָפּע) — פון יודענראַט כּמעט נישט אָפּהענגיקע, צו אים פּאַראַלעלע — צענטראַלע פון דער ייִדישער אַליינהילף, האָט געאַרבעט אויפן סמך פון אַ פאַרהוילענעם פּאַרטיי־שליסל.

געוועזענע גרופּירונגען און אינסטיטוציעס פון ייִדישן לעבן האָבן אַזוי אַרום געקאָנט אויפהיטן זייער אינערלעכע אויטאָנאָמיע, באַשעפטיקן אין דער אָנפירונג אייגענע חברים. יעדע קיך, יעדער לאָקאַל האָט געהאַט זיין אינדיווידועלן פּרצוף.

*

די קיכן־נעץ איז געווען אָרגאַניזירט אויף אַן איינהייטלעכן אופן און ערשטקלאַסיק אַוועקגעשטעלט אין אַדמיניסטראַטיוון זין. בראש פון דער קיכן־אָפּטיילונג, אין דער ראַם פון דער געזעלשאַפט פאַר סאָציאַלער אַליינהילף, איז געשטאַנען יהושע ברוידא, אָבער צוליב דעם לונגען־פעלער אויף וועלכן ער האָט געליטן, האָט פּאַקטיש מיט דער קיכן־צענטראַלע אָנגעפירט דער זייער ענערגישער, גענייטער אַדמיניסטראַציע־דירעקטאָר ד״ר מ. שפּינדלער. מיט דער עווידענץ פון די הונדערט טויזנט דערוואַקסענע קיך־קאָנסומענטן און טויזנטער קינדער־קאָנסומענטן פון די צענטאָס־קיכן האָט אָנגעפירט דער יונגער סטאַטיסטיקער און „ייִוואָ״־מיטאַרבעטער מנחם לינדער. דריי אינסטרוקטאָרינס אונטער דער אָנפירונג פון דער דיפּלאָמירטער דערנערונג־ספּעציאַליסטין גינאַ בירקענהיים האָבן אומ־

דערמידלעך אַרומגעקרייזט צווישן די קיכן, געקנעלט מיט אונדז היגיענע, טעכניק און קאַלקולאַציע פון קאָכן; כּסדר עקספּערימענטירט, אַריינשטודירט אין דעם ווי אַזוי פון דעם ערגסטן סאָרט, אָפט מאָל האַלב־פאַרדאָרבענע פּראָדוקטן פון די דייטשע צוטיילונגען, אַרויסצובאַקומען דעם מאַקסימאַלן דערנערונג־ווערט און אַ מענטשנמעגלעכן טעם.

אויף די קיכן איז געגאַנגען אַ קאָלאָסאַלער דרוק סיי פון אינעווייניק — פון די אין קיך באַשעפטיקטע אָנגעשטעלטע, וואָס זענען אַליין געווען אונטערדערנערט און מטופל מיט משפחות — סיי פון די מחנות פּליטים און אָרטיקע פּרנסהלאָזע קאָנסומענטן, פאַר וועלכע די זופּ פון דער קיך איז אָפט מאָל געווען זייער איינציק עסן אין משך פון טאָג. ליידער זענען מיר זייער גיך דערגאַנגען צו דעם טראַגישן אויספיר, אַז מיר ברענגען אַ ממשותדיקע הילף נאָר פאַר די, וואָס פאַרמאָגן נאָך עפּעס אַ צווייטע עקאָנאָמישע דערנערונג־באַזע, בשעת די סאַמע נויטבאַדערפטיקע ווערן אויך מיט די סאַמע בעסטע זופּן געשוואָלן פאַר הונגער און — פאַרשווינדן...

גאַנצע משפּחות, גאַנצע קהילות אַריינגעזידלטע אין געטאָ וואַרשע, זענען אַדורכגעגאַנגען דורך די קיכן און פאַר אונדזערע אויגן אויסגעגאַנגען...

*

דער קיכן־אָפּטייל האָט אַדורכגעמאַכט פאַרשידענע פאַזעס, אַ פּאָר מאָל איבערגעגאַנגען פון אָרט צו אָרט. געווען צייטן ווען ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן פּראָדוקטן־מאַגאַזין. פלעגט מען דאַרפן טאָג־טעגלעך מאַכן באַשטעלונגען און אָפּנעמען די פּראָדוקטן. און געווען צייטן ווען מען פלעגט אונדז געבן געלט אַליין איינצוקויפן פּראָדוקטן. עס זענען פאָרגעקומען זיצונגען און פאַרזאַמלונגען. אַזוי אָדער אַנדערש האָט דער פאַרוואַלטער געמוזט „האַלטן די האַנט אויפן פּולס" און טאָג־טעגלעך גיין אין דער צענטראַלע הערן וואָס עס קאָכט זיך אין די הויכע פענצטער — מאָנען, דערמאָנען, קעמפן פאַרן קיום און סטאַנדאַרד פון „זיין" קיך.

האָבן זיך דאָ יעדן טאָג געטראָפן די זעלבע מענטשן און אין די קאָרידאָרן און וואַרט־צימערן פון דער צענטראַלע — בעיקר אין דער תקופה, ווען זי האָט זיך געפונען אין גרויסן בנין פון יודאַיִסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע 5 — האָט זיך אויסגעבילדעט אַ מין „קיבעצאַרניע" פון דער קיכן־פּראַקטיקעס. פון דאַנען פלעגן אַרויסגיין אויפן געטאָ די נייסטע פראָנט־ידיעות פון געהיימען ראַדיאָ, אין איינעם מיט די נייסטע

וויצן און האַפּערדיקע קאַלאַמבורן וועגן דער פאַרשטייענדיקער מפּלה פון היטלערן מיט מוסאָלינין.

די נבואות וועגן היטלערס מפּלה זענען מיט דער צייט מקוים געוואָרן, אָבער פון דעם גרעמיום פון בערך 100 קיכן־פּאַרוואַלטערס, און אפשר צען ביז פופצן מאָל אַזוי פיל אַנדערע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע פון די פאָלקס־קיכן, האָבן אַפילו קיין צוויי פּראָצענט דעם דאָזיקן מאָמענט נישט דערלעבט.

עס שווימען פאַר מיר אויף פנימער, געשטאַלטן. קודם אַ ריי קיכן־פּאַרוואַלטערינס — פרויען. צוויי פון זיי זענען געווען „שכנטעס" פון אונדזער קיך: די לייטערין פון דער לינק־פּועלי ציוניסטישער קיך אויף עלעקטאָראַלנע־גאַס פּאָליע עלסטער און די לייטערין פון דער קיך אויף לעשנאָ 29, וועלכע האָט געהאַט אַ מיטאַרבעטער אַ סאָוויעטישן בירגער. אין די ערשטע אָנדערטהאַלבן מלחמה־יאָרן איז דאָס געווען אַ גאַנצער יחוס... מיט אָט די שכנישע קיכן האָבן מיר אָנגעהאַלטן באַציִונגען, זיך קעגנזייטיק אויסגעבאָרגט פּראָדוקטן.

נאָך איינע אַ פּאָפּולערע לייטערין פון אַ פּועלי־ציוניסטישער קיך איז געווען אַ יונגע פרוי מיט בלאָנד־געקרויזטע האָר, מיטן נאָמען גענ׳יאַ בער.

איך געדענק דאָס פּנים און די דראָבנע געשטאַלט פון דעם לייטער פון דער גרויסער בונדישער קיך אויף מוראַנאָוו, מלינעק. איך געדענק דריי לייטערס פון רעליגיעזע קיכן — איינעם פון זיי מיט אַ בלאָנדער באָרד און בלויע אויגן — אַ פּליט פון לאָדזש, וועלכער האָט אונדז ערב דעם ערשטן מלחמה־פּסח געפּרוּווט איבערצייגן מיט פּסיכאָלאָגישע אַרגו־מענטן נישט צו קאָכן קטניות. ער האָט געטענהט, אַז די עגמת נפש, וואָס אַ פרומער ייִד וועט האָבן, פון מותּר זיין אויף זיין אָפּגעהיטנקייט, וועט מער שעדיקן זיין געזונט ווי דאָס מותּר זיין אויף דעם פערטל קילאָ פּאַ־סאָליענע אַלבומינען אין משך פון אַ וואָך.

דעם צווייטן מלחמה־פּסח זענען שוין קיין דיסקוסיעס וועגן פּאַסאָליעס פאַר די קיכן נישט געפירט געוואָרן. אויך די בלאָנדע באָרד איז פאַר־שוווּנדן...

איך געדענק אַן עלעגאַנטן הער, וואָס איז, דאַכט זיך, פאַר דער מלחמה געווען אַ דירעקטאָר פון אַ גמילות חסדים־קאַסע אין אַ גרעסערער פּראָווינץ־שטאָט. איך געדענק אויך דעם שוואַרצן טאָג, ווען מען האָט מיר איבערגעגעבן די ידיעה, ווי אַזוי אָט דער הער איז געוואָרן צוגענומען צוזאַמען מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל פון דער פאָלקס־קיך אויף נאָוואָליפּיע,

צווישן וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל געוועזענע מיטאַרבעטערינס פון דער קיך אויף לעשנאָ 40. אַ ייִדישער פּאָליציאַנט האָט מיר אין אָוונט דערציילט, ווי ער האָט אין איינעם מיט אונדזער געוועזענער „גאָספּאָדי־ניע" — בראש פון די אָנגעשטעלטע — מיט ווירדיקער דעטערמינאַציע, געשפּאַנט צו די וואַגאָנען.

איך געדענק אויך אַ ריי לערערס־פּאַרוואַלטערס פון קינדער־קיכן. איך האָב געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה די לערערין גוניאַ סילקעס, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער פּעדאַגאָגישער און אַלגעמיינער אַרבעט אין דער קינדער־קיך אויף נאָוואָליפּקי 35. איך האָב אויך באַזוכט איין מאָל די קינדער־קיך אויף נאָוואָליפּקי 22, וווּ עס איז געפירט געוואָרן אַ דערציִונגס־אַרבעט אין עברית אונטער דער לייטונג פון דער לערערין מאַסט־קאָוו. און אויב איך רעד שוין וועגן באַזוכן אין אַנדערע קיכן וויל איך דערמאָנען אַז אויך אין דער קיך אויף גענשע 14, אין וועלכער יצחק קאַצענעלסאָן האָט געפירט זיין אַרבעט מיט דער העברעיִשער דראַמאַטי־שער סטודיע — איז מיר איין מאָל אויסגעקומען צו זיין.

אַמאַינטערעסאַנטסטן זענען פאַר אונדז געווען די קאָנטאַקטן צווישן עסקנים פון קעגנערישע גרופּן, וואָס פלעגן זיך פאַר דער מלחמה נישט באַגעגענען און איצט איז זיי אויסגעקומען, אָפט מאָל זייער האַרמאָניש צוזאַמען צו אַרבעטן אין דער ראַט פון דער שותפותדיקער אינסטיטוציע. אין יענער צייט איז אויסגעוואַקסן די היינט באַוווּסטע פריינדשאַפט צווישן ד״ר רינגעלבלום און דעם יונגן אָרטאָדאָקסישן טוער הרב שמעון הובער־באַנד, וועלכער איז געוואָרן איינער פון זיינע פלייסיקסטע מיטאַרבעטער פאַרן געהיימען אַרכיוו. אַ קלוגער פּאָפּולערער רעדנער אויף אונדזערע פאַרזאַמלונגען איז געווען ר׳ זישע פרידמאַן. איך האָב זיך אין יענער צייט אויסגעחברט מיט אַ געוועזענעם יונגן עסקן און פּובליציסט פון אגודת ישׂראל מיטן נאָמען חיים לייב קאָזלאָווסקי.

איך געדענק מיינעם אַ באַזוך אין דער גרעסטער פון אַלע פּאָלקסקיכן, וואָס האָט זיך געפונען אין לאָקאַל פון דער פאַרמלחמהדיקער „תומכי עניים" אויף פּאַוויע־גאַס. דאָרט איז געווען אַ מאַשין צום שיילן קאַר־טאָפל, איינריכטונגען צום וואַשן כּלים. אָט די קיך האָט אַרויסגעגעבן די גרעסטע צאָל זופּן, אויב איך האָב קיין טעות נישט, פיר טויזנט פּאָרציעס אַ טאָג. די לייטערין פון אָט דער קיך האָב איך באַגעגנט נאָך דער מלחמה.

און דווקא איר נאָמען קאָן איך מיך נישט דערמאָנען.

## 7. הונגער...

איך געדענק אַ סצענע פון מיינע ייִנגסטע יאָרן — אַ זאַך, וואָס איז פאָרגעקומען בשעת דער אוקראַיניש־פּוילישער מלחמה אין יאָר 1919. די אוקראַינישע אַרמיי האָט געהאַלטן ביים פאַרלאָזן גאַליציע. אונדזער דאָרף איז געווען איינער פון די לעצטע עטאַפּן. אַ הונגעריקע, דורשטיקע, פאַרצווייפלטע מחנה יונגע שקצים — און מיין מאַמע אויף דער שוועל פון אונדזער הויז מיט אַ לאַבן ברויט אין האַנט, פון די עטלעכע געבעקן לעך ברויט, וואָס זענען, ווי אַלע מאָל בשעת די ריקצוגן און איבערקערענישן פון „יענער" מלחמה, אָנגעבאַקן געוואָרן אויף „נישט צו באַדאַרפן": אויף „טאָמער קומט אויס צו אַנטלויפן". מיט אַ ביסן ברויט קאָן מען אַ מאָל ווייך מאַכן דאָס האַרץ פון דעם גרעסטן רשע. אַזוי האָט מען זיך נוהג געווען בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און יעדן סאָלדאַט, יעדן קאָזאַק, וואָס איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין, אַנטקעגנגעטראָגן דעם כּיבוד. אָבער דאָס מאָל איז מיין מאַמע געווען נאָר מאַמע. אפשר האָט זי געטראַכט, צי האָדעוועט עמעצער נישט אָן איר זון אויף אַ פרעמדער שוועל. זי האָט נישט געזען די זעלנער, די מעגלעכע רויבער, אָדער מערדער. זי האָט געזען פאַרשמאַכטע הונגעריקע זין. און דאָס ברויט האָט זיך מאָדנע געמערט אין אירע הענט. אַ גאַנצע אַרמיי האָט זי אָנגעהאָדעוועט מיט אירע עטלעכע לאַבנס ברויט. און דאָס וואָס איך זע איצט אין ליכט פון מיין זכרון האָט דעמלט דערזען איינער פון די זעלנער.

— מאַמקאָ, נע קראַיטע, — מאַמינקע, שניידט נישט, גיט'ס מיר דאָס גאַנצע רעשטל ברויט — איז ער צוגעפאַלן צו אירע הענט, שיִער נישט מיט אַ תּפילה. ער האָט אָבער נישט אַרויסגעריסן דאָס ברויט פון אירע הענט, נייערט געבעטן, ווי אַ זון ביי אַ מאַמען...

אָבער מיין מאַמע, אַ פאַרוויינטע, האָט זיך ביי אים צוריקגעבעטן:

— גיב אַ קוק, אָט וואַרטן נאָך אַנדערע. איך מוז אַלעמען באַטיילן...

אין אָנהייב פון מיין אַרבעט אויף לעשנאָ 40, האָב איך אויך אַזוי געוואָלט: אַלעמען באַטיילן! וויפל איז מיר אויסגעקומען אויסצוהאַלטן שטורמען פון הונגעריקע מענטשן אין יענער צייט! די דירעקטאָרן פון ייִדישן „רזיאָנד" (דער נאָמען האָט זיך אַסאָצייִרט מיטן וואָרט „זשאָנד" — רעגירונג) זענען געווען אַרומגעשטעלט מיט וואָזשניס, באַהאַלטן

הינטער קאָרידאָרן און פאָרשטיבער. אָבער דער פאַרוואַלטער צי פאַרוואַלטערין פון אַ קינד איז אויך געווען אַ שטיקל „זשאַנד" און דאָס לייכטסטע פון אַלץ איז געווען אויסלאָדן דווקא פאַר אים דעם כּעס און פאַרדראָס צוליב דער אומגערעכטיקייט פון אַ וועלט; די פּיין, די פאַרצווייפלונג, דעם גאַנצן פּאַק היסטאָרישן קאַטאַקליזם, אין יעדן אינדיווידועלן וואַריאַנט. אָפּט מאָל איז דאָס אויך געווען דער אַדרעס פאַרן געלטונגסקאָמפּלעקס פון אַ דעקלאַסירטן מענטש, וואָס אַחוץ דעם טעלער זופּ, דער לעגיטימאַציע, דאָס צעטעלע — צי ווי אַזוי עס האָט דאָרט דעמלט געהייסן, דאָס גאַנצע קליינגעלט אויף וועלכן מען האָט צעביטן אונדזער גרויסע קאַטאַסטראָפע — האָט ער נאָך געדאַרפט אַז מען זאָל אים גלייבן אַלץ וואָס ער דערציילט.

אַזוי פיל און אַזוי פיל שטיבער, אַזוי פיל און אַזוי פיל הייזער, טאַרטאַקן, וואַרשטאַטן, רעסטאָראַנען... אַפילו איצט, ווען דער מענטש האָט געדאַרפט אָנקומען צו קיצבה, האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס וואָס פאַר דער מלחמה איז אים געווען בעסער ווי אַן אַנדערן, איז אַן אַרגומענט ער זאָל אויך איצטער באַקומען מער פון דעם, וועלכער האָט שוין פריִער געליטן דחקות און נויט.

און גלייכצייטיק ביי אַנדערע, געציילטע — וויפל שטילע גרויסקייט. פילאָסאָפישע דערהויבנקייט, עטישע הכנעה! און דווקא זייער לייד האָט אָפּט מאָל נאָך מער פאַרקלעמט ביים האַרצן.

וויפל טראַגישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט ביי דער טיר פון דער קינד־שטוב מיטן קעסל עסן! יעדע פּאַניק אויפן דערנערונגס־מאַרק האָט באַלד געפונען איר אָפּשפּיגלונג ביי אונדז אין קינד. וויפל סצענעס ווי אין אַ דאָקטערס, אַ פאַמיליען־אַדוואָקאַטס אָדער אַ רבינס אויפנעםשטוב, זענען פאָרגעקומען אין צימער נר. 12 — אין אונדזער קאַנצעלאַריע! וויפל טרערן — לייכטע, ווייבערשע — וויפל בלוטיקע מענערישע טרערן האָב איך געזען! טרערן פון פאַרצווייפלטע, איינגעבראַכענע מענטשן. איך האָב געפּרוווט זיין „קאָנסעקווענט", אַדורכפירן מיטן אַקוראַט די אינסטרוקציעס פון דער קינד־צענטראַלע. איז אָבער אַלע מאָל געקומען דאָס לעבן און געמאַכט צו שאַנד אַלע אינסטרוקציעס.

איך בין נאָך דעמלט געווען גאָר „גרינג" אין מיין פונקציע. און אַ ביסל „גרינג" בין איך מסתמא פאַרבליבן אין אָט דער פונקציע ביז צום סוף.

*

אָט וואָס איך האָב געשריבן בערך אין האַרבסט 1941 :

„ווער ווייסט צי וועלן אָט די בילדער, וואָס מיר זעען איצט אין דער פאַרמאַכטער שטאָט — צי וועלן זיי נישט אונטערגיין מיט אונדז צוזאַמען. אָט פונקט אַזוי ווי די בילדער פון אַ פּאַניק אויף אַ זינקענדיקער שיף, אָדער אין אַ ברענענדיק הויז, פון וועלכן מען קאָן נישט אַנטלויפן ; ווי דער גרויל פון אַ גרופּע קוילן־גרעבער אין אַ קוילן־שאַכט, בשעת אַ קאַ־טאַסטראָפע צווישן פאַרשיטע לעבעדיקערהייט...

אַ סך זאַכן זע איך אין אונדזער קיך. דאָ איז די ערשטע סטאַציע אויף אָפּשפּיגלען אַלץ, וואָס דאָס געטאָ לעבט איבער. שוין פאַרן געטאָ איז די קיך געווען דער ערשטער און טייל מאָל אויך דער לעצטער עטאַפּ פון די מענטשן, וועלכע זענען אַוועק „אויף שמעלץ״. דאָ קאָן מען אָב־סערווירן דעם גאַנצן פּראָצעס פון אָנהייב ביזן סוף.

דרויסנדיקע מענטשן מיינען, אַז מען ווערט „אָפּגעהאַרטעוועט״, גלייכגילטיק — אימוניזירט — צו אָט די איבערלעבונגען. איך קאָן דאָס נישט באַשטעטיקן.

*

וואָס פאַראַ באַלאַנג קאָנען פאַר אונדז היינט האָבן די שילדערונגען פון הונגער און נויט, וועלכע מיר האָבן אַמאָל געלייענט ? ווער עס האָט נישט דורכגעמאַכט אַ יאָר אין וואַרשעווער געטאָ, דער ווייסט נישט גאָר־נישט וועגן הונגער. ווער עס האָט נישט געזען אַ מענטש זיך אַנידערוואַרפן אויף דער ערד לעקן פון דער ברודיקער פאָדלאָגע אַן אויסגעגאָסענעם טע־לער גריץ ; ווער עס האָט נישט געזען אויפעסן פון טראָטואַר אויסברעכעכץ פון אַ שיכור ; ווער עס האָט נישט געזען מענטשן לויזן זיך און פרעסן די אייגענע לייז — דער האָט נישט אַלץ נאָך געזען. מלך ראַוויטש האָט אין זיינע רייזע־בריוו באַשריבן אַ כינעזישן קולי וואָס האָט געגעסן דאָס אומ־געציפער פון זיין לייב, אָבער מען האָט עס אים נישט געגלייבט.

איינמאָל האָב איך אין פאָרהויז פון אונדזער קיך דערזען אַ פּלוצימ־דיקן איבערגעלויף. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס עס איז געשען. ערשט דער־נאָך האָב איך פאַרשטאַנען און עס איז מיר אויסגעקומען צו שרייען אויף אונדזער וואָזשני הלמאַי ער האָט דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ פעסל מיסט, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען האַלב־פאַרשימלטע און פאַרפוילטע שטיקלעך בוראַקעס־קאָנסערוון, ממש סם פאַר אַ ליידיקן מאָגן — און דערצו אַ ביסל זויערע ווסטענגעס פון ראַבאַרבאַר־אָפּשיילעכץ.

פון אָט די צוויי „שפייז־פּראָדוקטן״ האָט מען אונדז געהייסן קאָכן אין יענעם טאָג אַ „באָרשטש״, פאַרזיסן אים מיט סאַכאַרין און פאַרטיילן דאָס אַלס צוגאָב צו אַן אַכטל שוואַרץ ברויט, וואָס מ׳האָט אויסגעבאַקן אין די בעקערייען פון צוגעטיילטן מעל. די בוראַקעס־קאָנסערוון מיטן שוואַרצן (מיט קלייען און ליים פאַרמישטן) ברויט זענען געווען אַ גאָב פון דער אָקופּאַציע־מאַכט פאַרן באַשפּייזן די יידישע פּליטים... ווען מען זיפּט אַזאַ מעל וואָלט דערפון קיין העלפט נישט געבליבן. אָבער מען זיפּט עס נישט.

אין אָט די מאכלים איז קיין סימן פון דערנערונג נישטאָ, אָבער מען קאָן דערמיט אָנפילן דעם ליידיקן מאָגן און זאָל ער זיך דערנאָך אַן עצה געבן מיטן פאַרדייען אַזאַן „עסעניש״. די סטאַטיסטיק ווייזט אויף, אַז אין געטאָ זענען אַחוץ דער טיפוס־עפּידעמיע פאַראַן אויך געגוג פאַלן פון דיזענטעריע און סתם בלוטיקע קאַטאַרן פון מאָגן און קישקעס.

אַ חברה קינדער האָבן זיך איין מאָל אַריינגערוקט אין קאָרידאָר פון אונדזער קיך און פאַרשטופּט אין אַ פינצטערן ווינקל מאָדנע שטיל זיך פאַרהאַלטן. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָרט איז געשטאַנען אַ קויש מיט קרויט־בלעטער. ווי יונגע קרוליקעס זענען זיי צוגעפאַלן צו די רויע בלעטער, געפּאַקט זיי וואָס גיכער אין די מיילעכלעך. מורא געהאַט מ׳זאָל זיי נישט אַוועקטרייבן. געכראַמטשעט מיט די ציינדלעך, אָנגע־פּאַקעוועט זיך די מעגעלעך מיט אַ ביסעלע ווערעמדיק־פאַרבלאָטיקטע וויטאַמינען...

*

אָנהייב האַרבסט, אין אַ פאַרטאָג, איז אונדזער קעכין איינמאָל גע־קומען צו דער אַרבעט און דערציילט, וואָס זי האָט געזען אויפן וועג. ס׳רוב דערציילן זיך די מענטשן וואָס גייען איבער דער שטאָט פאַר טאָג, וועגן דער צאָל נאַקעטע מתים, וואָס זיי האָבן געטראָפן ליגן אויף דער גאַס, באַהוילטע פון יעטווידן לבוש דורך די מענטשן־היענעס, וואָס האַנדלען מיט די שמאַטעס אויף די באַזאַרן. דאָס מאָל האָט זי דער־ציילט אַ זאַך וואָס איז אפשר געווען אומהיימלעכער ווי דאָס זען ליגן אויפן טראָטואַר אַ מת. זי איז דורכגעגאַנגען נעבן אַ מיסט־קאַסטן אויף רעדער און באַמערקט אין פאַרטאָגיקן נעפּל אַ ווייס־איינגעהילטע גע־שטאַלט, וואָס האָט אַרומגענישטערט אין מיסט און מיט ביידע הענט גע־פּאַקט אַלע ווילע אין מויל אַריין עפּעס געפונענע רעשטן עסנוואַרג.

אפשר איז דאָס געווען עמעצער, וואָס האָט פון זיך אַלץ שוין אויספּאַר־קויפט, געבליבן ליגן אַ נאַקעטע אין עפּעס אַ נאָרע, קאָן ביי טאָג נישט אַרויסגיין בעטלען אין גאַס און זיין איינציק בגד איז אַ קויטיק ליילעך. עס קאָן אויך געמאָלט זיין, אַז אין נעפּל האָט זיך בלויז אויסגעוויזן אַז דאָס פּאַרטאַגיקע געשפּענסט איז אָנגעטון אין ווייסן, ווי אין תכריכים. אַחוץ דער קעכין אונדזערער האָט באַמערקט די ווייסע געשטאַלט אַ יידי־שער פּאָליציאַנט, וואָס איז צוריקגעגאַנגען פון נאַכט־דינסט. מער איז קיינער נישט געווען אויף דער גאַס און דער פּאָליציאַנט האָט אויסגע־דרייט דעם קאָפּ:

— איר זעט? — האָט ער געזאָגט צו דער קעכין, — איר זעט עפּעס?

— איר זעט? — האָט געענטפערט די קעכין...״

*

און נאָך ציטאַטן פון מיינע אייגענע שריפטן פון 1941/42:

„אַזוי פיל אונדזערע קאָנסומענטן זענען פאַרשוווּנדן. איך שטעל מיר פאָר, וויפל באַקאַנטע איך וועל טרעפן, ווען עס וועט קומען מיין ריי און איך וועל אויך אָנקומען אויף יענער וועלט. איך וועל זיך געפינען אין אַ גאָר היימישער געזעלשאַפט. „אָ, די קעראָווניטשקע איז שוין אויך דאָ״ — וועלן זיי מיך באַגריסן. און זיי וועלן מיך באַלאַגערן פון אַלע זייטן און פאַרלאַנגען פון מיר כלערליי פאַרבאָטענע זאַכן: צעטלען אָן לעגיטימאַ־ציעס, מיטאָגן אויף מאָרגנדיקע צעטלען, מיטאָגן אויף נעכטיקע צעטלען. זיי וועלן רעדן צו מיר אַלע מיט אַ מאָל, אַזוי לאַנג, ביז איך וועל מוזן צורופן אַ פאַרשטאָרבענעם וואָזשני פון אַ פאָלקס־קיך, ער זאָל מיר העלפן זיך אַרויסבאַקומען פון דער אַרומרינגלונג. און אַממיינסטן ווי אַלע מאָל, וועט מיר פאַרקלעמען דאָס האַרץ פּונקט דעמלט, ווען איינער וועט אַליין אַוועקגיין „מיט גוטן״...

וואָרעם זייער גאַרן צום לעפל עסן, זייער גלייבן אין טעלער זופּ איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס האָט געמוזט בלייבן וואַך אַפילו נאָכן טויט. און צוזאַמען דערמיט דער גלויבן אין דער „אַלמעכטיקייט״ פון דער קיכן־פאַרוואַלטערין, אַז זי קאָן אָנהאַדעווען מיטן קעסל די גאַנצע שטאָט.

דאַרף מען נאָר בעטן, טענהן מיט אַזעלכע רייד, מיט אַזעלכע בלוטי־קע טרערן, אַז דער נס זאָל געשען און פון דעם קעסל אין קיך זאָל נישט פאַרמינערט ווערן די שפּייז.

— מיר זענען הונגעריקע מענטשן, מיר זענען געשוואָלענע מענטשן,

זאָגט נישט אָפּ אַ געשוואָלענעם מענטשן! — וועט מען שרייען צו מיר פון אַלע זייטן און דער וואָזשני פון יענער וועלט וועט מיר נישט בייַ־שטיין און וועט מיך נישט אַרויסשלעפּן פון דער באַלאַגערונג. און איך וועל בלייבן שטיין אַ פאַרלוירענע, אַ פאַרקלעמטע און עס וועט זיך מיר דאַכטן אויף אַ ווײַלע, אַז איך לעב נאָך און שטיי בײַ מײַן טאָג־טעגלעכער אַרבעט.

...זבאָנשינער וועטעראַנען פון לייד, יוגנטלעכע קדושים פון אָבאָזן... ייִדן און ייִדענעס בכבודיקע לײַט, אויסגעמישט מיט געניטע פּראָפעסיאָנעלע בעטלער... פרויען פון דער פּראָווינץ, וואָס כאַפּן דעם אָנבליק פון פויערטעס, מיט באָמבלדיקע פּעקלעך זויג־קינדער בײַ די שוין ליידיקע ברוסטן; פּראָפעסיאָנעלע קינדער־שנאָרער, ערשטקלאַסיקע ספּעציאַליסטן, קינדער־קעפּלעך, קינדער־אויגן, קינדער ווי מיאַוטשענדיקע קעצלעך, אַרויסגע־וואָרפענע אויף דער בלאָטע הינטערן פּלויט.

און אָט איז אַ חברה „דעמבענע־ייִדן“, שניאורישע, שקלאָווער פּאַר־שוינען, וואָס האָבן אין איינעם אַ פּרימאָרגן פאַרפּלייצט די קיך מיט גע־זונטע קאָלירן, מיט ריחות פון וואַלד, פון יאַטקע, פון שטרויענע פּערע־וועסלעס און תּבואה־זעק — אַ נײַער טראַנספּאָרט אַרויסגעטריבענע ייִדן פון עפּעס אַ שטעטעלע, וואָס איך וואָלט געוועזן אויסגעלעבט מײַנע יאָרן און קיין מאָל זײַן נאָמען נישט געהערט. אַהין, אויף יענער וועלט, זענען זיי שוין אָבער אָנגעקומען נישט אַזוי הילכיק און רויט־באַקיק. ווען זיי זענען אַהין געקומען זענען זיי שוין געוועזן — שמעלץ...

און אָט זענען די, וואָס האָבן געהאַט צו מיר „גליק“ — אַ לאַנגע גאַלעריע האָט זיך פון זיי אָנגעקליבן אין משך פון דריטהאַלבן יאָר: ביילע שטרומפּפעלד, די פּוילישע בירגערין פון דייטשלאַנד, וואָס האָט בײַ מיר געבעטן בלויז „בראָזאַמע“, די פּריווילעגיע צו באַקומען די קרישקעס פון ברויט, וואָס מיר האָבן געפּאַלמעסט אויף אַכטלעך אַלס צוגאָב צום „באַרשטש“ אין די „ברויט־טעג“, און אברהם בראַקסמייער דער מענטש פון דאַכאַו. די ביידע זענען געוועזן די הויפּט־חשובים, די ערשטע מיוחסים אין אונדזער קיך. אָט איז די פאַמיליע זאַרכין מיט לימאָנאַד, די צווייי קונצנ־מאַכערס פון צירק סטאַניעווסקי — זאַרכין אין די קלאָון־הויזן, וואָס ער האָט געטראָגן ווײַל עס איז נישט געוועזן וועמען זיי צו פאַרקויפן. אַ טאָג פאַר זײַן טויט געקומען זיך מיט מיר געזעגענען, ערנסט און רעזיגנירט, געדאַנקט, אָפּגעגעבן די לעגיטימאַציע און — געהאַלטן וואָרט.

זײַן פרוי איז געקומען מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער מיטן טעפּל נאָך

דער זופּ און האָט עס באַשטעטיקט. ערשט איצט פאַלט מיר איין אַז ער האָט פּשוט געמוזט באַגיין זעלבסטמאָרד. אַנדערש וואָלט אפשר די דאַטע נישט אַזוי גענוי געשטימט. ער איז געשטאָרבן אויף צומאַרגנס — דער פּאַיאַצאַ 1941.

און אָט איז פאַמיליע בראָנשטיין. פאַמיליע אויערבאַך פון לייפּציג, פאַמיליע וואַלדמאַן פון פּויזן. און דאָס יינגל פון קראָקע און דאָס בחורל פון ווין. אַזוי לאַנג האָב איך זיי געזאָגט מוסר אַז איך קאָן נישט און אַז איך טאָר נישט, און אַז כּדי צו געניסן פון דער קיך מוזן זיי זיך דערליי־דיקן דאָס און דערליידיקן יענץ, ביז פון זיי זענען געוואָרן אומזיסטע שטאַם־געסט. אַזוי לאַנג געוועזן מיינע שטאַם־קליענטן ביז זיי זענען אין עפּעס אַ הפסקה פון קאָכן געשוואָלן געוואָרן און דערנאָך האָבן זיי שוין קיין צען אומזיסטע זופּן אַ טאָג אויך גאָרנישט געקאָנט העלפן.

אָט איז דער האַנטווערקער נאַכטגעבאָרן מיט די בייטעלעך אונטער די אויגן. און אָט איז שמעון האָכצייט מיט דער געשפּאָלטענער ליפּ. אין איינעם אַן אינדערפרי געקומען מיר מודיע זיין, אַז ער האָט זיך באַ־טראַכט, וואָס וועט ער זיך מוטשען, אויפטון קאָן ער גאָרנישט, האָט ער געפונען אַ לייזונג: באַשלאָסן זיך איבערצוגעבן אונטער מיין „אָפּיעקע״... און „דער ברודער מיט דער שוועסטער״ אברהם און גוטשע צוקער... און זי, פאָלע־צעלע, די גייסטרייכע משוגענע פון לעמבערג, וואָס האָט מיך באַ־טראַכט אַלס איר סעקרעטאַרין און יעדן טאָג געבראַכט און געלאָזט פאַר מיר אין קאַנצעלאַריע צום עקספּעדירן מעמאָריאַלן צו אַלע אינסטיטוציעס אין געטאָ און דער עיקר בריוו און פאַרשידענע פּראָיעקטן — פאַר היטלערן און מוסאָליני, פאַר רוזוועלטן און טשערטשילן — געשריבן צו יעדן איינעם אין זיין שפּראַך.

און אָט איז „אָליווער טוויסט״ — העניעק גליקשטאַק, דאָס בלאָנדע קיינעמס־קינד פון דער סאַמע ערשטער צייט. און נאָך איין געשטאַלט פון דער ערשטער צייט... אָט שטרעקט ער דאָרט זיין ווייסלעך קאָזע־בערדל פון אונטער דער וואַנט, ווו איך האָב אים געהייסן וואַרטן. — טאַכטערשי. אַ ביסעלע עסן! — שעפּטשעט ער מיט אַ קול פון אַ וואַסער־געררויש. ווען איך גיי נעבן אים פאַרביי. דאָס איז נחום אסטרי — אַ געשטאַלט פון דער ערשטער צייט...

און אָט איז לערער פון דאַבזשין, דער טשוקעדיקער און טשאַקעדיי־דיקער „ליפּעראַנט״ אונדזערער פון די „וויכטיקע״ סחורות — „מאַגי״־

פלעשעלעך און געמאָלענעם פעפער — מיטן האָפערדיקן „גוט מאָרגן”. און נישט אַנדערש ווי מיט אַ האַנטקוש ביי יעדער באַגעגעניש — מעשׂה פּאַלאַק. אין פעלצל, מיט לאַנגע שטיוול — מעשׂה דזיעדזיץ...

אויף יענער וועלט איז ער שוין אָבער אָנגעקומען אַן אָפּגעפּאָרענער, פאַרשטויבטער, אַ געלער, מיט אַ לאַנגער נאָז, מיט אַ ווייבעריש פאַר־טרערטן קול. אַזאַ האָבן מיר אים — דעם פּראָווינצער מיטגליד פון אונדזער קליינהענדלער־פאַראיין, געזען מאַכן די לעצטע פאַרצווייפלטע דעמאָנסטראַציע, זיך אַוועקלייגן פאַרן טויער פון לעשנאָ 40 אין דער פּאָזע פון אַ שטאַרבער.

„זיי” האָט ער געוואָלט אָנלערנען, די מושלים פון פאַראיין. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט זיי נישט אומזיסט געסטראַשעט, געשטאָרבן אויף דעם רעכטן אמת.

און אָט איז קאָטעק־קאָטקאָווסקי, וואָס אויף אים איז חל געווען כּפל־כּפליים די אַמטלעכע באַצייכענונג „דער טאָפּלטער עסער”. ער איז געווען אפשר אַ פיר־פאַכיקער עסער. און כאָטש אַזוי איז אויך ער געוואָרן געשוואָלן און — פאַרשוווּנדן...

און אָט איז דער דאָקטער פון איינעם אַ פּאָמאָרזשער שטעטל. אַ הויכער, ברייטפּלייציקער, אין אַן עלעגאַנטן מאַנטל, אָבער שפּעטער שוין אָן אַן אָנצוג אויפן לייב; אפשר שוין אויך עובר בטל פאַר צרות, נישט פעיִק צו קיין שום מעדיציניִשן דינסט, אַן אויפגעגעבענער, אַ טויט־פאַר־משפּטער און שוין געשפּענסטישער...

— האַללאָ! — האָט ער צו אונדז אַרויפגעשריגן פון הויף צו די קיך־פענצטער. אויסגעדרייט דעם שטעקן מיטן הענטל אַרויף און געשאָקלט און געדראָט אונדז מיט דער תּוכחה, אין אַ טאָג פון איבערררייסן דאָס קאָכן. איינע אַ געשטאַלט פון אונדזער פערסאָנאַזש, אַ געוועזענע וויכטיקע פיגור פון אַ פּראָווינץ־שטאָט — דער דאָקטער...

*

ווי האָט געשריבן מאַרקיש אין זיין „קופּע” נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה:

זיי זענען דאָ, זיי זענען אַלע דאָ.  
מען האָט זיי אויסגעלייגט דאָ אַלע, אַלע.

אונדזערע וואַרשעווער געפאַלענע פון הונגער בשעת דער איצטיקער מלחמה מיטן יידישן פאָלק, ליגן נישט אויף קיין קופּע. זיי רוען נאַקעט, אָן תּכריכים, אין די ברידער־קברים אויפן גענשער בית־עלמין״.

*

נאָך אַ ציטאַט:

„זיי פּעכנען אויפן פּיסק פאַר הונגער״ — איך האָב מיט מיינע אייגענע אויערן נישט איין מאָל געהערט אָט די ווערטער. אַזוי האָבן געזאָגט די יידן פון דאָרף לאַנאָוויץ אויף אַ משפּחה, וואָס האָט געליטן נויט. אין יענע יאָרן, אין יענעם דאָרף, זענען אָט די ווערטער געווען נישט מער ווי אַ מליצה — אַ מעטאַפאָר, וואָס אין איר אייגנטלעכן מיין האָט זיך קיינער נישט פאַרטיפט. דער אויסדרוק מוז שטאַמען פון דער צייט ווען הונגער־יאָרן, לאָמיר זאָגן ביי די פויערן, פלעגן זיין אַן אָפטערע דערשיינונג. די לעצטע דורות האָבן שוין אָט די דערשיינונג ביז אַזעלכע קאָנסעקווענצן נישט געקענט. די נויט ביי יידן האָט געהייסן: „אַ דאַר שטיקל ברויט בדוחק״, „זונטיק בולבעס, מאָנטיק בולבעס...״, „טיי מיט ברויט און ברויט מיט טיי, ס׳איז אַ מאכל אַך און וויי״... איבער אָט די פאָרשטעלונגען איז אונדזער אַמאָליקע קאָנצעפּציע פון הונגער־נויט נישט אַרויסגעגאַנגען. פאַר די קינדער פון וואַרשעווער געטאָ וואָלטן אָבער אַזעלכע ווערטלעך געווען אַן אויסדרוק פון לוקסוס. יעדן טאָג קאַרטאָפל?! אַ גאַנצן טאָג הייסע טיי מיט ברויט, אפשר נאָך אמתע טיי מיט אמתן צוקער?!

איך האָב איינמאָל געטראָפן אין גאַס אַ ייִד אַ פּליט, אַ לאָדזשער וועבער. ער האָט אַהיימגעטראָגן אויף שבת פאַר זיך און זיין ווייב אַ האַלבן קילאָ ברוקווע און האָט מיר דערציילט, אַז „דער אייבערשטער האָט אים באַשערט אַ מציאה״ (אַזוי בפירוש האָט ער זיך פאַר מיר באַרימט) — אַ מציאה סך הכל פאַר 60 גראָשן... היינט לעבט שוין נישט דער ייִד, וואָס איז געווען אַ יונגער זיידע פון אַ מאָדנעם מיידעלע, אַ שטיק צייט אונדזערע אַן „אומזיסטע עסערין״, מיטן נאָמען טאָפּטשע.

הכּלל, היינט ווייסן מיר שוין גענוי וואָס עס הייסט „פּעכנען אויפן פּיסק.״ עס פעלט נישט קיין געלעגנהייט צו שטודירן דעם דאָזיקן פענאָמען אין יידישן קוואַרטאַל פון וואַרשע.

דעם ספּעציעלן קאָליר פון די באַקן, די בערגעלעך פון ביידע זייטן

נאָז, די טריבקייט פון די אויגן... איך קלער, אַז יעדער קיכן־פאַרוואַלטער איז געוואָרן אַ שטיקל ספּעציאַליסט אויף אָט דעם געביט.

הונגער איז איינער פון די פיר רייטער פון דער „אַפּאָקאַליפּסע". אַ נייעם פלאַוויאָ גאָיאַ וואָלט מען געדאַרפט האָבן דאָ ביי אונדז, ער זאָל פאַרצייכענען די גרויליקייטן פון דעם נייעם „יידישן קריג", וואָס דער גרויסער וואַנזין פירט מיט די קליינע קינדער פון דער פאַרמאַכטער שטאָט.

איך האָב נישט איין מאָל געהערט מענטשן וווּנדערן זיך אויף דער געדולד פון די הונגעריקע מאַסן. די פענצטער פון די שפּייז־געשעפטן אויף קאַרמעליצקע גאַס זענען פול מיט עסנוואַרג. עס ליגן דאָרט אויסגע־לייגט די פעטע גרויסע טשאַסטעס מיט די פאַרדעכטיקטע געפילעכצן, די שטויסן ברויט און חלה. עס פעלט נישט פון דעליקאַטעסן, פון אויבסט, כמעט ווי פאַר דער מלחמה. דערפאַר זעט מען זיי ליגן, ווייל קליין איז די צאָל פון די קונים. אויף די סטראַגאַנעס פון די באַזאַרן און פאַר די טויערן פון נאָוואָליפּיע, צי סמאָטשע, ליגן די נייע משונהדיקע, עקלהאַפטע עס־סחורות, צו וועלכע עס גאַרן די אויגן פון טויזנטער הונגעריקע מענטשן. און כאָטש אַזוי ווערן נישט אויסגעשלאָגן די שויבן פון די שפּייז־געשעפטן און בלויז געציילטע פאָר מאָל האָט געטראָפן, אַז אַן עולם האָט זיך געוואָרפן אין אַן ערב יום־טוב ראַבירן די סטראַגאַנעס. איך פאַרשטיי דעם פענאָמען. נישט די מורא פאַרן יידישן פּאָליציאַנט האַלט אָפּ די הונגעריקע מחנות פאַר אַקטן פון פאַרצווייפלונג. פאַרצווייפ־לונג און כעס זענען נאָך נישט די לעצטע מדרגה. דערצו זענען פעיִק אַרבעטסלאָזע, הונגעריקע — איידער זיי ווערן געשוואָלן. מיטן מאָמענט ווען זיי ווערן שוין — נאָך אַ לענגערער תקופה פון אונטערדערנערונג — געשוואָלן, טרעט ביי זיי אַרויס אַ פּסיכישע פאַרענדערונג. זיי ווערן אַפּאַטיש, פאַרזונקען אין אַ שרעקעוודיקער באַטראַכטונג פון זייער אייגענעם גוף.[5]

— אויפן לייב בין איך מאָגער — האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט מיט פאַרוווּנדערונג אַ יונגע פרוי, אַ פראַכט־עקזעמפּלאַר מיט שוואַרצע אויגן, געקרייזלטע האָר, אַ מאַמע פון הערלעך שיינע קינדער. — „דאָ ווער איך וואָס אַ טאָג אַלץ מאָגערער, און די פיס, די לידקעס צעוואַקסן זיך, ווערן וואָס אַ מאָל דיקער..." און אייגנטלעך ווייס איך נישט, וואָס זי האָט זיך נאָך געהאַט צו חידושן.

אַז דעם מאַן האָט זי שוין באַגראָבן און ביי איר ווונדער־שיינעם ייִנ־

געלע מיט פונקט אַזוינע פּרעכטיקע אויגן און ברעמען ווי אירע, פּאַלט דער קאַשקעט וואָס אַ טאָג אַלץ טיפער אַראָפּ איבער די אויגן...

אַ מענטש וואָס איז געשוואָלן געוואָרן איז בכלל שוין זייער שווער אָפּצוראַטעווען. דאָ גייט שוין נישט וועגן שטילן דעם הונגער ממש. דאָ גייט וועגן פעטס, וועגן רויי־אייבסט, צוקער. ווו זאָלן מיר עס נעמען פאַר די געשוואָלענע און פאַר די, וועמען מיר ווילן פאַרהיטן פון געשוואָלן ווערן? איז טאַקע נאָר די בלינדע צווישן אונדז רעדן זיך איין, אַז מיר קאָנען ראַטעווען יִדן מיט אַ זופּ..."

*

די אויבן אַרויסגעזאָגטע פּעסימיסטישע אָפּשאַצונג ציטירט רינגעל־בלום אין זיינע שריפטן פון דער אַרישער זייט. אַזוי האָב איך געטראַכט בשעת מעשׂה אין די טעג פון געטאָ.

איצט — מיט אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, טראַכט איך, אַז עס איז געווען לייכטזיניק פון מיין זייט צו לייקענען די ממשותדיקע נוצלעכקייט און די גרויסע לעבנס־וויכטיקע באַדייטונג פון דער קאָלאָסאַלער אַרבעט, וואָס איז געטון געוואָרן דורך דער נעץ פון פאָלקס־קיכן און פון קינ־דער־קיכן. אין דעם, וואָס הונדערט טויזנט פאַרציעס עסן איין מאָל אין טאָג זענען נישט געווען ביכולת צו לייזן די פראַגע פון מאַסן־הונגער און מאַסן־שטערבלעכקייט, איז נישט די קיכן־צענטראַלע און נישט די גאַנצע סאָציאַלע אַליינהילף נישט געווען שולדיק. מען דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן אַז די השפּעה פון די פאָלקס־קיכן אויף דעם אַפּראָוויזאַציע־מצב אין געטאָ איז געווען אַ ממשותדיקע. נישט מער, גלייך מיט דער מעכטי־קער נעץ פון שמוגל און פון עקאָנאָמישער צוזאַמענאַרבעט מיט דער פּוי־לישער באַפעלקערונג, האָט זיך איר השפּעה באַגרענעצט דער עיקר אויף די שיכטן און די קרייזן, וועלכע האָבן גענאָסן פון דעם וואַרעמען עסן אין די פאָלקס־קיכן אַלס צוגאָב צו געוויסע אַנדערע, קלענערע אָדער גרעסערע מעגלעכקייטן פון באַשפייזונג. איבערנעמען אַלע פונקציעס פון דערנערן צענדליקער, אויב נישט הונדערטער־טויזנטער נויטבאַדערפטיקע פליטים און פּרנסהלאָזע וואַרשעווער ייִדישע תּושבים, איז קיין שום סאָציאַלע הילפס־אינסטיטוציע, בפרט אין די אָקופּאַציע באַדינגונגען, בשום אופן נישט געווען אימשטאַנד.

דאָס וואָס די דייטשן האָבן צוגעטיילט פאַרן געטאָ אין דער ראַם פון זייערע ייִדישע חודש־סטאַנדאַרדן, האָט נישט געקלעקט אויף צו דער־

נערן אַ מענטשן אַפילו אין משך פון איין וואָך. מען דאַרף אויך דערביי געדענקען, אַז די מערהייט אין גאַנצן פּרנסהלאָזע, אויסגעוואָרצלטע משפּחות האָבן אַפילו אָט די נישטיקע צוטיילונגען נישט געקאָנט אויסקויפן, ווייל זיי האָבן אַפילו די גראָשיקע פּרייזן נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. בנוגע זייער פאַרזאָרגונג זענען אַזוי אַרום אונדזערע אינסטיטוציעס, ביי זייערע גרעסטע אָנשטרענגונגען, געווען מאַכטלאָז. דאַקעגן האָט זייער אַקטיוויטעט, צוזאַמען מיט די ביז גאָר וויכטיקע ספּאָנטאַנע פאַקטאָרן פון שמוגל און אומלעגאַלן האַנדל בייגעטראָגן דערצו, אַז אין וואַרשעווער געטאָ האָבן דאָך ביי אַ דריי פערטל פון דער באַפעלקערונג די ערשטע צוויי און אַ האַלב יאָר אָקופּאַציע אַדורכגעהאַלטן.

אויב ביז זומער 1942 האָבן זיך אין געטאָ וואַרשע — לויט דער דייטשער סטאַטיסטיק — אויפגעהיט איבער דריי הונדערט פופציק טויזנט יידן איז דאָס געווען אַ רעזולטאַט פון דער מעכטיקער אָרגאַניזאַציע־קראַפט, לעבנס־ווילן און חכמה, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט סיי אין די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, סיי אין די ספּאָנטאַן־אויפגעקומענע כוחות פון ציווילן ווידערשטאַנד.

סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער פּוילישער זייט זענען אויפגעקומען גרופּן און גאַנצע חברות פון הענדלער און שמוגלער, וועלכע האָבן דורכגעבראָכן אַלע גזרות און פאַרבאָטן, נישט גערעכנט זיך מיט קיין שום סכנות און קרבנות, וואָס זענען געפאַלן יעדן טאָג פוןביידע זייטן געטאָ־מויער און האָבן פאַרזאָרגט דאָס געטאָ מיט אַלדאָס נייטיקע צום לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען מצד די יידישע און פּוילישע הענדלער און שמוגלער אַן אַקט פון זעלבסטדערהאַלטונג, אַ פראַגע פון פּרנסה. פאַר די געשמוגלטע סחורות האָט מען געצאָלט אַ סך געלט, אָבער דאָס האָט נישט פאַרמינערט זייער גרויסע באַדייטונג פאַרן דערהאַלטן ביים לעבן אַ גרויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די דייטשע מושלים זענען נישט געווען געוווינט נישט צו אַזעלכע יידן, נישט צו אַזעלכע קריסטן (אויך נישט אין זייער אייגענעם רייך). האָבן זיי זיך געוווּנדערט, הלמאַי דער פּראָצעס פון אויסראָטן די יידישע באַפעלקערונג מיט דער הילף פון זייערעווירטשאַפטלעכע, אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליצייישע גזרות, גייט צו אַזוי לאַנגזאַם. איז גיכן האָבן זיי געזאָלט אַריבערגיין צו מער „עפעקטיווע" מאָסמיטלען.

נישט געקוקט אויף דעם אַזוי מוראדיק־טראַגישן סוף, סיי פון די אָרגאַניזאַטאָרן סיי פון די געניסערס פון דעם אַפּראָוויזאַציע־שמוגל; נישט

געקוקט אויף אַלע באַוואָרענישן און מיינע אייגענע, אָפּטע פּעסימיסטישע אויספירן בנוגע די רעזולטאַטן פון דער הילפס־אַרבעט, דאַרף מען פעסט־שטעלן אַז זי איז געווען אַן אויסדרוק פון אַ ריזיקן אָנשטרענג פון די געזעלשאַפטלעכע און אויך פּריוואַט־לאָקאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציעס — אַ דורכויס פּאָזיטיווע דערגרייכונג אין מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן זין. אויך דער שמוגל און דער האַנדל זענען געווען דער רעזולטאַט פון אַן אויסערגעוויינלעכן דינאַמיזם און מוט מצד ברייטע שיכטן פון דער יידי־שער (און אויך פּוילישער) באַפעלקערונג, וועלכע האָבן זיך נישט גע־לאָזט דערדריקן און פּאַראַליזירן אין זייער גראַנגל פאַרן קיום.[6]

## 8. אַדאָלף ווי היטלער, בונד ווי פעלקער־בונד...

אַזוי פלעגט ער זיך — מעשׂה שפּאַס — פאָרשטעלן אין דער ערשטער צייט. פון וואַנען ער האָט זיך גענומען אין וואַרשע, געדענק איך נישט. ער האָט געשטאַמט פון ווין — אַן אַנטלאָפענער, צי דעפּאָרטירטער, אפשר מגולגל געוואָרן אַהער דורך זבאָנשין.

ער האָט געקאָנט זיין קרוב צו די דרייסיק. נישט קיין הויכער, מיט אַ געשיקט פיגורל, אַ ווינער „הערכען" מיט אַ געלאָקט טשופּרינעלע — נאָך ריין, נאָך געפלעגט, מיט אַ העפלעך שמייכעלע אויף די ליפּן. ער איז אָנגעקומען צו אונדז קורץ נאָך דעם, ווי ער האָט פאַרצערט די לעצטע צענער־זלאָטעס פון דעם, וואָס ער האָט אָפּגעלייזט פאַר זיין דיקן, גאָלדענעם ירושה־זייגער, וועלכן ער האָט באַוויזן אויפצוהיטן ביז פּוילן. ער האָט זיך פאַרזאָרגט אַ לעגיטימאַציע און געוואָרן אַ קאָנסומענט פון אונדזער קיך. ער פלעגט אויסקויפן אַ צעטל און עסן די זופּ ביים טיש, שמועסן מיט די אַנדערע קאָנסומענטן פון דייטשלאַנד. ווען אויך די איינצלנע זלאָטעס האָבן געהאַלטן ביים אויסגיין, האָט ער זיך איבערגערוקט פון פראָנט־זאַל צו דער ריי נעבן דער קיך־שטוב, אָנגעהויבן צו נעמען זיין זופּ אין אַ באַנקעלע פון קאָנסערוון, איבערגעהאָנגען איבערן אָרעם אויף אַ שטריקעלע. גלייכצייטיק האָט ער אויך אָנגעהויבן — עפּעס ווי אין שפּאַס — מאַכן באַמיִונגען צוצוציִען מיין אויפמערקזאַמקייט. מסתּמא האָט אויך ער זיך איינגערעדט, אַז ווען איך וויל, קאָן איך עפּעס אויפטון פאַר אים. נאָכן אָפּעסן זיין פּאָרציע האָט ער נישט אָפּגעטרעטן פון קאָרידאָר, געלעזן שטייענדיק אונטער דער וואַנט אַן אַלט שטיקל דייטשע צייטונג און געדולדיק געוואַרט ס'זאָל זיך ענדיקן דער גרויסער יאַריד, כּדי אין פאַרבייגיין אָנצוקניפּן מיט מיר אַ געשפּרעך.

דער שׂכל האָט אים דיקטירט, אַז אַרומגיין און וויינען אויף זיין מצב, פירט נישט צו קיין צוועק. האָט ער זיך באַמיט אויפצוהיטן דעם אָנשטעל פון אַ פרייען געשפּרעך, אַ קאָנווערסאַציע, וואָס מען פירט זיצנדיק אין אַ קאַפע־הויז, אָדער פּאָרנדיק אין דער באַן. איינמאָל האָט ער זיך אָנגענומען מיט קוראַזש, אָנגעקלאַפּט אין טיר פון דער קאַנצעלאַריע און געפרעגט צי קאָן ער מיך עפּעס פרעגן. — באשר בכן — ער האָט געהערט, אַז איך פלעג פאַר דער מלחמה שרייבן אין די צייטונגען, וואָלט ער איצט

געוואָלט הערן פון מיר אַ מיינונג, בנוגע דעם מצב אין דייטשלאַנד. ס׳מוז דאָך געפונען ווערן אַ דעפיניציע — ניכט וואַר? וואָס קומט דאָ פאָר?

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער האָט געלייענט אַמאָל ערנסט העקעלס „וועלט־רעטזעל״, האָט ער געוואָלט דערגיין דווקא צו אַ „נאַטור־וויסנשאַפטלעכער״ דערקלערונג פון דער פראַגע, ווי אַזוי האָט עס געקאָנט געשען, אַז היטלער מיט זיינע פאַראַנאָישע פיקס־אידעען, זאָל אויפקומען אין אַ לאַנד פון די גרעסטע פילאָסאָפן און געלערנטע און ווערן מיט זייער הילף דער הערשער פון גאַנץ אייראָפּע?!

— ס׳טייטש, אין 20סטן יאָרהונדערט זאָל אַזוינס קאָנען געשען! — יעדער צווייטער, דריטער יִדישער פּליט פון דייטשלאַנד האָט כּסדר גע־האַט צו טון מיטן צוואָנציקסטן יאָרהונדערט.

ער האָט זיך אַריינגעהעצט אין אַ העכערן טאָן, געדרשנט מיט פּאַ־טאָס, שטייענדיק אין מיטן צימער, און איך האָב דערפילט, אַז אונטער אָט דעם טעקסט איז פאַראַן אַן אונטערטעקסט.

— הער בונד, — האָב איך צו אים געזאָגט — אַנטשולדיקט מיר. דאָ דאַרף באַלד עמעצער קומען צו מיר. אפשר קאָנט איר מיר עפּעס זאָגן וועגן אייער פּערזענלעכער לאַגע?

ווי ער וואָלט נאָר אויף דעם געוואַרט, האָט ער מיך מיט דער זעלבער הייסער אינטאָנאַציע געגומען איבערצייגן, אַז אים איז כּדאַי צו ראַטעווען, אַז ער האָט קיין עין הרע („אונבערופן״) צו וואָס צו לעבן. ווי נאָר היט־לער שטעלט אַרויס אַ פוס פון ווין, וואַרט אויף אים דאָרט אַ פאַרמעגן. זיינע גאָטזעליקע עלטערן זענען אַנטלאָפן פון גאַליציע אים יאָרע 1914, געבליבן אין ווין. דער פאָטער דער אורמאַכער, האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, געהאַט אַ גוט־גייענדעס יובּילירגעשעפט אין 2טן באַצירק. נאָך היטלערס אַריינמאַרש איז דער פאָטער שווער קראַנק געוואָרן, אַוועק פון דער וועלט. די גאָטזעליקע מוטער איז נאָך פאַר דעם געשטאָרבן. אין יובילירלאַדן איז געבליבן אַ קאַטויילישער שותּף, אַן „אָנשטענדיקער קריסט״ און ער מאַכט גוטע געשעפטן. ווען עס וועט קומען דאָס, „ווי האַלט מען שוין דערביי״, וועט ער נישט האָבן קיין שוועריקייטן צוריקצובאַקומען, ווען אויך טייל־ווייז, זיין פאַרמעגן. אַ כּלה האָט ער אויך שוין געהאַט. ווען מען האָט אים דעפּאָרטירט, איז זי געבליבן אין ווין און איצט באַקומט ער שוין נישט פון איר קיין בריוו. אָבער די דאגה — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ מין הומאָריס־טישע באַטאָנונג — מעג אים בלייבן אויף נאָך דער מלחמה.

בונד האָט זיך עלעגאַנט מיט מיר אָפּגעזעגנט, געבעטן כ׳זאָל אויף

אים נישט האָבן קיין פּאַראיבל. ער האָט געוואָלט נישט מער, איך זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז ער האָט זיך צו וואָס צו ראַטעווען...

*

די וואָכן זענען געגאַנגען. בונד האָט שוין געוווינט אין אַ פּליטים־פּונקט. ער האָט ביי אונדז באַקומען די זופּ מיטן צעטל, צי אָנעם צעטל, און וואַרשיינלעך האָט ער אויך דאָרט באַקומען איין זופּ אַ טאָג. אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך דערוווּסט, אַז לויט עפּעס אַ פּריוואַטער איני־ציאַטיוו האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגעבן פֿאַר אַ גרופּע „דעקלאַסירטע אינטעליגענטן" אַ מין צוגאָב־פֿרישטיק, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ גלאָז הייסע ערזאַץ־טיי מיט געלן צוקער, און מיט 50 גראַם ברויט. האָב איך מיט דער הילף פֿון דאָקטער ווייסבערג, דעם דירעקטאָר פֿון די פּליטים־פּונקטן — אויך בונדן אַרויפגעשטעלט אויף דער רשימה פֿון אָט די דעקלאַסירטע. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זיך מיר איינגעגעבן ביי אַ געלעגנהייט צו דערליידיקן פֿאַר בונדן אַ פּעקל טרוקענע פּראָדוקטן. דאָס איז שוין אָבער געווען אַלץ וואָס איך האָב געקאָנט פֿאַר אים טון. ווען ער האָט אין אַ צייט אַרום ווידער אָנגעהויבן וואַרטן אויף מיר אין קאָרידאָר, האָב איך אים איינמאָל פֿון דער ווייטן מיט אַ זשעסט פֿון די הענט מרמז געווען, אַז מער קאָן איך גאָרנישט אויפטון. פֿון דעמלט אָן האָט ער אויפגעהערט אויף מיר צו „לויערן". ער האָט נאָך, זעט אויס, פֿאַרמאָגט געזונג ווילן און בושה נישט צו דערפֿירן דערצו, אַז איך זאָל אים דאַרפֿן אויסמיידן.

איינמאָל איז ווער אַרויפגעקומען און דערציילט, אַז בונד שטייט אין טויער פֿון באַזאַר אויף לעשנאָ 42 און האַנדלט מיט אונדזערע זופּן־צעטלען. וואָס הייסט צעטלען? ער האָט דאָך סך־הכּל אַ לעגי־טימאַציע אויף איין צעטל — האָב איך זיך פֿאַרוווּנדערט. איך האָב אָבער אייגנטלעך גוט געוווּסט אַז מיט אונדזערע צעטלען ווערן גע־טריבן פֿאַרשידענע קאָמבינאַציעס. דער פּרייז פֿון 20 גראָשן פֿאַר אַ צעטל אויף אַ זופּ, וואָס איז ווערט געווען מער ווי אַ זלאָטע, האָט פּראָ־וואָצירט די אָרעמע מענטשן צו פּרוּוון אויף דעם וועג עפּעס צו פֿאַרדינען. אָפּהענגיק דערפֿון וואָס מיר האָבן אין דעם געגעבענעם טאָג געקאָכט, האָבן די זופּן געהאַט אַ העכערן אָדער קלענערן קורס. דערהערנדיק, אַז עס איז דאָ אַ זופּ מיט פֿאַסאָליעס, האָבן קאָנסומענטן אויסגעקויפט צעטלען אויך אויף מאָרגן, אָן גרעסערע שוועריקייטן איבערגעמאַכט די דאַטע און פֿאַר־

קויפט די צעטלען לויט דעם העכסטן קורס. דערפון האָבן זיך געמאַכט סי־טואַציעס, אַז עס האָבן פאַרפעלט זופּן פאַר די שפּעטערע אָפּנעמער. מיר האָבן צוליב דעם געהאַט גרויסע אַוואַנטורעס, זיך געכאַפּט אויף דעם טריק און אויפגעהערט צו פאַרקויפן צעטלען אויפן מאָרגנדיקן טאָג. די זעלבע פּראָבלעמען האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט אויך אַנדערע קיכן און די קיכן־צענטראַלע האָט דורכויס געפאָדערט מיר זאָלן די דאָזיקע „מיס־ברויכן" נישט טאָלערירן. מען האָט אונדז געהייסן אָפּנעמען די לעגיטי־מאַציעס ביי די הענדלער מיט זופּן־צעטלען.

איך האָב בונדן געשיקט רופן און אַרום דריי אָדער פיר נאָך מיטאָג האָט ער זיך באַוויזן. איך האָב אים געהייסן מכבד זיין מיט אַ זופּ פון דעם טאָפּ עסן, וואָס איז געשטאַנען רעזערווירט פאַר די קאָנסומענטן, וואָס זע־נען שפּעט אַהיימגעגאַנגען פון דער אַרבעט. ער האָט זיך שיין באַדאַנקט און זיך אָפּגעזאָגט צו עסן.

— שפּירען זי זיך באַליידיקט, הער בונד? — האָב איך אים געפרעגט און האָב אים אָנגעהויבן געבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס וואָס ער טוט, האָט נישט קיין זין; אַז דאָס געשעפט לוינט זיך נישט; אַז קיין שום זאַך וואָס ער קויפט פאַרן אָפּגעלייזטן געלט, קאָן נישט האָבן קיין גרעסערן דער־נערונגס־ווערט, ווי די זופּ. איך האָב גערעדט און גערעדט, ביז איך האָב זיך פלוצים געכאַפּט, אַז ער שווייגט און די ווערטער האָבן מיר אָנגעה־הויבן וויאַגען אויף די ליפּן.

— גנעדיקע פראַו, אָבער שאַוען זי מיך אַן! — האָט ער ענדלעך אויס־געשטאַמלט.

איך האָב אים אָנגעקוקט. ער האָט מיט די גראָבע פינגער פוןביידע הענט אַ קוועטש געטון די באַקן אונטער די אויגן און ווען ער האָט זיי אַראָפּגענומען, זענען געבליבן אויפן פּנים צוויי גריבלעך, וועלכע זענען נישט אַזוי שנעל פאַרשוווּנדן. אין זיינע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ פונק פון איראָניע און בייזער סאַטיספאַקציע. ווי איינער רעדט: נאַ, זע, דאָס איז אייער הילף...

סיי די פינגער, סיי די קישעלעך אונטער די אויגן האָבן גערעדט קלאָ־רע דיבורים: געשוואָלן! אַ געשוואָלענער טאָר מער נישט עסן קיין פלי־סיקס. ער איז מיר איצט מוחל מיינע זופּן און מיין פריינדלעכן מוסר. ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ: — זי האַבען רעכט, זי האַבען רעכט, קיס די האַנט, גנעדיקע פראַו...

*

אַ שטיקל צייט האָב איך ווידער בונדן נישט געזען. ס׳איז שוין געווען ערב פרילינג. ס׳האָבן זיך שוין אַדורכגעוואָרפן וואַרעמע טעג.

גייענדיק איינמאָל איבער לעשנאָ, האָב איך פּלוצים אים דערזען פון דער ווייטנס. זעט אויס, אַז ער האָט אויך מיך באַמערקט, אָבער ער האָט מיך נישט באַגריסט, נישט צוגעאײַלט די טריט זיך צו באַגעגענען מיט מיר. ער האָט זיך געטון אַ דריי צווישן מענטשן און זיך צוגערוקט צו דער וואַנט פון נאָענטסטן הויז. דאָס איז געווען דאָס גרויסע טאָפּל־הויז 54/52. בונד איז געווען אין גאַנצן באָרוועס. זײַנע קליינע, כמעט קינדישע פיס, זענען געווען טויט־ווײַס, ווי אויפגעפירן, געמאַכט פון טייג. באַשפּריצט מיט בלאָטע פון דעם טײַענדיקן שניי.

די זאַך האָט מיר אַ שטאָך געטון אין האַרצן. ס׳האָט מיך אַ טרייב געטון צוצולויפן צו אים. איך האָב פיבערדיק אַ טראַכט געטון, וואָס פאַר אַ נייעם אָנשטרענג וואָלט איך נאָך געקאָנט מאַכן פאַר זײַנעטוועגן אין אָט דער סיטואַציע. ביז איך בין דערגאַנגען צום טויער פון דעם טאָפּלט־הויז, איז ער נעלם געוואָרן. מעגלעך, אַז ער האָט מחמת דעם געשווילעכץ נישט געקאָנט מער אַרויפציִען אויף די פּיס זײַנע שיך. עס קאָן אָבער אויך זײַן, אַז ער האָט זיך ווידער געלאָזט פאַרפירן פון דער פּוסטער האָפענונג אָנצוהייבן עפּעס אַ מסחר מיט דעם געלט וואָס ער וועט אָפּלייזן פאַר די פּאָר שקראַבעס, און ווען ער האָט דערפילט אין האַנט די פּאָר זלאָטעס, האָט ער נישט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון און זיי אויסגעגעבן אויף אַ לאַבן ברויט. געוואָלט זיך אָנעסן צו דער זעט מיט „קאָנסטאַנטער" שפּײַז.

אַ נייער פרילינג איז געגאַנגען...

ער איז פאַר מיר אַנטלאָפן, ווייל אפשר האָט ער זיך פאַר מיר געשעמט צו ווייזן שוין אַ באָרוועסער, אַ בלאָטיקער, אַ נישט געגאָלטער. און אפשר האָט ער כּלל נישט געוואָלט מיט מיר שמועסן, הערן נאָך אַ מאָל מײַנע אומזיסטע רייד.

אַדאָלף ווי היטלער, בונד ווי פעלקערבונד...

# 9. משפחות

רירנד, שיין און טרויעריק, זענען געווען די באַציִונגען פון ליבשאַפט און געטריישאַפט, וואָס האָבן זיך אויפגעהיט ביי געוויסע משפחות אין מיטן פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז מיט זיי געשען.

איך דערמאָן זיך וועגן די ברידער מאַלאָוואַנטשיק־פּערלמוטער. איך געדענק נישט פון וואָס פאַראַ שטעטל זיי זענען געווען. אַחוץ דעם, וואָס מען האָט זיי אַרויסגעריסן פון זייערע היימען, זיי עוקר מן השורש גע־ווען פון זייערע פאַכן און פרנסות, האָט מען זיי נאָך אויפן וועג, בשעת דעם טרייבן זיי צופוס קיין וואַרשע, באַריסן און באַרויבט פון די לעצטע רעשטן פאַרמעגן, בגדים, אפשר אויך עפּעס צירונג און געלט, וואָס זייע־רע פרויען האָבן אויף זיך געטראָגן; געהייסן זיי יאָגן אין טעמפּאָ פון די פּאָליציישע מאָטאָציקליסטן, דורך וועלכע זיי זענען געוואָרן באַגלייט און דערפירט דערצו, אַז זיי האָבן אַליין געמוזט אַראָפּוואַרפן פון זיך די פּעק וואָס זיי האָבן געשלעפּט אויף זייערע פּלייצעס. איין פאַרמעגן האָבן זיי אָבער באַוויזן צו ברענגען מיט זיך ביז וואַרשע — אפשר אויך שלעפּנדיק און טראָגנדיק אָט די לאַסט אויף זייערע פּלייצעס: זייער אַלטן, בלינדן פאָטער. דער פאָטער פלעגט צו אונדז אין קיך נישט קומען. האָבן בלויז די זין דערציילט מיר וועגן אים, מסתּמא געבעטן פאַר אים אַ צו־גאָב־זופּ און דערביי קיין איינציק מאָל נישט פאַרגעסן צוצוגעבן: „דער טאַטע ביז הונדערט און צוואַנציק".

דער אָרעמער, בלינדער ייִדישער פאָטער, וועלכער איז געווען רייכער פון דעם קעניג ליר...

*

איך געדענק אַ פרוי פון אַן עטלעכע און דרייסיק יאָר, וועלכע האָט זיך באַוויזן אין אונדזער קיך אין איינעם מיט יענער גרופּע „דעמבענער ייִדן", וועלכע איך האָב שוין איין מאָל דערמאָנט. זיי האָבן ביי אונדז בלויז איין מאָל געגעסן, ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע. שפּעטער־האָט מען זיי מסתּמא איינגעאָרדנט אויף עפּעס אַ פּליטים־פּונקט, אפשר אָרגאַניזירט פאַר זיי דאָס ברענגען אַהין דעם קעסל זופּ. די פרוי איז גע־ווען אַרומגערינגלט מיט 4 קינדער, איינס קלענער פון אַנדערן. די גרעס־

טע אויפמערקזאַמקייט אירע איז געווען געווענדט אויפן פינפטן, דעם סאַמע קלענסטן, וואָס איז אפשר נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען. דאָס פּיצל איז געזעסן ביי איר אויפן אָרעם און זי האָט עס געהאַלטן צוגעטו־ליעט צו איר האַרץ און גערעדט מיט אַ מין ספק פרייד, ספק טרויער:

— אָדם אַ מענטש! אויך מיר אַ וואַנדראָווניק, אַ פּליט, אַן אַרויסגע־טריבענער... אָדם אַ מענטש!... זי האָט אַרומגענומען דאָס קינד מיט אַ קוויטש און מיט אַ לאַך, אַרויסגעשלעפּט די ברוסט און אים אַריינגע־שטופּט אין פּיסקעלע.

— ער הערט די וועלט ווי די קאַץ — ער האָט וואָס צו עסן!

די הייסע מאַמע איז נעבעך געווען זיכער, אַז פאַר אים דאַרף זי נישט זאָרגן. זי האָט נאָך געפילט אין איר ברוסט אַ שפע.

מער זענען די ייִדן צו אונדז נישט געקומען, אָבער אין אַ צייט אַרום האָב איך די פרוי דערזען אויף לעשנאָ שפּאַנען מיט איר גאַנצער טשע־רעדע. עמעצער האָט איר, ווייזט אויס, געשענקט אַ קינדער־וועגעלע. האָט זי אַרויפגעזעצט אויף אים נישט נאָר דעם סאַמע קלענסטן, נאָר אויך צוויי גרעסערע פון אים, וואָס זייערע פיסלעך האָבן אַראָפּגעהאָנגען פון וועגעלע, בשעת די צוויי נאָך גרעסערע האָבן געשפּאַנט פוןביידע זייטן ווי אַן עסקאָרט. זי האָט האָפּערדיק געשטופּט דאָס וועגעלע פאָרויס ביים אַריבערגיין די גאַס און פון איר אָרעם האָט אַראָפּגעהאָנגען אַן אָפּן קיישל אין וועלכן זי האָט געהאַלטן עפּעס אַ סחורה צום פאַרקויפן, אָבער אויך גענוצט עס אויף די מטבעות וואָס מענטשן האָבן איר צוגעוואָרפן. נישט געקוקט אויפן געדראַנג און אויף די מאַסן אַנדערע בעטלערס, וואָס האָבן פאַרפלייצט די גאַס, האָט די קאַראַוואַנע אַרויסגערופן רחמנות ביי די דורכגייער. מען האָט איר אָפּגעטרעטן דעם וועג און זיך אומגעקוקט נאָך איר. אירע גדיכטע, געקרויזטע האָר, אירע הענט מיט די פאַרקאַטשעטע אַרבל, האָבן זיך בולט אַרויסגעזען פון צווישן דעם עולם שוין געלע און אָפּגעמאָגערטע בעטלער. פון איר פּנים, פון איר ענערגישן גאַנג האָט געזעצט אַ פלאַם, אַ כוואַליע פון האָפענונג און בטחון. זי איז געווען זיכער אין דעם נצחון פון איר גערעכטער זאַך.

מער האָב איך זי נישט געזען און איך קאָן נאָר דאַנקען גאָט, וואָס עס איז מיר מער נישט אויסגעקומען זי צו זען מיט איר חברה, מיט איר האַלבן מנין קינדער — מיט עטלעכע חדשים שפּעטער.

*

און נאָך דערמאָן איך זיך וועגן אַ משפחה פון דריי שוועסטער מיטן נאָמען קאָברינער, וואָס האָבן אַרויסגעטראָגן פון זייער היים, פון זייער חורבן אַ שיין באַלעבאַטיש אַלומיניום־טעפּל. קודם איז געקומען יעדן טאָג איינע פון די שוועסטער אָפּנעמען די זופּ פאַר אַלע דריי. אפשר האָבן די אַנדערע שוועסטער ערגעץ ווו געאַרבעט. איך האָב תחילת נישט געהאַט מיט דער משפּחה קיין שום נאָענטערע באַקאַנטשאַפט. ערשט מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער בערך איז צוגעקומען צו מיר אַ פרוי מיט אַ צעטל און מיטן טעפּל: — „מיין שוועסטער איז קראַנק" — האָט זי מיר דערציילט. דאָס איז געווען נאָך פאַרן איינפירן דאָס געטאָ. אונדזער קיך האָט נאָך אַרויסגעגעבן סך הכל אַ 5—6 הונדערט זופּן אַ טאָג. די טיילערין פון די זופּן — פריילין האַלינע, האָט געקענט אַלע קאָנסומענטן, זיי אַנטקעגנגעטראָגן אַ שמייכל, אַ היימיש וואָרט, געוווּסט זייערע ענינים און צרות. געפרעגט די „נייע" שוועסטער וועגן געזונט פון דער עלטערער.

און אַזוי אַ שוועסטער נאָך אַ שוועסטער. אין אַ צייט אַרום האָט מיך האַלינע אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז אין דער קאָלייקע נאָך דער זופּ שטייט שוין די דריטע שוועסטער. אויך די צווייטע האָט שוין נישט קיין כּוח צו קומען. בלויז דאָס טעפּל האָט זיך געהאַלטן. פּונקט אַזוי ריין געשייערט, מיט אַ ווייסן גלאַנץ. אַ טעפּל, וואָס האָט דערציילט אַ גאַנצן באַנד וועגן אַ לעבנס־נוסח, וועגן אַ ריינער שטוב, וועגן דער בכּבודיקער ירידה פון נאָך איין יידישער משפּחה...

# 10. מענטשן און קעסלען

אַט די פּרשה שרייב איך אין חודש יאַנואַר 1972. בערך 31 יאָר זענען פֿאַרגאַנגען זינט איינעם אַ פֿאַרטאָג, ווען איך האָב זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, אַנגעצונדן אַ לעמפּל און נישט אויפֿהייבנדיק דעם שוואַרצן פֿאַר־פּיר־ראָלעט פֿון דעם איינציקן פֿענצטער אין דעם צימערל, אויף לעש־נאָ 66, וווּ איך האָב געוווינט — און צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן שרייבן וועגן אונדזער קיד. איך בין שוין היינט אפֿשר נישט מער ווי אַ שאָטן פֿון יענער יונגער פֿרוי, וועלכע האָט אָנגעוואָרפֿן און טיילווייז אויסגעפֿירט דעם ערשטן קאָנספּעקט פֿון דער „מאָנאָגראַפֿיע פֿון אַ פֿאָלקס־קיד”, וואָס איך האָב זיך אונטערגענומען צוצושטעלן פֿאַרן געהיימען אַרכיוו אין דער ראַם פֿון דעם קאָנקורס „צוויי יאָר געטאָ”. דער יאָרטאָג פֿון איינפֿירן אין וואַרשע אַ געטאָ איז אויסגעפֿאַלן דעם 15טן נאָוועמבער 1942. אין צווישן איז אָבער פֿאָרגעקומען די ערשטע גרויסע גירוש־אַקציע און דעם 27סטן יולי 1942, אויפֿן 6טן טאָג פֿון דער אַקציע, האָב איך אָוועקגעגעבן די שוין רעדאַגירטע, אין איינעם מיט די בלויז סקיצירטע, טיילן פֿון דעם מאַנוסקריפּט צו באַהאַלטן און אין אָט דעם מצב האָב איך אים נאָכן אויסגראָבן די ערשטע גניזה פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו אין חודש סעפּטעמבער 1946 אָפּגעוווּנען צוריק. געניצטער גערעדט איז דער אָריגינאַל געבליבן אין יידיש-היסטאָרישן אינסטיטוט און איך האָב אין יאָר 1950 געבראַכט קיין ישׂראל בלויז אַן אָפּשריפֿט פֿון אָט דעם כּתב־יד און ערשט איצט איז געקומען די צייט ער זאָל דערשיינען אין דרוק.

דאָס מאָנטירן און רעדאַגירן אויף ס'ניי די שוין פֿאַרטיקע קאַפּיטלען פֿון דער מאָנאָגראַפֿיע איז נישט געווען קיין שווערער פּראָבלעם. איך קאָן שוין אָבער איצט פֿאַרזיכערן דעם לייענער, אַז אויך די קאַפּיטלען, וועלכע זענען פֿאַראַן אין דער אָפּשריפֿט פֿון אָפּגעווינענעם ברוליאָן בלויז אין דער פֿאָרעם פֿון ראשי פּרקים, טיטלען, נעמען פֿון מענטשן — האָב איך אין אַ וואָכן־לאַנגער שווערער אַרבעט באַוויזן צו רעקאָנסטרויִרן אין זייער פֿולן פֿאַרנעם.

וואָרעם ביז גאָר אויסטערליש איז דער כּוח פֿון דעם מענטשלעכן זכּרון. דער מוח איז דער סאַמע פּערפֿעקטער קאָמפּיוטער, וואָס גאָט אַליין האָט אים קאָנסטרויִרט און אויב מען שפּאָרט נישט קיין מי און אויסדויער,

קאָן מען אויך נאָך צענדליקער יאָרן אַרויסציִען פון זיינע פאַרהוילענע ספּיראַלן די אַלע מיקראָסקאָפּישע פאַרצייכענונגען פון ידיעות און עמאָ־ציעס, וואָס זענען אויף זיי געוואָרן פאַרמערקט. מען דערזעט און מען דערפילט ביי אַ נייס דאָס, וואָס מען האָט מיט יאָרן צוריק געזען, געפילט, איבערגעלעבט. היינט ווער שמועסט, ווען אָט די פסיכישע אינהאַלטן זענען אין משך פון די אין צווישן פאַרגאַנגענע יאָרן געוואָרן נאָך און נאָך אַ מאָל אין דעם זעלבן „קאָמפּיוטער" איבערגעקאָכט און אויסגעקריס־טאַליזירט, פאָרמולירט און פאַרצייכנט אין אַנדערע קאָנטעקסטן...

צו אָט דעם מין געהערן די קאַפּיטלען וועגן דער אינערלעכער אַר־בעט אין דער קיך און וועגן די מענטשן, מיט וועלכע עס איז מיר דאָרט אויסגעקומען צוזאַמען אויסצוטראָגן און מיטצולעבן די דראַמעס און טראַ־געדיעס, די טאָג־טעגלעכע מי און מאַטערניש פון יענע טעג.

*

די סאַמע ערשטע, וואָס איז צוגעשטאַנען אויף סטאַביל צו מיין אַרבעט אויף לעשנאָ 40 איז געווען אַן עלטערע פריילין מיטן נאָמען האַלינע געלבבלום. זי איז געווען אַן אמתע „וואַרשאַוויאַנקע", געבוירן און דערצויגן אין וואַרשע. געגאַנגען אין דער שולע אפשר נאָך אין די רוסי־שע צייטן, האָט זי זעט אויס מיטגעמאַכט אויך עפּעס אַ האַנדלס־קורס און געהאַט אַ ביסל אַלטמאָדישע באַאַמטישע דערפאַרונג. איידער זי האָט באַקומען ביי אונדז די באַשעפטיקונג, האָט זי אין די ערשטע וואָכן פון דער אָקופּאַציע אַ ביסל צוגעהאַנדלט מיט גאַלאַנטעריע. זי האָט געוווסט די קוועלן, ווו מען האָט אין יענע טעג, אין פּריוואַטע דירות, געקאָנט באַקומען יעטווועדע נייטיקע זאַך. האָט זי אונדז באַקליידט מיט אַ „קאַנ־צעלאַריע", אָוועקגעשטעלט אויף מיין טיש אַ קאָמפּלעט שרייב־מכשירים און צווישן זיי, צו מיין פאַרוווּנדערונג, אויך אַ רעכן־געשטעל מיט רויטע און שוואַרצע גאַלקעס.

איך אַלס גאַליציאַנערין בין נישט געוווינט געווען צו זען אַזאַ חפץ אויף אַ שרייב־טיש און כ'האָב זיך מסתמא קיין איינציק מאָל נישט באַ־נוּצט דערמיט, אָבער וויפל מאָל איך זאָל עס נישט האָבן אַראָפּגערוימט און פאַרשטופּט אין עפּעס אַ ווינקל, האָב איך עס אויף צומאָרגנס ווידער געפונען אויף מיין טיש.

די אינסטרוקטאָרינס פון דער קיכן־צענטראַלע זענען געווען צופרידן וואָס ביי אונדז האָט זיך באַוויזן אַזאַ מין „קראַפט", מיט וועלכער זיי

האָבן געקאָנט געפינען אַ בשותפותדיק לשון בעסער ווי מיט מיר. האָבן זיי פאַר אונדז באַשטימט אַ סומע געלט אויף אינערלעכער איינריכטונג. אַחוץ דעם ביוראָ פאַר דער „קעראָוניטשקע″ אין איינעם פון די שמאָלע צימערן פון אונדזער לאָקאַל, איז אויך אויפגעקומען אַ פאַרשלאָסענער מאַגאַזין אויף פראָדוקטן, אין וועלכן האַלינע איז געווען די ערשטע בעל־הביתטע. מיר האָבן באַקומען פון דער צענטראַלע אַ גרעסערע וואָג און אַ טיש־וואָג. האַלינע האָט געברענגט אין קיך איר ברודער, אַ מעכאַניקער און אַזוי לאַנג מיט אים קאָמאַנדעוועט, ביז ער האָט געבראַכט צו שלעפן אַ ביסל שוין גענוצטע ברעטער און די צוויי לענגערע ווענט פון דעם שמאָלן צימער באַקלאַפט מיט פאָליצעס. אין איין עק האָט אויך האַלינע איינגעפירט אַ מין שאַנק, פאַרהאָנגען מיט אַן אימפראָוויזירטן פאָרהאַנג. איבעווייניק האָט זי אויסגעסדרט אויף האָקנס דאָס ערשטע ביסל ווייסע פאַר־טעכער און אַרבעט־כאַלאַטן פאַר דער קעכין און די אַנדערע מיטאַרבע־טער פון אונדזער ביסלעכווייז אַנוואַקסנדיקן פערסאָנאַל. האַנטעכער און „שטשערקעס″, בענדלעך צו מאַכן הענגערס — אַלץ האָט זי געוווּסט און געדענקט צו קויפן און צו קאָמפלעטירן. פאַר מיר און פאַר זיך האָט זי איינגעהאַנדלט אַ פאָר פאַרטעכער אין בלאָע שטרייפן מיט קעשענעס און איך האָב מיר אַזוי פאָסמאַקעוועט אין אָט דעם אַרבעטס־בגד, אַז איך האָב עס גאַנצע טעג נישט אויסגעטון. אַזוי האָט האַלינע אַרויפגעצויגן אויף מיר אַן אוניפאָרם, צוגעדעקט און דערווייטערט פון מיר מיין פריוואַט־עקסיסטענץ אויף אַ צייט פון קנאַפע דריי יאָר. אויך אין דער גרויסער קיך־שטוב האָט זי געהאַט איר אייגן מלכות — אַ קליין אַפטייקל אויף דער וואַנט ביים פענצטער און אונטערן שאַפקעלע אין אַ שופלעדעלע האָט זי געהאַלטן נאָדל־פאָדעם, פינגערהוטן. דאָס אַמט פון אַ „גאָספאָדיניע″, וואָס איז איינגעפירט געוואָרן אין אַלע פאָלקס־קיכן, האָט אין איר פערזאָן געפונען דעם אמתן תיקון. אין די שעהען פון אַרויסגעבן דאָס עסן, האָט זי זיך צו איר געשטרייפטן כאַלאַט אויסגעבונדן אויפן קאָפ אַ שטייף־קראָכ־מאַליעט ווייס טיכל, וואָס האָט זייער שיין געפאַסט צו איר אַש־בלאָנדער, פיין פאַרקעמטער פריזור.

אין האַלינעס אויפטוען און איינפירן ביי אונדז די אַלע קליינע און גרויסע אַקצעסאָריעס פון אַ יש מאין — אַן אינסטיטוציע מיט אַ ראַם, מיט אַן אַפאַראַט — האָט איר דער ברודער אַבראַם אַ סך געהאָלפן. ער איז געווען אַ ביסל טויב, האָט ער גערעדט זייער ווייניק און שטיל, מיט אַ באַסאָוון געברום. איך ווייס נישט ווער פון זיי איז געווען עלטער, אָבער

אַבראַם האָט די שוועסטער שטאַרק ליב געהאַט, אויסגעפירט ממש מיט הכנעה איר יעדן ווונטש און באַפעל. גערעדט האָבן זיי צווישן זיך פויליש און ער פלעגט איר צו מאָל געבן אַ קוש אין האַנט ווי אַ מאַמען.

ווען און וואָס ס'איז צום סוף געשען מיט אַבראַשען, האָב איך דעמלט נישט געהערט און איך האָב אויך אפשר קיינעם נישט געפרעגט וועגן דעם, און דאָך איז אויך ער געווען אַ באַשטאַנדטייל פון אונדזער ווירק־לעכקייט. און ווי אין אַלע גרויסע און אמתע טראַגעדיעס האָבן ביי אונדז נישט געפעלט אויך קיין זייטיקע — צו מאָל אַ ביסל קאָמישע — פיגורן, וואָס האָבן אַלע פאַרענדיקט זייער ראָל מיט אַ טרויעריקן פינאַל.

אַלצדינג דאָס שטייט אויף תחית המתים אין דעם „קאָמפּיוטער" פון מיין זכרון. פון אַלע חורבנות, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט אין יענער צייט, האָב איך אַרויסגעטראָגן אויף מיין האַלדז אַ שמאָלן, לאַנגן, גראַנאַטענעם סאַמעט־שאַליק, מיט אַ ווייסן און רויטן פּאַס אין דער לענג. איך האָב אים מיטגענומען, ווען כ'האָב פאַרלאָזט דאָס געטאָ און איך האָב אים געטראָגן אויף מיר ווען כ'בין ווי אַ כלומרשטע פּאָלקע געוואָרן אַרויסגעטריבן פון ברענענדיקן וואַרשע, בשעת דעם אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין יאָר 1944. ווען ביי יידן וואָלט מעגלעך געווען אַזאַ זאַך, וואָלט איך אין מיין צוואה געבעטן, מיר אַריינלייגן אין קבר אָט דאָס שאַליקל, וואָס האַלינע האָט מיר געשענקט דעם ערשטן טאָג פון איר קומען צו דער אַרבעט. דאָס איז גע־ווען אַ רעשט פון די גאַלאַנטעריע־סחורות, מיט וועלכע זי האָט גע־האַנדלט, איידער איך האָב זי געמאַכט פאַר אונדזער באַאַמטין.

אַ גרויס און ווייך העל פּנים, מיט אַ פּאָר רויִקע העל־בלויע אויגן, מיט אַ טרויעריקער אינטאָנאַציע אין איר וואַרשעווער לשון. אַ שטיק היים און היימישקייט איז זי פאַר אונדז געווען אין דער אומהיימלעך געוואָרע־נער וועלט. מיט איר זאַכלעכקייט און נאַיִוויטעט, מיט איר נאַטירלעכן, אמתן רחמנות פאַר מענטשלעכן לייד, מיט איר זעלישן גלייכגעוויכט, האָט זי געהאַט אַ גרויסן חלק אין דעם, וואָס סיי איך, סיי אַ ריי אַנדערע מיטאַרבעטער פון אונדזער קיך, האָבן געפונען אין זיך דעם כּוח צו טראָגן דעם שטענדיקן עול פון אַ שווערער אַרבעט און אַ שווערן געראַנגל מיט אַן אומהיימלעכער סיטואַציע; די יסורים און מענטשלעכע טראַגעדיעס, מיט וועלכע מיר זענען כּסדר געקומען אין באַרירונג, זייענדיק אַזוי זייער באַגרענעצט אין אונדזער מעגלעכקייט צו געבן אומגליקלעכע מענטשן אמתע הילף.

*

און איצטער גוטשע... מסתּמא האָבן מיר געמוזט האָבן אַ קעכין אויך פֿאַר איר. אָבער איך געדענק נישט קיין שום פּנים און נישט קיין נאָמען. וואָס דאַרף מען מער — איך קאָן זיך אַפֿילו נישט דערמאָנען ווי אַזוי ס'האָט געהייסן די לעצטע — גאָר רעפּרעזענטאַטיווע פּראָפֿעסיאָנעלע קע־כין, וואָס מען האָט אונדז געגעבן פֿאַרן גירוש.

גוטשע איז אָבער געווען אַ פּערזענלעכקייט, אַ בולטע אינדיווידואַלי־טעט. גוטשען געדענק איך זייער און זייער גוט.

פֿאַר דער מלחמה האָט זי געהאַט אַ קליינע רעסטאָראַציע אויף פּראַ־גע. זי האָט געשמט מיט אירע ייִדישע מאכלים, מיט אירע געפֿילטע פֿיש, מיטן טשאָלנט, מיט די ריזיקע, טיפֿע בעקנס פֿון איר פּיקאַנטן „גאַלאַר".

זי איז געווען אַ קעכין מיט ראַסע און טאַלענט, מיט טראַדיציע. זי האָט ליב געהאַט צו קאָרמען מענטשן, זיי זאָלן זיך באַלעקן פֿאַר נחת און זי האָט אַליין ליב געהאַט צו עסן. צווישן אונדזערע קאָנסומענטן איז געווען איינער, אַן אַרויסגעטריבענער פֿון פּראַגע, האָט ער אונדז כּסדר דערציילט וועגן איר גבֿורה. ראשית כּל האָט ער דערציילט, אַז פֿאַר דער מלחמה איז זי געווען צוויי מאָל אַזוי ברייט ווי איצט, און מיר האָבן דאָס אגבֿ אַליין געקאָנט פֿעסטשטעלן, ווייל סיי פֿון איר גוידערל, סיי פֿון איר „האַרץ", און דער עיקר פֿון איר בויך, האָבן זיך אַראָפּגעבאָמבלט גאַנצע זעק ליידיקע הויטן און זי האָט אַמאָל געמוזט וועגן אַ 90 ביז 100 קילאָ. אַ נידעריקע, אויף די סלופּיקעס פֿון אירע קיילעכדיקע קליינע „פּאָרטעפּיאַנאָ"־פּיסלעך, האָט זיך פֿון דעסטוועגן גוטשע רירעוודיק און שנעל געדרייט אַרום די קעסלען אויסגעשטעלטע אויף דער גרויסער קיך־פּלאַטע מיט די פֿיר גרויסע פֿייערקעס ; געהיט דאָס פֿייער, געזאָרגט פֿאַר די לופֿטן אין קוימען, זיי זאָלן אָפּט ווערן געריייניקט. זי האָט געהאַט אירע אייגענע ספּאָסאָבעס צו ברענגען די קעסלען צום זידן.

זי פֿלעגט קומען צו דער אַרבעט זייער פֿרי און פֿלעגט שוין טרעפֿן איינגעהייצט אונטער די קעסלען, אין וועלכע עס האָט זיך געוואַרעמט דאָס ערשטע וואַסער. די פּראָדוקטן זענען געווען אָנגעשיילט און צוגע־גרייט פֿון נעכטן. אַ חשובֿער מיטגליד פֿון דעם קליינהענדלער־פֿאַרבאַנד, אַ פּליט פֿון נאָווידוואָר, נחום ג. האָט פֿאַרנומען מיט זיין משפּחה דאָס ערשטע פֿון די דריי שמאָלע צימערן און קאָרידאָר, וואָס האָט פֿאַרבונדן דעם הינטערשטן טייל פֿון דעם גרויסן לאָקאַל מיטן פּראָנט. דער לאָקאַל האָט זיך געפֿונען אויפֿן ערשטן שטאָק און די זייער גרויסע קיך־שטוב

האָט פאַרמאָגט אירע אַ באַזונדערע פאָרשטוב, אין וועלכער מען איז אַריינגעקומען דורך אַ טיר פון די אָפיצין־טרעפּ.

דאָס אויפשטיין פאַר טאָג און מאַכן פייער איז געווען נחומס הויפּט־פונקציע. ווען מען האָט ביי אונדז אין יאָר 1941, אין שייכות מיטן פאַרגרעסערן די קיך, איינגעפירט אַן איינגעמויערטן קעסל, איז נחום געווען דער, וועמען מיר האָבן געשיקט אויף אַ ספּעציעלן קורס פון דער קיכן־צענטראַלע זיך אויסצולערנען הייצן אונטער די איינגעמויערטע קעסלען ביי דעם מינימאַלן פאַרברויך פון שטיין־קוילן.[7]

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָב איך געווינט אויף לעשנאָ 66, אַ מרחק פון סך־הכּל 12 טויערן פון דער קיך. פלעגט מיר אַ מאָל אין אַ נאָווינע געלונגען אָנקומען צו דער אַרבעט אויף לעשנאָ 40 פריער פון די אַנדערע, האָב איך ליב געהאַט אַריינצוגיין דיסקרעט אין דער קיך־שטוב, זיך צוהערן ווי גוטשע רעדט צו די קעסלען, ווי זי שרייט אויף זיי, אָדער בעט זיי „מיט גוטן" זיי זאָלן שוין אָנהייבן צו זידן. דעם גרעסטן רעספּעקט האָט זי געהאַט פאַר דעם סאַמע יינגסטן קעסל, אַ חברה־מאַן פון הונדערט ליטער, געמאַכט פון דיקער בלעך, שטענדיק בלאַנק אויסגעשייערט, צוגעדעקט מיט אַ שיינער פאָקריווע און באַשאַנקען מיטן כּוח שנעלער ווי די אַנדערע צו מאַכן ווייך דעם גראָבן פענצאַק, וואָס איז געווען דער „א" און די „ת" פון אַלע אונדזערע געקעכטסן. פלעגט זי אַריינשיטן אין אים דאָס גאַנצע שעפל אויסגעשווענקטע גרויפּן און ערשט דערנאָך פלעגט זי פאַרטיילן פּראָפּאָרציאָנעל אין די אַנדערע קעסלען די אָנגעשאָבענע און אָנגעבראָקטע ירקות, צו וועלכע זי האָט שפּעטער צוגעשיט דעם שוין זידנדיקן, עטוואָס אויפגעקוואָלענעם גריץ פון איר הויפּט־קעסל און לאָזן אויפקאָכן דעם גאַנצן קליינעם „זאַוואָד".

דאָס אויספּרווון מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער די פאַרטיקייט און טעם פון דער זופּ איז געווען אַ ספּעקטאַקל פאַר זיך וואָס האָט געהאַט זיינע צושויער און נאָכמאַכער, סיי צווישן אונדזער פּערסאָנאַל, סיי צווישן די איינגייערס.

פון דעם ערשטן אַקט פון אָט דעם ספּעקטאַקל האָב איך אָבער גענאָסן איינע אַליין. די גרעסטע האָפענונג האָט זי געלייגט אויף די פעיקייטן פון איר ליבלינג דעם יונגן קעסל און אַרום אים האָט זי אַממיינסטן אַרומגעטאַנצט. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן „מאַציוש", זי פלעגט אים חנפענען און גלעטן, געבן אים אַ פּאָר פּעטשעלעך איבערן רוקן און טענהן צו אים: „נו, קאָך שוין, זיד שוין, דו שייגעץ!"" און פלעגט זי שוין ענד־

לעך דערהערן זיין מרוטשען און זיין סיקען פון אונטער דעם דעקל, פלעגט אויף איר ממש ווערן אַ שימחה. זי פלעגט אַ וויש טון מיט דער האַנט דעם שווייס פונעם שטערן, אַוועקשטעלן פאַר זיך אויף דער פליטע צום אויפקאָכן אַ טעפּעלע קאַווע־ערזאַץ און לאָזן הערן אַ קול זימרה פון איר ברוסט. איך געדענק די ווערטער און מעלאָדיע פון איר זמר:

אַמאָל איז געווען
אַ מיידל אויף דער וועלט,
געהאַט האָט זי גאָרנישט,
געוווינט האָט זי אין פעלד...

נאָכן איינפירן דעם איינגעמויערטן קעסל, האָט זיך ביי אונדז שטאַרק געענדערט דער סדר פון דער אַרבעט. דער דאָזיקער קעסל איז געווען אפשר פינף מאָל אַזוי גרויס ווי „מאַציוש", און דערביי האָט מען זיין צורה נישט אָנגעזען, ווייל ער איז געווען אַרומגעמויערט מיט קאַפל און צום שייערן אים האָט זיך אַ מיידל געמוזט אויסטון באָרוועס און אַריינקריכן אינעווייניק. דער דאָזיקער חברה־מאַן האָט געהאַט אַ כּוח אויפצוקאָכן מיט אַ מאָל דעם גאַנצן פענצאַק פאַר צוויי טויזנט זופּן. נאָכן אויסהייצן אונטער אים דאָס „אייוועלע", פלעגט מען אַרויסשאַרן פון אונטער אים דאָס פייער, מען פלעגט הערמעטיש צושרויפן דאָס דעקל און דאָס גאָר. די אָנגעגליטע שטיינער האָבן פאַרענדיקט די מלאכה און אין צוויי שעה אַרום איז דער גאַנצער גריץ מיט אַלע צוגאָבן, מיט גרינצייג, פאַסאָ־ליעס אָדער קאַרטאָפל, געווען ווייך און פאַרטיק און דערביי זענען די ירקות כּלל נישט געווען צו פיל צעקאָכט. דער קלייסטער פון דעם גריץ האָט פאַרקלעפּט די פאַרן פון די ווייכערע פראָדוקטן און זיי זענען גע־בליבן גאַנץ. פאַר די אַלטע קעסלען איז איצט געבליבן נאָר אַ זייטן־פונק־ציע. איינער פון אונדזערע וואָזשניס פלעגט זיך אַרויפשטעלן אויף אַ ניי־דעריקער באַנק און מיט אַ גרויסן עמער, אַ שעפּער, צוגעהאָפטן צו אַ לאַנגן דראָנג, פונאַנדערפירן די געדיכטע מאַסע אין די אַלע קעסלען, אין וועלכע זיי זענען געוואָרן אויסגעמישט מיט קאָכעדיקן וואַסער. מען פלעגט דערין אַריינגעבן דאָס געשמילץ פון אייל מיט געריישטע ציבעלעס. גוטשע האָט פאַרזוכט, פאַסמאַקעוועט און די זופּ איז געווען פאַרטיק.

גוטשעס אָבער־קעסל האָט מען איצט, צווישן אַנדערן, גענוצט צום דערלאַנגען דאָס עסן אויפן אָרט אין גרויסן זאַל. מען פלעגט אים פּריש אויסשייערן, אָפּגלאַנצן און אָנפילן ביז איבער דער העלפט מיט הייסער זופּ. צוויי מענטשן פלעגן אים דאַן מיט דער געהעריקער פאָרזיכט אַריינ־

טראָגן אין זאַל, אַרויפשטעלן אים אויף אַ נידעריק טישעלע אויף דער טריבונע און טיילן פון אים די פּאָרציעס עסן אין די טעלער, וואָס אונד־זערע „קעלנערינס" האָבן דערלאַנגט צו די טישן.

ווי עס זאָל נישט זיין איז דאָס שטיין אויף דער טריבונע מיט דער פרישער זופּ, געווען פאַר „מאַציושן" אַ גאַנץ בכבודיקע פונקציע. דאָס עסן איז איצט געווען אָן שום ספק הייסער, אפשר אויך זעטיקער ווי אין דער פריִערדיקער תקופה. גוטשע האָט דאָס געמוזט פאַרשטיין, אָבער כאָטש אַזוי איז איר די גאַנצע מעשׂה נישט געפעלן. אין דער ערשטער צייט נאָכן איינפירן דעם איינגעמויערטן קעסל, האָב איך זי איינמאָל גע־זען אין דער פרי, ווען מיר זענען בלויז בײדע געווען אין דער קיך־שטוב. זי האָט דעמלט אַ גלעט געטון „מאַציושן" איבערן רוקן און מיך טרויע־ריק אָנגעקוקט: — נעבעך אַ פאַרשעמטע כּלי — האָט זי געזאָגט צו מיר און טרערן פון פאַרדראָס און רחמנות האָבן אַ גלאַנץ געטון אין אירע שוואַרצע אויגן. ווי איינער רעדט: פריִער איז ער דאָ געווען דער הויפּט־מחותן, און איצט, אומשטיינס געזאָגט, וואָס איז פון אים געוואָרן...

*

גוטשע האָט געהאַט אירע שטיקלעך. ווען זי האָט געדאַרפט פאַרזוכן צי איז שוין דאָס עסן פאַרטיק, האָט זי נישט גענומען אין האַנט קיין לעפל; זי האָט אויפגעהויבן דאָס דעקל און ווען די זופּ האָט „געטאָוו־טשעט" און די שטיקלעך מייערן און פּיעטרושקע זענען געשפּרונגען אַרויף מיטן זידנדיקן וואַסער, האָט זי מיט די בלויזע פינגער געטון אַ כאַפּ אַרויס אַ שטיקל מייער, צעריבן עס אין די פינגער, כּדי צו זען צי איז עס שוין ווייך. זי האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעבריט, אָבער אונדז צוקוקערס, איז דאָס געגאַנגען אויף די נערוון, הלמאַי זי שטעלט איין די פינגער, און הלמאַי זי קריכט מיט די לאַפּעס אין עסן אַריין.

בכלל איז די פראַגע פון ריינקייט נישט געשטאַנען ביי איר אויפן ערשטן אָרט. מיר פלעגן האָבן מיט איר אַ וויכּוח וועגן די ווייסע פאַר־טעכער, אין וועלכע מען פלעגט זי יעדן אינדערפרי אויספוצן. פאַרשטייט זיך, אַז אין די ערשטע שעהען האָט זי בכלל זיי נישט געוואָלט אָנטון. זי האָט אַרומגעבונדן אַרום דעם בויך עפּעס אַ גרעסערע שמאַטע און ס'האָט זי נישט געאַרט, ווען זי איז אַרומגעגאַנגען פאַרסאַזשעט און פאַרשמירט. ערשט נאָכן אָפּפאָרען זיך מיט דער ערשטער וויכטיקער אַרבעט, האָט זי זיך געלאָזט איינבעטן אַראָפּצוואַרפן די שמאַטע און אָנטון אַ פריש־

געוואַשן און געפּרעסט פאַרטעך. זי האָט אונדז צוליב געטון נאָר אַדאַנק דעם אַרגומענט, אַז עס קאָן אַריינקומען איינע פון די אינסטרוקטאָרינס, אָדער גאָר דער דירעקטאָר אַליין פון דער קיכן־צענטראַלע אויף אַ קאָנ־טראָלע און מיר וועלן אַלע ווערן פאַרשעמט מיט אונדזער קיך. דאָס אָנטון דאָס ווייסע פאַרטעך האָט אָבער קיין סך נישט געהאָלפן, ווייל אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דאָס פאַרטעך אויפן בויך ווידער געווען פאַר־שמירט און פאַרפלעקט.

נאָר דאָס קעפּעלע האָט זי געהיטן, גוטשע. זי האָט געהאַט איר איי־גענעם סטיל אויסצובינדן פון דעם טיכל אויפן קאָפּ אַ מין שפּיציקע הויב, וואָס האָט געשאַפן אַרום איר געזיכט אַ שיינע ראַם און אָנגעגעבן איר פּנים מיט די שוואַרצע אויגן אַן אויסדרוק פון חכמה און שטאָלץ.

*

גוטשע האָט געוווּסט אַלע קוכערישע סודות ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען פון אַ מאכל דעם געווונטשענעם טעם, כאָטש עס איז נישט געווען וואָס אַריינצולייגן אינעווייניק. זי האָט געקאָנט אָנקאָכן אַ צוויי־ליטערדיקן טאָפּ מיט „יאוך" פון אַ פליגעלע מיט אַ גערגעלע פון אַ הון. קיין ירקות האָט זי נישט געזשאַלעוועט אין אַזאַ פאַל און דער טעם איז געווען אַן ענין פון אַ ביסעלע זאַלץ מיט אַ טראָפּעלע צוקער, אַ ביסל זאַפט פון אַ צוגעבראָטענער ציבעלע. זי האָט אונדז נאָך דערצו מגלה געווען דעם טריפהנעם סוד, אַז אַמבעסטן ברענגט מען אַרויס דעם טעם פון אַ פליישׁ־זופּ מיט דער הילף פון אַן „אַרבעסל" פּוטער... זי האָט געוווּסט דעם סוד, אָבער זי האָט זיך מיט אים נישט באַנוצט. זי האָט מקפּיד געווען אויף כשרות, ווייל אין דער היים האָט זי געהאַט אַ מאַן, אַ למדן.

„מיין קידוש־מאַכער" — האָט זי אים אָנגערופן, ווען זי האָט אים דערמאָנט פאַר אונדז אין קיך.

פאַראַן געווען ביי אונדז אַ דעליקאַטע פראַגע. אַ שטאָט פון הונגער, מיט הונדערטער טויזנטער אונטערדערנערטע, פאַסטנדיקע מענטשן און דאָ אַ מאַגאַזין מיט שפּייז־פּראָדוקטן, קעסלען עסן און אַכצן מענטשן צום דערנערן, וואָס האָבן געאַרבעט אויפן אָרט און יעדער פון זיי האָט געהאַט ביי זיך אין דער היים אַ טאַטע צי אַ מאַמע, ברידער מיט שוועסטער, גוטע פריינד. צו זיין „ביים צאַפּן" און אַליין אַרומגיין הונגעריק, דאָס האָט מען נישט געקאָנט דורכפירן. איז געווען די אויפגאַבע פון אַ פאַר־וואַלטער — פון זיינע שווערסטע און פיינלעכסטע אויפגאַבעס — נישט

צו דערלאָזן צום צעטראָגן און צעגנבענען דעם אָרעמען טעלער זופּ פון די הונגעריקע קאָנסומענטן, וואָס נישט איינער פון זיי האָט מער גאָרנישט געגעסן אין משך פונעם טאָג, אַחוץ דעם טעלער זופּ.

פאַרשטייט זיך, אַז זופּן האָבן זיי אַליין געקאָנט עסן, וויפל זיי האָבן געוואָלט. ברויט האָבן זיי זיך צוגעקויפט, געהאַלטן עס יעדער אין זיין זעקעלע אויפגעהאָנגען אויף זיין באַזונדער טשוועקעלע. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז דערמיט איז דער פּראָבלעם נאָך ווייט נישט געלייזט און אַז איך וועל זיי גאָרנישט נאָכגעבן, וועל איך אוממעגלעך מאַכן דאָס פונקציאָנירן פון דער קיך. האָב איך געטראַכט און געטראַכט, ביז איך האָב אויסגעטראַכט אַ שטיקל לייזונג. בשעת דעם וועגן די פּראָדוקטן האָט מען גע־דאַרפט צוועגן די „טאַרע״ — די וואָג פון די זעק און טעפּ, אין וועלכע מען האָט די פּראָדוקטן אַרויפגעשטעלט אויף דער וואָג. ביי די גרויסע קוואַנטומס, וואָס מען האָט ביי אונדז געוויגן, האָט דאָס געקאָנט באַ־טרעפן צוזאַמען אַ 2 ביז 3 קילאָ אַ טאָג — קאַרטאָפל, פענצאַק, ירקות, מעל, אַ ביסל אייל. פלעגט גוטשע פון אָט די פּראָדוקטן אויסבאַקן און אויסקאָכן „טרוקן״ עסן צו דער זעט און צום טעם, זיך איין מאָל אין טאָג אָנצועסן, עפּעס נאָך אַהיימנעמען אין שטוב אַריין פאַר דער משפּחה.

די אינסטרוקטאָרינס, וועלכע האָבן צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך וויזיטירט אונדזער קיך, האָב איך דערציילט דעם גאַנצן אמת, און זיי האָבן גאַנץ גוט געקענט די פּראַגע. זיי האָבן אַקצעפּטירט מיין לייזונג און זיי האָבן אַפילו אין עטלעכע פאַלן רעקאָמענדירט מיין „פּאַטענט״ אַנדערע קיכן־פאַרוואַלטערס.

איך גאַנצן צו דערשטיקן די טענדענצן זיך צו דערלויבן אַ שטיקעלע גנבה האָב איך פון דעסטוועגן נישט באַוויזן. אַ כאַראַקטעריסטישער פאַקט פון יענער תקופה: איך האָב איינמאָל אַנטדעקט אַן אַפּערע אויף דעם סמך, וואָס איך האָב באַמערקט, אַז צוויי מיידלעך פון דעם פּערסאָנאַל קאָכן פאַר זיך בשותפות יעדן טאָג באַזונדער אַ טעפּעלע קאַרטאָפל. אַזאַ לוקסוס, צו עסן יעדן טאָג ביי אַ פערטל קילאָ טרוקענע קאַרטאָפעלעך, צע־קוועטשט מיט אַ ציבעלע, האָט זיך ביי אונדז קיינער נישט געקאָנט דער־לויבן. נאָך אַ פּאָר טאָג אָבסערוואַציע, זענען מירביידע מיט האַלינען דערגאַנגען דעם סוד. צו די מיידלעך איז געקומען יעדן טאָג אַ ייִד מיט אַ פּושקע, געוואַרט ביי דער קיכן־טיר און באַקומען אַרויסדערלאַנגט אַ פּאָר פּאָרציעס זופּ. מיר האָבן משלח געווען דעם ייִד, אַריינגעזאָגט די מיידלעך און אַן אַ גרויסן טאַראַראַם די מעשה אָפּגעדושעט. צי איז אַזאַ

זאַך — בעסער פאַרמאַסקירט — פאַקטיש מער נישט פאָרגעקומען, קאָן איך נישט גאַראַנטירן.

גוטשע האָט געהאַט אין דער היים צו קאָרמען איר אַלטן, בכּבודיקן מאַן. דאָס איז, דאַכט זיך, געווען אירער אַ פריִערדיקער שטאַם־גאַסט פון דעם רעסטאָראַן, אַן איינזאַמער אַלמן, וואָס האָט ביי איר יאָרן־לאַנג גע־געסן פאַר דער מלחמה. אַן עמעריטירטער לערער פון אַ מין מאָדערנער תּלמוד־תּורה, איז ער איצט געזעסן אַ גאַנצן טאָג און „אַריינגעקוקט אין אַ ספר״. אַזאַ שם האָט זי אים געמאַכט. גוטשע אַליין איז פאַר דער מלחמה געווען אַ קינדערלאָזע אלמנה, האָט זי פאַר דער עוואַקואַציע פון די פראַ־גער ייִדן מסכּים געווען צו דעם שידוך, וואָס מען האָט איר אָנגעבאָטן. מען האָט געשטעלט אַ חופּה אוןביידע צדדים זענען געווען דערפון צו־פרידן. דער אַלטער מאַן האָט נעבעך געוווּסט, אַז אָנגעוויזן אויף זיינע אייגענע כּוחות, וואָלט ער זייער שנעל אונטערגעגאַנגען.

ביי אונדז אין קיך האָט ער זיך קיין איינציק מאָל נישט געוויזן. און אָט איז געשען אַ זאַך, פאַר וועלכער איך שעם מיך ביזן הייַנטיקן טאָג. נאָך דער מעשׂה מיט די מיידלעך, וועלכע האָבן געטענהט, אַז זיי „זענען נישט די איינציקע״, האָב איך איינמאָל אַריינגעקוקט אין גוטשעס קיישל. איך האָב געזוכט און איך האָב געפונען. אַ חוץ דעם טעפּל געקעכטס, פון אונדזער „פּערסאָנאַלן טיש״ און דעם סלאָי מיט זופּ, האָב איך געטראָפן אַ בייטל מיט אַ ביסל פּאַסאָליעס און „וולאָשטשיזנע״. זי האָט מסתּמא בדעה געהאַט אָפּצוטרעטן אויפן וועג אַהיים אין שכנותדיקן באַזאַר, צו־קויפן עפּעס אַ פּאָר כּשרע „אכלאפּעס״ פון אַן עוף — אַ פּאָר פּיסלעך, אַ גערגעלע, אַ פליגעלע און אָפּקאָכן אין דער היים פאַרן מאַן אַ „יאָכל״. איך האָב ביי איר דעם „שקאָרמיץ״ מיט די שאר־ירקות נישט צוגענומען. איך האָב איר מסתּמא געזאָגט, אַז מער זאָל זיך אַזוינס נישט איבערחזרן.

איך געדענק נישט צי און וואָס זי האָט מיר דעמאָלט געענטפערט, אָבער וואָס איך זאָל איר נישט האָבן געזאָגט, האָב איך ביז היינט דערויף חרטה.

פאַר וואָס האָב איך זי פאַרשעמט און מצער געווען? פאַר וואָס האָב איך נישט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט מיט דער הילף פון אָט דער קליינינטש־קער עבֿרה געוואָלט דערפרייען דאָס האַרץ, שטאַרקן די כּוחות פון איר אַלטן, אומבאַהאָלפענעם מאַן, וואָס איז איצט ביי איר געווען דאָס אומבאַ־האָלפענע קינד. ווי בלינד, ווי נאַריש זענען מיר נאָך געווען אין יענער צייט — שוין אויפן ראַנד פון דעם אומקום...

# 11. אינסטרוקטאָרינס

דריי זענען זיי געווען — דריי פרויען אין מיטעלע יאָרן. אויך זיי וויל איך ווידמען אַ וואָרט פון דערמאָנונג.

בראש פון דעם אינסטרוקטאָראַט איז געשטאַנען גינאַ בירקענהיים, אַ דיפּלאָמירטע ספּעציאַליסטין אויפן דערנערונגס־געביט. זי האָט שטודירט דאָס פאַך אין אַן אַמעריקאַנער הויכשול און דערנאָך געאַרבעט אַ צייט אין ארץ ישראל אויפן געביט פון אָרגאַניזירן דאָס דערנערונגס־וועזן אין קיבוצים.

דעם פאַמיליע־נאָמען פון דער ייִנגערער אינסטרוקטאָרין, פאַני עוואַ, געדענק איך נישט. דאָס איז געווען אַן עלעגאַנטע, ספּאָרטמעסיק געקליידעטע דאַמע, וואָס האָט געאַרבעט פאַר דער מלחמה אַלס אָנגעשטעלטע אין ווירטשאַפטס־אָפּטייל פון אַ וואַרשעווער מלוכה־שפּיטאָל. די דריטע איז געווען פרוי לאָלאַ בערקענהיים־שערעשעווסקאַ, אַ געוועזענע אָפּערן־זינגערין, וואָס האָט וואַרשיינלעך פאַר דער מלחמה מיט די דערנערונגס־פּראָבלעמען אין סאָציאַלן זין קיין שום שייכות נישט געהאַט.

דער קיכן־אינסטרוקטאָראַט איז אַנטשטאַנען נאָך פאַרן איינפירן דאָס געטאָ און הגם ער איז די גאַנצע צייט קריטיקירט, און אַפילו צייטנווייז „סעקירט" געוואָרן דורך געוויסע מענטשן פון דער אָנפירונג, איז ער, לויט מיין מיינונג, געווען אַ ביז גאָר וויכטיקער פאַקטאָר ביים אָוועקשטעלן די אַרבעט אין די פאָלקס־קיכן — אַלנפאַלס אין אַ גרויסן טייל פון זיי — אויף אַ גאַנץ ראַציאָנאַלן אופן. די אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע פון דער קיכן־נעץ, וועלכע האָט אין געוויסע תקופות באַשפּייזט איבער הונדערט טויזנט נפשות — האָט זיך כסדר אַנטוויקלט און פאַרבעסערט. אַדאַנק דער אומדערמידלעכער און געטרייער, ביז גאָר געדולדיקער און אויסגעהאַלטענער אַרבעט פון די דריי אינסטרוקטאָרינס, זענען דער רוב קיכן ביי אַלע שוועריקייטן און שלעכטע באַדינגונגען, ווי אויך נישט תמיד פּאַסיקן מענטשן־צוזאַמענשטעל — דערגאַנגען צו אַ דורכויס דערטרעגלעכן ניוואָ אין זין פון ריינקייט, אָרדענונג און דער עיקר ווערטיקייט פון דעם אויסגעטיילטן עסן.

צוויי־דריי מאָל אין דער וואָך פלעגט איינע אָדער צוויי פון די אינסטרוקטאָרינס וויזיטירן יעדע קיך. מיט אַלץ האָבן זיי זיך אינטערעסירט,

געהאָלפן אָרגאַניזירן די אַרבעט, פאַרטיילן די מיטאַרבעטער לויט זייערע אייגנשאַפטן, אויך טוישן צווישן זיי די פונקציעס, זיי זאָלן זיך אויסלערנען איינע די אַנדערע פאַרטרעטן. זיי האָבן אונדז געלערנט פון וועלכער זייט מען דאַרף זיצן ביים אויספירן פאַרשידענע אַרבעטן, כּדי ווי אַמווייניקסטן מיד צו ווערן.

דער עיקר איז אָבער, פאַרשטייט זיך, געווען דאָס שטענדיקע געראַנגל פאַרן דערנערונגס־ווערט און טעם פון אונדזער פּראָדוקציע — דעם טעלער עסן. זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין דער פראַגע ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען די מאַקסימאַלע צאָל קאַלאָריעס אויך פון די ס׳רוב זייער געמיינע קאַטעגאָריעס פּראָדוקטן, וועלכע מיר האָבן באַקומען פון דייטשע צוטיילונגען. דער פאַקט וואָס מ׳האָט אויך געקאָנט צוקויפן בעסערע פּראָדוקטן אויף דעם אומלעגאַלן, „פרייען" מאַרק, איז געווען דאָס פאַרדינסט פון דעם שווין דערמאָנטן, מיט גרויסע סכּנות פאַרבונדענעם שמוגל און האַנדלס־אויסטויש מיט דער פּוילישער באַפעלקערונג.

*

סיי אין דער צענטראַלע, סיי אין די קיכן, האָבן די אינסטרוקטאָרינס בעיקר געהאַט צו טון מיט מענטשן, וואָס האָבן פאַר דער מלחמה ס׳רוב מיט דער דערנערונגס־בראַנזשע קיין שייכות נישט געהאַט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ גאַר גרויסע מאָס פון טאַקט און געדולד, פון קאָנען אַראָפּשלינגען ביטערע אומגערעכטיקייטן, כּדי אויסצוהאַלטן אויף אָט דער פּאָזיציע, דורכזעצן פּראָיעקטן און ווייטער טון דאָס וואָס די אַרבעט פאָדערט. אין דעם דאָזיקן זין איז פרוי גינאַ בירקענהיים געווען, זעט אויס, באַהויכט מיטן גייסט פון איר פּיאָנערישער פאַרגאַנגענהייט, מיטן באַוווסטזיין פון אַ שליחות, וואָס דאַרף ווערן אויסגעפירט ביי אַלע באַדינגונגען ביז צום סוף. מיט איר באַשיידענער האַלטונג און אידעאַליזם, האָט זי מיטגעריסן מיט זיך אויך אירע צוויי מיטהעלפערינס.

איך דאַרף זיך מודה זיין, אַז אויך איך האָב איר נישט איין מאָל פאַרשאַפט שוועריקייטן. מיט דער צייט האָט זי אָבער געוווּנען מיין האַרץ. זי איז געווען דער ערשטער מענטש פון ארץ־ישראל־יישוב מיט וועלכן איך בין געקומען אין אַ נאָענטערער באַרירונג.

*

איך וויל דאָ אויפקלערן, אַז דאָס פלאַנירן אַ מאָלצייט פאַר טויזנטער מענטשן איז ווייט נישט קיין פּשוטער ענין. מען דאַרף אַרויסגיין פון

דעם „אינהאַלט" פון איין פּאָרציע און אויף דעם סמך באַרעכענען דאָס קוואַנטום וואָס מען דאַרף אַריינלייגן אין אַ קעסל, כּדי די פּאָרציע עסן זאָל פֿאַרמאָגן כּך־וכך קאַלאָריעס. דער אינסטרוקטאָראַט האָט איינגעפירט אין די קיכן אַ קאַטעגאָריע פון פונקטן. די זופּן האָבן געדאַרפט פֿאַרמאָגן פון 10 ביז 15 פונקטן, ביי וואָס מ'האָט גערעכנט אַלס אַ פונקט אַ דעקאַ (10 גראַם) פּאַסאָליעס, גרויפּן, מעל אָדער 5 דעקאַ (50 גראַם) גרינצייג אָדער קאַרטאָפל. אַ וויכטיקע פראַגע איז געווען דאָס פֿאַרפרייען די זייער האַרטע גערשטענע אָדער האָבערנע גרויפּן, כּדי זיי זאָלן זיך פֿאַראייניקן און „פֿאַרקלייען" מיטן רעשט אינגרעדיענצן און אַרויסגעבן פון זיך זייער גאַנצן דערנערונגס־אינהאַלט, צו קאָנען אַבסאָרבירט ווערן דורכן אָרגאַניזם. אַפילו דאָס באַפרידיקן דעם „טעם־הונגער" איז לויט דער מיינונג פון דער פרוי בירקענהיים געווען אַ גורם פון געזונטקייט און אַ פאַקטאָר פון זעטיקייט־געפיל. זי האָט אַליין געאַרבעט מיט די קעכינס זיי זאָלן זיך אָפּגעבן מיטן אַרויסבאַקומען פון דעם געקעכטס אַ גוטן געשמאַק. געראָטן אונדז נישט צו שפּאָרן קיין געלט אויף פעפער און געווירצן.

*

און אָט זענען מיינע קנאַפּע ידיעות וועגן גורל פון די דריי אינסטרוקטאָרינס.

אַלע דריי זענען זיי צוגענומען געוואָרן אין אויגוסט 1942, אַרויסגעפירט אין איינעם מיט נאָך באַאַמטע פון דער צענטראַלע, וועלכע פלעגן נאָך אַלץ קומען צו דער אַרבעט, מסתמא אויך צוליב דעם, ווייל זיי האָבן באַטראַכט דאָס ביוראָ פאַר אַ מער זיכערן מקום. זיי האָבן זיך לעגיטימירט מיט די גרינע אויסווייזן פון דער סאָציאַלער אַליינהילף, וועלכע זענען אָבער שוין אין דער צווייטער העלפט אויגוסט נישט האָנאָרירט געוואָרן אפילו דורך דער ייִדישער פּאָליציי. עס זענען שוין דעמלט אַרומגעגאַנגען די ערשטע שמועות וועגן טרעבלינקע, אָבער גינאַ בירקענהיים האָט אַלעמען באַרויִקט, דערקלערט אַז זי קאָן נישט און וויל נישט גלייבן אין דעם, אַז מען פירט סתם מענטשן צום טויט. עוואַקואַציע איז עוואַקואַציע — האָט זי געטענהט שוין אויפן וועג צום אומשלאַג־פּלאַץ.

נאָכן אָנקומען אויפן אומשלאַג־פּלאַץ האָט די פרוי בערקענהיים־שערעשעווסקאַ באַוויזן זיך אויסצוקויפן מיט דער הילף פון אַ ברילאַנטענער בראָש, וועלכע זי פלעגט אַמאָל טראָגן צו אירע טואַלעטן פון אַ

זינגערין. נאָכן פֿאַרענדיקן די אַקציע איז זי אין איינעם מיט איר טאָכ־טער אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט. בשעת דעם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפֿשטאַנד אין יאָר 1944 איז אָט די איינציקע טאָכטער געוואָרן דערהרגעט. זי גופֿא האָב איך נאָך דער מלחמה געטראָפֿן אין אַ ייִדישער אינסטיטוציע, געהערט פֿון איר מויל די געשיכטע פֿון דעם מאַרש אויפֿן אומשלאַג־פּלאַץ.

אַ ידיעה וועגן גינאַ בירקענהיים האָב איך נאָך דער מלחמה געפֿונען אויך אין צווייטן באַנד פֿון רינגעלבלומס שריפֿטן פֿון דער אַרישער זייט. ער שרייבט, אַז אויף דעם אומשלאַג־פּלאַץ זענען געווען פֿאַקטאָרן וועלכע האָבן זי געוואָלט באַפֿרייען. זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פֿון אָט דער שאַנס נישט וועלנדיק זיך ראַטעווען אָן די אַנדערע מיטאַרבעטער פֿון דער קיכן־צענטראַלע.[8]

# 12. קיכן־פּערסאָנאַל

מיטן פאַרשפאַרן די קנאַפּע פיר הונדערט טויזנט ייִדן אין די מויערן פון געטאָ, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער ייִדישער באַפעלקע־רונג פילפאַכיק פאַרערגערט. גלייכצייטיק איז אָבער אויך געוואַקסן די אָנגעשטרענגטע אַקטיוויטעט פון דער שוין אָרגאַניזירטער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט, נישט צוזאַמענצוברעכן אונטער דער אָנוואַקסנדיי־קער כוואַליע פון עקאָנאָמישע און אַדמיניסטראַטיווע רדיפות. היימלאָזי־קייט, הונגער, קראַנקייטן. אַלע גזרות, סיי דאָס טון און סיי דאָס נישט טון, איז געווען געווענדט צום אויסראָטן די ייִדישע באַפעלקערונג דורך דעם פאַרגרעסערן די קוואָטע פון איר נאַטירלעכער שטערבלעכקייט, דערוייל !...

האָבן די ייִדישע הילפס־אינסטיטוציעס געטון אַלץ מעגלעכע און אויך אוממעגלעכע, אין דער פאַרקערטער ריכטונג. האָט זיך דער פאַרנעם פון דער הילפס־אַרבעט פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט. זענען געוואַקסן אין דער ערשטער ריי די באַשפייזונג־אינסטיטוציעס, דער פאַרצווייפלטער געראַנגל מיטן הונגער.

אויך ביי אונדז אין קיך איז די צאָל מיטאָגן געוואָרן פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט — ווי אויך די צאָל מיטאַרבעטער. איך געדענק היינט בלויז די פאַרנעמען און די פּנימער, איך זע פאַר מיר אויף ס'ניי די אונ־טערגעגאַנגענע געשטאַלטן. איך וועל זיי אויסרעכענען לויט זייערע פונקציעס.

אַחוץ האַלינען איז צוגעקומען אַ בעל־הביתטע פון דער קיך־שטוב, פרוי נעלקען, אַ פרוי פון אַ גוטס־באַזיצער אין פויזנער קאַנט, וועלכע האָט נישט געקענט קיין וואָרט ייִדיש. פריִער האָב איך זיך בכלל נישט פאָרגעשטעלט אַז דער טיפּ ייִדישע ערד־באַזיצער, ערד־פאַכטער און „דזיעדזיצעס" איז פאַראַן נישט בלויז אין גאַליציע. אַחוץ דער פרוי נעלקען האָב איך נאָך פריִער געהאַט אין מיין סביבה אַ גאַנצע משפחה פריינד פון אָט דעם קרייז, — די משפחה בעלדיגער פון ריפינער געגנט. דעם טאַטן, אברהם בעלדיגער מיטן צונאָמען „הראַביאַ" האָב איך קענענ־געלערנט סך הכל צוויי וואָכן נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, ווען ער פלעגט אַרויפקומען צו אַ פוילישן סובלאָקאַטאָר אין דער 6־צימערדיקער

דירה אויף פשעיאַזד 1. אויך דער סובלאָקאַטאָר איז געווען אַן אייגנטימער פון א פּאַלוואַרק אין ריפּינער געגנט. אין דער קורצער תּקופה פון זיין וווינען אויף פשעיאַזד 1, ווו עס פלעגן אים באַזוכן נאָך יונגע מענטשן פון זעלבן מיליע, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו אָבסערווירן די רעאַקציע פון דער פּוילישער געזעלשאַפט אויף דער סעפּטעמבער־מפּלה.

די בעל־הביתטע פון דער דירה פּרוי קאַטשאַנסקאַ איז נישט צוריק־געקומען פון די פעריען און די פאַרדינגערין פון די צימערן איז געוואָרן די דינסט יאַנקע מיט איר חתן, וועלכער האָט זיך אין גיכן אָנגעהויבן „איבערצובויען" אויף אַ פאָלקס־דייטש — אַ מעשׂה פאַר זיך, וועלכע איך וועל דאָ ווייטער נישט שפּינען. איך האָב זיך ביי דער נייער קאָניוק־טור אין דער דירה נישט געקאָנט מער האַלטן. איך האָב זיך איבערגע־צויגן אין דער דירה פון מיין קוזין ד״ר ראובן פעלדשו אויף לעשנאָ 66, אָבער די באַקאַנטשאַפט מיטן ידישן „דזיעדזיץ" האָט ווייטער אָנגע־האַלטן. דער דעמלט בערך 60־יאָריקער פאָטער האָט געוווינט ביי זיינעם אַ לאַנדסמאַן און יוגנט־חבר כאַלעוואַ אויף לעשנאָ 52, אַ פּאָר טויערן פון לעשנאָ 40. אין גיכן האָב איך זיך אויך באַקענט מיט זיינע קינדער, דריי זין: יורעק, דאַוויד און יאַקוב און די מיזינקע, מיטן נאָמען איסטאַ (אסתר). די מוטער פון דער משפּחה איז געשטאָרבן פאַר דער מלחמה.

די בעלדיגערס האָבן אַלס פּליטים געקאָנט געניסן פון דעם פאַרמעגן וואָס איז געבליבן אין ריפּין אַדאַנק איינעם פון זייערע פּוילישע פריינד מיטן נאָמען קאַלאַסינסקי, וועלכער פלעגט קומען פון צייט צו צייט און ברענגען שפּייז פאַר דער משפּחה בעלדיגער און נאָך אַ ריי ייִדישע משפּחות. ער האָט אויך מיט אַ צייט שפּעטער אָפּגעקויפט ביי זיי אויף אַן ערן־קאָנטראַקט אַ חלק פון זייער באָדן־אייגנטום אין יענער געגנט, אויסגעצאָלט זיי אַ גרויסע סומע געלט, פון וועלכער זיי האָבן געלעבט די גאַנצע צייט. בלויז דער עלטסטער זון יורעק האָט אויך אַ ביסל צוגעהאַנדלט.[9]

זענען דריי מענטשן פון אָט דער פאַמיליע געוואָרן מיטאַרבעטער פון אונדזער קיך — דער פאָטער מיט דער טאָכטער אַלס ערן־צוהעלפער ביים אַרויסגעבן די מיטאָגן אין זאַל, דער זון יעקב־יאַקוב, אַ וווּנדער־באַרער, שווייגנדיקער ייִדישער „פּאַניטש" — אַלס אַ זייער פּינקטלע־כער, פּעדאַנטיש־גענויער מאַגאַזינער, אַן עטאַט־מיטגליד פון אונדזער אָפּיציעלן פּערסאָנאַל.

צו דער אַרבעט אין קיך האָב איך באַלד אין דער ערשטער צייט צוּ־

געגומען אַ פּאָר יונגע מיידלעך, צו וועלכע עס זענען מיטן לויף פון דער צייט צוגעקומען נאָך אַ ריי מיידלעך און זיי האָבן אויסגעפירט אין קיך טאָפּלטע פונקציעס: אין דער פרי און נאָכן אַרויסגעבן דאָס עסן האָבן זיי גערוימט, געשיילט קאַרטאָפל, געשאָבן ירקות, גערייניקט דעם לאָקאַל און די כלים. מיטאָג־צייט האָבן זיי אָנגעטון ווייסע פאַרטעכלעך, אויסגעבונדן דריי־עקיקע ווייסע טיכלעך אויף די קעפּלעך און האָבן דער־לאַנגט אין זאַל צום טיש די זופּן פאַר די עסערס אויפן אָרט. און דאָס זענען זייערע נעמען: דאָראַ, סטעלאַ, דינה (אַ טאָכטער פון אַ פאַרשטאָר־בענעם יידישן שוישפּילער, וועמענס נאָמען איז מיר אַרויסגעפאַלן פון זכּרון). צו אָט דער סעריע האָט אויך געהערט אַ פערט מיידל, אַ יונגס און אַ שיינס, מיטן נאָמען חוה־עווציע, וועלכע האָט אַ ביסל נאָכגעשלעפּט אַ פיסל. אַחוץ אָט די פיר יונגע מיידלעך איז געווען איינע, געניע, אַ ביסל אַן עלטערע פון זיי — אַ וויציקע און קלוגע — וועלכע האָט צו־געהאָלפן ביים קאָכן און אין אַ נייטיקן פאַל געקאָנט פאַרטרעטן די קר־כאַרקע. און נאָך איינע איז געווען, די יינגסטע פון אַלע, וואָס האָט גע־הייסן העניע. זי האָט געהאַט האָר ווי לייַן און דאָס אויסזען פון אַ שיקסל; פלעגט זיך כאַפּן צו די סאַמע שווערע אַרבעטן — שייערן די פּאָדלאָגעס און שלעפּן לאַסטן, נעמען זעק מיט פּראָדוקטן אויף די פּלייצעס. אויך זי האָט געשטאַמט פון ריפּינער געגנט און געווען אַ „טיפּ". צווישן אַנדערן האָט זי געהאַט אַ גרויסן ספּריט צום — גנבענען... אַז איך פלעג זי מיטשיקן אין הויפּט־מאַגאַזין מיט אַ וואָזשני, האָט זי פון דאָרט תּמיד געמוזט עפּעס מיטשלעפּן לטובת דער קיך און דערנאָך זיך באַרימט דערמיט. זי האָט אַפילו ביים אָפּוועגן די פּראָדוקטן צום קאָכן אין אונדזער אייגענעם מאַגאַזין געמוזט ווייזן עפּעס אַ קונץ, צולקחנען ביי אונדז גופא עפּעס פאַר אונדז — צולייגן צום זאַק אַ פּאָר קאַרטאָפל, באַווייזן אַ בריהשאַפט, דער מאַגאַזינער זאָל זיך נישט כאַפּן.

און אַגב האָבן זי די בעלדיגערס געקענט פון זייער דאָרף, צי פאָל־וואַרק און דער פאָטער פלעגט מיט איר קאָמאַנדעווען וויפל מאָל מען האָט געדאַרפט עפּעס אויפהייבן, איבערטראָגן. פאַר איר איז דאָס אַלץ געווען אַ שפּיל. צו העניען פלעגן אַריינקומען אין קיך צוויי שוועסטער מיט אַ מאַמען און איך האָב זי אַ פּאָר מאָל געפּאַקט ביים אַרויסדערלאַנ־גען זיי נישט נאָר אַ באַנקע געקעכטס, נאָר אויך רויע פּראָדוקטן. און דאָך האָב איך זי נישט געוואָלט אָפּשאַפן, ווייל זי איז געווען אַ גוטע און שנעלע אַרבעטערין און אַ ווויל, סימפּאַטיש באַשעפעניש. צווישן אַנדערע

שטיקלעך האָט זיך העניע געקאָנט פון צייט צו צייט באַווייזן מיט אַזאַ „ניעספּאָדזיאַנקע״ — ווי קומען פאַר טאָג צו דער אַרבעט און ביז מיין אַרויפקומען אין קיך אויסשייערן דעם גרויסן זאַל מיט דער טריבונע און מיט די זעקס לאַנגע טישן; אַריינשטעלן אין קאַנצעלאַריע אַ סלאָי מיט אַ בליִענדיקן צווייג, וואָס זי האָט אָפּגעבראָכן פון עפּעס אַ פרעמדן בוים.

העניע איז אַלט געווען בסך־הכּל 16 יאָר און איך זע זי ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן — איך בענק נאָך איר... וועגן איר האָב איך געטראַכט, ווען זי איז שוין אויף דער וועלט נישט געווען, שרייבנדיק אין איינער אַ נאַכט אויף דער אַרישער זייט די קלאָג נאָך די ייִדישע מיידלעך, וואָס זענען געווען ווי דאָס ראַזעווע ברויט און ווי דאָס העמד פון רויער לייוונט אויפן לייב פון ייִדישן פאָלק; ווי דאָס געזונטע געלעכטער פון צעכוואַליעטע לאַנעס תּבֿואה, וואָס מיר ייִדן האָבן געשפּאַנט צווישן זיי איבער דער סלאַווישער לאַנדשאַפט...

לייכט וואָלט זי זיך געוועזן געקאָנט ראַטעווען צווישן פויערן, זי זאָל נישט געווען ווערן אַוועקגעכאַפּט אַזוי פרי...

צום נייעם יאָר 1942 האָבן מיך די אינסטרוקטאָרינס אונדזערע אַריינגעדרייט אין אַ מעשׂה מיטן איינאָרדענען אין אונדזער לאָקאַל אַ רעפּרעזענטאַטיווע רעקאָנוואַלעסצענטן־קיך. מחמת דעם שיינעם זאַל און ריינע העגט פון אונדזער פירונג, האָבן זיי ביי אונדז אַדורכגעפירט אַ גאַנצע רעוואָלוציע מיט רעמאָנטן און פאַרבעסערונגען און אויך — מיט אַ טיילווייזן אויסטוישן פון פּערסאָנאַל. זענען דעמלט געוואָרן ביי אונדז צוגענומען די קעכין גוטשע, די פרוי בעלקען און אויך העניע פון ריפּין. מען האָט זיי איבערגעטראָגן אַלע אין איינעם אין אַ רעאָרגאַניזירטער קיך אויף נאָוואָליפּיע און זיי, די געוועזענע מיטאַרבעטערינס אונדזערע, האָבן, זעט אויס, געהאַט אויף מיר אַ גרויס תּרעומת, הלמאַי איך האָב זיי געלאָזט ביי מיר צונעמען. איצט האַלט איך, אַז זיי זענען געווען גערעכט.

מיר האָבן באַקומען אַ נייע קעכין, אַ נייע „גאָספּאָדיניע״. צי האָבן מיר באַקומען עמעצן אויף העניעס אָרט, געדענק איך נישט. ביז צו דער אַקציע איז נאָך געווען אַ האַלב יאָר, אָבער איך האָב די דריי מער נישט געזען. אויך בשעת דער אַקציע האָט זיך קיין איינע פון זיי ביי אונדז נישט געוויזן, צו זען וואָס ביי אונדז טוט זיך, אָדער זוכן ביי אונדז שוץ. בלויז וועגן העניען האָב איך געהאַט אַ ידיעה דורך אַ ייִדישן פּאָליציאַנט, אַז אייניגער פון אונדזער קיך, אַז ער האָט זי צוויי מאָל

אַרויסגעצויגן פון אַ פּאַרטיע אויפן וועג צום אומשלאַג־פּלאַץ. צום דריטן מאָל איז זי געגאַנגען מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל פון יענער קיך, מיט דער „גאַספּאַדיניע״ און מיטן „קעראָווניק״, יענעם געוועזענעם דירעקטאָר פון אַ גמילת חסדים קאַסע. האָט זי זעט אויס, נישט געפּרוווט זיך אַרויסגנבע־נען פון דער פּאַרטיע. עס האָט איר מסתּמא אימפּאָנירט ווי זי גייט אַזוי שיין און שטאָלץ מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע. זי איז דאָך נאָך אייגנט־לעך געווען כּמעט אַ קינד. דאָס איז פּאָרגעקומען אַ פּאָר וואָכן פאַר דער גרויסער סעלעקציע, ווען אויך דער פּערסאָנאַל פון אונדזער קיך האָט אויסגערוקט אין קאָמפּלעט, כּדי קיין מאָל מער נישט צוריקצוקומען.[9]

*

איך האָב אויסגערעכנט דעם ווייבלעכן פּערסאָנאַל פון אונדזער קיך. און איך דאַרף דאָ צוגעבן נאָך אַ נאָמען — מאַשאַ ליבערמאַן, די טאָכ־טער פון אַ פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון קליינהענדלער־פּאַראיין, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן אַלס די קאַסירערין ביים פאַרקויפן די בילעטן אויף די זופּן.

דער מענער־פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען תּחילת פון איינעם און שפּע־טער פון צוויי וואָזשניס. דער ערשטער וואָזשני פּנחס שרגא איז אָנגעקומען אין אונדזער קיך ערב דעם איינפירן דאָס געטאָ, נאָך דעם, ווי דער פּוי־לישער וואָזשני פון קליינהענדלער־פּאַראיין פּיאָטר סולין האָט געמוזט פאַרלאָזן לעשנאָ 40. פּיניע איז געווען אַ מענטש פון עפּעס אַ פּאָליטי־שער באַוועגונג אָבער איך געדענק נישט צו וועלכער פּאַרטיי ער האָט געהערט און אויך נישט וואָס פאַר אַ פאַך ער האָט אָנגעגעבן פון פאַר דער מלחמה. אַ געזונטער מאַן אין די פריִע פערציקער, האָט ער זיך נישט אַרויסגעדרייט פון קיין שווערער אַרבעט, אָבער נאָך דעם פּוילישן וואָזשני פּיאָטר איז פאַר אונדז געווען כאַראַקטעריסטיש, וואָס ער האָט קיין זעק אויף די פּלייצעס קיין איין מאָל נישט גענומען, נאָר באַלד זיך אויסקאָמבינירט אַ האַנט־וועגעלע, מיט וועלכן ער פלעגט פאָרן נאָך די פּראָדוקטן. ער איז, דאַכט זיך, געווען אַ געגטער, צי אַן אלמן און האָט אַליין מגדל געווען אַ ייִנגעלע דאַווידעק און דאָס דאָזיקע קינד פלעגט ביי אונדז אָפּזיצן גאַנצע טעג און באַגלייטן דעם טאַטן אויף אַלע זיינע שליחותן.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קיך און איינפירן פון דעם איינגע־מויערטן קעסל, איז פּיניעס ראָל געוואָרן וואָס אַ מאָל וויכטיקער. די

אַרבעט פון שעפן און איבערפירן פון קעסל צו קעסל גאַנצע עמערס זופּ, צוגעהעפטע צו אַ לאַנגן דראַנג, האָט געפּאַדערט קראַפט, געשיקט־קייט און אויך פּאַרזיכטיקייט, נישט אָפּצוקרילן זיך און יענעם מיטן זידנדיקן געקעכטס.

אויך פּיניען זע איך ווי אַ לעבעדיקן פּאַר מיינע אויגן. מיטלוווקסיק, מיט אַ שטאָל־גרויען קאָפּ האָר מיט אַ שרינט אין דער לינקער זייט — פון יענעם מין מענער־קעפּ וואָס ווערן קיין מאָל נישט ליסע. דאָס קול זיינס איז געווען געדיכט און נידעריק מיט אַ לייכטן כריפּ ביים נעמען העכערע טענער. איך געדענק דאָס קול, דאָס פּנים, דעם גראַנאַטענעם אַר־בעטס־כאַלאַט אויף זיין עטוואָס איינגעהויקערטן רוקן. ער האָט אויס־געפירט מיינע דירעקטיוון אָבער קיין צו פיל איינפּאַרשטיין, קיין חברי־שער קאָנטאַקט האָט צווישן אונדז נישט עקסיסטירט. אים זענען נישט גע־פעלן מיינע פּרווון צו העלפן איינצלנע מענטשן פון צווישן אונדזערע קאָנסומענטן. ער האָט געזען דערין אַן אומגערעכטיקייט לגבי דעם כלל און האָט זיי גערופן איראָניש „די מיוחסים". עס קאָן געמאָלט זיין, אַז טעאָרעטיש און אַבסטראַקט איז ער געווען גערעכט, אָבער דער מקור פון אָט דעם צוגאַנג צו די פּריווילעגיעס, אומשטיינס געזאָגט, פון גע־וויסע קאָנסומענטן, איז אפשר געווען נישט אַזוי פיל זיין פּראָטעסט קעגן די עוולות, וואָס ווערן דערמיט געטון „אַלע אַנדערע", ווי זיינע אייגענע געפילן פון קינאה און נערוועזיטעט, ווען ער האָט געזען ווען פון די שווער־געליטענע מענטשן, אויף אַ ווײַלע אויפהייבן דעם קאָפּ. מיר איז אויסגעקומען צו אַנטדעקן ביי אים אָט דעם קאָמפּלעקס ביי זייער פיינ־לעכע אומשטאַנדן.

*

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר דערהאַלטן אַ ידיעה וועגן פּלוצימדיקן טויט פון אונדזערן אַ קאָנסומענט, אַ געוועזענעם ייִדישן ספּאָרט־טשעמ־פּיאָן פון קאַרלסבאַד, וועלכער איז נאָכן באַזעצן די סודעטן געוואָרן אַרויסגעפירט קיין דאַכאַו און פון דאָרט — אַלס „פּוילישער בירגער" דעפּאָרטירט קיין זבאָנשין.

— איר האָט פּאַרפּוטשט דעם דייטש — האָט מיר רינגעלבלום דאָס איינציקע מאָל במשך אַלע אונדזערע קאָנטאַקטן געמאַכט אַ פּאָרוואורף, ווען איך בין געקומען צו אים צו לויפן מיט דער ידיעה, אַז אברהם בראַקסמייער, „דער מענטש פון דאַכאַו" איז פּלוצים געשטאָרבן. רינגעל־

בלום האָט געוואָלט איך זאָל ביי אים אויפנעמען אַ גענויע באַשרייבונג פון זיינע איבערלעבונגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. וועגן אָט דער זייט פון מיין אינטערעס צו בראַקסמייערן האָט נישט פיניע, און נישט די אַנדערע מיטאַרבעטער פון דער קיך, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט גע־ווּוסט. דער רוב פון זיי האָבן גלייך מיט מיר מיט בראַקסמייערן סימפּאַ־טיזירט און געוואָלט אים העלפן זיך דערהאַלטן ביים לעבן. מיר פלעגן נאָך זיין געשוואָלן ווערן אָפּשפּאָרן פאַר אים אַ ביסל „קאָנסטאַנטעס" (נישט קיין פליסיק עסן) פון אונדזער פערסאָנאַל־געקעכטס. ערשט נאָך זיין טויט האָט זיך אַרויסגעשטעלט, ווי ווייט אָט די זאַך האָט פיניען פאַרדראָסן.

לויט רינגעלבלומס רעקאָמענדאַציע האָב איך באַקומען פון שכנא זאַ־גאַן — פון עפּעס אַ פאָנד — אַ צעטל אויף 50 גילדן און אַ בריוו צו דער פאַרוואַלטונג פון גענשער בית־עלמין, צו באַגראָבן בראַקסמייערן אין אַ באַזונדערן קבר.

נאָך מיין צוריקקומען אין קיך האָב איך נישט וויסנדיק וועגן פיניעס באַציִונג צום טויטן, געגעבן אים דעם בריוו און דאָס געלט און איך האָב אים געשיקט דערליידיקן דעם ענין, וואָס האָט געזאָלט זיך אָנהייבן פון דעם אָנהענגען אַ צעטל אויפן טויטן גוף, כדי די קברנים זאָלן אים נישט אַרויפוואַרפן אויף איינער פון די קופּעס טויטע, וועלכע מען פלעגט באַ־גראָבן אין די מאַסן־קברים — נאַמענלאָז און אָן תכריכים. אויף צור־מאָרגנס האָבן אַ פּאָר מענטשן פון אונדזער קיך און פון דער משפחה, ביי וועלכער בראַקסמייער האָט געהאַט אַ ווינקל צום שלאָפן, געזאָלט זיך באַטייליקן אין דער לוויה.

מיר האָבן נאָך דעמלט נישט געוווּסט וועגן די מאַסן־קברים אין וועלכע עס וועלן ווערן באַגראָבן הונדערטער טויזנטער — מיליאָנען — ייִדן פון גאַנץ אייראָפּע. האָט זיך מיר דורכויס אויסגעוויזן, אַז עס דאַרף בלייבן אַ קבר פאַר דער משפחה און חברים פון דעם טשעכיש־ייִדישן ספּאָרטסמאַן, וועלכער איז געשטאָרבן פאַר הונגער אין דעם גרויסן צענטער פון פוילישן ייִדנטום; אַז עס וועט זיין אַ חרפּה און אַ בושה, אויב זיי וועלן זיך אַ מאָל דערוויסן אַז ער איז פאַרשוווּנדן אַנאָנים און שפּורלאָז אין אַ מאַסן־גרוב, צווישן די סאַמע עלנטע און אָרעמע ייִדן פון וואַרשעווער געטאָ.

ווען מיר זענען געקומען אויפן בית־עולם, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער טויטער איז נישטאָ, און מען קאָן אים אין ערגעץ נישט געפינען.

פיניע איז פשוט און פראַסט אין ערגעץ נישט געגאַנגען און גאָרנישט געטון און אַפילו נישט געהאַלטן פאַר נייטיק וועמען נישט איז וועגן דעם מודיע צו זיין. די 50 זלאָטעס האָט ער אחר המעשׂה איבערגעגעבן האַלינעַן. די זאַך האָב איך אים נישט אַזוי לייכט געקאָנט מוחל זיין. איך האָב צו אים אַ לענגערע צייט נישט גערעדט.[10]

## 13. דער בלויער קאָמבינעזאָן

אויף אַן אמת פּאָפּולער ביים גאַנצן פּערסאָנאַל — אויף ביי די איינ־גייער און קאָנסומענטן — איז געווען אונדזער צווייטער וואָזשני יוסף ערליך.

איך געדענק נישט צי האָט ער נאָך געהאַט עלטערן. אין עפּעס אַ שטעטל אין וואַרטעגאַו האָט ער נאָך אַלנפאַלס געהאַט נאָענטע קרובים. ווייל ערגעץ אין אָנהייב ווינטער 1941/42 האָט ער געבראַכט אין קיך אַ קאַרטל, וואָס איז פון דאָרטן אָנגעקומען צו זיינע באַבע־זיידע, ביי וועל־כע ער האָט געוווינט. דאָס דאָזיקע קאַרטל האָב איך איבערגעגעבן אין געהיימען אַרכיוו. אין פּוילישן טעקסט זענען געווען רמזים, וואָס אַ טייל פון אונדז האָט זיי זייער גוט פאַרשטאַנען.

„בסכנה גדולה אנחנו" — האָבן זיי געשריבן מיט פּוילישע אותיות, געהייסן גיין צום גרויסן „דאָקטער" און בעטן ער זאָל געבן די אמתע רפואה... געמיינט האָט עס, מען זאָל גיין אויפן גוטן אָרט, אויפן קבר פון דעם גרויסן צדיק, ער זאָל זיין אַ מליץ יושר. דאָס קאַרטל האָט זיך אָנ־געהויבן מיט די ווערטער: „מיר האָבן איינגעצאַלט און מיר וואַרטן"... די וואָס האָבן געלייענט די געהיימע פּרעסע האָבן שוין געוווּסט, אַז די ייִדן פון וואַרטעגאַו מוזן אַריינטראַגן אין די יודענראַטן אַן אָפּצאָל אויף די טראַנספּאָרט־קאָסטן קיין קולמהאָף (כעלמנאָ) — די לעצטע סטאַציע ווו די ייִדן טוען זיך אויס אין די סוטערינען פון אַ פּאַלאַץ און ווערן דער־נאָך אַריינגעזעצט אין אַ גרויסן אויטאָ־וואָגן, וואָס דאַרף זיי כלומרשט פירן אין אַ באָד אַריין צו דעזינפעקציע, אָבער בשעת דעם פאָרן ווערן זיי פאַר־סמט מיט די פאַרברען־גאַזן פון דעם מאָטאָר, אַריינגעלאָזטע דורך אַ רער אין דעם הערמעטיש פאַרמאַכטן וואָגן.[11] מיר האָבן שוין אויך געוווּסט אַז אויף די אָקופּירטע סאָוויעטישע געביטן זענען אויך פאַראַן אַזעלכע מיני מאָ־טאָר־וועגענער אַן פענצטער און מען רופט זיי דאָרטן „דושעגובקעס". מיר האָבן געוווּסט, אַז אין אַנדערע באַזעצטע געגנטן — אין גאַליציע, וואָ־לין, אוקראַינע — ווערט די ייִדישע באַפעלקערונג געהרגעט אין די מאַסן מיט דער הילף פון הייס געווער, ביים ראַנד פון אויסגעגראָבענע ריזיקע מאַסן־קברים... מוראדיק דערשיטערט, נאָך נישט זיכער, אַז ס'איז אמת, האָבן מיר זיך שוין געפרעגט: ווען וועט קומען אונדזער ריי?

איינער אַ וויצלינג פון דער קיביצאַרניע אין דער קיכן־צענטראַלע, האָט אונדז קעגן נייעם יאָר פון 1942 אָנגעהויבן „פאַרווײלן" מיט דער פראַגע: „נו וואָס האָט איר באַשלאָסן? צי וועט איר פאָרן מיט דער ערשטער, אָדער מיט דער צווייטער קלאַס?"

ווער עס האָט נאָך דעם „וויץ" נישט געקענט און געפרעגט וואָהין מען פאָרט — האָט באַקומען די אויפקלערונג, אַז די רייזע אויף יענער וועלט מיט דער הילף פון הייס געוועזער איז ערשטע קלאַס, ווייל זי ווערט געמאַכט אויף דער פרייער לופט, אין מיטן פון אַ שמעקנדיקן סאָסנע־וואַלד. די שוין געניטע האָבן געענטפערט, אַז זיי זענען דעמאָקראַטן און האָבן ליב צו פאָרן מיט דער דריטער קלאַס — פון דער שטוב אין קע־לער אַריין. ציטירט די עצה פון אַ „גוטן דייטש": „דער בעסטער אויס־וועג איז דער קעלער־אויסוועג". איינער אַ קיכן־לייטער האָט געעפנט אַ רעגיסטראַציע פאַר די, וואָס האָבן זיך געוואָלט פאַרשרייבן אויף נאָך אַ מאָל געבוירן ווערן...

ערב פרילינג, ווען מען האָט די טלאָמאַצקע־גאַס מיטן יודאַיִסטישן אינסטיטוט, וואָס האָט געדינט אַלס צענטראַלע פון דער יידישער אַלייני־הילף, אָפּגעשניטן פון געטאָ און מען האָט געמוזט איבערטראָגן די פאַר־וואַלטונג פון די פאָלקס־קיכן אין אַן ענגן לאָקאַל אויף פזשעיאַזד 9, — האָט די קיביצאַרניע „צייטווייליק" אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. נאָך דער ערשטער נאַכט פון „בלינדן מעסער" פון 17טן אויפן 18טן אַפּריל 1942, וואָס האָט געעפנט די סעריע פון די ביינאַכטיקע מאָרד־באַזוכן פון געסטאַפּאָ אין געטאָ — האָבן די „וויצלער" אויף אַ שטיקל צייט פאַר־שטרייקט מיט זייערע וויצן.

*

ערליכס זיידע איז געווען אַ רב, אָבער ער אַליין איז געוואָרן דער־צויגן אין „השומר הצעיר". ער האָט פאַרמאָגט אַ העלע טשופּרינע מיט אַ העל און יונג, אַ ביסל נאָך ווי קינדיש פּנים, וואָס איז נאָך געווען אַ ביסל אָפּגעברענט פון דער פרייער פראָווינץ־לופט.

אונדזער קיך האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרעסערן זאַפּאַס וועש: ווייסע אַרבעטס־קיטלען פאַר די פרויען, גרויע און גראַנאַטענע כאַלאַטן פאַר די מענער. איינמאָל האָב איך געבראַכט פון צענטראַלן מאַגאַזין אַ שיין אויפגענייטן מענער־קאָמבינעזאָן אין אַ העל־בלויען קאָליר און מירביידע מיט האַליגען האָבן אים תּיכּף באַשטימט פאַר ערליכן. ווען ער

האָט אָנגעמאָסטן דעם קאָמבינעזאָן, איז ער געווען ווי אויפגעבייט אויף זיין פיגור און דער בלויער קאָליר האָט שטאַרק געפּאַסט צו זיינע אויגן, בולטער געמאַכט זיין יוגנטלעכן חן. די מיידלעך האָבן זיך אָנגעהויבן וויצלען, אַז מען דאַרף אויפהענגען אין קיך אַ שפּיגל, כּדי ער זאָל זיך קאָנען אַלע ווילע פאַרריכטן די פריזור און זען צי דאָס בגד פּאַסט אים. די אַלע וויצן פלעגן, פאַרשטייט זיך, פאַרקומען אין די פרימאָרגן־שעהען, איידער עס האָט זיך ביי אונדז געשטעלט דער טאָג־טעגלעכער הונגער־יאַריד. דער גרויסער קעסל האָט שוין געזאָטן און מען פלעגט מאַכן אַ קורצע פּויזע אויף אָפּצועסן. מען האָט שוין געקאָנט אָנשעפּן דעם ערשטן טאָפּ שיטערע זופּ פאַרן פּערסאָנאַל, באַשמירן דאָס שטיקל פרימאָרגן־ברויט מיט אַ ביסל געריישטע ציבעלעס און פאַרטרינקען עס מיטן פרישן גריץ.

ווי אַ יונגער, קאָלירטער האָן האָט זיך יאָסעלע אַרומגעדרייט צווישן די מיידלעך אין זיין בלויען קאָמבינעזאָן. אַממיינסטן איז געווען אין אים פאַרליבט די הינקענדיקע חוטשע. אירע חברטעס האָבן געלאַכט און געשפּאַסט מיט אים; זי האָט נישט געקאָנט עפּענען דאָס מויל. זי האָט געפילט, אַז עפּעס וועבט זיך צווישן אים און דינהן... עפּעס האָט אין איר געזונגען און געוויינט... אויך ערליך איז נאָך געווען זייער שעמעוודיק. אַן אויסגעפּוצטער אין נייעם קאָמבינעזאָן פלעגט ער פון דעסטוועגן ווערן אַ ביסל דרייסטער, פּרווון מאַכן אַן אומגעשיקטן וויץ. געניאַ, דאָס אַלטע מיידל, פלעגט אים פּרווון פּראָוואָצירן, חוזק מאַכן פון אים; איינמאָל געמאַכט אַ זשעסט אַז זי גייט אים געבן אַ קוש. די חברה האָט עס אויפגענומען ווי אַ שפּאַס און אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דאָס יינגל איז געוואָרן רויט, ער האָט אָבער געלאַכט גלייך מיט די אַנדערע. פון טאָג צו טאָג איז ער געוואָרן רייפער, דרייסטער.

זיי זענען נישט געווען הונגעריק די מיידלעך אונדזערע און זייער יונגער חבר. ווי ווייל האָבן זיי געטון, וואָס זיי האָבן זיך כאָטש אויף אַ רגע באַפרייט פון דעם קאָשמאַר, כּדי מקיים צו זיין זייער יוגנט, הגם זיי האָבן נאָך נישט געוווסט, אַז אָט דער פרילינג איז דער לעצטער אין זייער לעבן.

*

און אָט האָבן זיך די געשעעענישן אָנגעהויבן דערנענטערן. צוויי וואָכן פאַר דער אַקציע האָט אויסגעבראָכן די „שאָפּן־בהלה", דאָס זוכן פאַרזיכערונגען און דעקונגען אין די דייטשע וואַרשטאַטן אויפן געביט פון

געטאָ. פון די ידיעות וואָס זענען געהאַט אָנגעקומען פון לובלין און פון אַנדערע ערטער, ווו עס זענען שוין פאָרגעקומען אַקציעס, האָט מען געוווּסט, אַז „נאָר יונגע, געזונטע, פעיִקע צו אַרבעט" האָבן אַ שאַנס; אַז נאָר זיי וועלן אפשר „בלייבן". איז צווישן אַנדערן געוואָרן אַ גרויסע מאָדע אויף אַרבעטס-בגדים. אמתע און כּלומרשטע פיזישע אַר־בעטער, ווי אויך דאָקטוירים, קראַנקען־שוועסטער, לאַבאָראַנטן, אַפּטיי־קערס — האָבן שוין ערב דער אַקציע אָנגעהויבן טראָגן אין גאַס כאַלאַטן, ווייסע פאַרטעכער, שפּיטאָל־מאַנטלען און יעדן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס אַרבעטס־בגד איז אַ פּאַנצער אויף זיין לייב, וואָס איז אפשר מער ווערט ווי אַן אַרבעטס־לעגיטימאַציע.

עס איז געקומען דער שרעקלעכער טאָג פון 22סטן יולי. די גירוש־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן בפּועל ממש.

אַ פּאַזע נאָך אַ פּאַזע איז געגאַנגען. יעדן טאָג זענען אַריינגעקומען אין געטאָ די מלאכי חבלה פון דעם דייטשן זאָנדערקאָמאַנדאַ מיט זייערע אוקראַיִנישע, לאַטווישע, ליטווישע גיהנום־משרתים. יעדן טאָג איז גע־שטאַנען אין זייער רשות אַ קאָהאָרטע יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געהאָלפן דורכפירן די גאַסן־ און הויף־בלאָקאַדעס, לעגיטימירונגען פון די איינוווינער אין יעדן הויז. בעת די בלאָקאַדעס האָבן זיך ייִדן נישט געוויזן אין די גאַסן. בלויז אין די פויזעס און אויף גאַסן ווו די בלאָ־קאַדעס זענען שוין אַדורכגעגאַנגען, האָבן זיך געוויזן מענטשן, ס'רוב בלויז אַזעלכע, וועלכע האָבן געהאַט אין קעשענע עפּעס אַ שטיקל פּאַפּיר, אַ לעגיטימאַציע. אין דער ערשטער צייט האָט אָבער אַ ווייסער מאַנטל אָדער אַ פאַרטעך פּאַקטיש געקאָנט פאַרהיטן אַ ייִד פאַרטשעפּעט צו ווערן דורך אַ צופעליקן פאַרפאָלגער.

און דאָ האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז פּונקט אַ וואָך פאַר דער אַקציע האָט מען ביי אונדז אָוועקגעגעבן די וועש צום וואַשן און ערליכס קאָמבינע־זאָן בתוכה. געוויינלעך פלעגט עס דויערן אַ וואָך ביז צען טעג און מיר פלעגן די וועש באַקומען צוריק אַ ריינע, שיין אָנגעקראָכמאַליעטע און אויסגעפרעסטע. צוליב דער שאָפן־בהלה און דער אומגעוויינלעכער צעמישונג, וואָס האָט באַהערשט דאָס געטאָ, האָט מען די וועש נישט אָפּגעבראַכט. עס איז פאַרגאַנגען אַ טאָג נאָך אַ טאָג, די אַקציע איז שוין געווען אין פולן גאַנג, און די וועש האָט מען נישט געזען. די וועשעריי האָט זיך געפונען אויף דזיעלנע־גאַס, ערליך איז יעדן טאָג געלאָפן מאַנען די וועש און יעדעס מאָל צוריקגעקומען אויף לעשנאָ ממש אַ דערשלאָ־

גענער. די וועש איז מער נישט מעגלעך געווען אַרויסצובאַקומען — נישט ריין און נישט שמוציק. האָט זיך ערליכן געדאַכט, אַז זיין גאַנצער גורל איז איצט אָפּהענגיק פון דעם שיינעם, בלויען אַרבעטס־בגד, אין וועלכן ער זעט אויס יונג און געזונט; אין וועלכן עס איז פאַרקערפּערט זיין מזל, זיין צוקונפט. ווען ער האָט מיר איבערגעגעבן וועגן נאָך איין אומזיסטן פּרווו זיינעם אָפּצונעמען די וועש, האָב איך איינמאָל באַמערקט, ווי דאָס פּיצל רויטע פּינטעלע אין ווינקל פון איין אויג ווערט ביי אים אַנגע־שוואָלן פאַר אויפרעגונג ווי אַן אַרבעס, ווי אַ בעלמע. אפשר האָט ער דאָס אויך אַליין ווען נישט איז באַמערקט. מער האָט מען נישט באַ־דאַרפט — ער זאָל נאָך אויסזען אין די אויגן פון אַ דייטש ווי אַ בעל מום!

אין אונדזער קיך זענען נאָך געבליבן אַ געוויסע צאָל ווייסע פאַר־טעכער און כאַלאַטן און אויסער דעם זענען שוין אַ פּאָר פון אונדזערע מיטאַרבעטער מער נישט געקומען צו דער אַרבעט. אין אונדזער מאַגאַזין האָט שוין געהאַנגען אַ פאַריתומטער דער שיין אויסגעפּרעסטער כאַלאַט פון יאַקוב בעלדיגער און אין קיך איז געבליבן הענגען דאָס נייע פאַר־טעך פון דער הויכער און דיקער גאָספּאָדיניע, וועלכע איז אָנגעקומען אַרבעטן אויף לעשנאָ 40 אין שייכות מיטן איינפירן ביי אונדז אַ רע־קאָנוואַלעסצענטן־קיך. איך האָב ערליכן געזאָגט ער זאָל אָנטון איינעם פון די כאַלאַטן, זיי זענען אָבער אויף אים געווען צו גרויס און אויסער דעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער וואַקלט זיך אַרויפצושלעפּן אויף זיך דאָס בגד פון די שוין פאַראומגליקטע, „צוגענומענע".

*

די אַקציע איז געגאַנגען פאָרויס. וואָס אַ מאָל נייע קאַטעגאָריעס באַשעפטיקטע און בפרט זייערע משפחות האָבן מער נישט געגאָסן פון דעם רעכט צו „בלייבן אין וואַרשע". אַלטע טאַטע־מאַמע און נישט באַ־שעפטיקטע פרויען מיט קליינע קינדער ביז 10 יאָר האָבן נישט געהאַט מער וואָס זיך צו לעגיטימירן מיט די אַרבעטס־אויסווייזן פון דעם משפּחה־פאָטער. אַפילו די אויסווייזן פון די סאַמע חשובסטע און אייזן־שטאַרקסטע „קריגסוויכטיקע" קאַטעגאָריעס, אַלטע און ניי־מאָנטירטע שאָפּן, וואַרשטאַטן, פּלאַצוווקעס, האָבן מער נישט געשיצט קיין משפּחה־מיטגליד פון ווערן צוגענומען. און דאָך האָב איך פּלוצים דערזען אין קיך אויף לעשנאָ 40 ערליכס באָבע, אַ קליין סימפּאַטיש יידנקעלע אין אַ שייטל. יאָסעלע האָט זי אַריינגעפירט צו מיר אין קאַנצעלאַריע, כאָטש

איך אַליין האָב זיך שוין דאָ געהאַלטן אויף הינערישע פיסלעך. איך האָב באַוווּנדערט די אמונה און בטחון וואָס האָבן געשטראַלט פון דעם אַלטן, קלאָרן פּנים. זיצנדיק ביים טיש האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון קעשענקעלע אַ מייערל מיט אַ מעסערל, גענומען פון אים אויסשאָבן זיין זאַפּטיק, פריש און זיסיק פלייש און לייגן עס בנעימות אין ציינלאָזן מיילעכל אַריין...

זי איז נישט געזעסן אין קיין שום קעלער און נישט אין קיין אַנדער באַהעלטעניש, זי האָט געשעפּט איר זיכערקייט ראשית כּל פון איר אמונה און חסד פון רבונו של עולם, וואָס פאַרלאָזט נישט אירס־גלייכן לעת זיקנה. שנית, האָט זי געהאַט בטחון אין זיין שליח מאָריס קאָן, וואָס האָט אויך זי און איר מאַן, דעם מורה הוראה באַזאָרגט מיט צוויי לעגיטימאַציעס פון איר פירמע, — אַז די מיצווה זאָל אים אַנטקעגן קומען ווו ער וועט זיך קערן און ווענדן...

די ברכות פון די פרומע יידן זענען מאָריס קאָנען נישט אַנטקעגן געקומען. שוין אויפצומאָרגנס נאָך דעם וויזיט פון זיין באָבען, האָב איך דערזען ערליכן אַריינלויפן צו אונדז אין קיך מיט אַ נאָך מער צעמישט און פאַרחושכט פּנים ווי אין די פריערדיקע טעג. ער האָט נאָר וואָס געהערט, אַז קאָן מיט העלערן זענען געוואָרן דערשאָסן אויפן הויף פון דער יידישער פּאָליציי אויף אַגראָדאָווע־גאַס.[12]

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז פּיניע געקומען צו לויפן פאַר טאָג אין קיך אַ ווילד־פאַרצווייפלטער. זיין ייִנגעלע, דאַווידעק, וואָס האָט זיך שוין צוויי מאָל געהאַט אַרויסגעראַטעוועט פון אַ פּאַרטיע געפירטע אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, דער 10־יאָריקער קליינער מזיק, וואָס האָט געוווּסט אַריינצוקריכן אין די קלענסטע לעכער און זיך אַרויפבאַקומען אָן אַ לייטער אויף די העכסטע ערטער, איז זינט נעכטן נעלם געוואָרן. די איינציקע האָפענונג פּיניעס איז געווען, אַז ער האָט זיך דערקליבן אַהער אין קיך. זעענדיק, אַז ער איז דאָ נישטאָ, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ מיט ביידע הענט, אַ פּאָר מינוט געזעסן און דערנאָך אַוועקגעלאָפן, נישט אויסרעדנדיק מער קיין וואָרט צו קיינעם. און מער האָבן מיר אים כּלל נישט געזען. אַ סברה, אַז ער איז אַוועק אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, כּדי צו יאָגן, נאָכפאָרן אין דער ריכטונג, ווו מען האָט אַוועקגעפירט זיין קינד.

*

די קיך האָט איצט געקאָכט פאַר די יידן וואָס האָבן געאַרבעט ביי טעבענסן. דער נייער לייטער האָט משלח געווען האַלינען און אויך איך

האָב זיך דאָ געהאַלטן אויף אַ שוואַכן פּאָדעם. ערגעץ אויף דער דריטער וואָך פון דער אַקציע האָב איך מיטאָג־צייט פּלוצים דערזען האַלינען אַריינפאַלן אין קיך פון דער פראָנט־זייט, ווייל אויף די טרעפּ פון דער אָפּיצין איז געווען אויסגעשטעלט די קאַלייקע נאָך דער זופּ, — אַ גאַנץ אַנדערע קאַלייקע מיט גאַנץ אַנדערע מענטשן ווי אונדזערע פריִערדיקע קאָנסומענטן. ס׳רוב מענער, וואָס האָבן זיך אַריינבאַקומען צו טעבענסן אַלס אמתע אָדער פלומרשטע שניידערס.

—איך קום פון אומשלאַג־פּלאַץ — האָט האַלינע אויסגעשטאַמלט. אַ טויט־בלייכע, אַ צעשויבערטע, אַ צעציטערטע, האָט זי מיך אַרומגענומען און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטומען געוויין. איך האָב זי אַריינגעפירט אין דורכגאַנג־צימער, ווו עס האָט זיך ביז דער אַקציע געפונען דאָס קאַסע־פענצטערל. אַ ווונק געטון צו איינער פון די מיידלעך זי זאָל אַריינברענ־גען פון קיך דאָס פלעשעלע מיט די וואַלעריאַן־טראָפּן.

עס זענען נישט פאַרגאַנגען קיין צען מינוט... אַן אָנגעשפּאַרטע אין דער וואַנט, זיצנדיק אין ווינקל אויף אַ בענקל, האָט האַלינע ווי איינגע־דרימלט. און אָט איז אַריין דער נייער קיך־לייטער שטיוול, מיך אָוועק־גערופן אין אַ זייט.

— וואָס טוט זי דאָ? — האָט ער צו מיר געזאָגט מיט אַ בייז, אָנ־געכמורעט פּנים, ווען איך בין מיט אים אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר — זי געהערט שוין נישט אַהער, זאָל זי תּיכּף ומיד פאַרלאָזן דעם לאָקאַל!

— ווי שעמט איר זיך נישט אַזוי צו רעדן? — האָב איך געענטפערט. — זי האָט דאָ אָפּגעאַרבעט קנאַפּע 3 יאָר, זי איז נאָר־וואָס אַנטלאָפן פון דעם אומשלאַג־פּלאַץ.

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט ער געבעבעט אַ פאַרקרומטער. — אַז מיר וועלן אַזוי אַריינגעמען יעדן איינעם, וועט מען אונדז מאָרגן אַלע צונעמען...

ער איז אַריין אין דער קאַנצעלאַריע און פאַרקלאַפּט הינטער זיך די טיר. איך האָב זיך שוין אויף גאָרנישט נישט געוווּנדערט. איך האָב ערשט בעכטן געהאַט מיט אים אַ ווילסטע אַוואַנטורע און זיין פרוי און טאָכטער טוניע, וואָס האָט געהייסן נאָך דער זעלבער אסתּר ווי איסטאַ בעלדיגער, האָבן זיך צוגעהערט צו דעם געקריג און זייערע פּנימער האָבן געפלאַמט פאַר בושה. זיי זענען פאַר פּחד געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין קיך, געהאַלטן פאַרנומען דאָס שמאָלע קאַנצעלאַריע־צימער. זיי האָבן נאָך געדענקט, אַז ערשט נישט לאַנג בין איך דאָ געווען די באַלעבאָסטע. ביז מיט אַ חודש

צוריק פלעגן זיי מיך אויפנעמען מיט דער גרעסטער העפלעכקייט, ווען איך פלעג אַמאָל אַרויפקומען צו זייערע קרובים און לאָקאַטאָרן משפחה בעלדיגער. אַ חוץ יאַקובן מיט איסטען האָט שוין געפעלט פון דער משפחה אויך דער צווייטער זון דוד מיט זיין פרוי. דער עלטסטער זון און פאַרזאָר־גער פון דער משפחה, יורעק, איז פונקט אַריינגעקומען בשעת דער סצענע און ער האָט מיך באַרויקט מיט די ווערטער: — כדאַי איר זאָלט וויינען? איר באַליידיקט זיך אויף שטיוולען? איר ווייסט נישט וואָס סע טוט זיך אין שטאָט? אַלצדינג ברענט! קיינער איז נישט זיכער מיט קיין שום פאַר־זיכערונגען. דער נאַר גייט זיך נאָך פאַרשמירן דאָס פנים איידער עס וועט קומען זיין ריי.

יורעק האָט גערעדט ווי אַ חכם. אויך ער איז נעבעך אונטערגעגאַנ־גען, הגם דער פּאָלאַק קאָלאַסינסקי איז אים גרייט געווען צו ראַטעווען, דער אַלטער פאָטער אברהם איז אָבער געווען אין גאַנצן איינגעבראָכן, קראַנק. מען האָט אים נישט געקאָנט איצט אין ערגעץ איבערפירן און יורעק האָט אים נישט איבערגעלאָזט, אומגעקומען מיט אים צוזאַמען. פון דער גאַנצער משפחה, פון מיינע טייערע מלחמה־פריינד איז קיינער נישט געבליבןביים לעבן.

שטיוולס פרוי מיט דער טאָכטער האָט מען צוגענומען מיט אַ וואָך שפּעטער. ער האָט געשיקט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אַ פּאָליציאַנט וואָס האָט גערופן זייערע נעמען. מען האָט געוואָלט אַרויסלאָזן די טאָכטער, האָט טוניע נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין די מאַמען. ווען שטיוול האָט צום צווייטן מאָל געשיקט אַ צווייטן פּאָליציאַנט וואָס האָט גערופן די נעמען פון דער מאַמען מיט דער טאָכטער. האָבן זיך אָפּגערופן אַנדערע צוויי פרויען און זיי זענען געקומען מיטן פּאָליציאַנט אויף לעשנאָ 40. איינע פון זיי איז געווען אונדזער סטעלאַס אַ שוועסטער און זי איז נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע אַקציע געבליבן אַרבעטן אויף לעשנאָ 40 אַלס קאַרטאָפל־שיילערין. שטיוול האָט זי געזען יעדן טאָג ביי דער אַר־בעט, אָבער ער האָט שוין איצט געשוויגן. ער האָט זיך אין גאַנצן איינ־געבראָכן. ווען און ביי וואָס פאַרא אומשטאַנדן ער אַליין איז פאַרשוווּנדן האָב איך נישט געהערט. דאָס איז דאַכט זיך פּאַרגעקומען בעת דער צווייטער אַקציע. נישט ער און נישט סטעלאַס שוועסטער און נישט סטע־לאַ גופא וואָס איז אַהיימגעקומען מיט דאָרען פון דעם „קעסל״ אָן קיי־נעמס הילף, האָבן זיך נישט געראַטעוועט.

*

אַ פּאָר טעג נאָך דער מעשׂה מיט האַלינען, האָבן די פאַרכאַפּערס פון אונדזער קיך אויך מיך משלח געווען. דעם 6טן סעפּטעמבער גאַנץ פרי, נאָך דעם, ווי עס איז ביי נאַכט געוואָרן אָנגעמאָלדן, אַז די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג דאַרף זיך צושטעלן ביז 10 אַזייגער אין דער פרי אויפן שטח פון די אָפּגעשפּערטע גאַסן — האָב איך נאָך נישט געוווסט גאַנץ קלאָר, וואָס וועלן טון מיינע קרובים אויף לעשנאָ 66, ווו מיר האָבן פאַרמאָגט אַ קליין קעלערל זיך צו באַהאַלטן. אין איינעם מיטן באַפעל זענען אַראָפּגענומען געוואָרן אַלע באַגרענעצונגען זיך צו באַוועגן איבערן געטאָ. פאַר 5 אַזייגער אין דער פרי האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אויף לעשנאָ 40. איך האָב געוואָלט זען וואָס טוען די מענטשן מיט וועלכע איך האָב געאַרבעט, זיך געזעגענען מיט זיי...

אויף וויפל זיי זענען נאָך בכלל געווען, האָב איך זיי אַלע געטראָפן אויפן אָרט. זיי האָבן שוין דאָרט ס׳רוב גענעכטיקט נאָך דעם ווי יעדער האָט געבראַכט צו טראָגן עפּעס אַ בינטל פון זיין פאַרמעג און דעם רעשט פון זיין משפחה. דאָרט האָט דאָרט געהאַלטן מיט זיך איר מאַמע, וועלכע האָט געהאָלפן וואַשן די כּלים און שיילן קאַרטאָפל. אין דער פאַראָרדענונג איז געווען געזאָגט, אַז צו דער סעלעקציע דאַרף יעדער מיטברענגען מיט זיך שפּייז אויף 48 שעה. אין שייכות דערמיט, מסתמא, האָט טעבענסעס אַפּראָוויזאַציע־שעף, אין משך פון דער נאַכט אַריינגעשיקט אויף לעשנאָ 40 אַ זאַפּאַס שפּייז־פּראָדוקטן אויף צוויי מעת־לעת. מען האָט אָנגעפילט דעם מאַגאַזין און וואָס עס האָט נישט געקאָנט אַריינגיין, האָט מען אָפּגעלייגט אין מיין געוועזענער קאַנצעלאַריע. הונדערטער לאַבנס שוואַרץ ברויט, אַ פאַס מאַרמאַלאַדע, פעסער מיט פעטס. עפּעס אַ דייטשער פאַבריקאַנט האָט אַרויסגעלאָזט אויפן מאַרק אַ מין פּוטער־מאַרגאַרין און אויך דעם אַרטיקל האָט מען געדאַרפט פאַרטיילן צווישן די טעבענס־אַרבעטער.

די טעבענס־ייִדן, די גאַנצע געגנט, האָבן שוין געהערט וועגן דער שפּע וואָס איז פאַר זיי געווען באַשטימט. מיטן עסנוואַרג איז געווען פאַרבונדן אַ האָפענונג. מען גיט די מענטשן עסן, איז אַ סימן אַז מען דאַרף זיי האָבן. וואָס הייסט סעלעקציע? מסתמא וועט מען לאָזן צו דער אַרבעט די שטאַרקע און די געזונטע, די וואָס זעען אויס גוט. האָבן אַ סך פון זיי געטראָגן אין די פּעקלעך און אין די קעשענעס נישט בלויז שטיקלעך צוקער, פלעשעלעך טראָפּן צום שטאַרקן דאָס האַרץ, קעלניש־וואַסער צום איינרייבן די שלייפן, נאָר אויך שאַכטעלעך מיט פּודער, מיט פּאָמאַדע,

ליפּן־קרעדקעס און קליינע שפּיגעלעך. אויך מענער האָבן דאָס געהאַט מיט זיך.

האָט זיך די מענטשן־ריי אויף לעשנאָ 40 געצויגן איבערן גאַנצן הויף ביז צו די טרעפּ פון דער רעכטער אָפיצין. אין די הענט האָבן מענטשן געהאַלטן טעפּ, ריינדלעך, מענאַזשקעס. געזען, אַז ס׳איז נישטאָ קיין רייד, איך זאָל זיך קאָנען דורכשטופּן, האָב איך זיך אומגעקערט אין טויער און אַרויפגעגאַנגען דורך די פראָנט־טרעפּ, אָנגעקוועטשט דאָס גלעקל צום קליינהענדלער־ביוראָ אויפן ערשטן שטאָק מיט אַ סיגנאַל. און ריכטיק איז דאָרט ווער געזעסן — דער ביוראָ־דירעקטאָר גראַף און אויך אונדזער געוועזענע קאַסירערין מאַשאַ ליבערמאַן. זיי האָבן אַרויסגעקוקט דורכן קוקערל, אַוועקגערוקט די אַלע שרויפן מיט די שטאַבעס און מיך שנעל אַריינגעלאָזט אינעווייניק, מורא האָבנדיק עס זאָלן נאָך מיר נישט אַ פלייץ טון אַנדערע. איך בין אַדורכגעגאַנגען דאָס ביוראָ־צימער און דורכן אינערלעכן פאָרצימער אָנגעקומען צום קאָרידאָר מיט די שמאָלע צימערן וואָס האָבן געהערט צו דער קיך.

דאָס וואָס איך האָב דאָרט דערזען, קאָן מען אפשר זען נאָר איין מאָל אין לעבן. די מענטשן וואָס זענען שוין אַריינגעדרונגען פון הויף דורך די קיכן־טרעפּ צום צווייטן עק קאָרידאָר ווו עס האָט זיך געפונען דער מאַגאַזין און דערזען דאָרט די הויפנס ברויט, די זעק מיט מעל, צוקער, פעפער מיט מאַרמאָלאַדע, מיט מאַרגאַרין — זענען געוואָרן אין גאַנצן ווילד. אין מאַגאַזין האָבן זיך געפונען 3—4 מענטשן פון פּערסאָנאַל, אָבער זיי האָבן די סיטואַציע נישט געקאָנט באַהערשן. איינער פון זיי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ בליישטיפט און אַ העפט. זיי זענען געווען צוגעגרייט צו ציילן, צו וועגן, צו פאַרשרייבן, אויסצוטיילן יעדן זיין חלק. אַ פאָר חברה, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַריינצוכאַפּן אינעווייניק האָבן געמאַכט זייערע כוונות צו שאַנד און צו שפּאָט. זיי האָבן אויפגעקלאַפּט די פעסער מיט דער פסעוודאָ־פוטער און דעם פסעוודאָ־האָניק און מיט דער בוראַטשענער מאַרמאָלאַדע. די וואָס האָבן געהאַלטן אין האַנט די שעפּערס, זענען נישט געקומען דערצו עפּעס צו שעפּן. די חברה־לייט פון דרויסן זענען אַריין מיט די הענט און געשעפּט פון די פעסער פולע טעפּ. פון אויבן אויף דער מאַרמאָלאַדע האָבן זיי אָנגעלייגט די פוטער, און מיט אויסגעשמירטע הענט, מיט לאַבנס ברויט אונטערן אָרעם זיך אַרויסגערוקט מיט שווערער מי דורך די צונויפגעפרעסטע רייען און אויף

זייער אָרט זענען אַריין די ווייטערע, און געטון דאָס זעלבע וואָס די פון פריִער.

איך האָב דערהערט אַ קול פון קאָרידאָר: — מענטשן, וואָס טוט איר, ווי שעמט איר אייך נישט, מען וועט דאָך אייך פאָטאָגראַפירן, ווי די ווילדע חיות.

— מענטשן, האָט רחמנות, לאָזט מיך צוריק אַרויס, איך וועל דער־שטיקט — האָט געשריגן אַ פרוי.

— מיר אויך, מיר אויך! — האָט געפּישטשעט אַן אַנדער קול און נאָך עמעצער האָט פּראָטעסטירט, געבונטעוועט.

— האָט קיין מורא נישט! נעמט וואָס איר קאָנט! זיי וועלן זיך אַליין אָנשטאָפּן די פּלעצאַקעס און פאַר אונדז וועט גאָרנישט בלייבן. שטופּט זיי אַרויס!

איך האָב זיך דערקליבן צו דער כוואַליע פון די אַרויסגייערס, קוים געקאָנט כאַפּן אַ קוק אין מאַגאַזין. איך האָב דערזען די ווענט, די טיר, די פּנימער פון מענטשן, פאַרשמירט מיט מאַרמאַלאַדע ווי מיט דזשעגעכץ. פון עפּעס אַ טאָפּ אויף אַן אויבערשטער פּאָליצע האָט זיך געגאָסן אייל. די פּנימער פון די פאַרטיילער זענען געווען ווי וואַנזיניק, די מיילער אָפן. עפּעס האָבן זיי גערופן, נאָר די ווערטער האָב איך נישט געכאַפּט. איינער פון זיי האָט געמוזט זיין דער נייער וואַזשני, אַ ייִד פון שערפּץ, שטיוולס אַ פּראָטעזשירטער, וואָס איז געוואָרן צוגענומען אויף פּיניעס אָרט.

דער צווייטער איז געווען — יוסף ערליך... דאָס יונגע העלע פּנים זיינס איז געווען נישט געגאָלט, די אויגן ווילד. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן די לאָפּעטע, מיט וועלכער מען פלעגט מישן די זופּ אין קעסל. אויך ער האָט געשריגן און אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך דערזען ווי ער הייבט אויף די לאָפּעטע און פּאָכעט מיט איר איבער די קעפּ, שרייענ־דיק נישט מיט זיין קול:

— גראַנדאַ! אַרויס! אַרויס! אַליין נישט נעמען גאָרנישט! גראַנדאַ!

די מענטשן האָבן זיך געטון אַ וואַקל אין זייער שפּאַרן פּאָרויס.

— שעמט אייך, שעמט אייך! — האָט ער גערופן — שעמט אייך פאַר זיך אַליין!

— האָט רחמנות אויף זיך אַליין...

דער עולם האָט זיך אויף ס'ניי אַ וויג געטון. אַ טייל האָט זיך גע־רוקט מיט די טעפּ מאַרמאַלאַדע און לאַבנס ברויט צום אַרויסגאַנג. אַ טייל האָבן שוין ווי נישט איז צוגעלאָשענע געוואַרט אויף זייער ריי.

איך בין געווען איינגעפּרעסט צווישן די אַרויסגייערס און אַריינ־גייערס, נישט געקאָנט און אויך שוין נישט געוואָלט זיך אומקערן אין מאַגאַזין זיך זען מיט וועמען. אַ ברויט־טיילער, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיר פון מיין געוועזענער קאָנצעלאַריע, האָט מיך דערקענט, אַרויס־דערלאַנגט איבער די קעפּ אַ לאַבן ברויט און אָנגעוויזן מיטן קאָפּ אויף מיר. דער מענטש האָט מיר אַריינגעשטעקט דאָס ברויט אונטערן אָרעם.

*

איך האָב דעמלט געזען ערליכן צום לעצטן מאָל. ער איז געשטאַ־נען אויף דער וואַך פון זיין אַרבעטס־פּלאַץ. ער האָט אים געוואָלט פאַר־טיידיקן. מיך האָט ער אין גאַנצן נישט באַמערקט.

צי האָט ער מיך נישט געזוכט מיט די אויגן, מיט אַ פּאָר שעה אָדער אַ פּאָר טעג שפּעטער — אין יענעם „קעסל" — דער יינגסטער פון אונדזער קיך? ווען ס'איז געקומען די ריי פון טעבענסעס שאָפּן־קיך און מען האָט אים צוזאַמען מיט אַלע די שיינע זיינע חברטעס אַוועקגעשאַרט צום וועג, וואָס האָט געפירט צום אומשלאַג־פּלאַץ, צו די וואַגאָנען, צו טרעב־לינקע?

און וואָס איז מיט אים ווייטער געשען? צי איז ער אפשר געווען צווישן די, וואָס זענען געשפּרונגען פון וואַגאָן אויפן וועג און זענען געוואָרן דערהרגעט? און אפשר איז ער געווען צווישן די, וואָס מען האָט אין טרעבלינקע אויסגעוויילט צו דער אַרבעט און ער האָט זיך דאָרט נאָך געמוטשעט טעג אָדער וואָכן? אָדער אפשר איז ער פשוט און פּראָסט מיט יונגע און אַלטע — ביי זיינע בלי־ענדיקע ניינצן יאָר — געלאָפן מיטן „הימל־וועג" אין „באָד" אַריין? [13]

די שיינע יוגנט־טראַכט זיינע, דעם בלויען קאָמבינעזאָן, האָט ער נישט געהאַט אויף זיין לייב און מסתמא האָט ער געטראַכט, אַז ווען ער וואָלט אים געהאַט, וואָלט ער אפשר געווען געקאָנט בלייבן לעבן...

## 14. W. C. T. — אויך דיך וועלן זיי צונעמען...

וועלכע גורמים האָבן בייגעטראָגן דערצו, וואָס דער אָדער יענער מענטש האָט זיך געראַטעוועט און אַ צווייטער איז אומגעקומען, הגם לויט דער לאָגישער אָפּשאַצונג פון אַ מענטש וואָס האָט זיי ביידע געקענט, האָט דווקא אָט דער צווייטער פאַרמאָגט פיל גרעסערע שאַנסן, בעסערע פאַרבינדונגען און בעסערע באַדינגונגען צו בלייבן לעבן?

ווען מיר קאָן מען זאָגן, אַז איך האָב בשעת דער אָקופּאַציע געהאַט „מער גליק ווי פאַרשטאַנד". האָט סיידן מיין מאַמעס ליבשאַפט געוואַכט איבער מיר, וואָס פאַרשידענע צופאַלן האָבן פאַר מיר אַריבערגעוואָרפן אַ שמאָלע קלאַדקע איבערן תהום, און איך האָב איבער איר געשפּרייזט ווי אַ בלינדע, ווי אַ מענטש מיט פאַרבונדענע אויגן. מיט אָפענע אויגן וואָלט איך זיך בכלל נישט געוועזן געלאָזט גיין.

„צופאַלן"... מיר איז למשל ביז צום אַרויסגיין פון געטאָ כּמעט נישט אויסגעקומען צו בייטן די דירה, אַזוי בשעת דעם איינפירן דאָס געטאָ, אַזוי אויך בשעת דער אַקציע. ביידע מאָל האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז דער אָפּשניט לעשנאָ, גראַדע נומערן, ווו איך האָב געוווינט, איז געבליבן אין קרייז פון מיינע לעבנס־אינטערעסן — אין בוכשטעבלעכן זין פון דעם וואָרט „לעבן"... סיי די דירה אויף לעשנאָ 66, ווו איך האָב געוווינט ביי מיינע קרובים, סיי די קיך אויף לעשנאָ 40 ווו איך האָב געאַרבעט — זע־נען בשעת דער אַקציע ווידער געבליבן אויפן געביט, פון וועלכן איך האָב זיך נישט געמוזט עוואַקויִרן; געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון די אַר־בעט־ און וווין־בלאָקן פון דער פירמע וו.צ. טעבענס און אַלס אַנגעשטעלטע פון דער קיך, האָב איך ווידער געקאָנט בלייבן וווינען און אַרבעטן אויף דעם זעלבן שטח.

נאָך פאַרן גירוש האָט די פירמע פאַרלייגט איר שטאַב אין שול־בנין אויף לעשנאָ 74, און, איצט האָט זי איבערגענומען אין איר רשות דעם גאַנצן טייל גאַס פון קאַרמעליצקע ביז זשעלאַזנע.

איין קלייניקייט — וואַלטער צ. טעבענס, — איינער פון די גרעסטע מאָרד־רויבער, וואָס האָט געמאַכט מיליאָנען פון יידישן אומגליק און גע־האָלפן אַריינגאַרן יידן אין טויטן־קלעם מיט מיראַזשן פון ראַטעווען דאָס לעבן פאַרן פרייז פון איבערגעבן פרייוויליק אין זיין באַזיץ זייערע ביז

איצט אויפגעהיטע אַרבעטס־מכשירים און רוישטאָפּן און דערצו נאָך צו־צאָלן — אים צי זיינע מעקלערס — מיט צירונג און וואַלוטע פאַר דער פּריווילעגיע צו אַרבעטן ביי אים אַלס פרייוויליקע שקלאַפן. אַזוי לאַנג — ביז עס וועט קומען אויך זייער שעה פון סעלעקציע צי ליקווידאַציע, אָדער אַ מעקלער וועט דווקא די וואָס האָבן צוגעצאָלט, ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט לאָזן „צונעמען" און אַ צווייט מאָל פאַרקויפן זייערע ערטער...

*

און נאָך איין בילדל פון יענער צייט — אַ שפּרונג אויף צוריק:

אונדזער גרויסע טעכניש און אָרגאַניזאַטאָריש גוט אַוועקגעשטעלטע קיך, האָט באַלד אין אָנהייב פון דער אַקציע געהאַט אַ שאַנס צו ווערן אַ שאָפּ־קיך. נישט מער, איך האָב נישט געהאַט די נייטיקע פאַרבינדונגען, נישט געקאָנט אַדורכפירן אַזאַ „געשעפט". ערשט ווען די אומגראַדע זייט פון לעשנאָ איז „אַרויסגעפאַלן" פון דעם יידישן קוואַרטאַל האָבן די טוער, תקיפים און בעלי־פּראָטעקציע, מיט וועמענס הילף איך האָב ביז דעמלט אומזיסט געפּרוווט „לעגאַליזירן" אונדזער קיך, — פון איין טאָג אויפן אַנדערן דערזען אין איר אַ דעקונג פאַר זיך גופא און מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט גענומען אַרויסשטויסן פון איר די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב אין משך פון קנאַפּע דריי יאָר אָקופּאַציע דעם אַרבעטס־פּלאַץ גע־שאַפן און אויסגעבויט.

די אינוואַזיע אויף אונדזער קיך איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער באַ־טייליקונג פון טעבענסעס יידישן אַפּראָוויזאַציע־דירעקטאָר, אַן אַסימי־לירטן ייד פון פּויזן. האָב איך מיט זיין ניי־נאָמינירטן קיכן־לייטער אַדורכגעמאַכט ווילדע סצענעס און סקאַנדאַלן, אין אומזיסטיקן קאַמף פאַרן אויפהיטן די לעבנס־פּאָזיציעס פון די 18 קיך־אָנגעשטעלטע, וואָס איך האָב אין משך פון די דריי יאָר אָפּגעקליבן און אַריינגעפירט אין דער אַרבעט. מיך אַליין האָט דער אַפּראָוויזאַציע־דירעקטאָר אַיעדן טאָג אַראָפּגעזעצט מיט אַ שטאַפּל נידעריקער און אין איינעם מיטן נייעם קיכן־לייטער אָן שום בושה גענומען דיספּאָנירן מיט אַלע אונדזערע אַקטיוון, נישט רעכענענ־דיך זיך כלל מיט דעם, וואָס מיר זענען נאָך דאָ אויפן אָרט, לעבן נאָך, טוען די ממשותדיקע אַרבעט.

אַחוץ דעם נייעם קיכן־לייטער, האָט ער אויך אַריינגעדרייט צווישן אונדזער פּערסאָנאַל אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער — די פרוי פון אַ יידישן

פּאַליציאַנט, — וועלכע איז מיט דעם וויסן און הסכמה פון איר מאַן גע־וואָרן די געליבטע פון דעם דירעקטאָר.

אַזעלכע אַנטוויקלונגען זענען אין דעם הייסן קלימאַט פון דער מאַסן־קאַטאַסטראָפע אַדורכגעגאַנגען אין אַ בליצשנעלן טעמפּאָ. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, זענען די ערשטע קרבנות פון דער „נייער אָרדענונג" גע־ווען צוויי מיטאַרבעטער פון אונדזער קיך — אונדזער מאַגאַזינער יאַקוב און זיין שוועסטער איטקאַ בעלדיגער, וועלכע זענען צוגענומען געוואָרן אין דער ערשטער, גרויסער בלאָקאַדע אויף לעשנאָ־גאַס, און נישט דער לאַנדס־מאַן און בעל־הבית זייערער דער נייער קיך־לייטער, נישט דער אַלמעכטי־קער דירעקטאָר — אויך כּלומרשט אַ פריינד פון דער משפחה פאַרן גירוש — האָבן מיט קיין פינגער נישט קיין ריר געטון זיי אַרויסצושלעפּן פון דעם אומשלאַג־פּלאַץ.

וואָס דאַרף מען מער — דער דירעקטאָר האָט זיין אייגענע פרוי מיט צוויי קינדער און אירע טאַטע־מאַמע געלאָזט אַוועקפאָרן „אויף מזרח", הגם ער האָט בעסער פון אַנדערע געוווּסט, וואוּהין מען פירט זיי. די פרוי האָט זיך געפילט באַליידיקט צוליב זיין „ראָמאַן" און האָט זיך מיט אים נישט געזעגנט, ווען ער האָט זיך סוף כּל סוף באַוויזן אויפן אומשלאַג־פּלאַץ אין מאָמענט ווען מען האָט זי מיט די עלטערן און קינדער געלאָדן אין וואַגאָן. ער האָט זיך אָבער מיט דער געשעעניש נישט צו פיל איבער־גענומען. צוריקגעגאַנגען אויף לעשנאָ און ווייטער געשפּונען זיין חלום פון מאַכט און ליבע־גליק, ווייטער געפּראַוועט די פליטער־וואָכן מיט דער פּאָליציאַנטן־פרוי.

פאַר מיר האָט דער דירעקטאָר געהאַלטן אַ פאָרטראַג וועגן „אונטער־שיד" צווישן די מעטאָדן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, מיט וועלכע איך בין אָנגעגאַנגען, אָנפירנדיק די קיך אין פריִערן פעריאָד, און צווישן די פּרינציפּן פון „מיליטערישער דיסציפּלין", וואָס דאַרף אין איר אָנגעווענדט ווערן אין איצטיקן פעריאָד.

עס איז אַוועק נאָך אַ וואָך און אָט האָט ער שוין פאַר מיר בכלל נישט געהאַט קיין פאַרווענדונג. ער האָט מיך זייער העפלעך עקספּעדירט „אויף אורלויב" נאָכשיקנדיק מיר יעדן טאָג אַ באַנקעלע זופּ מיט אַ פּאַרציע ברויט.

מסתּמא האָט ער שוין געהאַט אַ פאַרטרוילעכע ידיעה וועגן דער גרויסער סעלעקציע, וואָס וועט אַדורכגעפירט ווערן צווישן די רעשט ייִדן, נאָך פאַרבליבענע אין וואַרשע. ער האָט שוין געמאַכט בייצייטנס, דעם

חשבון פון די „לעבנס־נומערן״, וואָס ער וועט אַרויסבאַקומען פאַר אונדזער קיך און ער האָט זיי שוין אויך פאַרויס פאַרטיילט, נישט רעזערווירנדיק קיין איין איינציקן נומער פאַרן אייגנטלעכן קיך־פּערסאָנאַל.

האָט ער, בייצייטנס, געדאַרפט מיך משלח זיין כּדי מיט מיר נישט צו האָבן קיין „שערערייען״ אין דעם דעצידירנדיקן מאָמענט.[14]

*

איך האָב איבערגעהאַלטן די טעג פון „קעסל״ אַלס איינע פון 11 מענטשן, וועלכע זענען געבליבן זיצן פאַרשטעקט אין קליינעם, פאַרמאַסקירטן קע־לערל אויף קאָקס, וואָס האָט זיך געפונען אין דער דירה פון מיין קוזין ד״ר פעלדשוו אויף לעשנאָ 66. און נאָך איין „נס״ איז דאָ געשען: אָט דער „בונקער״ איז נישט אַנטדעקט געוואָרן דורך די פּאַטראָלן, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די אָפּן־געלאָזענע דירות נאָכן אַרויסמאַרש פון דער באַפעלקערונג צו דער סעלעקציע, בעיקר צוליב דעם, וואָס אין אַ דירה נעבן אונדז האָט אַ קורצע צייט נאָכן אַרויסגיין פון די מענטשן, אויסגע־בראָכן אַ שׂרפה און די, מסתמא דורך אַ דייטשן פּאַטראָל אַלאַרמירטע פייערלעשער, זענען נאָכן אָפּלעשן דאָס פייער אַזוי געוווען פאַרנומען מיט אויפלאָדן אויף זייער וואָגן די זאַכן וואָס זיי האָבן געטראָפן אין די אָפענע דירות אויף לעשנאָ 66, אַז עס האָט זיי נישט אינטערעסירט אַרונטערצוקוקן אונטערן טעפּעך, אויף וועלכן עס איז געשטאַנען אַ טיש מיט בענקלעך און אונטער וועלכן עס האָט זיך געפונען דער אַריינ־גאַנג צו אונדז אין קעלערל.

מיר האָבן אַלץ איבערגעהאַלטן, נישט אַרויסגעלאָזט קיין קול. די פייערלעשער זענען, ענדלעך, אַוועקגעפאָרן און די „קאָנטראָלערן״ האָבן זיך שוין מיט די אָפּגעברענטע דירות פון אונדזער אָפּיצין מער נישט אינ־טערעסירט.

*

ווען איך בין, נאָכן פאַרענדיקן די אַקציע, געקומען אין קיך אויף לעש־נאָ 40, האָב איך דאָ געטראָפן אַ גאַנץ נייעם קאָלעקטיוו מיט דער מאַמע און טאָכטער בראש. זיי האָבן איצט געטראָגן אויף די קעפּ משונהדיקע שניי־ווייסע, געשטייפטע הויבן מיט די איניציאַלן פון דער פירמע וואַלטער צ. טעבענס, פיין אויסגעשטיקט מיט קאָלירטע, זיידענע קאָרדאָן־פעדעם. פון די דאָזיקע קאָרנעטן זענען אויף די פּלייצעס אַראָפּגעהאַנגען צוויי ווייַ־סע ברייטע עקן, וואָס זענען אויך געווען שטייף קראָכמאַליעט און באַ־

שטיקט מיט די כּישוף־אותיות פון דעם מעכטיקן „באַשיצער״. אויך זיי האָבן געזאָלט דינען, אַלס צוגאָב־סגולה צו די לעבנס־נומערן וואָס דיביידע האָבן געטראָגן אין די בוזעם־קעשענעס פון די ווייסע פאַרטעכער.

— W.C.T.: Wezmą Ciebie Też! — אויך דיך וועלן זיי צונעמען האָט הינטער זייערע פּלייצעס, מיט אַ בליק פול שינאה און שפּאָט, פאַר־טייטשט די ראשי תיבות אַ ייִד, אַ שניידער, וועלכער איז געקומען מיט נאָך אַ ייִד און מיט אַ האַנט־וואָגן, אָפּנעמען אַ קעסל זופּ פאַר זיין „שאָפּ״.

די צוויי „גאָספּאָדיניעס״ — דעם דירעקטאָרס געליבטע מיט איר מאַמע — וועלכע האָבן אין פריִערן פעריאָד געבערענט מיינע טריט און געהעצט קעגן מיר דעם פריִערן פערסאָנאַל, האָבן מיך איצט צו רו געלאָזט. איך האָב מיך נאָך דאָרט אַ פּאָר וואָכן אַרומגעדרייט ווי אויפן עולם התּוהו, געהאָלפן שיילן קאַרטאָפל, בראָקן ירקות, געבליבן אַלע פּאָר טעג קאָכן עסן פאַר די שיילערינס פון דער נאַכט־שיכט. ביז די לעבנגעבליבענע עסקנים האָבן זיך דערוווּסט אַז איך לעב. זיי האָבן מיך אַרויסגערופן אויף אַ שמועס אין נייעם געטאָ און אָנגענומען שריט צו שאַפן פאַר מיר אַ מעג־לעכקייט זיך איבערצוטראָגן אַהין.[15]

אין לעצטן סך־הכּל איז פון די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות צו דער קיך אויף לעשנאָ 40 — פאַר און נאָך דער ערשטער אַקציע — געבליבן לעבן, אַחוץ מיר, נאָר נאָך איין פרוי מיט וועלכער איך האָב זיך באַקענט אין דער שייל־קאַמער. זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ שטיק צייט נאָכן אויפשטאַנד אויף די חורבות פון פאַרברענטן געטאָ און שפּעטער געראַטעוועט זיך אויף דער אַרישער זייט. איך האָב זי איינמאָל געטראָפן נאָך דער באַפרייונג, אָבער איר נאָמען געדענק איך נישט.

דער אָפּראָוויזאַציע־דירעקטאָר פון טעבענסעס שאָפּ — דער ייִד פון פּויזן — איז געוואָרן דערשאָסן פאַרן אויפשטאַנד, לויט אַ פּסק־דין פון דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

לויט די אינפאָרמאַציעס פון אָט דער פרוי האָט דאָס קאָקס־קעלערל אויף לעשנאָ 66 אין דער תּקופה צווישן נאָוועמבער 1942 און אַפּריל 1943 און וואַרשיינלעך אויך בשעת דעם אויפשטאַנד געדינט אַלס בונקער פאַר איינער פון די קאַמפּס־גרופּן, וואָס האָבן זיך געפונען אויף לעשנאָ. צווישן די ייִנגלעך פון אָט דער גרופּע איז געווען אירער אַ ברודער.

אויף לעשנאָ 40 בין איך מער קיין מאָל נישט געווען.

## 15. דער טויט פון אַ גערעכטן

דער טיטל שטאַמט אפשר פון אַן איקאָנע, וואָס איך פלעג זען אין מיינע קינדער־יאָרן אויף די ווענט פון פויערישע כאַטעס.

דאָס בילד איז געווען איינגעטיילט אין דריי „וועלטן": אויבן אַ הימל, אונטן אַ גיהנום און אין דער מיט — אויף דער וועלט — האָבן זיך געפונען צוויי בעטן מיט גוססדיקע מענטשן. אויף איינעם פון זיי, פון דער לינקער זייט, אַן אויסגעפרעסענער רשע מיט אַ ווילד צעשראָקענעם פנים, אויף וועלכן עס לויערן פון אונטן שוואַרצע טייוו־לאָנים מיט צעגליטע אייזנס און פייער־צוואַנגען. דער צווייטער — אַ מאָגערער צדיק — איז געלעגן רויִק אויסגעשטרעקט מיט הענט צונויפגע־לייגט אויף דער ברוסט און אַ ווייסער מלאך מיט צעשפרייטע פליגל האָט ליבלעך געוואַרט אויף זיין נשמה, זי אַרויפצונעמען גלייך אין אָפענעם גן־עדן. אויפן ראַנד פון זיין בעט אַן אויפשריפט: „דער טויט פון דעם גערעכטן".

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געזען שמואל לעהמאַן האָט ער מיך דערמאָנט וועגן יענעם הייליקן פון דער איקאָנע. ווען איך האָב זיך מיט אים נאָך נענטער באַקענט, בין איך דערגאַנגען צו דער מסקנה, אַז ער איז בפירוש אַ שטיקל הייליקער מאַרטירער פון זיין אידעאַל.

אַ שטיקל — ווייל אויף אַנגיין אַלס אַ צדיק גמור, איז ער געווען צו קלוג, צו ווייניק לאַנגווייליק.

*

און איצט אַ זעלבסט־ציטאַט. דער פסוק געפינט זיך אין צווייטן העפט פון מיינע פאַרצייכענונגען אויף דער אַרישער זייט.

„איינער פון די וואָס האָבן געהאַט דאָס מזל אויסצוגיין אויף זייער אייגענעם געלעגער, איז געווען שמואל לעהמאַן... ער איז געשטאָרבן האַרבסט 1941 פון אַ קאַנסער און זוכה געווען צו אַ כמעט נאָרמאַלער לוויה אויפן גענשער בית־עלמין.

פאַרן טויט האָט זיך אויך לעהמאַן דערוואַרט אויף געוויסע זאַכן, וועלכע ער האָט נישט דערגרייכט אין משך פון זיין גאַנצן לעבן. אַדאַנק דעם, וואָס אין דער אָנפירונג פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף

זענען געזעסן אַזעלכע מענטשן ווי רינגעלבלום, ברוידא, גיטערמאַן, האָט ער דווקא אין די טעג פון געטאָ נישט געוווּסט פון קיין הונגער און נויט. נאָך זיין קראַנק ווערן, קעגן סוף פון יאָר 1940, איז אויך געשטעלט געוואָרן אין זיין רשות אַ סעקרעטאַר, וועלכער האָט זיך לויט זיינע אָנווייזונגען פאַרנומען מיטן אָרדענען, קאַטאַלאָגירן און איבער־שרייבן אויף אַ מאַשין זיינע זאַמלונגען, דעשיפרירנדיק דערביי נאָטיצן פאַרצייכנטע דורך לעהמאַנען מיט דער הילף פון זיין אייגענער סטענאָ־גראַפיע.

צווישן אַט די מאַטעריאַלן האָט זיך געפונען אַ צאָל זאַכן, אויפגעע־נומענע שוין בשעת דער מלחמה. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט שמואל לעהמאַן אונטער דער רעדאַקציע פון נח פּרילוצקי אַרויסגעגעבן אַן אַרבעט וועגן יידישן פאָלקלאָר, וואָס איז אַנטשטאַנען אין די יאָרן 1914—1918. האָט לעהמאַן אויך באַלד אין דער ערשטער תּקופה פון דער איצטיקער מלחמה אָנגעהויבן פאַרצייכענען פאַרשידענע נייע ווערטער און ווערטלעך, מעשׂיות און קאַלאַמבורן, וואָס זענען געווען אַן אויסדרוק פון דער יידישער רעאַקציע אויף היטלערס נצחונות — אויף די בילבו־לים, גזרות און נגישות, וואָס האָבן זיך מיטן דייטשן אַריינמאַרש קיין פּוילן אַ שאָט געטון אויף דער יידישער באַפעלקערונג.

באַלד אין אָנהייב פון דער אָקופּאַציע איז אויך אויפגעשווומען די פראַגע פון דער באַציִונג צום נייעם יידישן מצב מצד דער פּוילישער באַפעלקערונג. האָט זיך לעהמאַן אין די לעצטע חדשים פאַר זיין קראַנק ווערן גענומען אָרדענען — און דערגענצן מיט אַקטואַליטעטן — זיינע זינט יאָרן אָנגעקליבענע מאַטעריאַלן וועגן יידיש־פּוילישע באַציִונגען.[16]

לעהמאַנס פרוי האָט, זעט אויס, פון תּמיד אָן געהאַט אַ סך פאַר־שטענדעניש פאַר זיין אַרבעט און פאַר זיינע אַרומפאָרענישן איבער דער פּראָווינץ, וואָס האָבן קיין פּרנסה נישט געגעבן. ווען לעהמאַן איז קראַנק געוואָרן, איז זי אים אויך איצטער בייגעשטאַנען מיט איר געטריישאַפט און אים געהאָלפן איבערטראָגן מיט ווירדע די זעלישע פּיין און די שווערע וויטיקן פון דער אומהיילבאַרער קרענק.

זי האָט איבערגעלעבט דעם מאַן בלויז מיט איין יאָר; געוואָרן צער־גענומען באַלד אין אָנהייב פון דער גירוש־אַקציע, אין דער ערשטער וואָך פון חודש אויגוסט 1942. לעהמאַנס איינציקער זון האָט זיך נאָך גע־האַלטן אַ שטיקל צייט. איך האָב אים איין מאָל אין אַ גאַנץ־פרי געזען

מאַרשירן מיט אַ פּאַרטיע אַרבעטער לענג־אויס דער לעשנאָ־גאַס. נאָך דער אַקציע האָב איך אים מער נישט געזען.

איך גלייב און האָף, אַז דער גרויסער אוצר פון לעהמאַנס זאַמלונגען איז בייצייטנס געוואָרן באַוואָרנט. מסתּמא געפינט ער זיך אין אַ זיכער אָרט".[17]

*

לויט זלמן רייזענס לעקסיקאָן איז שמואל לעהמאַן געבוירן אין וואַרשע אין יאָר 1886 און ער האָט אָנגעהויבן זיין זאַמל־טעטיקייט נאָך אין די צאַרישע צייטן. ביז צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געפירט די טעטיקייט זיינע בעיקר אין די יידישע יישובים פון צענטראַל־פּוילן. נאָכן אָנשליסן גאַליציע צו דער באַנייטער פּוילישער מדינה, האָט ער זיך אָנגעהויבן אַריבערכאַפּן איבער דער געוועזענער רוסיש־עסטרייכישער גרענעץ און ער איז ממש פאַרכלינעט געוואָרן פון דער שפע אַנדערשקייטן (נעבן די אידענטישקייטן) אין לעבנס־שטייגער און פאָלקלאָר צווישן די רוסיש־פּוילישע און קליינפּוילישע יידן, וועלכע זענען אין משך פון קנאַפּע 150 יאָר געווען אָפּגעריסן פון אַנאַנד. אַן אַנדערער נוסח פרומקייט און אַפּיקורסות, אַנדערע מיני למדנים און אַנדערע מין „עם הארצים", אַ שפע רביים און חסידים און אַ שפע יונגע־לייט מיט אוניווערסיטעט־בילדונג, מיט דאָקטאָר־טיטלען.

אין שייכות מיט דער גאַליצישער סעריע זיינער, האָב איך זיך באַקענט מיט לעהמאַנען אין לעמבערג קעגן סוף פון די צוואָנציקער יאָרן. ער האָט מיך אָפּגעזוכט אין דער רעדאַקציע פון „בייעם מאָרגן" מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון מלך ראַוויטש און איידער וואָס־ווען, האָט ער געמאַכט פון מיר אַ „מקור" פון פּאָדאָליש־יידישן פאָלקלאָר. אויך שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין באַזעצט אין וואַרשע, האָט ער מיט מיר קאָנטינויִרט זיינע אַנקעטעס און אַרויסגעצויגן פון מיר גאַנצע העפטן ידיעות וועגן שטייגער און לשון, גלייכווערטלעך און אַנעקדאָטן, אַפילו וועגן געקעכטסן און געבעקסן פון די פּאָדאָליער יידן, וועלכע האָבן זיך אַ סך מער אָנגעקערט מיט די יידן פון רוסיש־פּאָדאָליע און אוקראַינע, ווי אויך פון בוקאָווינע און בעסאַראַביע, איידער מיט די יידן פון מיטל־ און מערב־גאַליציע.

אַממייִנסטן האָט לעהמאַן אָנגעקוועלט פון מיינע מעשׂיות וועגן די באַציִונגען צווישן די דאָרפס־יידן און שטאָט־יידן, וועגן זייער קעגנזייטיקן חוזקן און אָפּלאַכן פון אַנאַנד, וועגן דער אָפּשפּיגלונג פון שטעטלשן

מחלוקת אין לעבן פון די פראָסטע דאָרפס־ייִדן, וועגן אָפּטון זיך „שטיק־לעך" און מאַכן קעגנזייטיק „פונדק" איינע פון די אַנדערע.

„פּסחיקע הייוון" האָבן מיר דאָס ביידע אָנגעהויבן צו רופן.

ווי אַן אָנהענגער און תּלמיד פון נח פּרילוצקי, וועלכער האָט לאַנ־סירט אַ טעאָריע וועגן אַ „פּרעהיסטאָרישער" תּקופה פון אַן אוקראַיִנישן ייִדיש אויף די מערבֿ־דרומדיקע געביטן פון דער שפּעטערער רוסישער אימפּעריע, וואָס האָט געלאָזט אירע שפּורן אין אוקראַיִנישן קלאַנג פון די סלאַוויזמען ביי די מזרח־גאַליציישע, אוקראַיִנישע און וואָלינער ייִדן — האָט זיך לעהמאַן ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיט די אוקראַיִניש־ייִדישע „זמירות", מיט וועלכע די ייִדן פון אונדזער קאַנט פלעגן זיך פאַרווײַלן ביי שׂימחות און יום־טובֿדיקע סעודות.

„זמירות", וואָס זענען אַגבֿ פאַראַנען אויך אין פּוילישע וואַריאַנטן אין געוויסע געגנטן פון צענטראַל־פּוילן, נישט מער די גאַליציש־אוקראַיִנישע וואַריאַנטן זענען אי קאָמישער אי האַרציקער.

אין אַן אַ שיִעור סטראָפן ווערט דאָ אויף „פּאָלאָוועגר־ייִדיש, חצי־גוייִש" אַוועקגעלייגט אַ טענה צו די אָבֿות און צו די מלכי ישׂראל הלמאַי זיי זיצן אין גן־עדן און טוען גאָרנישט אויף צו דערנענטערן דעם קץ הימים, צו פּועלן ביים רבונו של עולם ער זאָל אויסלייזן דאָס ייִדישע פאָלק פון גלות, צוריקברענגען עס קיין ארץ־ישׂראל, מען זאָל קאָנען ווידער אויפֿ־בויען דאָס בית־המקדש און באַנייען די עבֿודה. ווען מען זינגט אָבער נאָכאַנאַנד די אַלע סטראָפן, הייבט מען אָן צו פאַרשטיין פאַר וואָס די גאולה קומט נישט. עס שטעלט זיך אַרויס, אַז יעדער איינער פון אָט די מליצי־יושר איז נעבעך אַן אַנדערער מין קאַליקע:

יצחקונציו, טאַטונציו
סליפּענקי טי נאַש...
יעקבונציו, טאַטונציו
קריווענקי טי נאַש...

אַפילו משה רבינו אַליין איז אויך אַ בעל־מום:

משהונציו, טאַטונציו
יאַנקיילאַ טי נאַש,
טשאָם נע כאָדיש טאַי נע פּראָסיש
פּאַנאַ באָהאַ זאַ נאַס?
פּאַנאַ באָהאַ זאַ נאַס?

כאָטש אַזוי בעט מע נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אונדזערע „קאַלי־קעס”, זיי זאָלן ווייטער טון דאָס זייעריקע:

שטשאָבי נאַס וויקופּיטי
שטשאָבי נאַס וויפּראָסיטי
בית המקדש וויבודאָוואַטע,
הכּהנים סלוזשבו ראָביטע,
הלויים ספּיוואַטע —
באַרצינו נאַש
וו נאַשאַמו קראַיו

(בעטן יצחקן דעם בלינדן ,יעקבן דעם קרומען, משה רבינו דעם שטאַמלער — זיי זאָלן טון דאָס זייעריקע: זיך מיִען און פּועלן ביים רבונו של עולם, ער זאָל אויסלייזן דאָס ייִדישע פאָלק, דאָס בית־המקדש זאָל ווידער ווערן אויפגעבויט, די כּוהנים זאָלן ווידער דוכנען, די לוויים זאָלן ווידער זינגען אין אונדזער לאַנד).

איך האָב נאָך אויך דעמלט געדענקט די „שטיקלעך”, מיט וועלכע בערל און שמואליק — די צוויי זין פון דאָרפישן קצב — פלעגן מוצאי שמחת תורה פריילעך מאַכן דעם עולם מתפּללים אין מיין זיידנס קלויז, די גאַנצע ייִדישע עדה — מענער, פרויען און קינדער פון דאָרף לאַנאָוויץ.

וואָס איך קאָן זיך ביז היינט דערמאָנען, איז אַ מין ייִדיש־אוקראַינישע פאָלקס־באַלאַדע, וואָס לעהמאַן האָט באַוויזן אַרויסצוציִען פון די סאַמע פאַרוואַקסענע געדיכטענישן פון מיינע קינדער־זכרונות. עס קאָן געמאָלט זיין, אַז אָט די אכזריותדיק באַפאַרבטע טראַגיקאָמישע באַלאַדע איז געווען אַ זכר פון אַ מעשׂה שהיה וועגן אַ ליבע צווישן אַ ייִדישן קרעמערס אַ טעכ־טערל מיטן נאָמען חאַנציע און אַ גויישער אלמנהס אַ זון מיטן נאָמען וואַסיל. חאַנציע באַשטעלט דעם שייגעץ ער זאָל קומען נאָך איר צו פאָרן אין סאַמע הייליקן שבת, ווען „דער טאַטע מיט דער מאַמע וועלן אַוועק־גיין אין שקאָלע”.[18] זיי פאַרלאָדן אויף אַ „בריטשקע” דאָס ייִדישע „גאָלד מיטן זילבער” אין איינעם מיט די ייִדישע „פערענעס” און לאָזן זיך אין וועג אַריין. זיי קומען אָן צום „דונאַי”, גלייך צום ברעג פון די טיפע וואַסערן און דאָ זאָגט דער גויִשער חתן צו דער ייִדישער כּלה:

נע כטילאַס, חנצניו, גוגליקי ייסטו, —
איי־ווײ־ווײ, בום־בום־בום,
דזין, דזין, דזין, טריי־ריי־ריי —

גוגליקי ייסטו.
אַ טעפּער מוסיש וו'טאי דונאַי ליזטי —
איי־וויי־וויי, בום־בום־בום,
דזין, דזין, דזין, טריי־ריי־ריי
ווטאַי דונאַי ליזטי.

**מיט אַנדערע ווערטער:**

נישט געוואָלט האָסטו חאַנציע קיין קוגל עסן,
מוזסטו איצט, חאַנציע, אין טייך זיך פאַרגעצן.

**„זיך פאַרגעצן אין טייך" מיינט זיך דערטרינקען.**

**אין יאָר 1941, ערב דעם אַריינקום פון די דייטשע האָרדעס אין אונ־דזער קאַנט, האָבן פויערים פון דאָרף** ניעזשוויסק, **נישט ווייט פון האָראָ־דענקע, געבונדן מיט שטעכל־דראָט אַ צענדליק יידישע משפחות, פאַר־שלעפּט זיי אויף אַ טראַטוואַ צו די הויכע וואַסערן פון דניעסטער און אַריינגעשטויסן אין זיינע כוואַליעס. נישט דעמלט, נישט מיט דריטהאַלבן יאָר שפּעטער, נאָכן צוריקקומען פון סאָוויעטישן רעזשים, זענען יענע מערדער נישט געוואָרן געמשפּט און באַשטראָפט.**

**די אוקראַיניש־יידישע „באַלאַדע" פון די עסטרייכישע צייטן ענדיקט זיך נישט מיט אַזאַ פּראָ־אוקראַינישן העפּי־ענד. אין דער לעצטער סטראָ־פע קומען צו לויפן דעם קייזערס זשאַנדאַרן און חאַנציעס וואַסילציע ווערט אַרויפגעצויגן אויף אַ הויכער תליה. באַוויינט אים דער אוקראַינישער מינען־זינגער בזה הלשון:**

כאָטיוו טי, וואַסילציו, וו'פערענאַך ספּאַטי —
איי־וויי־וויי, בום־בום־בום,
דזין, דזין, דזין, טריי־ריי־ריי
וו'פערענאַך ספּאַטי.
אַ טעפּער מוסיש האַלאָווקו דאַטי —
איי־וויי־וויי, בום־בום־בום,
דזין, דזין, דזין, טריי־ריי־ריי —
האַלאָווקו דאַטי. [19]

**דאָס דאַזיקע געזאַנג איז לעהמאַנען אַזוי געפעלן, אַז ער האָט עס כמעט אין גאַנצן געקאָנט זינגען אויסנווייניק, און ווען איך האָב אָנגע־הויבן קומען קיין וואַרשע, האָט ער זיך איין מאָל אויף מיר אַזוי אָנגע־זעצט, אַז איך האָב מיט אים אין איינעם געמוזט אויפזינגען די „באַלאַדע"**

אין אַ קרייז פון זיינע גוטע ברידער, שרייבער און קיביצער פון ליטע־ראַטן־פאַראיין, וואָס האָבן תּיכף אַלע אין כאָר געגומען נאָכבאָמקען דעם רעפריין:

איי־ווײ־ווײ, בום־בום־בום,
דזין־דזין, דזין, טריי־ריי־ריי,
זשידיוזאָטשקאַ חאַנציאַ.

איך האָב מיך געקאָנט פילן היימיש אין אָט דעם קרייז, ווייל אין קאַנצעלאַריע פון פאַראיין איז געזעסן אַלס סעקרעטאַר דער ליטעראַרישער אַפּוטרופּוס פון אַלע גאַליציאַנער מלך ראַוויטש. אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט זיך נאָך אויך דעמלט צווישן די מיטברומערס פון דעם רעפריין געפונען דוב בער מאַלקין.

*

אין אַ שפּעטערער צייט — אין מיין מאַנגערישער צייט — האָב איך מיט לעהמאַנס באַטייליקונג פאַרפלאָנצט אויפן וואַרשעווער באָדן אַ גאַנץ אַנדער אוקראַיניש ליד:

פּלעווע קאָטשור פּאָ דונאַיו,
פּלעווע קאָטשור פּאָ דונאַיו,
סאַם נע זנאַיו שטשאָ דומאַיו.[20]

און דאָס גאָר — מיט אַ פאַרבענקטער און יעדעס מאָל אַ ביסל אַנ־דערש באַפאַרבטער, שטאַרק פאַרטראַכטער אינטאָנאַציע, איבערגעחזרט די זעלבע ווערטער. אַ פילאָסאָפיש ליד מיט אַ מעלאָדיע און אַ נוסח, וואָס קער זיך ווי אַ ביסל אָן מיט דער „אַלטער קשיה".

דאָס ליד האָט מאַנגער שטאַרק ליב באַקומען און ער דערמאָנט עס ערגעץ אין זיינע שפּעטערדיקע שריפטן. מען האָט עס געזונגען מיט וואָס אַ מאָל אַנדערע ייִדישע קנייטשן, און עס האָט זיך אויף עפּעס אַן אַסאָ־ציאַטיוון וועג צונויפגעפאָרט מיט די ייִדישע טעקסטן, וואָס מען האָט אונטערגעשטעלט אונטער דער אוקראַינישער מעלאָדיע פון וויקטאָר חענ־קינס אַ „נומער" וועגן אַ פילאָסאָפישן פויער אַ שלימזל און בטלן, וואָס פאַרענדיקט יעדע סטראָפע פון זיין קלאָג אויף מאַנגל אין גליק מיט די ווערטער:

סאַם פּיו, סאַם הולאַיו,
סאַם סע סטעליו, סאַם לעהאַיו
סאַם...

(אַליין טרינק איך, אַליין פאַרברענג איך, אַליין בעט איך און אַליין לייג איך זיך שלאָפן — אַליין...[21]

אין די אַקטואַליזירטע און לאָקאַליזירטע יידישע טעקסטן, איז דאָס וואָרט „סאַם" (אַליין) פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וואָרט „סם" — גיפט...

אַ סברה, אַז געעפנט אָט די סעריע האָט משה נאַדיר אין ניו־יאָרק, זינגענדיק:

ווערט מיר טרויעריק אויפן האַרצן,
גיי איך מיר צו מאָריס שוואַרצן:
סם !...

אין וואַרשע האָט מען דעם סם פון איראָניע אנגעהאָנגען אין ליטע־ראַטן־פאַראיין, אין די „ליטעראַרישע בלעטער", אין דעם אָדער יענעם רעדאַקטאָר פון אַזאַ אָדער אַנדערער צייטונג, וואָס איז נישט אימשטאַנד געווען צו באַפרידיקן אַלע גערעכטע און אומגערעכטע טענות פון אַלע פאַרקאָמפּלעקסירטע טרעגער פון יידישן וואָרט.

אַלץ האָט נאָך עקסיסטירט און געלעבט און מען האָט זיך געקאָנט דערלויבן צו קריטיקירן און חוזק צו מאַכן פון די זעלבע פּערזאָנען און אינסטיטוציעס, וועלכע מען טוט שוין היינט בלויז פאַרהייליקן, באַקלאָגן און באַוויינען.

*

נאָך מיין באַזעצן זיך אין וואַרשע פלעג איך גאַנץ אָפט טרעפן לעה־מאַנען אין ליטעראַטן־פאַראיין. ער איז אין די שרייבער־קרייזן געווען זייער פּאָפּולער. זיצנדיק אין אַ פאַרנאַכט אַרומגערינגלט מיט אַ חברה, פלעגט ער ליב האָבן אונדז צו דערציילן מעשיות וועגן פאַרשידענע טיפּן פון דער יידישער אונטערוועלט.

אין לעהמאַנס צוגאַנג צו יידישע פאַרברעכער איז געווען אַ ספּעציעלע פּסיכאָלאָגישע קאָנצעפּציע. ער האָט נישט געלייגט אַזוי פיל אַכט אויף זייער מאָראַלישער און אָפט אויך פּסיכישער פאַרקריפּלטקייט, אויף זייער געזעלשאַפטלעכער שעדיקעריי. זיי זענען פאַר אים געווען אינטע־רעסאַנט אַלס אויסגעלענקטע, טראַגישע, פאַרשפּילטע מענטשן, וואָס זענען אין גרונט גענומען אפשר פריי̆ער און מער אויפריכטיק אין זייער באַציִונג צו דער וועלט, ווי נישט איינער פון די „נאָרמאַלע" און „אָנ־שטענדיקע" צבועקעס, וועלכע זענען אפשר געבליבן „גוט און פרום" נאָר אַדאַנק דעם, וואָס זיי זענען נישט אַדורכגעגאַנגען די לעבנס־נסיונות

פון געוויסע פּאַטענטירטע קרימינאַליסטן, וואָס זענען ניכשל געוואָרן נישט צוליב זייער שולד.

מעגלעך, אַז אין לעהמאַנס צוגאַנג איז געווען אַן עכאָ פון מאַקסים גאָרקיס דערציילונגען און פון די אין זיין צייט אַזוי פּאָפּולערע פאָרשונ־גען וועגן דער פּסיכאָ־סאָציאָלאָגיע פון פאַרברעכן.

האָט דאָך אויך די יידישע ליטעראַטור און די יידישע בינע מיטגע־מאַכט אַ מאָדע אויף דעם מין טיפּן און געשטאַלטן. עס איז געווען נאָך די גרויסע בינע־דערפּאָלגן פון שלום אַשס „מאָטקע גנב" און פון אַ ריי פּרעכטיקע נאָוועלן פון אפרים קאַגאַנאָווסקי וועגן דעם וואַרשעווער יידישן אונטערוועלט־מיליע. אין די דרייסיקער יאָרן האָט שוין לעהמאַן אַליין געקאָנט דינען אַלס מקור פאַר אַרויסברענגען דעם טיפּ פון אַ לוסטיקן און סענטימענטאַלן גנבל, ווי מיר האָבן אים געטראָפן אין בראָדערזאָנס און שפּעטער אויך אין געביר־טיגס טעקסטן אויף די קליינקונסט־בינעס פון „עזאזל" און „אַראַראַט".

שמואל לעהמאַן איז געווען באַהאַוונט אין די ביאָגראַפיעס און גורלות פון די יידישע אונטערוועלט־העלדן נישט ווייניקער ווי אַ וואָסער נישט איז קאָמיסאַר פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. ער האָט געקענט זייערע אַפּע־רעס און זייערע וויצן, זייערע מעשיות און זייערע לידער. די איינצי־קע פון זיינע פאָלקלאָר־זאַמלונגען, וואָס איז דערשינען אין בוך־פאָרעם איז געווען אַ באַנד „גנבים־לידער".

לעהמאַנס ספּעציפישער אינטערעס האָט געגאָלטן דעם אָריגינעלן יידישן ניואַנס, דעם פאָלקסטימלעכן עלעמענט פון זייערע מינהגים און לעבנס־שטייגער; פון די פּרינציפּן און געזעצן אין זייער אינערלעכן לעבן אַלס אַן אָרגאַניזירטע קאַסטע מיט אַן אייגענער „יוריסדיקציע", מיט אַ גנבישן בית־דין און מיט אַ באַזונדערער שול און באַזונדערע כלי־קודש צום דאַווענען און פּראַווען לוויות; אַפילו מיט אַ באַזונדערער גמילת־חסדים קאַסע. אַ קלייניקייט — די וואַרשעווער יידישע אונטערוועלט!

שמואל לעהמאַן איז ממש געווען שטאָלץ אויף „זיינע" גנבים־טיפּן, אויף זייער זאַפטיקן יידיש, אויף זייערע איינפאַלן, אויף זייערע גראַמען און געזאַנגען.

קלינגט מיר נאָך ביז היינט אין די אויערן איינער פון זיינע שלאָ־גערס — דאָס קלאָג־ליד פון אַ יידישער גאַסן־פרוי:

איך בין געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס
מיין לאַגע פאַרבעסערן,

האָב איך געטראָפֿן אַ שייגעץ
אַ לאַטעק נאָך אַ גרעסערן.

איך בין געפאָרן קיין בוענאָס־איירעס
דערנאָך קיין בראַזילן —
כּדי דער חתן, דער שייגעץ,
זאָל פאָרן אין טאָמאָבילן.

און דער רעפריין:

אוי איז מיר שלעכט,
שלאָפן שלאָף איך שוין נישט גאַנצע נעכט...

איינער פון די לצים, וואָס פלעגן אַריינקומען אין ליטעראַטן־פאַראיין, האָט זיך איינמאָל געוואָלט אַ רייץ טון מיט לעהמאַנען פאַר זיינע אומ־שטיינסגעזאָגט סענטימענטן, איז ער אים אַריינגעפאָרן אין דער מיט מיט אַן איינדייטיקן רמז:

וואָס ווייַנט זי אַזוי די — — — — שיק איר אַריין אַ „קאָגוציק" וועט זי אַנטשלאָפן ווערן.[22]

לעהמאַן האָט זיך צעלאַכט, גלייך מיט אַלע, ער האָט זיך אָבער אויך אַ ביסל באַליידיקט.

*

איך האָב דערמאָנט מאַנגערן אין דעם קאַפּיטל, וויל איך זיך דאָ אָפּשטעלן אויף זיין באַציִונג צו שמואל לעהמאַנען.

אַליין אַ פאַרברענטער חסיד פון יידישן פאָלקסליד און פאָלקסטימ־לעכער שאַפונג בכלל, האָט ער געזען אין לעהמאַנען איינעם פון דער עדה באַוואוסטע היטער און אויסטראָגער פון יידישע קולטור־ווערטן, צו וועלכע ער האָט אויך זיך אַליין פאַררעכנט.

מער האָט מען נישט באַדאַרפט — זיך אָננעמען פאַר אַ באַוואוסטן, אַריינזאָגן די באַוואוסטע — דאָס איז געווען זיין עלעמענט.

געדענק איך איינעם אַ באַנקעט פאַר שמואל לעהמאַן, אימפּראָווי־זירט לויט מאַנגערס איניציאַטיוו אין גערטנערס רעסטאָראַן אויף לעשנאָ 2. דער ציל פון דאָזיקן קערמעשל איז געווען צו טרייסטן און דערמו־טיקן אַ „גערודפטן".

פאַרבונדן איז דערמיט געווען אַ געוויסע פּסיכאָלאָגיש זייער פאַר־שטענדלעכע, הגם מסתמא אין גאַנצן אומגערעכטע תּרעומת, וואָס איז

אויפגעקומען אין האַרצן פון לעהמאַנען נאָכן אַנטשטיין פון ייִדיש־וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט. די שאַפער פון אינסטיטוט האָבן אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש און ייִראת הכּבֿוד פאַר לעהמאַנען אַלס פּיאָנער פון איינזאַמלען די אוצרות פון ייִדישער עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר. זיי האָבן אים זיכער באַטייליקט אין דער צי יענער קאָמיסיע, אָבער אים באַרויִקן און דערגענטערן אויפן רעכטן אמת צו זייער טעטיקייט נאָכן „אַרויפשפּרינגען אויף זיין פערד”, איז נישט געווען פון די גרינגע זאַכן.

מיטן מאָביליזירן און אויסבילדן מיט דער הילף פון שריפטלעכע אינסטרוקציעס אַ וואָס אַ מאָל ברייטערע נעץ פון פאָלקלאָר־זאַמלער און קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָט אַרומגענומען פון די גרעסטע ביז די קלענסטע ייִדישע יישובֿים נישט נאָר אין פּוילן, נאָר ממש אין כּל תּפֿוצות ישׂראל — האָט זיך לעהמאַן ווילנדיק נישט ווילנדיק דערפילט אַרויסגעשטויסן פון זיין פּאָזיציע.

— וואָס טויג חכמה, אַז נאַרישקייט גילט ? — האָט ער געפרעגט. אַזוי ווי ער, האָט פּאַקטיש קיינער נישט געקאָנט מאַכן אָט די אַרבעט. ער האָט מסתּמא אין זיין האַרצן פאַרשטאַנען, אַז די פאַרברייטערונג און מאָדערני־זאַציע פון זיין „הויז־אינדוסטריע” איז אַ פּאָזיטיווע זאַך. אַ מענטש איז אָבער נישט מער ווי אַ מענטש און מען האָט מיט אים בכלל נישט גע־טאָרט רעדן וועגן דעם ענין. פון נעמען אין דער האַנט אַריין „זייערע” נייע אַנקעטעס איז אָפּגערעדט. אַ מין באַליידיקונג, אַ טיפער פאַרדראָס האָט געגנאָגט זיין האַרץ.

דער „באַנקעט” האָט געמוזט פאָרקומען אין יאָר 1935, ערב דעם וועלט־צוזאַמענפאָר פון „ייִוואָ” אין ווילנע, אויף וועלכן לעהמאַן איז וואַר־שיינלעך — הגם איך געדענק דאָס נישט בפירוש — געווען אָנגעקינדיקט מיט אַ רעפעראַט. איז דאָך אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון אינסטיטוט געזעסן זיין רבי און ידיד נח פּרילוצקי.

אַפילו אויפן באַנקעט ביי גערטנערן איז לעהמאַן געקומען אָנגעבלאָזן ווי אַ ברוגזער מחותּן. מען האָט צונויפגערוקט צוזאַמען עטלעכע טישלעך, אָוועקגעשטעלט עטלעכע פלעשער משקה, אַ פּאָר טעלער מיט צעשניטע־נעם הערינג, אַוועקגעלייגט אויף אַ טאַץ אַ הייפן אָנגעשניטן ברויט, און די סעודה איז געווען גרייט.

דער מאָלער יאַנקל אַדלער — אַן אַנטלאָפענער נישט לאַנג פון היט־לער־דייטשלאַנד, האָט ליב געהאַט אַזאַ אימפּרעזע.[23]ביידע מיט מאַנגערן האָבן זיי גענומען לעהמאַנען אין דער מיט, אַוועקגעזעצט זיך אויבן אָן.

אַרום האָבן זיך אויסגעזעצט די „פאַרערער און פריינד", צווישן וועלכע עס האָט אויך נישט געפעלט דער פאָרשער און היסטאָריקער פון דער יידישער שפראַך און פון דער גענעאַלאָגיע פון יידישע משפחה־נעמען אין פוילן מאַטעאוש מיזעס. די צאָל פון לעהמאַנס און מאַנגערס „גוטע ברידער" איז כסדר געוואַקסן און מען האָט באַלד געמוזט אויפשטעלן נאָך אַ טיש און נאָך אַ טיש. מען האָט אָנגעהויבן מיט אַ „לחיים", געגומען עפּעס אין מויל אַריין און דערנאָך האָט זיך אויפגעשטעלט איציק מאַנגער און אַ ביסל שטאָלפּערנדיק אין אָנהייב — ווי געוויינלעך — גענומען אַ ראַזמאַך און אַרויס מיט הייסע, באַגייסטערטע רייד וועגן לעהמאַנען, דעם „אומגעקרוינטן פירשט פון דער יידישער פאָלקס־חכמה"; וועגן דער שליחות, וואָס ער האָט אַליין אַרויפגעשלעפּט אויף זיינע פּלייצעס; וועגן דעם אוצר פון זיינע מאַטעריאַלן, פון וועלכן דורות יידישע שרייבער און קינסטלער וועלן שעפּן אינספּיראַציע.

„קיינער קאָן זיך מיט אים נישט מעסטן" — האָט ער דערקלערט — „קיין שום דיפּלאָמירטע פּאַצעטן... ער איז אַליין אַ גרויסער פּראָ־פעסאָר פון דער פאַריתומטער יידישער קולטור"...

אַרויפגעפלאַטערט אויף די פּאַטעטישע וואָלקנס, האָט מאַנגער פלוצים דערפילט, אַז מען „טאָר נישט איבערציִען דעם סמיטשיק". ברידערלעך־שיכּורלעך זיך אַראָפּגעבויגן, אַרומגענומען לעהמאַנס קאָפּ מיטביידע הענט און אים דערלאַנגט אַ קוש.

דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ, מען האָט ווידער אויסגעטרונ־קען, נאָך אַ פּאָר מענטשן האָבן גערעדט. וואָס אַ מאָל וויציקער און פריילעכער איז געוואָרן די שטימונג. מען האָט געזען בפירוש ווי לעה־מאַנען ווערט גרינגער אויפן האַרצן, ער עסט און טרינקט און אַ שמייכל קרייזלט זיינע ליפּן...

ביז מען האָט אויך אים געהייסן „נעמען אַ וואָרט". ער האָט זיך אויפגעשטעלט, עפּעס ווי אָנגעהויבן דאַנקען פאַרן „טראַסק", וואָס מען האָט אים געמאַכט, אָבער קיין סך ווייטער איז ער נישט פאַרפאָרן. וואַר־שיינלעך האָט ער צו פיל געהאַט צו זאָגן. אַ בראָנפן־טרערל האָט ביי אים געטון אַ פינקל אין אַן אויג, און אָט האָט ער פלוצים רעזיגנירט פון גאַנצן ספּיטש און האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט.

אַ מינוט צייט איז אַנטשטאַנען אַ פאַרלעגנהייט. איך געדענק נישט ווער עס איז געווען דער קלוגער קיביצער, וואָס איז אַריינגעשפּרונגען

ראַטעווען דעם „באַנקעט״; דריי מאָל אַ קלאַפּ געטון מיט דער פלאַכער דלאָניע אין טיש און אונטערגעזאָגט לעהמאַנען: „אַ זמר!״

האָט לעהמאַן אָפּגעאָטעמט, זיך אַ וויג געטון אויפן בענקל אַהין און צוריק און גענומען אויסקלאַפּן אויפן טיש דעם טאַקט צו אַ נייעם „נומער״ פון זיין רעפּערטואַר:

האַרשל איז געווען
דער שענסטער פון אַלע,
איז געקומען יונה בוזיק
און האָט אים אויסגעכאַפּט די „כלה״.
האַרשל וווּ גייסטו?
האַרשל וווּ שטייסטו?
האַרשל וווּ האָסטו
דיינע גראָבע הענט?

דו האָסט שוין נישט קיין הענט,
דו האָסט שוין נישט קיין געלט,
דו וועסט שוין מער נישט נעמען
אויף שוויענטאָיורסקע קיין פּראָצענט!

דער אויסדרוק פון עצבות אויף זיין פּנים איז ווי אָפּגעווישט געוואָרן. אַ לוסטיק, קונדייסיש פלעמל האָט באַשיינט זיין פּנים. ער האָט אויסגע־שטרעקט דעם פינגער און אַ ווייז געטון אויף זיין אייגענער ברוסט, עלעהיי ער וואָלט וועלן מרמז זיין דערמיט, אַז עס וועט אים כלל נישט אַרן, אויב מען וועט אים אַליין באַטראַכטן פאַר אַזאַ אָפּגעדאַנקטן גע־וועזענעם „הערשל דעם שטאַרקן״...

*

ביי די טישן איז געוואָרן אַ גדולה, וואָס די אָנגעצויגענע סטרונע האָט געפּלאַצט. אַלע האָבן גענומען מיטזינגען און פּליעסקען מיט די הענט, גרימאַסירן מיט די פּנימער.

באַלד האָבן אַ פּאָר פרעמדע געסט פון גערטנערס רעסטאָראַן אַריינ־געשטעקט די קעפּ אין דעם „באַנקעט״־ווינקל, מיטגעפּאַטשט אין די הענט און אויך גענומען זינגען.

צען אַזייגער אָוונט פלעגט גערטנערס לאָקאַל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ דאַנסינג. עס איז שוין געהאַט געקומען דער אָרקעסטער און האָט אָן

דעם מינדסטן אָנשטרענג אויפגעשטעלט די פּרימיטיווע מעלאָדיע, וואָס דער ליטעראַרישער טיש האָט געזונגען און זי איז, אַגב, מסתּמא מיט עטלעכע יאָר פריִער געלקחנט געוואָרן פון עפּעס אַ וואַרשעווער „שלאַגער".

די באַנקעטשיקעס אין איינעם מיטן בעל הבאַנקעט האָבן שוין פאַר־לאָזט דעם זאַל, אָבער דאָס דאַנסינג־פּובליקום אין איינעם מיט די פּויליי־שע פאַרדאַנסערינס האָבן נאָך לאַנג געהאָפּקעט ביי די קלאַנגען פון „האַרשל דעם שטאַרקן".

און אויפצומאַרגנס, ווען לעהמאַן האָט זיך באַוויזן אין ליטעראַטן־פאַראיין, איז אים יעדער אַנטקעגנגעגאַנגען מיטן לידל פון דער וואַר־שעווער גנבים־געגנט. אַ שטיק צייט האָט מען אויך אויף אַנדערע ערטער געקאָנט הערן אַלט און יונג זיך גאָרגלען און צוטופּען זינגענדיק:

האַרשל ווו גייסטו? האַרשל ווו שטייסטו?
האַרשל ווו האָסטו דיינע גראָבע הענט?

*

איך גלייב אַז די פראַגע פון יזוואָ האָט זינט דעמלט לעהמאַנען אויפ־געהערט צו פּלאָגן. אפשר האָט ער איינגעזען אַז די נעץ פון יונגע פאָלק־לאָר־זאַמלער אין גאָר דער יידישער וועלט איז נישט פאַר אים קיין „קאָנ־קורענץ", נאָר אַ נצחון פון דער אידעע, פאַר וועלכער ער האָט אַוועקגע־געבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן.

זי איז דאָס אויך פאַקטיש געוועזן. די ברייטע אַקציע פון זאַמלען יידישן פאָלקלאָר מיט דער הילף פון פרייוויליקע קאָרעספּאָנדענטן און דאָס אַקטיוויזירן אויף דעם אופן נייע שאַפערישע קולטור־פּאָטענצן, איז אַן און פאַר זיך געווען אַ וויכטיקער אויפטו פון דער יידישער קולטור־באַוועגונג.

אַ סימן פון איר אויפבלי — אויף דער שוועל פון אונטערגאַנג...

*

די פּיאָנערישע אַרבעט, וואָס לעהמאַן האָט געטון מיט אַזוי פיל התּ־להבות, האָט אים אויך דיקטירט די מכשירים. צוועקמעסיק ביז גאָר איז געווען זיין מעטאָדע אַרויסצובאַקומען פון מענטשן דאָס פּאַסיווע וויסן, וואָס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אין זייער זכרון. ער פלעגט אָפּט מאָל אָנהייבן זיינע אינטערוויוען נישט מיט פראַגן, נאָר מיטן דערציילן יענעם עפּעס אַ גלייכוווערטל, וואָס ווערט באַנוצט אין אַ געוויסער געגנט, צום

ביישפּיל אויף אַ ייִד אַ קמצן, אויף אַ מיאוס ווייב, אָדער אַ ווייב אַן אויסברענגערין. דאָס הערן אַזאַ מין, ס'רוב סיי אָריגינעלע, סיי קאָמישע באַצייכענונג פון אַ מענטשן־טיפּ, וואָס איז וואַרשיינלעך אָנגענומען און פאַרשפּרייט געוואָרן אַדאַנק איר געלונגענעם, וויציקן נוסח — רייצט און סטימולירט געוויינלעך ביים צוהערער דעם אַסאָציאַציע־חוש און לעבט אויף אין זיין זכרון כּלערליי פּאַראַלעלע אינהאַלטן — איינגעדרעמלטע, אָבער אויף אייביק פאַררעגיסטרירטע אין דעם געוואַלדיקן „קאָמפּיוטער" פון דעם מענטשלעכן מוח. לעהמאַן האָט דעם אויפקום פון די קאָמפּיוטערס נישט דערלעבט, אָבער די געניאַליטעט פון מענטשלעכן זכרון איז געווען די טאָג־טעגלעכע דערפאַרונג פון זיין לעבן.

איך האָב פאַרגעדענקט אָט דאָס מנעמאָטעכנישע מיטל לעהמאַנס אויפצולעבן אין זכרון פון אַ צווייטן מענטשן איינגעדרימלטע אינהאַלטן, און איך האָב עס אָנגעווענדט אין מיינע אינסטרוקציעס פאַר די פאַר־שרייבער פון עדויות וועגן דער חורבן־תּקופה אין דער ראַם פון יד־ושם.

ער פלעגט זיי רופן זיינע „קרבנות" — די אינפאָרמאַטאָרן זיינע. בכלל האָט ער ליב געהאַט צו שפּאַסן, זיך צו ווייַלן און צו פאַרוויילן יענעם בעת דער אַרבעט. ער האָט שטאַרק געגלייבט אין סטימולירנדיקן כּוח פון הומאָר און דאָס האָט אים אַ סך געהאָלפן צו שאַפן די אַטמאָס־פער פון קעגנזייטיקער מענטשלעכער קאָמוניקאַציע. הומאָר איז דערביי נאָר איין זייט פון דעם מענטשנס עמאָציאָנאַליטעט. די זעלבע ווירקונג האָבן אויך געפיל־באַפאַרבטע טראַגישע נשמה־אינהאַלטן, מיט וועלכע מיר האָבן צו טון ביי אונדזערע געשפּרעכן מיט די געראַטעוועטע עדות פון דער חורבן־תּקופה.

עס מוז אַ שטראַל טון אַ וואַרעמער קעגנזייטיקער אינטערעס, כּדי עס זאָלן זיך עפענען די פאַרהוילענישן פון זאַכן איבערגעלעבטע מיט יאָרן צוריק. זאַכן פריילעכע ווי טרויעריקע...

לעהמאַן איז דערגאַנגען צו דעם סוד מיטן כּוח פון זיין אינטויציע און אינספּיראַציע, מיטן כּוח פון זיין גרויסער דערפאַרונג.

*

נאָך דעם, ווי ער האָט שוין געהאַט אַרויסגעצויגן ביי מיר אַ טוץ מעשׂיות וועגן „דאָרפסיונגען", „אַמעראַצים" און „גראָבע קעפּ", האָט ער געוואָלט הערן פון מיר וועגן דער „צווייטער זייט פון דער מטבע" — ווערטלעך און מעשׂיות וועגן לומדים־נאַראָנים, למדנים־בטלנים און

וועגן די כּלערליי אופנים פון אויסלאָכן די איידעלע און פרומע לייט, אין די שׂיחות חולין פון פּשוטן פאָלק.

— אַפּלאָכן?! — האָב איך זיך תּחילת פאַרוווּנדערט, ווען לעהמאַן האָט מיר געשטעלט די פראַגע.

— קריג באַזונדער, שלום באַזונדער — האָט ער מיר געענטפערט, און איך האָב תּיכף פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. אַ ייִד מעג זיין דער גרעסטער חסיד און פאַרערער פון זיינע גדולים און ידענים, ווי קיינער אין דער וועלט, אָבער כאָטש אַזוי קלייבט זיך אָן אין זיין האַרצן אַ שטיקל קינאה און אַ בענקשאַפט צו רעקאָמפּענסאַט. ער קאָן זיך נישט גלייכן מיטן רב און מיטן רבין אין די ענינים עליונים, וויל ער כאָטש אַרויסווייזן זיין שׂכל און בריהשאַפט אין ענינים פון דער וועלט.

— רבנים, למדנים — דאָס איז דאָך אַ מענערישע זאַך — האָב איך נאָך אַלץ געפּרוּווט איינווענדן, אָבער ער האָט נאָך נישט באַוויזן צו ענדיקן זיינע אַ מעשׂה פון אַ מורה הוראה, וואָס האָט פאַרלוירן די יאַר־מלקע אין מרחץ און שׂיער נישט דערטרונקען געוואָרן ווענדיק זי אויפהייבן, ווען פון מיין זכּרון האָבן זיך אַ שאָט געטון מעשׂיות פון דעם זעלבן מין.

איך האָב נישט געקאָנט אַרויסרעדן פאַר אַ פּוילישן ייִד דעם פּאַר זיין אויער נישט פאַרלאַמענטאַרישן איינזילביקן עפּיטעט, וואָס איז ביי אונדז אין גאַליציע געוווען געפּאָרט מיטן וואָרט מלמד. דערפאַר האָב איך אים תּיכף מכבד געווען מיט דער דעפיניציע פון אַ נאַרישער מינע, פאַרבונדן מיטן שטעטעלע סוכאַטשאָוו אין טאַרנאָפּאָלער קרייז. די ייִדן האָבן גערופן דאָס שטעטל „סעכלעסטאָוו", צוגעבנדיק די „לאַמעד", כּדי זיך נישט צו דאַרפן אויסוועכנען די צונג צוליב אַזאַ קליין שטעטל.

און וויפל מאָל איינער האָט זיך עפּעס באַנאַרישט, אַנטוישט, קאָמ־פּראָמיטירט און נישט געוווּסט, ווו זיך אַהינצוטון פאַר בושה, פלעגט מען ביי אונדז זאָגן:

— ער האָט אַזאַ פּנים, ווי דער סעכלעסטאָווער רב אין ביטל, אַז דער דנאָ פאַלט אַרויס.

דער נייער דור וועט שוין מסתּמא אָט דעם זאָג כּלל נישט פאַר־שטיין, ווייל היינט זענען שוין אַזעלכע „ביטלעך" אויף דער וועלט נישטאָ — קורצע און ברייטע הילצערנע באָד־„וואַנעס", אַרומגענומענע מיט איי־זערנע רייפן, וואָס פלעגן, גלייך מיט אַנדערע הילצערנע כּלים — באַליעס, צעבערס, מעלק־שעפלעך, — ליב האָבן פון צייט צו צייט „צעלעכצט" צו

ווערן פאַר טרוקעניש, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם יאָך פון די רייפן און צעשיטן אַרום די קלעפּקעס. האָט מען דערנאָך געדאַרפט אָט די קלעפּקעס צונויפנעמען און צוריק אויף זיי אַרויפצווינגען די אייזערנע רייפן. האָט זיך דערביי געקאָנט טרעפן, אַז איינע פון זיי איז געגאַנגען פאַרלוירן און די באַד־כלי איז דעמלט געווען געגליכן צו אַ מענטש, וואָס „עס פעלט אים אַ קלעפּקע", אָדער פאַרקערט...

אויך די גויים אַרום אונדז האָבן באַנוצט די דעפיניציע לגבי אַ געוויסן מענטשן־טיפּ, און היינט גיי טרעף ווער ביי ועמען האָט זי אויסגעבאָרגט.

זיך אומקערנדיק קיין „סעכלעסטאָוו", דאַרף מען צוגעבן, אַז אַזאַ זאַך האָט זיך געוויינלעך געטראָפן דווקא ביים רב. ווייל נישט נאָר ער האָט געמוזט זיין אַ בטלן און אַ „טעפּ", נאָר אויך זיין ווייב, די רביצין, האָט געדאַרפט — צו דער גרויסער סאַטיספאַקציע פון די באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס — זיין אַ בטלנטע, אַ שלימזלניצע, וואָס פאַרגעסט אָנצוגיסן צו דער צייט וואַסער אין די הילצערנע כלים.

און ווו עס איז נאָר געווען אַ שטוב מיט אַ „סראַטש" (אין וואַרשע האָט מען דאָס גערופן „שמאָדער") — שמוציק, אָנגעוואָרפן, „אָנגעקעריניעט, איבערגעדרייט „האָרין־קאָרין", האָט מען געזאָגט אויף דער באַלעבאָסטע, אַז „ביי איר טוט זיך ווי ביי דער רביצין אין בעט". דער סינאָנים פון דעם וואָרט „שלימזלניצע" איז געווען אַ „מלמדקע".

*

נאָכן מלחמה־אויסברוך און אַריינמאַרש פון די דייטשן קיין וואַרשע, האָב איך לעהמאַנען אַ שטיק צייט נישט געזען. ערשט ווען איך האָב אים צופעליק באַגעגנט אין איינעם פון די אַמטן פון דער סאָציאַלער אַליינהילף, איז באַנייט געוואָרן דער קאָנטאַקט. גלייך מיט אַנדערע חברים און באַקאַנטע פון ליטעראַטן־פאַראיין, פלעגט ער דערנאָך פון צייט צו צייט אַריינקומען צו מיר אין דער קיך אויף לעשנאָ 40 און אַזוי אַרום האָב איך זיך דערוווסט, אַז ער זיצט נישט ליידיק. ער האָט באַקומען לויט רינגעלבלומס איניציאַטיוו עפּעס אַ פונקציע אין איינעם פון די הילפס־פונקטן פאַר פּליטים און אויסער דעם האָט ער זיך באַלד גענומען צום פאַרצייכענען די אויסטערלישע דערשיינונגען, וואָס זענען אַרויסגעטרעטן אויף זיין אָבסערוואַציע־געביט.

נאָך דער ערשטער כוואַליע פון פאַרלאָזן וואַרשע אין שייכות מיטן משונהדיקן באַפעל פון דעם קאָלאָנעל אומיאַסטאָווסקי אין דער נאַכט פון 7טן אויפן 8טן סעפטעמבער, איז געקומען די צווייטע כוואַליע פון לויפן אויף מזרח, כדי אַריבערצושפרייזן די דייטש־סאָוויעטישע דעמאַרקאַציע־ליניע, לענג־אויס דעם טייך בוג. אָט די צווייטע וואַנדער־באַוועגונג איז נוגע געווען כמעט אויסשליסלעך יידן און זי האָט אָנגעהאַלטן ביז טיף אין ערשטן מלחמה־ווינטער. די גאַסן־הענדלער פון דער יידישער געגנט, וואָס האָבן אין דער ערש־טער וואָך פון דער מלחמה פאַרפירט אַ מסחר מיט קינדיש־לעכער־לעכע „גאַז־מאַסקעס" פון קאַרטאָן און גאַזע, האָבן איצט אַרויסגע־לאָזט אַ סעריע היימיש־פאַבריצירטע פלעצאַקעס צום גיין אויף „יענער" זייט.

פון אָט די צווייערליי אַרויסמאַרשן איז געבוירן געוואָרן איינער פון די ערשטע אָקופּאַציע־וויצן. מענטשן, וואָס האָבן זיך באַגעגנט נאָך אַ לענגערן איבעררייס, האָבן אָנגעהויבן פרעגן איינער דעם אַנ־דערן: צי איז פלוני אָדער אלמוני אַוועק אויף מזרח „אַלס ייד, אָדער אַלס מאַנספאַרשוין?"...

דאָס אַריבערשפּאַנען די דייטש־סאָוויעטישע גרענעץ איז אַגב געווען ווייט נישט פון די גרינגע זאַכן און אַ סך לינק־געשטימטע יידישע בחורים און מיידלעך האָבן דעמלט אַריינגעכאַפּט זייער ערש־טן „טשמעל" מצד דעם ראַטנפאַרבאַנד, וואָס אַ סך פון זיינע גרענעץ־וועכטער האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין פיל גרעסערע סימפּאַטיע פאַר די יידישע יונגעלייט, ווי די פאַרמלחמהדיקע פוילישע פּאָליציי, אָדער אַפילו די דייטשע וואַך־זעלנער. אַ טייל פון די גייערס זענען צוריק־געקומען קיין וואַרשע מיט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס נאָכן אומ־זיסטן וואַרטן אויפן שטח פון „קיינעמס לאַנד" אַריינגעלאָזט צו ווערן אויפן סאָוויעטישן געביט.[24]

מיט וואָכן אָדער חדשים שפּעטער איז אַ נייער שלל ידיעות פאַרשפּרייט געוואָרן דורך פּליטים, וועלכע זענען שוין געווען אויף די סאָוויע־טישע געביטן און פון דאָרט צוריקגעקומען. איז באַלד געוואָרן אַ גרויסע מאָדע אויף פּליטים־וויצן, ווי אויך אויף דעם ליד „ביאַליס־טאָק", וואָס קינד און קייט האָבן עס געזונגען אויף יידיש און פויליש מיט אַ יידישלעך באַפאַרבטן ניגון פון אַ באַקאַנטן טאַנגאָ. מיט דער צייט איז דאָס ליד געוואָרן איינס פון די בעטלער־געזאַנגען.

די אַלע וויצן, לידער און בעטלער־געזאַנגען האָט לעהמאַן פלייסיק רעגיסטרירט, אים גופא האָט אָבער מער אינטערעסירט אַן אַנדער קאַטעגאָריע פאָלקלאָר, וואָס איז אויפגעקומען אין יענער צייט. דאָס זענען געווען פאַרשידענע ווערסיעס און אויסגעטראַכטע מעשׂיות, אַרויסגעבראַכטע דורך מענטשן, וועלכע זענען צוליב אַזעלכע, אָדער אַנדערע (טייל מאָל מער אינערלעכע) סיבות נישט געווען מסוגל צו זוכן ממשותדיקע וועגן צו אַנטרינען פון די סכּנות און האָבן אין דער פאַרנעפּלטער, טראַומאַטישער אַטמאָספער אָנגעהויבן קאָמפּענסירן זייער מצב פון שרעק און ייִאוש מיט אַן עודף פון זייער פאַנטאַזיע.

חלומות פון געווונטשענע לייזונגען (און אויסלייזונגען) האָבן אויפגעבליט צווישן די נאָך נישט אָפּגערוימטע חורבות פון דער באַזיגטער, צעקלאַפּטער, דערנידעריקטער שטאָט. מען האָט ממש „מיט הוילן אויג" געקאָנט אָבסערווירן אויסטערלישע פּסיכישע דערשיינונגען. אַפילו גאַנץ לאָגיש דענקענדיקע און קריטיש־געשטימטע מענטשן פלעגן לייענען צייטונגס־קאָמוניקאַטן און פלעגן פון זיי אַרויסלייענען פונקט דעם היפוך דערפון, וואָס עס איז אין זיי געווען געדרוקט; אויסגעהערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט די נאַרישסטע און פּרימיטיווסטע אומגעשטויגענע ידיעות און זיי מיט פאַרשידענע צופּוצונגען ווייטער קאָלפּאָרטירט.

*

צו די סאַמע כאַראַקטעריסטישע און בולטע דערשיינונגען פון דעם מין האָבן געהערט די מעשׂיות וועגן העלזעער.

אַזאַ מעשׂה האָט זיך געוויינלעך אָנגעהויבן מיט אַ צופעליקער באַגעגעניש פון צוויי פּערזאָנען אין אַ קאָלייקע נאָך וואַסער, נאָך ברויט, צי נאָך אַ זופּ פון אַ פאָלקס־קיך. איינער פון זיי האָט געדאַרפט זיין אַ קאָנקרעטער מענטש מיט אַ נאָמען און אַן אַדרעס, אַ באַקאַנטער פון דעם דערציילער אָדער פון זיינעם אַ פריינד. דער צווייטער איז געוויינלעך געווען אַ ביסל „מיסטעריעז", אַ פּליט פון זבאָנשין, אַ פאַרהוילענע וויכטיקע פּערזאָן, וואָס מאַכט זיך קליין, ווייל עס איז געפערלעך מען זאָל זיך דערוויסן ווער דאָס איז.

אַ נביא דאַרף זיין אינקאָגניטאָ...

די ערשטע פון די צוויי פּערזאָנען געפינט זיך אין אַ מצב פון אַ

שרעקלעכן אומרו, ווייל זי האָט ביז איצט נישט קיין ידיעה פון אַ זון, אָדער אַ מאַן, וואָס איז אַוועק מיט דער אַלגעמיינער מאָביליזאַציע און מען קאָן זיך בשום אופן נישט דערוויסן, וואָס עס איז מיט אים געשען. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, די מיסטעריעזע פּערזאָן נעמט די האַנט פון דעם אומגליקלעכן טאַטן אָדער מאַמען, קוקט זיך איין אין די גורל־ליניעס און זאָגט מיט אַ טיפן קול, אַז מען דאַרף נישט זאָרגן. ביז דריי טעג וועט קומען אַ ידיעה פון אַ ווייטן ורעג...

און וואָס ווילט איר וויסן? שוין מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט אָן אַ מעלדונג פון רויטן קרייץ, אַז דער פאַרפאַלענער געפינט זיך אין געפאַנגענשאַפט און אין אַ קורצער צייט אַרום קומט אַפילו אַהיים דער זון אָדער דער מאַן גופא. אָט די מעשה איז אָבער נישט מער ווי אַן הקדמה, וואָס איר ציל איז צו באַגלייביקן די קאָמפּעטענץ פון דעם פּאָרויסזאָגער פון יענער בשורה.

נאָך דעם, ווי דער „העלזעער" איז שוין אַזוי אַרום אַדורכגעגאַנגען דעם טעסט פון פּאָרויסזאָגן די צוקונפט, ווערט אין זיין נאָמען אָנגעזאָגט אַ ריי געשעענישן פון דער וועלט־פּאָליטיק. דאָס זענען, למשל, פרידנס־פאַרהאַנדלונגען מיט היטלערן דורך דער פאַרמיטלונג פון ניי־טראַלע מלוכות, אָדער אַמעריקעס אַ פאַרשלאַג צו שאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, וואָס זאָל באַזוכן דאָס אָקופּירטע פּוילן, מיט דער כוונה צו דערפירן צום אַרויסציען פון דעם שטח די מיליטערישע כוחות. פאַראַן אָבער אויך אַן אַנדערע ווערסיע, וואָס איז געוויסע קרייזן מער צום האַרצן — וועגן אַ גראַנדיעזער אָפענסיווע פון די מערב־אייראָפּעישע מדינות, וואָס וועט זיך אָנהייבן אין פרילינג — מיט אַמעריקעס הילף... פאַראַן אַ וואַריאַנט וועגן אַמעריקעס אַריינטרעטן אין קריג (אין חודש יאַנואַר 1940!).

און טאָמער זענען די אַלע גוטע אויסזיכטן אויף אַ גינסטיקער ווענדונג געווען ווייניק, האָט זיך מיט אַ מאָל און די „גוט אינפאָרמירטע קרייזן" פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז די ווירקלעכקייט האָט איבערגעשטיגן די ווייטגייענדיקסטע דערוואַרטונגען: היטלער איז טויט! געוואָרן געהרגעט אין אַן אַטענטאַט אין דער באַרימטער נאַצישער ביר־האַלע אין מינכען. אלא וואָס? זיינע מיניסטאָרן ווענדן אָן כּלערליי טריקן צו פאַרהוילן אָט דעם פאַקט, ביז זיי וועלן נישט פאַרזיכערן זייער בלייבן ביי דער מאַכט.

אַלס יסוד פאַר אָט דער „בשורה טובה" האָט געדינט די אינסצעני־

זאַציע פֿון אַ כּלומרשטן „אומגעלונגענעם אַטענטאַט״ אויפֿן פֿירער, וואָס איז צוליב אינערלעך פּאָליטישע צילן אָרגאַניזירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1939. נישט היטלערן, נישט קיינעם פֿון זיין נאָענטסטן שטאַב איז דערביי קיין האָר פֿון קאָפּ נישט אַראָפּגעפֿאַלן, אָבער די וואַרשעווער פּאָליטישע מומחים האָבן דאָס בשום אופֿן נישט געוואָלט נעמען צו קענטעניש. וואָכנלאַנג האָט אַרומקורסירט איבער דער שטאָט דער „סוד״, אַז דער אַטענטאַט איז יאָ געלונגען. אַ סימן האָט מען: אין קיין שום צייטונג זעט מען נישט זיין פּרצוף, מען הערט נישט אין ראַדיאָ זיין קול. און האָט ווער אַ נאַיִוער באַמערקט, אַז ער האָט בעת עפּעס אַ געצוווּנגענער אַרבעט אין אַ דייטשער דירה געזען און געהערט סיי איינס, סיי דאָס אַנדערע, האָט מען אים צו פֿאַרשטיין געגעבן, אַז דאָס איז געווען אַ מאָנטאַזש פֿון אַלטע פֿאָטאָס, אַ גראַמאָפֿאָן־פּלאַטע פֿון היטלערס אַן אַלטער רעדע.

אָט אַזעלכע און אַנדערע גירסות פֿון היילנדיקן שקר האָט לעהמאַן פֿלינק נאָטירט און אויף זייער אַן אינטערעסאַנטן אופֿן קאָמענטירט. ער איז בדרך כּלל געווען אויף זיין געביט אַן אויטאָדידאַקט, באַגרענעצט אויך אין דער לעקטור פֿון פֿאַך־ביכער בלויז צו די צוויי־דריי שפּראַכן, וועלכע ער האָט פֿאַרשטאַנען. אַנשטאָט ערודיציע האָט ער אָבער פֿאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלע אינטויִציע און אָבסערוואַציע־קראַפֿט, אָן אַ שיִעור נייגעריקייט, דרייסטקייט, התלהבֿות און קודם־כּל זיין ריזיקע, מיט אייגענער מי און פֿלייס דעראָבערטע פּראַקטיק. האָט ער זיך מיט אייגענע כּוחות דערגראָבן צו אַ טיפֿערער פֿאַרשטענדעניש פֿון די פּסיכאָלאָגישע מעכאַניזמען, וואָס אַנטפּלעקן זיך אין איבעראַרבעטן און געשטאַלטיקן די ווירקלעכקייטן און די געשעענישן, וואָס רינגלען אַרום דעם מענטש, אין הסכּם מיט זיינע ווּנטשן און באַדערפֿענישן.

בפֿרט אין אַ צייט ווען ער קאָן אויף זיי נישט האָבן קיין שום אַנדערע, מער ממשותדיקע השפּעה...

ווי פֿאַרביקע זומפּן־וועגעטאַציע אויף שטייענדיקן וואַסער האָבן זיך געמערט און צעבליט די קרענקלעך־שיינע ווּנטש־חלומות אויף דער וואָר. לעהמאַן איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרכּישופֿטער און ווי אַ מעדיצין־פּראָפֿעסאָר, וואָס אָבסערווירט, אידענטיפֿיצירט, פֿאָרשט און פֿאַרצייכנט נייע אַנטפּלעקונגען פֿון אַ פּראָגרעסירנדיקער קראַנקייט — אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען (אַליין אַ נוגע בדבר), געוואָלט אַלץ באַנעמען און פֿאַרשטיין.

ער האָט נאָטירט דאָס שפּאָט־ און טרייסט־לידל, דעם וויץ, די אויס־געטראַכטע צייטונגס־נייעס, די מעשה, די לעגענדע, די „נבואה״...

לעהמאַן האָט געזען אין אָט די זאַכן קודם־כּל דעם אויסדרוק פון אַ פּסיכאָלאָגישער זעלבסטפאַרטיידיקונג פון די יידישע פאָלקס־מאַסן קעגן ייאוש און פאַרצווייפלונג.

דאָס פאַרשפּרייטן אָדער בפּירושע אויסטראַכטן פון פּאָליטישע און מיליטערישע נייעס, הומאָריסטישע אַנעקדאָטן, דאָס אויפקומען פון סודות־פולע „ידיעות פון גוט אינפאָרמירטע קרייזן״ — האָבן געדינט איין און דעם זעלבן צוועק: שטאַרקן דעם מוט און די האָפענונג, באַהערשן דעם פּחד, העלפן אויסהאַלטן און זיך נישט איינברעכן אונטערן דרוק פון דער הפקרות און אַכזריות מצד די צעווילדעוועטע און פאַרפירטע דייטשע בריונים, וועלכע האָבן באַקומען פרייע הענט צו פּייניקן און באַליידיקן, צו רויבן און מאָרדן יידן. פון אים האָב איך זיך אויסגעלערנט דערקענען אָט די אַלע אופנים פון פּסיכישער זעלבסטפאַרטיידיקונג, וואָס האָט דער־מעגלעכט אַ גרויסן פּראָצענט פון די מיט אַזוי פיל פּחד, זאָרג און ליידן געפּייניקטע יידן אויפצוהיטן זייער פּסיכיש גלייכגעוויכט. זיך ראַנגלען פאַר רעטונג אין אַזעלכע סיטואַציעס, אין וועלכע „נישט יידן״ — נישט אויסגעשולטע זינט דורות אין פאַרטראָגן צרות — זענען אונטערגע־גאַנגען.

— וואָרום ווערדען די יודען ניכט וואַנזיניק? — האָט זיך אַ מאָל צעשריגן אַן עס־עס־מאַן בשעת דער אַקציע אין געטאָ וואַרשע, און אונ־דזער דעמאָגראַף מנחם לינדער האָט אין ערשטן מלחמה־יאָר באַאַרבעט אַ סטאַטיסטישן קאָנספּעקט, וועלכער האָט אויפגעוויזן, אַז די צאָל זעלבסטמאָרדן, אין פאַרגלייך מיט די פאַרמלחמהדיקע ציפערן, איז פּראָ־צענטועל געפאַלן. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער אינערלעכער מאָביליזאַציע פון אַן אויסנאַם־צייט, וואָס שאַפט אָדער עפנט אין אונדז פאַרבאָרגענע מקורות פון גייסטיקער ווידערשטאַנדס־קראַפט, וועלכע זע־נען אין די געוויינלעכע צייטן פאַרבלאָקירט.

*

עס זענען אַוועק חדשים. סוף ווינטער 1940 איז אָנגעקומען די איוב־בשורה פון לאָדזש וועגן שאַפן דאָס פאַרמאַכטע געטאָ. אַ נייע כוואַליע לאָדזשער פּליטים האָט זיך באַוויזן אין וואַרשע. פאַר טייער געלט האָבן זיי זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און פון דעם אַרומיקן געביט, וואָס איז

געוואָרן אָנגעשלאָסן צום רייך. מיט דער הילף פון די אַרויסגעראַטעוועטע רעשטן פון זייער פאַרמעגן האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אין געדונגענע צימערן, אָבער סך הכּל מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער זענען זיי אויך דאָ געוואָרן תּושבים פון אַ געשלאָסענעם „יִידישן קוואַרטאַל".

שמואל לעהמאַן האָט אַרייַנגעצויגן אין זיינע העפטן אַ סעריע „קסע־נאַפּאַבישע" מעשׂיות און וויצן וועגן די „לאָדזשער גבירים", די „פאַר־כאַפּער פון די בעסטע פּאָסטנס", „דירות־אויסדינגער" און „וואָס אין דער קאָרט".[25]

*

עס איז געקומען דער לאַנג־געגאַרטער פרילינג פון ערשטן מלחמה־יאָר פון וועלכן מיר האָבן דערוואַרט אַ ראַדיקאַלע ענדערונג פון דער מיליטערישער לאַגע. אין די חדשים מיַי און יוני האָבן זיך אָפּגעשפּילט די באַקאַנטע אַנטוויקלונגען. און ווידער האָבן זיך די וואַרשעווער ייִדישע מלחמה־ספּעצן איינגעשפּאַרט: ניין און ניין! זיי גיבן זיך נישט אונטער! ווילן כּלל נישט לייענען די „געפעלשטע פאַרשפּעטיקטע דייטשע פראָנט־קאָמוניקאַטן"; ווילן נישט הערן דאָס „בילן" פון די מעגאַפאָנען אויף די פּלעצער פון דער שטאָט. זיי האָבן זיך לענגער געראַנגלט מיט דער דייַטשער אָפענסיווע און מיט דער פראַנצייזישער מפּלה, ווי די פראַנצייזי־שע אַרמיי...

מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען דייטשלאַנד איז פּונקט צום יאָרטאָג פון דער פראַנצייזישער קאַפּיטולאַציע אָנגעפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט די פאַראַיאָריקע לעקציע קיינעם גאָרנישט אָנגעלערנט. דאָס מאָל זענען די וואַרשעווער ייִדן ממש אַרויס פון די כּלים פאַר שפּאַנענדער דערוואַר־טונג, אַז איצט מוז זיך „דאָס רעדל איבערדרייען".

מיט אַ מאָל זענען אַלע געוואָרן היסטאָריקער. מען האָט אַנאַליזירט די סיבות פון נאַפּאָלעאָנס מפּלה אין יאָר 1812 — די ריזיקע שטחים, די שנייען, די פרעסט. און הייַנט, ווו איז דער מיליאָן קאָמוניסטן פון די לעצטע וואַלן אין פאַרהיטלערישן דייטשלאַנד, וואָס וועט קומען צום וואָרט אויף אָט דעם נייעם פראָנט?! האָט מען ווידער געמאַכט צו שאַנד און שפּאָט די דייטשע קאָמוניקאַטן וועגן ריקצוג און דעזאָרגאַניזאַציע פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. האָבן די פּאָר פּראָבן פון לופט־אַלאַרמען אָפּגעקלונגען אין אונדזערע אויערן, ווי דער שופר של משיח... האָט די אויסניכטערונג דאָס מאָל געזאָלט קומען אויף אונדזערע קעפּ נאָך פיל

שווערער און מער גרויליק, ווי פֿאַראַיאָרן. מיטן אויסברוך פֿון דער דייטש־אַמעריקאַנישער מלחמה, האָבן געזאָלט פֿאַלן די לעצטע מניעות צו דער „ענדלעזונג פֿון יידישן פּראָבלעם״.

אָבער די פֿאַזע האָט שוין שמואל לעהמאַן מער נישט בייגעווינט.

*

ערב פֿרילינג 1941 איז ער ערגעץ פֿאַרשווונדן. עס זענען אַוועק עט־לעכע וואָכן ביז איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער ליגט קראַנק — שווער, אומהיילבאַר קראַנק. איך האָב זיך געקליבן אים מבקר חולה זיין, נאָר איידער איך בין דערצו געקומען, איז דערשינען אויף לעשנאָ 40 לעה־מאַנס פֿרוי, געבעטן מיך אין זיין נאָמען, אַרויפֿקומען צו זיי.

די משפּחה האָט געוווינט צוויי מינוט גאַנג פֿון אונדזער קיך, אויף אָרלע — אַ פּאָר נומערן רעכטס פֿון ראָג לעשנאָ, אומגראַדע נומערן. אין איינעם פֿון די נאָענטסטע נאָכמיטאָגן בין איך אַהין אַוועק גלייך פֿון דער אַרבעט.

לעהמאַן איז געלעגן אין בעט, כּמעט געזעסן, הויך אָנגעלענט דעם קאָפּ אויף אַלטמאָדישע שווערע קישנס. אין זויבער צוגערוימטן צימער האָט זיך אַחוץ דער פֿרוי אַרומגעדרייט אויך אירע אַ שוועסטער און ביי אַ טישל אונטערן פֿענצטער איז געזעסן אַ יונגערמאַן, דאַכט זיך אַ גע־וועזענער ייִוואָ־אַספּיראַנט, וועלכער האָט זיך פֿאַרנומען מיט אָרדענען לעהמאַנס זאַמלונגען.

דאָס האָט געמוזט זיין אין חודש מערץ. אין דרויסן איז נאָך געלעגן דער שניי און קעגן פֿאַרנאַכט האָט גענומען אַ פֿראָסט, אָבער דאָ אין צימער איז געווען וואַרעם. לעהמאַן האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט מיט מיין באַזוך און באַלד מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיך געבעטן צו זיך, ווייל ער האָט פֿאַר מיר אַן איבערראַשונג. ווי נאָר איך האָב זיך אַנידערגע־זעצט, האָט ער מיר געהייסן דערלאַנגען דאָס „גאַליציאַנער מאכל״.

איך האָב נישט געוווּסט וואָס ער מיינט. עס איז מיר אין ערשטן מאָמענט געוואָרן זייער שווער אויפֿן האַרצן, ווען איך האָב דערזען ווי פֿון זיין ממילא מאָגערן, אויסגעצערטן פּנים איז געבליבן אַ העלפֿט. און כאָטש אַזוי האָב איך זיך אין אַ מינוט אַרום געמוזט צעלאַכן. די „שפּיי־זע״, וואָס ער האָט פֿאַר מיר צוגעגרייט, זענען געווען מיינע אייגענע „וואַרעניקעס״. דער „סעקרעטאַר״ איז צוגעקומען מיט אַ קעסטעלע און מיר דערלאַנגט אַ בינטל קאַטאַלאָג־קאַרטלעך און אויף יעדן פֿון זיי איז

געוועזן אויפגעשריבן מיין נאָמען און איינס פון די ווערטלעך וועגן וואַרעניקעס, וואָס איך האָב אַמאָל איבערגעגעבן לעהמאַנען. יעדעס פון אָט די זאָגענישן האָט אויסגעדריקט אַ געוויסן אַספּעקט פון דער לעבנס־חכמה, וואָס די פּאָדאָליער ייִדן זי אַריינגעקלעפּט אין די טייג־בלעטלעך פון דעם האַלב־וואָכעדיקן, האַלב יומטובדיקן מאכל, וואָס איז געוויינלעך געקאָכט געוואָרן אין אַ ראש חודש, אין אַ טאָג פון חנוכּה און אין יעדן אַנדערן וואָכן־טאָג, ווען מען האָט געוואָלט מהנה זיין אַ גאַסט, אָדער אָפּמערקן עפּעס אַ משפּחה־געשעעניש.

וואַרעניקעס האָט מען טייל מאָל ווינטערצייט געקאָכט פליישיקע מיט אַ צומיש און געשמילץ פון גריוון, אָנגעפּילט זיי מיט קאַרטאָפל, קאַשע, אָדער זויער קרויט. ס׳רוב האָט מען אָבער וואַרעניקעס געקאָכט מילכיק, אָנגעפּילט מיט קאַרטאָפל אָדער דינע קאַשע, געמישט מיט קעז און אַלס געשמילץ גענוצט צעלאָזטע פּוטער מיט געפּרעגלטע ציבעלעס. זומער־צייט האָט מען אויך געקאָכט וואַרעניקעס געפּילט מיט ווײַנשל אָדער קאַרשן, מיט שוואַרצע יאַגדעס.

„ער וויינט און קאָכט וואַרעניקעס”, האָט מען געזאָגט אויף אַ ייִד, וואָס מאַכט זיך פּאַר אַ „נעבעכל”, און גלייכצייטיק זשאַלעוועט ער נישט אויסצובּרענגען געלט פּאַר זיין פערזענלעכער הנאה וועגן.

„ער לייגט אַריין דעם גאַנצן קעז אין איין וואַרעניק”, זאָגט מען אויף אַ מענטש, וואָס פּאַרטיילט עפּעס אויף נישט קיין גערעכטן אופן; גיט, למשל, איין קינד אַ גרעסערן גדן ווי דעם צווייטן.

„ער טייעט” (אָדער קוועלט) „ווי אַ וואַרעניק אין אָקרופּ”, זאָגט מען אויף אייבעם וואָס ווייזט אַרויס זיין פרייד אָדער צופרידנקייט אויף אַ נאַרישן אופן.

„אַז אַן אָרעמאַן קאָכט וואַרעניקעס, טראָגט אָן דער רוח אַ גאַסט” — אַ ווערטל מיט עטלעכע כּוונות, וואָס נייטיקן זיך נישט אין קיין פּירוש. אַ הומאָריסטישע גירסה פון דער מיינונג, אַז אַן אָרעמאַן איז אַ שלימזל.

איך מיין, אַז אין דער קאַרטאָטעק האָבן זיך געפונען נאָך עטלעכע וואַרעניקע־חכמות, אָבער איך קאָן זיך איצט וועגן זיי נישט דערמאָנען. אין לעהמאַנס איינפאַל מיך ספּעציעל צו רופן און ווייזן מיר וואָס פּאַר אַ ווערט ער לייגט אויף מיינע עטנאָגראַפיש־פּאָלקלאָריסטישע איבערגעבונגען, איז געווען אַ מאָס פון צאַרטן און האַרציקן הומאָר, ווי אויך דער זשעסט פון אַ פריינד, וועלכער האָט געוווסט, אַז מיך ווערט עס פרייען צו זען, ווי זיין זאַמלונג באַקומט אַ תּיקון.

איך בין געװען געריררט דערפֿון, װאָס דער גורל האָט אַזױ געפֿירט, אַז פּונקט אין דער טראַגיש־פֿינצטערער צײַט און אין דעם האָפֿענונגס־לאָזן פֿערזענלעכן מצב, איז אים געגעבן אפֿשר צום ערשטן און צום אײנ־ציקן מאָל אין זײַן לעבן צו פֿילן דעם טעם פֿון אַ פֿאָרשער בײַ לײַטן, װאָס האָט אַ מעגלעכקײט געהעריק צו באַאַרבעטן און מפֿרש צו זײַן זײַנע מאַטעריאַלן.

מסתּמא האָט לעהמאַן געמוזט אײַנגעמען עפּעס אַ פּיל און ער האָט נישט געהאַט קײן שמערצן בשעת מײַן באַזוך.

ער האָט אָנגעהױבן צו רעדן װעגן זײַנע אַרױסגעבערישע פּלענער. װי אַזױ און לױט װעלכע פּרינציפּן זײַנע זאַמלונגען װעלן װערן רעדאַ־גירט און אײַנגעטײלט אין בענדער — נאָך דער מלחמה, פֿאַרשטײט זיך, װען מען װעט קאָנען צוטרעטן צו זײער אַרױסגעבן...

נאָר װעגן דעם, אַז די דאָזיקע בענדער װעט ער שױן נישט קאָנען מער זען — האָט ער קײן אײנציק מאָל נישט מרמז געװען... איך האָב מיר פֿון דעסטװעגן נישט געקאָנט מאַכן קײן אילוזיע, אַז ער װײסט נישט װאָס אים איז און װאָס עס דערװאַרט אים.

איך האָב פּלוצים דערפֿילט, אַז מען טאָר נישט איבערצײַען דאָס שטריקל. איך האָב זיך זײער װאַכעדיק אָפּגעזעגנט און איך בין אַװעק־געגאַנגען, צוזאָגנדיק װענס װידער „אַרײַנצופֿאַלן".

און מער בין איך בײַ אים נישט געװען.

*

אין אַ קורצער צײַט אַרום — אַ פֿאָר װאָכן פֿאַר זײַן טױט — איז אין גרױסן זאַל פֿון געװעזענעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אױף טלאָמאַצקע 5, אײַנגעאָרדנט געװאָרן לעהמאַנס אַ יובילײ. לױט דעם לעקסיקאָן איז ער דעמלט אַלט געװאָרן 55 יאָר און גלײַכצײַטיק זענען װאַרשײַנלעך אָפּ־געלאָפֿן בײַ אַ 30 יאָר פֿון זײַן טעטיקײט. דער פּרעטעקסט איז נישט געװען װיכטיק. דער בעל־הבית פֿון דער אימפּרעזע איז געװען די קול־טור־אָרגאַניזאַציע „איקאָר". מסתּמא האָט זיך אין דעם פֿאַל אױך גע־האַנדלט װעגן דעם, לעהמאַנען צו דערמוטיקן, אים אָפּצוגעבן כּבֿוד, כּדי ער זאָל אױך פֿון דעם טעם פֿאַרזוכן, אײדער עס װעט אױסגײן דאָס צאַנקענדיקע ליכט.

עס איז געקומען אַן עולם, אױף דער טריבונע האָט זיך אױסגעזעצט אַ פּרעזידיום אין אײנעם מיט די פּרעלעגענטן. נאָך דעם יובילאַר האָט

מען נישט געזען. ווי עס פּירט זיך אין אַזעלכע פֿאַלן, האָבן אים די פּאַר־זאַמלטע געשיקט אַ ברכה פון אַ „רפואה שלמה".

אַלץ ווי אין נאָרמאַלע צייטן...

אין צווייטן באַנד פון עמנואל רינגעלבלום שריפטן געפינט זיך אַ קאַפּיטל א.ט. „שמואל לעהמאַן — דער מענטש, די אינסטיטוציע". דאָרט איז פאַראַן אַן אויספירלעכע באַשרייבונג פון דעם יובילײ. עס זענען אויסגערעכנט די פּרעלעגענטן און זייערע טעמעס.

מערקווירדיק איז דערביי דער פאַקט, וואָס גראָד דעם הויפּט־רעפע־רענט — זיין אייגענעם מורו ורבו ד"ר יצחק שיפּער, וועלכער האָט אונדז ביי דער געלעגנהייט מזכּה געווען מיט אַ ריכטיקער אַקאַדעמישער פּרע־לעקציע וועגן מהות פון עטנאָגראַפיע און פאָלקלאָר — האָט רינגעלבלום אין גאַנצן פאַרגעסן צו דערמאָנען.

איך בין געווען אויף דער אַקאַדעמיע, זיך צוגעהערט צו די רעדעס און געטראַכט וועגן יענעם פריילעכן „יובילײ" אין גערטנערס רעסטאָראַן.

איצט איז דער יובילאַר נישט געווען אַנוועזנד. אין דער ערשטער ריי איז בלויז געזעסן זיין פרוי און זי האָט זיך באַמיט צו פאַרשטעלן פאַרן עולם דאָס שטומע געוויין פון איר פאַראומערט פּנים.

*

וועגן דעם סוף האָב איך שוין דערציילט אין סאַמע אָנהייב. לעהמאַן איז געשטאָרבן דעם 23סטן אָקטאָבער 1941 און זוכה געווען צו אַ שיינער לוויה. עמנואל רינגעלבלום איז געווען דער, וואָס האָט אים אויפן וואַרעמ־סטן אופן געזעגנט און מספּיד געווען. מען האָט אים קובר געווען אין דער ליטעראַרישער אַלייע אין שכנות פון י. מ. ווייסענבערגן.

איין זאַך איז פאַר מיר אַ רעטעניש און אַ שווערע אַנטוישונג. אין מיין פאַרצייכענונג פון יאָר 1943 האָב איך אַרויסגעזאָגט די איבערציי־גונג אַז לעהמאַנס זאַמלונגען זענען געוואָרן באַוואָרנט און פאַרזיכערט. איך האָב דערמיט געמיינט די אונטערערדישע באַהעלטענישן פון רינגעל־בלום־אַרכיוו, וואָס לעהמאַן איז געווען פון זיינע איניציאַטאָרן און נאָענט־סטע מיטאַרבעטער. צווישן די מאַטעריאַלן אין די 10 קעסטלעך, אויסגע־גראָבענע אין סעפּטעמבער 1946 און צווישן די מאַטעריאַלן אין די צוויי מילך־קאַנען, אָפּגעפונענע אין יאָר 1950, האָט מען אָבער פון לעהמאַנס זאַמלונגען גאָרנישט געפונען. דער איינציקער געדאַנק מיינער איז געווען,

אַז זיי האָבן זיך אַוודאי געפונען צווישן פריִער פאַרגראָבענע קעסטלעך אויף נאַוואָליפּקי 68, וועלכע זענען נישט געוואָרן אָפּגעפונען.

אין יאָר 1961 איז אָבער דערשינען אין וואַרשע דער צווייטער באַנד פון רינגעלבלומס שריפטן פון דער אַרישער זייט און אין אים דאָס דורך מיר שוין דערמאָנטע קאַפּיטל וועגן שמואל לעהמאַן, וואָס ענדיקט זיך מיט די ווערטער: „לעהמאַנס מאַטעריאַלן איז נישט געלונגען צו ראַטעווען. זיי זענען געוואָרן פאַרניכטעט״.

אַן אייביק אומגעלייזטע רעטעניש ועט בלייבן די פראַגע ווי אַזוי דאָס האָט געקאָנט געשען?

עס איז נישט צום גלייבן, אַז לעהמאַן, וואָס איז געווען פון די גרונט־לייגער פון געהיימען אַרכיוו און האָט חדשים־לאַנג געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, כדי מיט דער הילף פון אַ געשולטן סעקרעטאַר צו לאָזן זיין וויסנשאַפטלעכע ירושה אין אַ שלמותדיקן מצב — זאָל נישט האָבן אַנגעזאָגט זיין פרוי און זון זיי זאָלן איבערגעבן זיינע מאַטעריאַלן אין רשות פון ד״ר רינגעלבלום.

עס קאָן אויך נישט געמאָלט זיין, אַז רינגעלבלום, וואָס האָט אים די אַרבעט פינאַנציעל דערמעגלעכט און אָרגאַניזירט, זאָל זיך וועגן אָט דער ירושה נישט האָבן מער געקימערט.

הערש וואַסער, דער געוועזענער אַרכיוו־סעקרעטאַר, האָט מיר טאַקע מיין סברה באַשטעטיקט. רינגעלבלום האָט זיך געווענדט אַ פּאָר מאָל צו דער אַלמנה מיטן זון און געבעטן איבערצוגעבן אין זיין רשות לעה־מאַנס זאַמלונגען. די יורשים האָבן דאָס אָבער נישט געטון. דערציילן זיי וועגן אַן אַרכיוו און באַהעלטענישן ווו די מאַטעריאַלן ווערן געשיצט און באַוואָרנט, האָט ער נישט געטאָרט, האָט ער די מאַטעריאַלן נישט באַקומען. און דאָס איז ווייט נישט דער איינציקער פאַל, וואָס יידישע קולטור־אוצרות זענען אונטערגעגאַנגען צוליב אַזעלכע אָדער אַנדערע פעלערן פון זייערע יורשים.

איז דאָס אויך די סיבה, צוליב וועלכער איך האָב זיך אין אָט דעם קאַפּיטל באַמיט צו שילדערן — אויף מיין פּערזענלעכן ביישפּיל — די גרויסע מי, וואָס לעהמאַן פלעגט אַריינלייגן אין דעם אַרויסבאַקומען און פאַרפיקסירן די עטנאָגראַפיש־פאָלקלאָריסטישע ידיעות פון איין מענטשן, וועגן איין געגנט, אין איין תקופה.

„50 שטעט האָט ער באַזוכט און באַשריבן אין מדינת פוילן", — נאָטירט זלמן רייזען אין זיין לעקסיקאָן, שוין אין יאָר 1926. הונדערטער, אויב נישט טויזנטער מענטשן האָט ער געפּאָרשט און אינטערוויויִרט. וויפל וויכטיקע ידיעות אַרויסבאַקומען פון זיי?

וויפל אָרטשאַפטן און געגנטן האָט ער באַאַרבעט אויף אַ נאָך מער געניטן אופן אין די ווייטערע יאָרן זיינע...

איז גרויס דער ווייטיק און גרויס די אבדה, אָן אַ שיעור גרויס דער שאָדן פאַר דער יידישער וויסנשאַפט און יידישער קולטור.[26]

## 16. אַן „אל מלא רחמים״ פאַר מנחם קיפּניס

נאָך אַלע אויסוואַנדערונגען און צוואַנדערונגען פון ייִדישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין משך פון ערשטן האַלבן יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע, האָבן זיך אויפגעקליבן אין וואַרשע ביי אַ הונדערט פופציק מענטשן, וואָס זענען אַזוי אָדער אַנדערש געווען פאַרבונדן מיטן ייִדישן געדרוקטן וואָרט — זייערע משפחות און מקורבים אַריינגערעכנט. צווישן אָט דער גרופּע האָבן זיך געפונען אַ טייל חברים, וועלכע האָבן אויך פאַר דער מלחמה געהערט צו די עקאָנאָמיש שוואַכסטע, אַממיינסטן אומבאַהאָלפענע און הילפסבאַדערפטיקע מיטגלידער פון דעם ליטעראַטן־פאַראיין.

האָבן זיך אויך צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון הילף אָפּגעזוכט אַ פּאָר מענטשן פון דער פאַרוואַלטונג, וואָס האָבן זיך פאַר דער מלחמה מטפל געווען מיט ענינים פון נויטבאַדערפטיקע חברים. די מענטשן זענען געווען: מנחם קיפּניס, א. גאָוזע און מ. רייזפעדער.

ווי איך האָב שוין אָפּגעמערקט ביי אַנדערע געלעגנהייטן, איז דאָס סאַמע ערשטע קעמערל פון אַ ליטעראַטן־קיך, געווען די קיך וועלכע איך האָב לויט רינגעלבלומס איניציאַטיוו געעפנט דעם 1טן אָקטאָבער 1939 אין לאָקאַל פון קליינהענדלער־פאַראיין (דעם געוועזענעם לאָקאַל פון אַמאָליקן „הזמיר״) אויף לעשנאָ 40.

אין אָט דעם לאָקאַל מיט פרעמדע שותּפים זענען אָבער נישט געווען קיין באַדינגונגען פאַרן באַשפּייזן אַן עקסקלוזיווע גרופּע און באַזאָרגן אירע מיטגלידער מיט נאָך אַנדערע פאָרמען פון הילף. נאָך געציילטע פּאָר טעג האָבן זיך די ליטעראַרישע קאָנסומענטן איבערגעטראָגן אין אַ קליינעם לאָקאַל אויף קאַרמעליצקע 5. אויך דער שידוך האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן און די קיך האָט זיך אַריינגעקליבן אין דער פּריוואַטער דירה פון „מאָמענט״־מיטאַרבעטער י. מ. אַפּלבוים אויף גראַניטשנע 13, נעבן דעם הויז אין וועלכן עס האָט זיך פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה געפונען דער ליטעראַטן־פאַראיין, וואָס איז צעקלאַפּט און פאַרברענט געוואָרן בשעת דער באָמבאַרדירונג. אין אַ צייט אַרום האָט זיך אָט די קיך איבערגעטראָגן אויף לעשנאָ 14 און

באַשטימט געוואָרן פאַר געוועזענע זשורנאַליסטן. נאָכן אַרורכמאַכן נאָך אַ פּאָר שפּעטערע גילגולים, האָט אָט די קיך עקסיסטירט ביז צו דער גירוש־אַקציע.

די אייגנטלעכע ליטעראַטן־קיך האָט באַקומען אַ דויערהאַפטן קיום ערשט אונטערן גוט באַקאַנטן אַדרעס פון טלאָמאַצקע 13.

דער אַדרעס איז געווען דער זעלבער, אָבער די קיך האָט זיך געפונען נישט אין דעם אַמאָל אַזוי באַקאַנטן פראָנט־לאָקאַל. זי האָט זיך אַריינגע־קליבן אין אַ פּאָר צימערן פון עפּעס אַ געוועזענער האַנדלס־פירמע אין דער רעכטער אָפיצין פון דעם דאָזיקן הויז.

קיפּניסעס איבערגעבנקייט צו דער הילף־אַרבעט אין דער ראָם פון דער „ליטעראַטן־קיך", זיין פּערזענלעכער אויטאָריטעט האָט אים דער־מעגלעכט אַרויסצובאַקומען דאָס מאַקסימום הילף פאַרן שרייבער מצד די „פינאַנס־דירעקטאָרן" פון דזשאָינט, וועלכע האָבן, נישט געקוקט אויף דער איזאָלאַציע פון דער פרייער יידישער וועלט און אויף די דראַקאָנישע באַגרענעצונגען מצד דער אָקופּאַציע־מאַכט, געוווסט צו אַקטיוויזירן גע־וויסע געלט־קוועלן אויפן חשבון פון „נאָך דער מלחמה". דאָס האָט גע־געבן דער פאַרוואַלטונג פון דער קיך אַ מעגלעכקייט צו טיילן פּעקלעך „טרוקענע פּראָדוקטן" און אין געוויסע פאַלן אַפילו אויסצוצאָלן חברים געלט־שטיצעס.

אין דעם, וואָס אָט דאָס מאַקסימום פון יענער צייט האָט נישט גע־קלעקט אַלס מינימום פאַר די, וואָס האָבן אין ערגעץ נישט געאַרבעט, און נישט פאַרמאָגט די מינדסטע אייגענע מיטלען און מעגלעכקייטן זיך „אַן עצה צו געבן", האָט אים דעמלט קיינער נישט באַשולדיקט.

ווייל איך זיך דאָ טאַקע קורץ אַרויסזאָגן וועגן דעם, וואָס איז אין דעם ענין געשריבן געוואָרן דורך יידישע פּובליציסטן נאָך דער מלחמה. אין בוך „יידישע שרייבער אין געטאָס און אין לאַגערן" ווערט דער דזשאָינט און די „זשורנאַליסטן פון דער בירגערלעכער פּרעסע" באַשולדיקט אין דעם הונגער־טויט פון די, וואָס זענען אויסגעשטאָרבן פאַרן גירוש. דאָס איז אַ לייכטזיניקע, אויב נישט בייזוויליקע, חקירה מצד געוויסע נאָכמלחמהדיקע היסטאָריקער און פּובליציסטן, וואָס זענען געקומען זיך אַרויסזאָגן וועגן דער תקופה נישט אויפן סמך פון פעסטגעשטעלטע פאַקטן, נאָר פון זייערע פאַרמלחמהדיקע סקאַרבאָווע פּאַרטיי־טעזן.

איך האָב געלייענט אין בוך פון ישׂשכר פאַטער וועגן „די יידישע מו־זיקער אין פוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות",[27] ווי אַזוי מנחם קיפּניס האָט געשטיצט יונגע יידישע מוזיקער און געהאָלפן זיי זיך איינ־אָרדענען אין וואַרשע און געפינען זייער פּלאַץ אַלס קינסטלער. די דאָ־זיקע גרייטקייט זיך אָפּצוגעבן מיט חברים־הילף האָט אים אין אַ נאָך שטאַרקערן גראַד באַוויזן צו די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו העלפן די אומגליקלעכסטע און עקאָנאָמיש שוואַכסטע יידישע שרייבער, וועלכע זענען געוואָרן איינגעשלאָסן אין געטאָ.

וועגן קיפּניס גופא האָט מען געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק. לויט י. פאַטערס אינפאָרמאַציע איז ער דעמלט אַלט גע־ווען 65 יאָר. ביים היינטיקן טאָג ווערט אין ישׂראל אַזאַ טויט־דאַטע באַ־טראַכט שיִער נישט פאַר אַ „יונגן טויט". פאַר דער מלחמה פלעגט מען קיפּניסן אין אונדזערע קרייזן באַטראַכטן פאַר אַ זקן. איך געדענק ווי מען פלעגט זיך ווערטלען וועגן אים, זאָגנדיק, אַז דער און דער איינ־גייער פון ליטעראַטן־פאַראיין איז שוין אַן עלטערער מענטש, ווייל ער געדענקט די צייט ווען קיפּניס איז נאָך געווען גרוי. אין אונדזערע צייטן האָט ער פאַרמאָגט אַ געדיכטע שוואַרץ־געפאַרבטע טשופרינע...

*

איך בין געווען אויף קיפּניסעס לוויה. דעם נומער פונעם הויז גע־דענק איך נישט. אויפן הויף פון לעשנאָ, גראַדע נומערן, צווישן פשעיאַזד און קאַרמעליצקע — פון וואַנען מען האָט אַרויסגעטראָגן דעם אָרון — איז מיר דאָס איינציקע מאָל אויסגעקומען צו זען דעם שוין דעמלט שענדלעך באַרימטן „רעדאַקטאָר" אברהם גאַנצווייך, דעם שעף פון דער כנופיה יידישע שאַנטאַזשיסטן און מוסרים, באַקאַנטע אונטערן נאָמען „דאָס דרייצנטל". ער איז געקומען מיט זיינעם אַ פאָטאָגראַף און ווו עס איז געשטאַנען אַ גרופּע מענטשן פון דער ליטעראַרישער משפחה האָט ער זיך צוגעשטעלט צו זיי און זיין פאָטאָגראַף האָט די גרופּע אין איי־נעם מיט אים שנעל פאָטאָגראַפירט. עס איז אים, זעט אויס, שטאַרק גע־לעגן געווען זיך צו לאָזן זען מיט באַקאַנטע פיגורן פון דער יידישער געזעלשאַפט. מסתּמא האָט ער בייצייטנס געוואָלט צוגרייטן פאַר זיך אַן אַליבי. דער דאָזיקער משונהדיקער אָקופּאַציע־קאַריעריסט האָט אַפילו נישט דערלעבט דערצו מען זאָל אים משפּטן.[28]

איך בין מיטגעגאַנגען מיט דער לוויה ביז אויפן געגעשער בית־עלמין. קיפּניס איז אַמאָל געווען אַ חזן (אָדער אַ משורר אין אַ שול־כאָר), און נאָך דעם איז ער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער יידישער פּרעסע און פֿון די סאַמע באַליבטע פֿעליעטאָניסטן פֿון „היינט". ער האָט אין משך פֿון יאָרן רעצענזירט און פֿאָרטרעטירט מיט זיין פֿעדער און אויך מיט דער הילף פֿון זיינע קונסט־אַמאַטאָרישע פֿאָטאָגראַפֿיע־אויפֿנאַמעס — יעדע וויכטיקע פּערזענלעכקייט, וואָס איז אויפֿגעקומען אין דער ליי־טורגישער אָדער וועלטלעכער — בעיקר וואָקאַלער — יידישער מוזיק. ער פֿלעגט אויך ביז צום מלחמה־אויסברוך אַליין אויפֿטרעטן אַלס זינגער פֿון פֿאָלקס־לידער צוזאַמען מיט זיין פֿרוי זימרה זעליגפֿעלד, אין אַן אַ שיעור קאָנצערטן אין די גרעסערע און קלענערע שטעט פֿון גאַנץ פּוילן.

ביז גאָר גרויס זענען געווען זיינע פֿאַרדינסטן פֿאַרן יידישן פֿאָלקס־ליד. ער האָט נישט בלויז געזונגען, ער האָט געזאַמלט, קלאַסיפֿיצירט און אַרויסגעגעבן מיט נאָטן אַ גרויסע צאָל באַקאַנטע יידישע פֿאָלקס־לידער.

קיפּניס איז געשטאָרבן אָנהייב האַרבסט 1941, ווען מען האָט נאָך דערלויבט איינצוואָרדענען לוויות און מיטצוגיין אויפֿן בית הקברות. האָבן זיך דעמלט אויפֿגעקליבן אויף זיין לוויה אַלע אין וואַרשע פֿאַר־בליבענע חזנים און קאַנטאָרן פֿון די וואַרשעווער דעמלט אָפֿיציעל נישט טעטיקע גרעסערע און קלענערע בתי־תפֿילה און האָבן אויף אַ ספּאָנ־טאַנעם אופֿן אימפּראָוויזירט ביי זיין קבר אַ כאָר. דוד אייזנשטאַט, דער כאָר־דיריגענט פֿון דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע 5, האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן זיי אין זיין וואָכעדיקן לבוש און זיי האָבן אונטער זיין דירעקטור אָפּגעזונגען אַ דערשיטערנדיקן „אל מלא רחמים".

אַן אָריגינעלע און פֿאַרדינטע טרויער־מאַניפֿעסטאַציע פֿון קאָלעגן און פֿאַכלייט וואָס צו איר גלייכן האָט מסתמא ביי ענלעכע אומ־שטאַנדן קיינער נישט זוכה געווען.

*

מיט קיפּניסעס טויט איז אַוועק פֿון דער וועלט אַ לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פֿון יידישער מוזיק, וואָס אַ גרויסער טייל דערפֿון איז געווען איינגעקריצט אין זיין אויסערגעוויינלעכן זכרון.

לײדער איז פֿאַרלוירן געגאַנגען מיט זיין טויט אויך דער אוצר

פון זיינע פאַרשריבענע אָבער נישט אַרויסגעגעבענע און בייצייטנס נישט פאַרזיכערטע טעקסטן און נאָטן פון יידישע פאָלקסלידער, וואָס האָבן געזאָלט אַריינגיין אין די וויטערדיקע בענדער פון זיין זאַמלונג. אויך האָט זיך געפונען אין זיין באַזיץ אַן אוצר לידער פון יידישע פאָעטן מיט מוזיק, וואָס זענען אים צוגעשיקט געוואָרן דורך די מחברים אָדער קאָמפּאָזיטאָרן. ליידער האָט זיך זיין פרוי זמרה זעליגפעלד נישט געוואָלט מיט די זאַמלונגען צעשיידן און זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין איינעם מיט איר בעת דער גרויסער גירושאַקציע אין אויגוסט 1942.[29]

## 17. עמנואל רינגעלבלום — גורל און שליחות

שוין פאַר דער מלחמה איז ער געווען באַקאַנט אין דער ייִדישער עפנטלעכקייט אַלס היסטאָריקער און מחבר פון אַ ריי וויכטיקע אַרבעטן וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין פוילן, ווי אויך אַלס אַקטיווער מיטאַרבעטער פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט און אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער אין דער ראַם פון דער פועלי־ציון־באַוועגונג.

געבוירן אין יאָר 1900 אין דער פּאָדאָליש־גאַליצישער שטאָט בוטשאַטש האָט רינגעלבלום געענדיקט די גימנאַזיע אין מערב־גאַליציש סאַנץ. אין יאָר 1927 האָט ער געמאַכט דעם דאָקטאָראַט אויף דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט און דערנאָך געאַרבעט אַ ריי יאָרן אַלס לערער פון געשיכטע אין ייִדיש־פּוילישע פּריוואַט־גימנאַזיעס אין וואַרשע. אין יאָר 1938 האָט רינגעלבלום איבערגענומען אַ הויכן פּאָסטן אין דער צענטראַל־פּאַרוואַלטונג פון דזשאָינט אין פּוילן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און אַ ריי דירעקטאָרן פון דער און אַנדערע ייִדישע וועלט־אינסטיטוציעס אין פּוילן זענען אַנטלאָפן פאַר דער דייטשער אינוואַזיע, איז ער געוואָרן פון די סאַמע ענערגישע און פעיִקע נייע אָרגאַניזאַטאָרן און אָנפירער פון הילף פאַר די וואָס אַ מאָל גרעסערע מאַסן אָרטיקע ניצרכים, פּליטים און אַרויסגעטריבענע פון די מערב־שטעט אין פּוילן, וועלכע האָבן פאַרפּלייצט די האַלב־חרובע הויפּטשטאָט פון דער באַזיגטער מדינה. די אין וואַרשע פאַרבליבענע עסקנים האָבן נישט אַראָפּגעלאָזט די הענט אין מאָמענט פון דער גרויסער קאַטאַסטראָפע. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּיקחות און דיפּלאָמאַטיע האָט זיך זיי איינגעגעבן צו שאַפן אין וואַרשע אַ פון יודענראַט כמעט נישט אָפּהענגיקע דאַך־אָרגאַניזאַציע פאַר דער הילפס־טעטיקייט, וועלכע האָט נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן געירשנט די קאָמפּעטענצן פון דעם אַלגעמיינעם מלוכהש־מוניציפּאַלן קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט אויף דער ייִדישער גאַס און אויסגענוצט די „אַמעריקאַנער" פירמע פון דזשאָינט, כדי אויסצודינגען ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט די לעגאַליזאַציע פאַר אַ „געזעלשאַפט פאַר ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף". אַזוי איז אַנטשטאַנען, אָדער אַקטיווירט געוואָרן, אין וואַרשע (און אויך אין אַ ריי גרעסערע שטעט פון דער פּראָווינץ) אַ ריזיקע נעץ פון פאָלקס־קיכן און קינדער־אַזילן, שפּי־

טעלער און אַמבולאַטאָריעס, פאַך־קורסן און פליטים־פונקטן, וועלכע האָבן אַחוץ זייער אָפיציעל אָנערקענטער פונקציע אַלס כאַריטאַטיווע אַנשטאַלטן, אָנגעהויבן דינען אַלס דעק־מאַנטל אויך פאַר פאַרשידענע אַנדערע, ווייט נישט אָנערקענטע געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע, און אַפילו פאָליטישע אַקטיוויטעטן פון דעם יִדישן ציבור.

אין דער ניי־געשאַפענער סיטואַציע האָט זיך רינגעלבלום אַנטפּלעקט אַלס איינער פון די סאַמע פלייסיקע, מיט אַממייִנסטן איניציאַטיוו, מוט און אינספּיראַציע באַשאַנקענע טוער אויף ביידע געביטן. אַלס אָבפירער פון דעם אָפטייל פאַר הויז־ און ראַיאָן־קאָמיטעטן אין וואַרשע, איז ער געשטאַנען בראש פון אַ טעטיקייט, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט מאָביליזירן דעם מאַקסימום פון אינערלעכן אָנשטרענג, כדי צו לינדערן די נויט פון די דערוויַיל „בלויז" מיט אַדמיניסטראַטיווע „מאָסמיטלען" עקסטערמינירטע יִדן. נישט געקוקט אויף דעם שווערן עול פון אָט דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, האָט דער דעמלט 40־יאָריקער רינגעלבלום געפונען צייט און כוח מיטצוּווירקן אויך אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע פאַר יִדישער קולטור (איקאָר), ווי אויך אין אַ ריי אַנדערע יִדישע אַקטיוויטעטן פאַר און נאָכן אַנטשטיין פון וואַרשעווער געטאָ.

איינס פון די סאַמע וויכטיקסטע און אַמבעסטן פאַרקאָנספּירירטע קולטור־ווערק פון געטאָ וואַרשע האָט ער אַליין געשאַפן.

*

אין דער תקופה פון אויסטערלישע דערפאַרונגען און פסיכאָ־סאָציאַלע דערשיינונגען זענען צוגעאײַלט געוואָרן פאַרשידענע פּראָצעסן, ווער עס האָט זיך אַנטפּלעקט אַלס פחדן און קליינהאַרציקער עגאָאיסט, אָדער אַלס צעטרייסלטער היסטעריקער, דערקייקלט זיך אין געוויסע פאַלן ביז הפקרות, בגידה, גזלה — און ווער עס איז מאָראַליש אויסגעוואַקסן, דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון שאַפערישער איניציאַטיוו און געזעלשאַפטלעכן שווּנג.

דערשיטערט ביז אין די טיפענישן פון זיין נשמה פון דער עלעמענטאַר־קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן מיטן פוילישן יִדנטום נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן — איז עמנואל רינגעלבלום פון אַ פעדאַגאָג, באַשיידענעם וויסנשאַפטסמאַן און קולטור־טוער אין דער ראָם פון דער לינקער פ.צ. באַוועגונג, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־עסקן מיט אַ גרויסן פאַרנעם. פון זיין ריזיקער ענערגיע און התמדה, פון זיין שׂכל און

פאַנטאַזיע, פון זיין ליבשאַפט און פון זיין שינאה, איז געבוירן געוואָרן דאָס גרויסע קאָלעקטיווע ווערק וואָס איז היינט באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט אונטער זיין נאָמען.

*

לויט ווי מיר לייענען אין איינער פון די אַרבעטן, וואָס רינגעלבלום האָט אָנגעשריבן זיצנדיק אין משך פון 7 חדשים אויף דער אַרישער זייט, האָט ער באַלד פון ערשטן טאָג מלחמה, סעפּטעמבער 1939, אָנגעהויבן פירן אַ מין טאָגבוך. דער היסטאָריקער האָט דערפילט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ „היסטאָרישע" צייט. יעדן אָוונט האָט ער פאַרצייכנט וואָס ער האָט געזען און מיטגעמאַכט אין משך פון טאָג; פאַרצייכנט אין ראשי־פּרקים, מסתמא מיטן געדאַנק זיך אומצוקערן דערצו מער אויספירלעך, ווען עס וועלן זיין די באַדינגונגען דערצו. זענען אָט די פאַרצייכענונגען (וואָס הייבן זיך אָן יעדן טאָג לשם פאַרמאַסקירונג מיט אַ ווענדונג צו עפּעס אַ פיקטיוון קרוב און זענען פול מיט פאַרשידענע קיצורים און רמזים וואָס זענען אויסן צו קאַמופלאַזשירן זייער אינהאַלט), געוואָרן דער אָנהייב פון דעם גרויסן דאָקומענטאַציע־ווערק, אין וועלכן ער האָט שפּעטער באַוויזן בהדרגה אַריינצוציִען צענדליקער און צענדליקער מענטשן. זיינע אייגענע „נאָטיצן" האָט ער אָבער ווייטער קאָנטינויִרט אין משך פון דריי יאָר, אַזוי אַז נישט געקוקט אויף דער גרויסער צאָל מיטאַרבעטער, איז דער וויכטיקסטער מיטאַרבעטער פון רינגעלבלום־אַרכיוו געבליבן רינגעלבלום גופא..

קאָנטינויִרנדיק אין אַ געוויסן זין די מעטאָדן פון „ייִוואָ" האָט רינגעלבלום באַלד אין אָנהייב אָנגעשטעלט זיין אַרבעט אויף אַ ברייטער געזעלשאַפטלעכער באַזע. לויט ווי עס גיט איבער דער לעבנגעבליבענער סעקרעטאַר פון דעם אַרכיוו הערש וואַסער האָט שוין ווינטער 1939/40 עקסיסטירט אין וואַרשע אַ זאַמלער־קרייז פאַר אָקופּאַציע־מאַטעריאַלן און אַ קאָמיטעט, פון וועלכן עס האָט זיך אויסגעטיילט מיט דער צייט: א) אַן אויספיר־אָרגאַן, אין וועלכן עס זענען אַחוץ דעם ד"ר רינגעלבלום אַריינגעגאַנגען צוויי סעקרעטאַרן הערש וואַסער און אליהו גוטקאָווסקי ווי אויך דער שריפטשטעלער ישראל ליכטענשטיין, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער קינדער־קיך אין פאַרמלחמהדיקן לאָקאַל פון דער באָראָכאָוו־שול אויף נאָוואָליפּקי 68. אונטער זיין השגחה זענען געוואָרן אָפּגעגעבן די געשריבענע מאַטעריאַלן. צו די נאָענסטע מענטשן פון

דעם געשאַפענעם טעטיקייטס־געביט האָט אין דער ערשטער צייט גע־הערט דער פּאַלקלאָריסט שמואל לעהמאַן. ב) דער ברייטערער ראַט, אין וועלכן עס זענען אַריינגעגאַנגען אַ גרופּע טוער פון פאַרשידענע ריכ־טונגען, וואָס האָבן געשטיצט די אַרבעט מאָראַליש און פינאַנסיעל. זיי־נע טעטיקסטע מיטגלידער זענען געווען: איציק גיטערמאַן, אינזשעניר אַלעקסאַנדער לאַנדאַו, יהושע ראַבינאָוויטש און קודם־כל דער וואַרעמ־סטער פאַרזאָרגער און פּאַטריאָט פון דעם אַרכיוו מנחם קאָן. אין אַ שפּע־טערער תּקופה איז איינער פון די וויכטיקסטע פּילאַרן פון אַרכיוו געווען דער באַקאַנטער ייִוואָ־טוער און קולטור־מעצענאַט שמואל ווינטער. ג) דער דריטער פאַקטאָר זענען געווען די מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט זאַמלען (אָפט מאָל אַרויסגנבענען אָדער בגנבה אַראָפּרייסן פון פאַרקאַנעס) קאָמוניקאַטן, מעלדונגען, פּלאַקאַטן, א.א.וו.; מיט אויפ־נעמען עדויות, שרייבן באַריכטן, נאָטירן פאָרפאַלן, ווי אויך מיט פירן פאָרשונגען — אָבסערווירן, שטודירן און באַשרייבן די אָקופּאַציע־צייט.

דער קריפּאַנים פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען „עונג־שבת". און דאָס איז דער שורש פון אָט דעם נאָמען:

זינט אַ געוויסער צייט, מסתּמא שוין נאָכן איינפירן דאָס געטאָ, אין אָנהייב פון צווייטן אָקופּאַציע־יאָר, האָט זיך אין די פרעזידיאַלע קרייזן פון דער ייִדישער סאָציאַלער אַליינהילף אויסגעטיילט אַ גרופּע פריינד, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען אין די פרייטיק־פאַרנאַכטן אין אַ פּריוואַטער דירה, ביי איינעם פון זיי; עפּעס טועם זיין, פאַרברענגען אַ ביסל בצוותא. האָט מען אָט די באַגעגענישן אָנגעהויבן רופן „עונג שבת". אויך רינגעל־בלום פלעגט פון צייט צו צייט אָנטיילנעמען אין אַזאַ סעודת־מיצווה. און עס איז אים איינגעפאַלן אָנצורופן זיין געהיימע דאָקומענטאַציע־אַרבעט מיט דעם זעלבן נאָמען. דווקא זייער האַלבוועגס באַקאַנטע סודותדיקייט האָט מסתּמא געבריינגט רינגעלבלומען און זיינע מקורבים אויפן געדאַנק צו פאַרוואַנדלען זייער שם אין אַ דעק־מאַנטל פאַר דער מער געפערלעכער סודותדיקער טעטיקייט. אונטער דער טאָפּלטער פאַרמאַסקירונג איז די וואָס אַ מאָל ברייטער פאַרמאָסטענע דאָקומענטאַציע געווען אַזוי גוט אָדער אַזוי מזלדיק פאַרקאָנספּירירט, אַז זי איז אין משך פון העכער דריי יאָר געבליבן פאַרהוילן פאַר פיינטלעכע אויגן און אירע באַהעלטענישן נישט אַנטדעקט — ביז צום סוף.

*

מען האָט געזאַמלט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צו די ספּאַנ־טאַנע געשעענישן און צו דער טעטיקייט פון די אינערלעכע ווי פון די אויסערע — דייטשע און פוילישע פאַקטאָרן.

פּלאַקאַטן מיט דייטשע פאַראָרדענונגען און ראַפּאָרטן פון ייִדישן אָרדענונגס־דינסט, פּראָטאָקאָלן פון יודענראַט־זיצונגען און באַריכטן פון פּראָווינץ־שליחים און פאָרשטייער פון ייִדישע קהילות, וואָס זענען אַריינגעזידלט געוואָרן אין וואַרשע.[30]

עטיקעטן פון געטאָ־סחורות מיט ייִדישע אויפשריפטן און בילעטן פון דעם פערד־טראַמוויי אין וואַרשעווער געטאָ. ווייסע ייִדן־בענדלעך מיט אַ בלאָען מגן־דוד, וואָס עס האָבן געטראָגן אויפן אָרעם די ייִדן פון גענעראַל גוווערנעמענט און געלע מגן־דודס מיטן אויפשריפט „יודע", וואָס עס האָבן געטראָגן אויף דער ברוסט און פּלייצע די ייִדן פון די מערב־געביטן איינגעגלידערטע אין נייעם רייך. אויף טריט און שריט, אויף אַלץ און אומעטום דער מגן־דוד...

סטאַטיסטיק און טעקסטן פון בעטלער־לידער, געהיימע פּרעסע, פּריי־וואַטע קאָרעספּאָנדענץ און פּראָטאָקאָלן אויפגענומענע ביי בחורים אַנט־לאָפענע פון אַרבעטס־לאַגערן, די ערשטע באַריכטן פון די ערשטע מענטשן אַנטלאָפענע פון אַ טויט־לאַגער...

אַלע עדויות און באַריכטן פאַרצייכנט אויף דער הייסער מינוט, — אַ זאַך, וואָס פאָרשער זוכן און שעצן היינט אַזוי זייער.

אין פרילינג 1941 איז אויסגעשריבן געוואָרן אַ געהיימער קאָנקורס אונטער דער לאָזונג „צוויי יאָר געטאָ". רינגעלבלום האָט געלאָזט צו זיך רופן שרייבער, וויסנשאַפטלער, פּעדאַגאָגן און אַנדערע פאַכלייט, זיי פאַרגעלייגט דורכצופירן פאָרשונגס־אַרבעטן. אָדער זיך אויסצוקלייבן טעמעס — יעדער לויט זיין ספּעציאַליטעט און זיין נאָענטסטן אָבסער־וואַציע־פעלד — אָנצושרייבן אַן אַרבעט, אין וועלכער עס זאָל ווי אַמ־בולטסטן קומען צום אויסדרוק די געטאָ־ווירקלעכקייט.

אין אַרכיוו זענען פון אָט דעם מקור אַריינגעפלאָסן וואָגיקע דעמאָג־ראַפישע סטודיעס, אַרבעטן וועגן פּליטים, וועגן הונגער, וועגן קראַנקייטן, וועגן שמוגל, וועגן מצב פון ייִדישן קינד, וועגן אָנטייל פון דער פרוי אין דער הילפס־אַרבעט, א. אַ. וו.

אַן אַנקעטע וועגן דעם קוק אויף די רעזולטאַטן פון איינפירן דאָס געטאָ האָט אין יאָר 1941 אַריינגעבראַכט אַ ריי אינטערעסאַנטע אַרויס־זאָגונגען פון באַקאַנטע ייִדישע פערזענלעכקייטן, וועלכע זענען דערנאָך

אונטערגעגאַנגען (הלל צייטלין, ד״ר מילייקאָווסקי, אהרן איינהאָרן, ש. י. סטופניצקי און אַנדערע).[31]

אַ גרויסע סטאַטיסטישע אויספאָרשונג וועגן דעם דערנערונגס־צו־שטאַנד פון דער באַפעלקערונג פון געטאָ, האָט מיט דער הילף פון זיין אָפּיציעלן עווידענציע־אַמט דורכגעפירט, — אָבער שוין גאָר נישט אָפיציעל באַאַרבעט — דער יונגער וויסנשאַפטלער און פייערדיקער כּלל־טוער, מנחם לינדער. איינגעפלאָסן זענען אויך אין די זאַמלונגען כראָני־קאַרישע און פובליציסטישע ווי אויך בעלעטריסטישע שאַפונגען. רעפּאָר־טאַזשן פון די געטאָ־גאַסן און באַשרייבונגען פון די טאָג־געשעענישן. דערציילונגען און לידער אויף געטאָ־טעמעס. דראַמאַטישע עסקיזן און אויך קאַפּיטלען פון אָנגעהויבענע ראָמאַנען.

די איניציאַטיוו פון ד״ר רינגעלבלום האָט גורם געווען ממש אַ מין ליטעראַרישע באַוועגונג אין געוויסע קרייזן פון וואַרשעווער געטאָ. אין אַ צייט, ווען עס איז נישט געווען קיין עפנטלעכע פרעסע, קיין פאַרלאַגן, קיין קאָנטאַקט מיט אַ ברייטערן לייענער־עולם, (הגם אַן אונטערערדישע פּרעסע און אונטערן פּרעטעקסט פון שאַפן געלט־מיטלען פאַר סאָציאַלע הילפס־צוועקן איינגעאָרדנטע ליטעראַריש־קינסטלערישע אימפּרעזן, זענען יאָ געווען) — אין אַ בלוטיקער, גראָער, הונגעריקער צייט האָט זיך דער שרייבער פּלוצים דערוווּסט, אַז ער איז עמעצן נייטיק, אַז מען קוקט אַרויס אויף זיין וואָרט, מען מאָנט, מען גיט אים נאָך אַ מעגלעכקייט צו קאָנצענטרירן זיך מיט דער צוקונפט, וועלכע ער אַליין וועט שוין אפשר נישט דערלעבן... צו אַנאַליזירן און צו פאַרפיקסירן די אויסטערליש־טראַגישע בילדער, וואָס האָבן באַוויגן זיין נשמה אויף שריט און טריט.

אין וואַרשעווער געטאָ האָבן געלעבט און געשריבן אַ ריי באַקאַנטע דיכטער, ישׂראל שטערן, יחיאל לערער, יוסף קירמאַן, יצחק קאַצענעלסאָן, שלמה גילבערט. געווען אַ קאָנטאַקט מיט יעקב פּרעגער און קלמן ליס אין אָטוואָצק. סוף 1941 איז צוריקגעקומען פון לעמבערג דער ראָמאַניסט יהושע פּערלע. עס זענען אויך געווען אַ ריי יינגערע, ווייניקער באַקאַנטע, מער לאָקאַל־טעטיקע שריפטשטעלער. צום רוב פון זיי האָט זיך רינגעל־בלום געווענדט. ווער עס האָט זיך אָפּגערופן אין ווער נישט.

צו די פליסיקע מיטאַרבעטער פון אַרכיוו האָבן געהערט: יהודה פעלד, מ. סקאַלאָוו, יצחק בערנשטיין, די איבערזעצערין פון דובנאָוון אויף פּויליש צעציליאַ סלאַפּאַק. דער סאַמע פלייסיקער פון אַלע איז געווען פּרץ אָפּאָטשינסקי, וועלכער האָט געליפערט אין אַרכיוו אַ מאַסע העפטן,

פאַרשריבענע מיט כראָניק און רעפּאָרטאַזשן פון טאָג, וואָס לייענען זיך היינט ווי די פינפטע זייט פון אַ פאַרמלחמהדיקער וואַרשעווער צייטונג, מיט אַ „קליינער" אָפּוויכונג אין אינהאַלט.[32] אַ טייל מענטשן האָבן גענומען פירן טאָגביכער. אַ ביז גאָר ווערטפולן געטרייעם נייעם מין מיטאַרבעטער האָט ד״ר רינגעלבלום געוווּנען אין די אָרטאָדאָקסישע קרייזן אין דער פּערזאָן פון אַ יונגן רב, הרב שמעון הובערבאַנד.[33]

איך האָב אויסגערעכנט אַ ריי מענטשן פון די ליטעראַריש-זשורנאַליסטישע קרייזן. נישט קלענער איז געווען די באַטייליקונג פון מענטשן פון אַנדערע קרייזן, וואָס האָבן אַדאַנק דער „סאָציאַלער באַשטעלונג" פון רינגעלבלומען אַרויסגעבראַכט ווערטפולע צושטייערס צו דער אַלזייטיקער באַלייכטונג פון דער תקופה.

אַזוי איז די אַרבעט געגאַנגען פאָרויס. אָן גרויסע ווערטער, מיט פשטות און באַשיידנקייט, איז ד״ר רינגעלבלום געוואָרן דער ענערגיע־קוואַל, דער פולסירנדיקער מאָטאָר פון אַ גרויסער מאַשין. ער האָט אונדז געוואָרעמט מיט זיין שטילן פייער, באַוויזן אָנצינדן אַ טייל פון אונדז מיט אַ ניצוץ פון דער התלהבות, וואָס האָט אים אַליין געשטויסן צו טון יענע היסטאָריש־וויכטיקע שליחות. ביי טאָג האָט ער אַמטירט אין די ווייט נישט גרינגע ענינים פון די הויז־קאָמיטעטן — אַ דירעקטאָר צווישן די דירעקטאָרן פון ייס״א — און דורך די נעכט אַליין געשריבן און געלייענט די אַרבעטן פון אַנדערע, כּדי זיי דאָן ביי אַ באַגעגעניש צו רעצענזירן, צוגעבן חשק צו ווייטערדיקע אָנשטרענגונגען.

פרילינג 1942, ווען עס האָט זיך מיטן דערשיסן די ערשטע עטלעכע און פופציק אָרגאַניזאַטאָרן, מיטאַרבעטער, דרוקער און געלט־אונטערשטיצער פון דער געהיימער פּרעסע — אָנגעהויבן די תקופה פון ביינאַכטיקע הריגות, די הקדמה צום גרויסן גירוש — האָט ד״ר רינגעלבלום פונאַנדערגעלאָזט צווישן די מיטאַרבעטער אַ קלאַנג, אַז די אַרכיוו־אַרבעט ווערט אָפּגעשטעלט.

כּדי אין אַ קורצער צייט אַרום צונויפצוקלייבן די סאַמע איבערגעגעבנסטע און זיכערסטע און ווייטער צו פירן די אַרבעט.

*

און אַגב, קלייב איך זיך דאָ נישט צו געבן אויף איין פוס אַ מאָנאָגראַפיע פון דעם דאָקומענטאַציע־ווערק „עונג שבת" און אויך נישט קיין ביאָגראַפיע פון עמנואל רינגעלבלום. די פאַראינטערעסירטע לייענער

קאָנען זיך באַקענען מיט דער פאַרהעלטענישמעסיק רייכער ליטעראַטור אויף דער טעמע, וואָס איז אין משך פון די יאָרן דערשינען אין ייִדיש. העברעיִש און אויך אין אַ ריי פרעמדע שפּראַכן. דער ערשטער שטאַפּל אין דער ריכטונג דאַרף אַלנפאַלס זיין דאָס באַקענען זיך מיט די צוויי בענד פון רינגעלבלומס מלחמה־שריפטן, וועלכע זענען דערשינען אין פּוילן מיט אַ ביאָ־ביבליאָגראַפישן אַריינפיר פון רינגעלבלומס געווע־זענעם שוואָגער דעם היסטאָריקער אהרן אייזנבאַך.[34]

אין יאָר 1964, צו דער צוואַנציקסטער יאָרצייט פון רינגעלבלומס טראַגישן טויט, האָבן די דריי ישראלדיקע אינסטיטוציעס צום פאַראייביקן דעם זכר פון דער חורבן־תּקופה, יד־ושם, בית קצנלסון און מורשת, פּראָק־לאַמירט אַ רינגעלבלום־יאָר. אַ ספּעציעלער קאָמיטעט אונטער דער אָנ־פירונג פון רינגעלבלומס נאָענטן פריינד, דעם היסטאָריקער פּראָפעסאָר רפאל מאַהלער, האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפרוף און געזאָרגט פאַרן איינאָרדענען פאַרזאַמלונגען, רעפעראַטן און פאַרשידענע אַנדערע פאַראַנשטאַלטונגען אין ישראל און אין ייִדישע קולטור־צענטערס אין אַנדערע לענדער; פאַרן אָנרופן גאַסן אויף רינגעלבלומס נאָמען, אין תּל־אביב, ירושלים, באר־שבע און אַנדערע שטעט. צווישן אַנדערן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אויפן הר הזכרון אַ היסטאָרישער סימפּאָזיום גע־ווידמעט רינגעלבלומס זכר. אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער טעטיקייט פונעם רינגעלבלום־אַרכיוו האָט געהאַלטן דער לעבנגעבליבענער אַרכיוו־סעקרעטאַר הערש וואַסער, אַ פאָרטראַג וועגן דער באַדייטונג פון די אויס־געגראָבענע אוצרות פאַר דער היסטאָריאָגראַפיע פון דער חורבן־תּקופה. האָט געגעבן דער געטרייער קאָלאַטאָר און פאָרשער פון די אַרכיוו־מאַטע־ריאַלן, ד"ר יוסף קערמיש. די מאַטעריאַלן פון דעם סימפּאָזיום זענען גע־וואָרן צוגעגרייט צום דרוק און מיט זייער פאַרעפנטלעכן איז צוגעקומען נאָך אַ מקור פון אויטענטישע ידיעות וועגן עמנואל רינגעלבלום און זיין דאָקומענטאַציע־ווערק.[35]

אַלס עדות און כראָניקאַרין פון דער תּקופה לויט רינגעלבלומס איניציאַטיוו, וויל איך דאָ ווייטער ברענגען אַ בינטל דערמאָנונגען וועגן מיינע פערזענלעכע קאָנטאַקטן מיט אים, ווי אויך וועגן מיינע כראָניקאַ־רישע און דאָקומענטאַרע אַרבעטן, וואָס זענען אַדאַנק זיי אַנטשטאַנען.

## 18. פערזענלעכע באַגעגענישן

עס זאָגט זיך אַזוי: אַ בינטל זכרונות... נאָך איין אַספּעקט פון יענע טעג, געשעענישן, עטאַפּ נאָך עטאַפּ פון יענעם פיבער, יענע האָפענונגען און פאַרצווייפלונגען; גראַנגל פאַר אויסהאַלטן, העלפן איבערלעבן, ראַטעווען מענטשן פון הונגער און ייאוש... מען איז דעמלט געווען מיט דרייסיק יאָר ייִנגער און אַלץ איז געווען סיי גרינגער, סיי שווערער. די טעמפּעראַטור און דאָס טעמפּאָ פון די איבערלעבונגען האָט דעמלט דערגרייכט דעם העכסטן גראַד...

די ערשטע באַגעגעניש מיינע מיט רינגעלבלומען אין איינעם פון די לעצטע טעג סעפּטעמבער 1939 — שוין נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע — האָט געזאָלט שפּילן אַ ממש דעצידירנדיקע ראָלע אין מיין ווייטערדיקן גורל בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע.

ווייל איך דאַ דעריבער באַלד אין אָנהייב באַמערקן, אַז פאַר דער מלחמה האָט מיך נישט פאַרבונדן מיט אים קיין שום נאָענטע באַקאַנטשאַפט. מיר האָבן געהאַט בשותּפותדיקע חברים, וואָס האָבן געאַרבעט אין דזשאָינט, מענדל בלומענטאַל, נחום באַמזע. מען פלעגט זיך טרעפן פון צייט צו צייט אויף אַ פּרעמיערע אין אַ ייִדישן טעאַטער, אָדער אויף עפּעס אַן אימפּרעזע אין ליטעראַטן־פאַראיין. איז עס פאַר מיר געווען פּשוט אַן איבעררראַשונג, ווען איך האָב זיך אין ערשטן טאָג פון וואָפנשטילשטאַנד דערוווּסט, אַז רינגעלבלום זוכט מיך, ווייל וויסן וואָס מיט מיר איז געשען.

מיין באַגעגעניש מיט רינגעלבלומען נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע און זיין איינשפּאַנען מיך אין דעם עול פון אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דער פאָלקס־קיך אויף לעשנאָ 40, האָב איך שוין באַשריבן מיט אַ ריי קאַפּיטלען פריִער.

אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן, דער עול אין וועלכן ער האָט מיך באַקליידט, האָט מיך געהאַלטן אין קלעם ביז צו דער גירוש־אַקציע; אין דער ערשטער צייט מיטלבאַר גורם געווען דערצו וואָס איך בין געבליבן אין וואַרשע און נישט אַוועקגעלאָזט זיך מיטן שטראָם פון די אַנטלויפערס קיין לעמבערג, וואוּהין עס האָט מיך גערופן מיין נאָענטסטע משפּחה. גלייכצייטיק בין איך אויך אויף דעם אופן אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף

אַן אָרט, וואָס איז געווען פון די סאַמע נאָענטסטע אָבסערוואַציע־פונקטן אויפצונעמען אין זיך די פאַקטן און בילדער, וועלכע רינגעלבלום האָט מיר שפעטער געהייסן באַשרייבן.

מיט אַנדערטהאַלבן יאָר שפעטער האָט ער מיך ווידער אַרויסגערופן, מיך איינגעשפאַנט צו מיטאַרבעט אין זיין צווייטן אַרבעטס־געביט. און אויך אין צווייטן פאַל האָט ער זיך אין מיר נישט אָפּגענאַרט. איך האָב אויך דעם עול געשלעפּט געטריי אויף מיינע פּלייצעס, און טראָג אים נאָך אייגנטלעך ביזן היינטיקן טאָג.

דער יידיש־שווייצאַרישער דראַמאַטורג מאַקס פריש האָט אין זיין „ביאָגראַפיע” געפּרוווט באַלייכטן דעם פּראָבלעם פון פאַרשידענע וואַריאַנטן אין אַ מענטשלעכן גורל, וואָס ווייזן זיך אים אויף די קרייצוועגן פון זיין לעבן. צי זאָל איך באַדויערן, הלמאַי איך בין נישט אַוועק קיין לעמבערג פון וואַרשע? אפשר וואָלט איך דאָרט ערב דעם אַריינקומען פון די דייטשן געווען אַנטלאָפן מיט מיין משפחה קיין ראַטנפאַרבאַנד? אפשר וואָלט איך אַפילו בלייבנדיק דאָרט אויפן אָרט, געווען באַוויזן וועמען פון מיינע ליבסטע און נאָענטסטע צו ראַטעווען? אפשר וואָלט איך געווען אומגעקומען אין איינעם מיט זיי? אומזיסט — ווען אויך ווייט נישט גלייכגילטיק — איז נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל זיך פּרוּוון פאָרצושטעלן צי און ווי אַזוי וואָלט געווען געקאָנט זיין אַנדערש. איין זאַך רעד איך מיר איין — פון דער פּערספּעקטיוו פון יענע יאָרן — אַז אויב עס איז געווען באַשערט, אַז פון די פילע מיטאַרבעטער פון רינגעלבלומס לעבנס־ווערק זאָלן פונקט מיר ביידע, איך מיט הערש וואַסערן, בלייבן לעבן, האָבן מיר מקיים געווען די התחייבות, וואָס ער האָט געהאַט אַ רעכט אַרויפצולייגן אויף יעדן איינעם פון אונדז: אָפּצוגעפינען, אויסצוגראָבן און ברענגען פאַר דער וועלט זיינע זאַמלונגען.

אין האַרבסט 1942, נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע אַקציע, טראַכט רינגעלבלום ווידער וועגן מיר. ביידע מיט ווינטערן זעצן זיי מיך אַוועק באַאַרבעטן די גרויסע עדות, וואָס איך האָב אויפגענומען ביי אַן אַנטלאָפענעם פון טרעבלינקע, צוגרייטן אַן אויפקלערונגס־בראָשור. צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער אַקציע איז די בראָשור נישט דערשינען, אָבער זי איז אַנטשטאַנען — די ערשטע ווערסיע פון מיינע אַרבעטן וועגן טרעבלינקע. „טרעבלינקע דאַרף מען נישט בלויז באַשרייבן, מען דאַרף זי אויך דעפינירן — האָב איך שוין דעמלט געשריבן — און געטון.[36]

רינגעלבלום איז אויך געווען דער, וואָס האָט מיר געגעבן די ברכה

אויפן וועג וועגן איך האָב געהאַלטן אין אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט.

און נאָך איין זאַך האָט ער מיר געגעבן: דעם טעלעפאָן פון דער דייטשער טישלער־פירמע האַלמאַן אויף נאָוואָליפּקי־גאַס, צו וועלכער ער איז געווען „צוגעשריבן". מיט דער הילף פון דאָזיקן טעלעפאָן האָט ער אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן ד״ר אַדאָלף בערמאַן, וועלכער האָט זיך שוין העכער אַ האַלב יאָר געפונען אויף דער אַרישער זייט און נאָכן באַקומען פון מיר אַ טעלעפאָנישע ידיעה פון „דאָרטן" האָט ער מיר אָר־גאַניזירט די ערשטע באַגעגעניש מיט אים. ווען נישט יענע באַגעגעניש און ווען נישט די עצות און די הילף פון אַדאָלף און באַשע בערמאַן, וואָלט איך מסתּמא געווען געצווונגען צוריקצוגיין אין געטאָ און וואָלט דאָרט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום געווען אומגעקומען אין די פייערן פון אויפשטאַנד.

נאָך זע איך פּאָר מיר, ווי אַ לעבעדיקע, זיין הויכע געשטאַלט. איך הער זיין שטים, זיין כאַראַקטעריסטישע אויסשפּראַך, אַ ביסל „אונטערן צינגל". עס שוועבן פאַר מיר פאַרביי אַלע עטאַפּן, אַלע געשפּרעכן מיינע מיט אים אין יענע יאָרן, חדשים און טעג.

*

דער ערשטער לאָקאַל פון דער קיכן־צענטראַלע האָט זיך געפונען אויף לעשנאָ 13 אין דעם שפּעטער טרויעריק־באַרימטן לאָקאַל פון „דריי־צנטל", וואָס האָט, דאַכט זיך, פאַר דער מלחמה געהערט צום פאַראיין פון יידישע פאַרזיכערונגס־אַגענטן. איך פלעג דאָרט זיין כמעט יעדן טאָג און דער מענטש, מיט וועלכן איך פלעג זיך דאָרט אָממייסטן קאָנטאַק־טירן, איז געווען רינגעלבלומס קאָלעגע, מגר. מאיר קאָרזשען, אויך אַ פאַר־מלחמהדיקער מיטאַרבעטער פון דזשאָינט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויך ער אַוועק איבערן בוג.

איז מיר פון יענעם ערשטן מלחמה־האַרבסט פאַרבליבן אין זכּרון נאָך איין קלענער פּרט. נאָך דער באָמבאַרדירונג פון חודש סעפּטעמבער איז אין וואַרשע נישט פאַרבליבן קיין איין גאַנצע שויב אין אַ פענצטער. עס איז געגאַנגען צו ווינטער און ביי עפּעס אַ באַגעגעניש מיט רינגעל־בלומען איז צו רייד געקומען וועגן פאַרקלאַפּן מיט עפּעס די אָפענע פענצטער. „גייט אַרויף צו מיר — זאָגט רינגעלבלום — ביי מיר האָט מען שוין אַריינגעשטעלט דיקטן אין די פענצטער און עס איז פאַרבליבן אַ דיקט. אפשר וועט זי אייך צונוצקומען". די דירה האָט זיך געפונען

אויף לעשנאָ 18. ווען איך האָב אַהין אָנגעקלאַפּט אין אַ פֿאַרמיטאָג, האָט מיר געעפֿנט די טיר אַ בלאָנד ייִנגל פֿון אַ יאָר נײַן־צען. אַחוץ אים איז קיינער נישט געווען אין דער היים, אָבער ער האָט מיך אויפֿגענומען ממש ווי אַ דערוואַקסענער. געהאַט אַן אינסטרוקציע מיר אַרויסצוגעבן די דיקט. מיט דער גרעסטער פֿרײַנדלעכקייט און העפֿלעכקייט האָט ער מיר געהאָלפֿן ביז אין גאַס אַרויסטראָגן דאָס גרויסע בלאַט. אַ שטיק טאַטע — האָב איך געטראַכט דעמלט אויף אים קוקנדיק. דאָס איז געווען אורי, דער איינציקער זון פֿון עמנואל רינגעלבלום, וואָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער מיטן פֿאָטער צוזאַמען געטיילט דעם ייִדישן גורל.

*

סוף פֿרילינג, אָדער אָנהייב זומער 1941, און אָט קומט מיר ווידער אויס צו זײַן אין רינגעלבלומס דירה אויף לעשנאָ. דאָס געטאָ האָט שוין עקסיסטירט העכער אַ האַלב יאָר. דער הונגער, דער גאַסן־האַנדל, די בעטלערײַ, דער טיפֿוס, די פּליטים־פּונקטן, דאָס מאַסן־שטאַרבן — דער גאַנצער טראַגישער מאַסן־שטייגער פֿון געשלאָסענעם געטאָ — האָט זיך שוין אויסגעשטאַלטיקט. איין טראַגישע תּקופֿה האָט געדרודפט די צווייטע. מיר זענען געשטאַנען אויף דער שוועל פֿון אַ נײַער, נאָך מער טראַגישער צײַט. און ווידער קומט נאָך מיר אַ שליח פֿון רינגעל־בלומען. איך בין זייער פֿאַרהאָרעוועט אין מײַן קיך. ענדלעך קלײַב איך זיך אויס. איך ווער געוואָר וועגן דער גרופּע זאַמלער פֿון צײַט־דאָקו־מענטן און פֿאַרשרײַבער פֿון צײַט־שילדערונגען. די גרופּע עקסיסטירט שוין אַ לענגערע צײַט. רינגעלבלום רופֿט מיך צו מיטאַרבעט. דערציילט מיר וועגן אַ קאָנקורס, וואָס ווערט איצט דורכגעפֿירט צווישן מענטשן פֿון דער פּען. מיט דער ערלעכער, שיִער נישט נאַיִווער פּשטות פֿון אַ מענטשן, וואָס נעמט ערנסט יעדע זאַך וואָס ער טוט, רעדט ער שוין ווידער וועגן פּרינציפּן, וועגן באַדינגונגען פֿון דער אַרבעט. ער האָט אַזוי ווײַט אַרײַנגעטראַכט אין דעם ענין, אַז ער האָט שוין אַפֿילו אויס־געאַרבעט תּקנות צו באַוואָרענען די אויטאָרן־רעכט פֿון די, בײַ וועמען ער באַשטעלט אַרבעטן וועגן דעם לעבן אין געטאָ. דער האָנאָראַר, וואָס די מיטאַרבעטער וועלן באַקומען, זאָגט ער מיר, ווערט באַטראַכט בלויז ווי אַ מין סטיפּענדיום, כּדי צו דערלײַכטערן די אַרבעט. דאָס רעכט צו פּובליצירן אַ מאָל די זאַכן בלײַבט בײַם מחבר. מען טאָר אָבער נישט האָבן קיין לאַנגע ווײַבערישע צונג — וואָרנט ער מיך מיט אַ זשעסט און

מיט אַ שמייכלביים אַוועקגיין. עס מוז אָנגיין אַ שטרענגע קאָנספּיראַ־ציע.

מען דאַרף זיך אויסקלייבן אַ טעמע. איך נעם פּשוט אַלס טעמע מיין קיך — איך וויל שרייבן וועגן די מענטשן, וועגן די משפּחות און קהילות גאַנצע, וואָס האָבן זיך אַדורכגערוקט איבער דער קיך און אין אַזאַ גרויסן פּראָצענט שוין אויסגעשטאָרבן פון טיפוס און נויט. עס איז כּדאַי צו שרייבן אויך וועגן די מיטאַרבעטער, אַפילו וועגן די צושטעלערס פון פּראָדוקטן, וואָס טיילווייז קויפן מיר זיי אַליין אין נאָענטן באַזאַר אויף לעשנאָ 42, אָדער ביים צווייטן אַרויסגאַנג פון באַזאַר אויף דער נאָוואָ־ליפּיע־גאַס. וועגן איינעם אַ פּרעכטיקן ייִד אַ פאָלקס־מענטש מיטן נאָמען לייזער, וואָס האָט ליב אַליין צו קומען אין קיך איינקאַסירן דאָס געלט, זיך אַוועקזעצן אויף אַ בענקל אין קאַנצעלאַריע און כאַפּן אַ דרימל, ביז עס וועט אַריבערגיין דער יאַריד פון אַרויסגעבן דאָס עסן. דאָס געלט וואָס ער באַקומט באַצאָלט פאַר דער סחורה וויל ער נישט איבערציילן. „געלט טאָר מען נישט ציילן — זאָגט ער — עס קומט נישט אַריין די ברכה, אַז מען ציילט צו פיל". איינמאָל האָבן מיר נאָך זיין אַוועקגיין געפונען אַ זשמעניע פאַפּירענע זלאָטעס, וואָס איז אים אַרויסגעפאַלן פון קעשענע. דאָך איז ער נישט געוועזן קיין בטלן און אויך נישט קיין עובר בטל. די אַרבעט וואָס מיר האָבן געטון, איז אים געפעלן און ער האָט ביי אונדז גענומען ביליקע הנחה־פּרייזן. ער האָט אונדז דערציילט פאַרשידענע זאַכן פונעם מאַרק און פון שמוגל. ביז ער איז געקומען אין איינעם אַ טאָג מיט אַ זעקל מייערן און נישט געוואָלט גאָרנישט אָפּלאָזן פון מקח. ער מוז האָבן פאַר די „שותּפים" — האָט ער דערקלערט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס מיינט ער די שאַנטאַזשיסטן פון „דרייצנטל", וואָס האָבן זיך צו אים דערקליבן און אַרויפגעלייגט אויף אים צו צאָלן „מעשׂר" פון אַלע זיינע געשעפטן...

און היינט די „טאָפּלטע און דרייפאַכיקע עסערס" די גאַנצע צור־גאָב־קליענטעל, וואָס איז אָנגעוואַקסן אַרום דער קיך! איך דערפיל אַ ברענענדיקן חשק, ממש אַ בענקשאַפט, מיך תּיכף ומיד צו נעמען שילדערן די איבערלעבונגען און אָבסערוואַציעס, וואָס האָבן זיך אין מיר אָנגעקליבן אין משך פון דער גאַנצער צייט, ווען איך האָב אַפילו נישט געטראַכט, אַז איך זאָל נאָך ווען ס'איז נעמען די פעדער אין האַנט.

איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב אין ערשטן אָקופּאַציע־ווינטער געטראָגן אין קאָפּ אַ שילדערונג פון וואַרשעווער סעפּטעמבער — די

רויכן און פלאַמען. דאָס רוישן פון די „סטוקאַס" איבער אונדזערע קעפּ, ווען זיי האַלטן ביים אַראָפּלאָזן זיך נידעריקער... דאָס פייפן פון די באָמבעס, און דאָס אָפּעטעמען ווען עס קומט די עקספּלאָזיע — נישט אין דעם הויז ווו מען געפינט זיך... אַ סאָלדאַט מיט אַ צעהאַקטן פּנים פון אַ שויב, וואָס איז אויף אים אַראָפּגעפאַלן פון אַ פענצטער פון אַ צעשאָסן הויז, זיין הכנעהדיקע שטים, ווען ער האָט געבעטן ביי אונדז אין הויף „אַ ביסל" הילף... אַ געהרגעט פערפאָלק, אַנגעזאָטלט מיט פּלעצאַקעס, געפאַלן מיט די פּנימער אַראָפּ אויף דער גאַס... פאַר־קילטע טרערן, ווי גרויסע פאַסאָליעס, אין די אויגן פון אַ פערד, וואָס איז געבליבן ליגן טויט מיטן קאָפּ צוגעטוליעט צום טראָטואַר, ווי עס וואָלט געוויינט אויפן אומגליק פון אָט דער שטאָט און פון דער מדינה... די סצענעס און בילדער נאָכן אַרויסקומען פון די קעלערס אין טאָג פון קאַפּיטולאַציע, נאָך אַ מעת־לעת פון הוראַגאַן־פייער פון דער ערד און פון דער לופט...

סעפּטעמבער 1939 — די ערשטע גראַנדיעזע מאַסן־טראַגעדיע, וואָס איך האָב צוגעזען און מיטגעמאַכט. איך האָב אָנגעהויבן שרייבן און נישט ממשיך געווען — שווער צו שרייבן פאַר זיך אַליין...

רינגעלבלום לייגט מיר פאָר איך זאָל זיך באַקענען מיט די מאַטע־ריאַלן, וואָס ער האָט אָנגעקליבן ביי שרייבער, געבליבענע אין וואַר־שע, און אָנשרייבן אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן דער ליטעראַרישער שאַפונג פון יידישע שרייבער בשעת דער אָקופּאַציע. איך ווער גע־וואָר, אַז אַ טייל פון די מאַטעריאַלן געפינען זיך שוין אין רינגעל־בלומס רשות און זיי זענען אַפילו איבערגעשריבן אויף אַ מאַשין.[37]

*

עס איז גרינג זיך אָנצוצינדן צו אַן אויפגאַבע, דאָס אויספירן פלעגער איז שווערער. זענען טאַקע אַוועק וואָכן, אפשר אַ חודש־צוויי ביז איך האָב דעם 4טן אויגוסט 1941 אָנגעשריבן מיין ערשטן געטאָ־רעפּאָרטאַזש. האָט זיך טאַקע עמנואל רינגעלבלום נישט פאַרלאָזט דערויף, וואָס עס איז געוואָרן אָפּגערעדט. ער האָט נאָך דערצו געשיקט צו מיר אַן „עקזעקוטאָר" אין דער פּערזאָן פון אליהו גוטקאָווסקי, איינעם פון די סעק־רעטאַרן פון געהיימען אַרכיוו. גוטקאָווסקי, אַ געוועזענער גימנאַזיע־לערער, אַ פּליט פון לאָדזש, איז געווען אַ טייערער ייד, אַ האַרציקער חבר. ער איז געוואָרן גיכן אַ קאָנסומענט פון אונדזער קיך. איך פלעג אים

אַזוי אַרום יעדן טאָג זען און ער האָט מיך אַזוי געפּילעוועט, אַזוי דאָפּינ־גירט, אַזוי מיר גענומען אונטערטראָגן יעדן טאָג דאָ אַ ביי העפּט דאָ אַן „אַדערויף" אויפן „האָנאָראַר", אַז ווילנדיק, נישט ווילנדיק, קאָנענדיק, נישט קאָנענדיק, האָב איך אים גענומען ליפערן מאַטעריאַל. האָט ער שוין יאָ עפּעס באַקומען, האָט ער מיר גענומען איבערגעבן די אָפּרופן פון רינ־געלבלום און פון אַנדערע עסקנים וועגן די אָנגעשריבענע זאַכן.

צו שרייבן איז מיר אויסגעקומען אין די נעכט, דאָס הייסט אין די פריִע פאַרטאָגן, ווייל אין אָוונט, נאָכן אַהיימקומען פון דער קיך, נאָך 12 שעה אַרבעט און פאַרשידענע פּיינלעכע איבערלעבונגען, בין איך נישט געווען מסוגל זיך צו נעמען שרייבן. ווען אַלע שלאָפן נאָך און אַליין איז מען ווי נישט איז אויסגערוט, זענען אייגנטלעך סיי ווי ביז היינט מיינע בעסטע שעהען צום שרייבן, אַפילו אין נאָרמאַלע צייטן.

אַזוי ווי ווער נישט איז פון אונדז וואָלט נאָך בכלל נאָך יענער צייט געהאַט ווען נישט איז נאָרמאַלע צייטן אין זיין לעבן...

— איר האָט מיך געמאַכט צוריק פאַר אַ שרייבערין — פלעג איך האַלב אין שפּאַס האַלב ערנסט זאָגן רינגעלבלומען בעת די באַגעגענישן.

און באַגעגענען פלעגט מען זיך דווקא אין שייכות מיט גאַנץ אַנ־דערע ענינים. איך פלעג נישט איין מאָל דאַרפן פּראָטעקציע פאַר ווע־מען פון מיינע קיך־קאָנסומענטן, אָדער פון די מיטאַרבעטער — איז רינגעלבלום אין אַזאַ פאַל תמיד געווען מיין נאָענטסטער אַדרעס. און האָב איך געדאַרפט אויסטראָגן עפּעס אַן אַרבעטס־סיכסוך מיט דער קיכן־צענטראַלע, ווען מען האָט מיר געוואָלט צום ביישפּיל עמעצן אַריינזעצן, אָדער צונעמען אַ מענטש פון פּערסאָנאַל אָן מיין הסכמה — איז ווידער רינגעלבלום געווען מיין בעסטער מליץ יושר.

און אַזוי ווי איך האָב דיספּאָנירט אין דער הונגער־צייט מיט דער מעגלעכקייט צו געבן אַ מענטש אַן אויסערפּראָגראַמאַטישן טעלער זופּ — פלעג אויך רינגעלבלום שיקן צו מיר מענטשן מיט צעטעלעך. אין אַ געוויסער צייט איז אָפּגערעדט געוואָרן איך זאָל אָנהייבן אַרויסגעבן אַ טאָג 10 אומלעגאַלע טעלערס זופּ, פאַר מענטשן, וואָס וועלן קומען צו מיר אין קיך מיט דער לאָזונג, אַז וואַסער שיקט זיי. (איך האָב נאָך דעמלט הערש וואַסערן פּערזענלעך נישט געקענט). דאָס איז גע־ווען אַ טייל פון דעם „האָנאָראַר", פאַר מענטשן וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום אַרכיוו.

*

און דערווייל איז די צייט געגאַנגען פאָרויס. עס איז אויסגעבראָכן דער דייטש־סאָוויעטישער, דערנאָך דער דייטש־אַמעריקאַנער קריג.

האַרבסט — אָנהייב ווינטער 1941 האָט זיך „געעפנט״ די פאַרבינ־דונג מיט די ביז נישט לאַנג דורך די סאָוויעטן באַזעצטע געביטן. פּונקט ווי מיט צוויי יאָר צוריק, האָבן אויך איצטער יידישע וואַנדע־רער געשטראָמט איבער דער שטאָט. איצט איז דער שטראָם געגאַנגען צוריק. אויך אַ פּאָר שרייבער זענען צוריקגעקומען פון לעמבערג, צווישן אַנדערע יהושע פּערלע, קאַווע־וואַנווילד. איך האָב זיי איינמאָל געזען ביי רינגעלבלומען אין זיין ביוראָ. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער פּרוּווט אויך זיי אַריינציִען אין שרייבן.[38]

ווינטער 1941/42. עס האָבן זיך אָנגערוקט די שוואַרצע בשׂורות פון די מאַסן־הריגות מיט הייס געווער אויף די ניי־פאַרנומענע מזרח־געביטן. עס איז אָנגעקומען אַ ניי וואָרט פון לאָדזש: „מען פירט אַרויס!״ — וואוּהין? פרעגן די לאָדזשער אין וואַרשע און ווערן ווילד פון נישט פאַרשטיין דעם פּירוש; ווייסן נאָך דערווייל נישט וועגן די טויטן־אויטאָס. „מעשה־כעלמנאָ־קאָלאָ״ — הייבט מען אָן צו זאָגן און מען ווייסט נאָך נישט דעם וואָרן פּירוש.[39] דערנאָך קומט דער ווייסטער־פרילינג 1942. די ערשטע „אַקציע״ אין גענעראַל־גוווערנעמענט — „מעשה לובלין״ — שילדערונגען פון פּליטים אַנטלאָפענע פון יענעם נייעם גרויל. דער רינג אַרום וואַרשע ווערט ענגער. אין דער נאַכט פון 17טן אויפן 18טן אַפּריל די ערשטע הריגה. די ערשטע „פּראָסקריפּ־ציע״ נעמט אַרום אַ פּאָר און פופציק עסקנים פון דער געהיימער פּרעסע.

*

זינט אַ לענגערער צייט זענען פאַרגעקומען האַלב־געהיימע פאַר־זאַמלונגען פון „איקאָר״. אין יענעם שוואַרצן פרייטיק האָט זיך דער דיסקוסיע־קלוב געזאָלט פאַרזאַמלען אין עסזאַל פון אונדזער קיך אויף לעשנאָ 40. נאָכן אַרויסגעבן די מיטאָגן איז אַלץ געוואָרן צוגע־גרייט פאַר דער פאַרזאַמלונג. אָפּגערוקט די טישן, די בענקלעך אויס־געשטעלט אַנטקעגן פאָדיום. אַלס טעמע פון דער דיסקוסיע האָבן גע־זאָלט דינען די טעזן פון רינגעלבלומס רעפעראַט וועגן קידוש השם...

און סיי אין יענעם פרייטיק, סיי שבת אויף צומאָרגנס איז מיר אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט רינגעלבלומען.

ער איז געקומען דער ערשטער צו דער פאַרזאַמלונג, און ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען, קוים באַוויזן מיט מיר צו רעדן אַ פּאָר ווער־טער, איז נאָכגעקומען מרדכי מזא״ה. אַ בלאַסער און צעמישטער האָט ער איינגערוימט רינגעלבלומען אַ סוד און אויך רינגעלבלום איז געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט.

„די פאַרזאַמלונג וועט נישט פאָרקומען״ — האָבן זיי צו מיר אַ זאָג געטון און זענען אַוועק.

מיין סברה איז, אַז די זעלבע אַגענטן, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט די ליסטע (אפשר די אַגענטן פון געסטאַפּאָ קאָן און העלער) האָבן געוויסע מענטשן אויך געוואָרנט. זעט אויס, אַז רינגעלבלום און מזא״ה זענען געווען צווישן אָט די מענטשן.

די וועלכע האָבן קיין וואָרענונג נישט באַקומען, אָדער האָבן אין איר נישט געגלייבט, זענען אין דער נאַכט פון פרייטיק אויף שבת געוואָרן אַרויסגענומען פון זייערע וווינונגען און נאָכן אַרויסקומען אין דרויסן געשאָסן און געלאָזט אויף דער גאַס. אין דער נאַכט איז איינע פון די תּלינים־גרופּן געקומען צו אונדז אין קיך זוכן — מנחם לינדער...

אין יעדער גרופּע פון 3—4 געסטאַפּאָ־מענער, וואָס האָבן אין יע־נער נאַכט באַזוכט די דירות לויט די אָנגעגעבענע אַדרעסן, איז גע־ווען איינער מיט אַ מאַשין־פּיסטאָלעט, וואָס די ייִדן האָבן אים אויף צומאָרגנס געגעבן אַ נאָמען: wykonawca — (דער „אויספירער״). אין אַ ריי פאַלן, ווען זיי האָבן נישט געטראָפן דעם מענטש, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער רשימה, האָבן זיי אַוועקגעלייגט די, וועמען מען האָט געטראָפן אין געגעבענעם הויז, צי אין דער דירה. אויף לעש־נאָ 40 האָבן זיי אויפגעוועקט דעם ייִדישן הויז־וועכטער און מיט אים צוזאַמען אַרויף אויפן ערשטן שטאָק פון דער רעכטער הויף־אַפיצין, וווּ עס האָט זיך געפונען דער אַריינגאַנג אין אונדזער קיך. אין לאָקאַל פון קיך, אין ערשטן פון די שמאָלע קאָרידאָר־צימערן נאָך דער גרויסער קאָך־שטוב, האָט געוווינט נחום נויפעלד, מיט זיין פרוי חנה און אַ ניין־יאָריקן זונדעלע עליק. זיי זענען געווען פּליטים פון נאָווי־דוואָר און אַלס פאַרמלחמהדיקן מיטגליד פון דער פאַר־וואַלטונג פון קליינהענדלער־פאַרבאַנד, האָט מען אים געגעבן די „וווינונג״ אַלס כלומרשטן „וואַזשני״ און קעסל־הייצער פון דער קיך.

נחום איז געווען אַ זייער קלוגער ייִד, נישט קיין הויכער, מיט זייער אַ

ייִדיש פּנים. ער האָט זיך שנעל אָריענטירט אין דער סיטואַציע, שלאָג־פּערטיק געענטפערט אויף פראַגן, וואָס מען האָט אים גע־שטעלט און אפשר אַדאַנק דעם ניצול געוואָרן פון טויט. אין קיך האָבן זיי זיך געהייסן עפענען דעם איינגעמויערטן קעסל, כדי צו זען צי איז דאָרט נישט באַהאַלטן לינדער. אַריינגעגאַנגען אין גרויסן ערב־שבתדיק פריש־אויסגעשייערטן זאַל און געזען די טישן צונויפ־גערוקט ביי די ווענט און די בענקלעך אויסגעשטעלט אין שורות אַנטקעגן פּאָדיום, ווי זיי זענען געווען צוגעגרייט צוליב דער דיס־קוסיע, וואָס האָט געזאָלט דאָ פאָרקומען — האָט איינער פון די דייטשן געטון אַ ריטשע: „איינע פערזאַמלונג?!" נחום האָט אים רויִק געגעבן צו פאַרשטיין, אַז די קאָנסומענטן, וואָס נעמען אַהיים די זופּ אין געשירן, וואַרטן זיצנדיק אויף די זופּן, וואָס ווערן אויס־געטיילט פון דעם פּאָדיום. ווען זיי האָבן אים געפרעגט אויף לינ־דערן, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט אים נישט געזען, אָבער דאָס הויפּט־ביוראָ ווו ער אַרבעט געפינט זיך נישט ווייט פון דאַנען — אויף טלאָמאַצקע. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך געמאַכט תּמעוואַ־טע. אויף טלאָמאַצקע אין די ביוראָען האָט קיינער נישט געוווּנט.

דער פרעגער האָט זיך פון דעסטוועגן באַפרידיקט מיטן ענטפער. געטון אַ זאָג צו נויפעלדן, אַז ער קאָן זיך לייגן שלאָפן, און צוזאָ־מען מיט די אַנדערע אַרויס פון דעם לאָקאַל, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם ייִדישן „סטרוזש", וועלכן זיי האָבן געהייסן גיין פאָרויס צו ווייזן זיי דעם וועג און צוריק פאַרשליסן דעם טויער.

*

אָט די מעשה וועגן דער ביינאַכטיקער רעוויזיע אין קיך, וואָס איז געווען בבחינת נס אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מען האָט אָפּ־געטון ביי נאַכט אין אַנדערע הייזער, איז מיר נויפעלד געקומען דערציילן, ווי נאָר עס איז געוואָרן טאָג און מען האָט געמעגט אַרויסגיין אין גאַס. ער האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף מיט אַ פאַרזיכטיקן קלאַפּ אין אַריינגאַנגס־טיר און פונקט אַזוי „פאַרזיכטיק" און שטיל, איבערחזרנדיק אַלע מאָל „שרעקט אייך נישט", האָט ער מיר איבערגעגעבן אַלע קלענסטע פּרטים, טריפנדיק זיי אין מיר ווי טראָפּנס סם און צוגעבנדיק צו זיי זייטיקע באַמערקונגען וועגן דעם, ווו זיי האָבן יאָ געפונען לינדערן און אַז דאָס זעלבע וואָס מיט לינ־

דערן, האָבן זיי געטון מיט דעם בעקער בליימאַן מיט זיין פרוי; אַז גייענדיק צו מיר האָט ער זיי געזען ליגן געשאָסענע פאַר זייער הויז מיט דער בעקעריי אויף לעשנאָ 56...

דערצו האָט ער צוגעגעבן, אַז נאָך מתים ליגן אין גאַס, אַז אין געטאָ וואַלגערן זיך צענדליקער מתים אין די גאַסן אין קאַלוזשעס פאַרגליווערט בלוט און די ייִדישע פּאָליציי ווייסט נאָך נישט וואָס מען דאַרף מיט זיי טון...

נחום נויפעלד האָט ממשיך געווען זיין באַריכט. ער איז געווען מוראדיק דערשיטערט פון דעם פאַקט, וואָס אים און זיין משפחה איז „גאָרנישט געשען". איך בין געווען דער ערשטער מענטש, מיט וועמען ער האָט גערעדט וועגן דעם.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך געכאַפּט, אַז איך הער אים נישט מער. איך האָב אָנגעהויבן צו חלשן...

ער האָט אויפגעוועקט די משפחה פעלדשו. מען האָט מיך געריבן מיט נאַסע האַנטעכער, געפּאָיעט מיט וואַלעריאַנע און דער שוואַרץ־גרינער קאָליר מיטן ביטערן ריח פון יענער חלשות, דאָס טויטע פנים מיט דער לאַנגער, בלייכער נאָז פון נחום נויפעלד, די צעשראָקענע פנימער פון מיינע קוזינען, וואָס האָבן מסתמא אָפּגעשפיגלט אויף די פאַרב מיטן אָנבליק פון מיין אייגענעם פנים, זענען מיר ביז היינט פאַרבליבן אין זכרון.

„מעשה לובלין — עס הייבט זיך אָן" — איז געווען די ערשטע רעאַקציע. איך האָב דעמלט דערזען פאַר די אויגן דעם גרויל פון דעם, וואָס האָט אין זיין פולן פאַרנעם געזאָלט פאָרקומען אין וואַרשע ערשט מיט דריי חדשים שפּעטער.

אַזוי קומט אַ מאָל צו אונדז דאָס פּולע באַוווסטזיין פון אַ מצב, דערלאַנגט אַ שווערן קלאַפּ — מען וואָלט געקאָנט מיינען — אַ טויטקלאַפּ! אין דער אמתן איז דאָס אַ צייכן, אַז די סכנה איז נאָך וויט — דאָס איז בלויז אַזאַ מין וואָרענונג, וואָס דערקלייבט זיך צו אונדז אין אַ צושטאַנד, ווען די סכנה אַליין האָט אין אונדז נאָך נישט באַוויזן צו אַקטיוויזירן די ביאָלאָגישע אָפּווער־רעפלעקסן.

געקומען אַ ביסל צו זיך, בין איך געבליבן ליגן אין בעט דערדריקט און דערשלאָגן, נישט געקאָנט און נישט געוואָלט זיך אויפהייבן.

מיט דריי חדשים שפּעטער, ווען דער קלאַפּ איז געקומען מיט זיין פולער קראַפט, און ווען דער פלאַם האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע געטאָ,

געשטעלט אין אַן אוממיטלבאַרער סכנה אונדז גופא — האָב איך זיך שוין נישט איינגעבראָכן.

*

מיט עטלעכע שעה שפּעטער איז מען מיך געקומען רופן אָפּגעבן לינדערן דעם לעצטן כבוד. אויף דער גאַס האָבן שוין דעמלט געהאָנגען „באַרויקנדע" פּלאַקאַטן פון יודענראַט און אויפן הויף פון לעשנאָ 52, ווו לינדער האָט געוווינט, האָט זיך אויף אַ ספּאָנטאַנעם אופן פאַר־זאַמלט אַ גרויסער עולם יוגנט און מיטאַרבעטער פון די הילפס־אָרגאַ־ניזאַציעס.

אויפן הויף האָב איך דעמלט געטראָפן שטיין אין איין רעדל דריי מענטשן: ד״ר עמנואל רינגעלבלום, איציק גיטערמאַן און שכנא זאַגאַן. איך געדענק ביז היינט דעם רושם, וואָס עס האָט אויף מיר אין יענעם מאָמענט געמאַכט די דאָזיקע באַגעגעניש. זיכער זענען זיי אַלע דריי געווען באַזאָרגט און דערשיטערט נישט ווייניקער פון מיר און פון אַלע אַנדערע אָנוועזנדע. און דאָך האָבן זייערע יוסטע, פעסטע געשטאַלטן אויסגעשטראָמט אַ כוואַליע פון רויִקייט און קראַפט.

איך בין אַריינגעטרעטן אין זייער קרייז און איך האָב זיך אי־נערלעך אויסגעגלייכט. איך האָב דערפילט בפועל ממש, אַז עס איז מעגלעך אויסצוהיטן די ווירדע און רויִקייט אין אָנבליק פון סכּנה און טויט.

פון די פיר, וועלכע האָבן דעמלט געשפּאַנט צוזאַמען דעם קורצן וועג הינטער דעם אָרון פון דערמאָרדעטן מנחם לינדער ביז צו דעם ראַנד פון געטאָ ביים ראָג פון זשעלאַזנע, איז געבליבן לעבן בלויז די שרייבערין פון די שורות.

די אומשטאַנדן פון איציק גיטערמאַנס און עמנואל רינגעל־בלומס טויט זענען אונדז באַקאַנט. זיי האָבן זייער מאָראַלישע ווירדע אויפגעהיט ביז צום לעצטן מאָמענט. זיכער האָט אויך שכנא זאַגאַן אויסגעהאַלטן אָט דעם לעצטן נסיון, ווען ער איז מיט קנאַפּע פיר חדשים שפּעטער אין איינעם מיט זיין משפּחה און מיט אַ טראַנספּאָרט וואַרשע־ווער ייִדן אַוועק אויף זיין לעצטן וועג קיין טרעבלינקע.

*

די צייט איז געגאַנגען פאַרויס... נישט געקוקט אויף דעם באַרויִקנדן

קאָמוניקאַט פון יודענראַט, זענען נאָך דער ערשטער גרעסערער בײַ־נאַכטיקער הריגה געקומען ווייטערע, — ס'רוב קלענערע — הריגות, סײַ אין די נעכט, סײַ אין מיטן העלן טאָג. די ערשטע „פּראָסקריפּציע" איז געוואָרן אויסגעפירט אונטערן פּרעטעקסט פון ליקווידירן די געהיימע פּרעסע, און אויך די ווייטערע עקזעקוציעס האָבן געהאַט יעדעס מאָל עפּעס אַ „פאַרוואָס", וואָס איז אפשר פאַרן ייִדישן צד געווען וויכטיקער ווי פאַרן דייטשן. דערהערט אַ „סיבה", האָט זיך די געטאָ־באַפעלקערונג אַ ביסל „באַרויִקט".

איך האָב באַקומען אַ פאַרטרויליכע ידיעה, אַז אונדזער קיך ווערט אינווויגילירט און אַז דאָס זעלבע איז נוגע בלויז עטלעכע געציילטע קיכן: די קיך אויף אָרלע 6, אין וועלכער עס פלעגן פאָרקומען אויס־שטעלונגען און קאַמעראַל־קאָנצערטן, און נאָך צוויי קיכן — אויף אָרלע 13 און די בונדישע קיך אויף מוראַנאָווסקע מיטן בונדישן טוער מלינעק בראש. הייסט עס, אַז די בײַנאַכטיקע רעוויזיע און דאָס זוכן לינדערן אין אונדזער קיך איז נישט געווען קיין צופאַל...

עטלעכע מאָל האָבן מיר די מיידלעך פון קיך־פּערסאָנאַל אָנגעוויזן אויף אַ טיפּ, וואָס שטייט אין קאָרידאָר בעתן אַרויסגעבן די זופּן אַהיים. ער שטעלט זיך אין דער קאָלייקע, אָבער ער רוקט זיך נישט פאָרויס. ער האַלט עפּעס אײַנגעוויקלט אין אַ פּאַפּיר, ווי דאָס וואָלט געווען אַ מענאַזשקע אָדער אַ סלאָי, אָבער קיין זופּ נעמט ער נישט. איך האָב תיכּף געוווּסט, אַז דאָס איז ער, דער אָנגעשטעלטער מנוול. עס פלעגט מיר ממש שלעכט ווערן, אָבער איך האָב אַלץ געטון, כּדי די זאַך צו באַגאַטעליזירן. מסתמא וואַרט ער אויף עמעצן — האָב איך געזאָגט און נישט געלאָזט צושיקן צו אים אונדזערע וואָזשנים. דער טיפּ האָט עפּעס דערפילט, אַז מען האָט אים באַמערקט, און איז פאַרשוווּנדן אויף אַ פּאָר טעג. דערנאָך האָט ער זיך ווידער באַוויזן, זיך דאָס מאָל אַוועק־געזעצט אין עס־זאַל, געקויפט אַ צעטל — נישט ווייזנדיק קיין „אָרדער" — און געגעסן אַ זופּ. די מיידלעך האָבן זיך אויפגעהערט מיט אים צו אינטערעסירן, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז ער איז דאָ. איך בין ביז הײַנט שטאָלץ דערויף, וואָס איך האָב זיך מיט קיינעם נישט געטיילט מיט אָט דעם וויסן. נישט געוואָלט אַרויסרופן קיין פּאַניק און נישט גע־וואָלט בײַ קיינעם פון די מיטאַרבעטער צורויבן דאָס סײַ ווי זייער בע־בעכדיקע ביסל מנוחה. עפּעס צוויי־דריי מאָל בין איך אַוועק נעכטיקן צו באַקאַנטע אין קלײנעם געטאָ. איך האָב דאָס אָבער באַלד אויפגע־

געבן. איך בין געוועזן צו מיד און צו פויל צו לויפן פאַר דער פּאָליציי־שעה, פאַרנעמען פרעמדע געלעגערס.

אין חודש מיי האָט איינע פון די נאַכט־הריגות שוסק געוועזן אין דער ליקווידאַציע פון די אַגענטן פון „דרייצנטל". דער דאָזיקער סוף פון אַ געזינדל מיוחסדיקע מוסרים האָט זעט אויס געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף אונדזער „שומר", ווייל מער האָט ער זיך אין קיך נישט געוויזן.

און אפשר — ווער ווייסט — איז ער אויך געוועזן צווישן די דערשאָסענע?

*

די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן וואָס אַ מאָל שווערער. די שפּאַנונג וואָס אַ מאָל גרעסער. דער טעראָר — דער „פּאַרטעראַר" — האָט אָנגעהאַלטן ביז צום 22סטן יולי, ביז צום אויסברוך פון דער גרויסער אַקציע.

און דאָך איז די אַקטיוויטעט פון ד"ר רינגעלבלום און פון זיין קרייז נישט געוואָרן איבערגעריסן.

בלויז „פּראָ פאָרמאַ" ווערט פונאַנדערגעלאָזט דאָס חדר. מען לאָזט אַרויס אַ קלאַנג, אַז די טעטיקייט איז געוואָרן אויפגעלייזט. אין אַ קורצער צייט אַרום ווערט די אַרבעט באַנייט, דער קרייז ווערט בלויז פאַרקלענערט, נאָך ענגער פאַרקאָנספּירירט. ווידער קומט צו מיר גוטקאָווסקי. נישט אין קיך אַריין — אַהיים. ווידער קום איך אַרויף צו רינגעלבלומען אויף לעשנאָ און ווידער ווייזט ער מיט דער האַנט אויף דער צונג: מען טאָר נישט שמועסן מיט קיינעם. איך בלייב אין דעם פאַרקלענערטן מיט־אַרבעטער־קרייז. איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט. נאַכט נאָך נאַכט נאָטיר איך די געשעענישן, די שטימונגען פון די דראַמאַטיש אָנגעלאָדענע, מיט שרעקלעכע פאָרפאַלן און נאָך מער שרעקלעכע ידיעות, אָנונגען, שמועות אָנגעפילטע טעג. עס זענען די „40 טעג פון געטאָ", ווי מען רופט זיי אויף דער אַרישער זייט דעם ערב גירוש, ערב אונטערגאַנג.

אין די פאַרנאַכטן, פאַר דער פּאָליציי־שעה — אין הייסע, דושנע זומערדיקע פאַרנאַכטן — אַהיימגייענדיק פון לעשנאָ 40 אויף לעשנאָ 66, זע איך אַ מאָל אַדורכלויפן אין דער ענגשאַפט פון דער מיט בעטלער און גאַסן־הענדלער פאַרשטאָפּטער הויפּט־אַרטעריע פון געטאָ, דעם ד"ר רינגעלבלום. אַ מאָל גייט ער איילִיק אין געזעלשאַפט פון זיין

נאָענטן חבר און פריינד ד״ר אַדאָלף בערמאַן, וועלכער וווינט אויף אַג־ראַדאָווע גאַס נאָענט צו דער זשעלאַזנע — אין שכנות פון דער ייִדישער פּאָליציי־קאָמענדע. אפשר גייט ער אַהין נעכטיקן — טראַכט איך — אין אויסרעכענונג, אַז אין שכנות פון דער קאָמענדע וועט מען נישט מאַכן קיין רעוויזיע. ביי איינער אַ געלעגנהייט געלינגט מיר אָפּצושטעלן רינגעלבלומען, פרעגן אים דיסקרעט אויף אַ ידיעה פון דער געהיימער פרעסע; אויף דעם, וואָס וועט זיין — מיט אונדז...

בנוגע די ידיעות פון די פראָנטן איז ער שטענדיק אָפּטימיסטיש, נישט געקוקט דערויף, וואָס די דייטשע נצחונות שטייען נאָך אין פולן גלאַנץ און פון זיינע אייגענע האָפענונגען אויף דעם מיליאָן דייטשן, וואָס האָבן פאַר היטלערס קומען צו דער מאַכט אָפּגעגעבן זייערע שטימען אויף דער קאָמוניסטישער וואַל־ליסטע און וואָס אויף זייער „לאָזן הערן פון זיך״ האָבן די ייִדן אַזוי שטאַרק אַרויסגעקוקט, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און ראַטנפאַרבאַנד — האָט זיך שוין לאַנג געהאַט אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

דאַקעגן וועגן אונדזער גורל וויל ער מיך נישט נאַרן. ער איז נישט פון די פאַלשע אָפּטימיסטן און ער איז נישט גרייט צו מאַכן קיין אילו־זיעס נישט זיך און נישט יענעם.

*

אַזוי לויפט אַ פאַזע נאָך אַ פאַזע — היינט קענען מיר שוין דעם פי־נאַל. מיר האָבן זיך שוין באַקענט מיטן לעצטן קאַפּיטל פונעם וואַרשע־ווער ייִדנטום און מיר ווייסן שוין די אונטערשטע שורה פון רינגעל־בלומס גורל. די שפּאַנונג און נייגער טרייבן אונדז נישט פאָרויס און מיר קאָנען זיך שוין אָפּשטעלן אויף דער זייט און אויף דעם פּרק פונעם גרויסן ראָמאַן — אויף וועלכן מיר ווילן.

וועל איך דאָ דערמאָנען צוויי ווייטערע באַגעגענישן מיינע מיטן ד״ר רינגעלבלום.

איינע פון דער צייט צווישן ווידערשטאַנד און אויפשטאַנד, די צווייטע, די סאַמע לעצטע, אויף דער אַרישער זייט.

בשעת דעם גירוש האָב איך געהאַט מיט רינגעלבלומען אַ קאָנטאַקט נאָר דורך גוטקאָווסקין, וועלכער האָט צום סוף פון דער ערשטער וואָך גענומען ביי מיר אַ פּאַק מאַטעריאַלן צום באַהאַלטן. דאָס איז געווען אַ ברוליאָן־קאָפּיע פון מיין קאָנקורס־אַרבעט וועגן דער קיך אויף לעשנאָ 40. איך האָב צו איר צוגעגעבן אַ געזעגענונגס־בריוו, אַ מין צוואָה

און פּראָטעסט־געשריי, וואָס איך האָב אָנגעשריבן דעם 5טן טאָג פון דער אַקציע. די דאָזיקע צוואָה איז געשריבן געוואָרן אויף ייִדיש, דאַקעגן זענען די טאָג־רעפּאָרטאַזשן און די לויפנדיקע פאַרצייכענונגען געמאַכט געוואָרן אויף פּויליש. הלמאַי איך האָב זיך נאָך זייענדיק אין געטאָ באַנוצט מיט דער פּוילישער שפּראַך, קאָן איך עווענטועל אויס־טייטשן דערמיט, וואָס איך האָב זיך באַנוצט צו דעם צוועק מיט די פריי געבליבענע בלעטלעך פון אָן איינגעבונדענעם דיקן נאָטיץ־העפט — דעם „צווייטן באַנד" פון מיין „טאָגבוך", וואָס איך האָב געפירט זינט די סאַמע פריִע מיידלשע יאָרן.

איך האָב געגעבן גוטקאָווסקין די לעצטע אויסגעריסענע בלעט־לעך פון יענעם „טאָגבוך", אויף וועלכע עס זענען געווען פאַרצייכנט די געשעענישן פון דער לעצטער וואָך פאַרן גירוש, און ביי דער געלעגנ־הייט האָב איך אים אויך געבעטן מיטנעמען ביידע „בענדער" גופא, וואָס האָבן זיך דאַטירט ערגעץ פון 1917 ביז 1927. איך האָב אים צוגעגעבן נאָך אַ ריי זאַכן פון פאַר דער מלחמה, וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר אין דער היים. אַ גאַנצע נאַכט ביז איך פאַר דעם געזעסן מיט אַ קליין שערע־לע אין האַנט און אַוועקגעשוירן מיין נאָמען פון דער גרויסער זאַמלונג צייטונגס־אויסשניטן פון דער ייִדישער און פּוילישער פּרעסע. איך האָב צונויפגענומען אַ ריי געדרוקטע זאַכן פון פאַר דער מלחמה און אויך אַ בינטל כתב־ידן און קאָפּיעס פון געדרוקטע און נישט געדרוקטע דער־ציילונגען, ווי אויך קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן וועגן די לאַנאָוויצער דאָרפס־ייִדן.

גוטקאָווסקי האָט אָן שום פּראָבלעמען פאַרנומען סיי די זאַכן פון פאַר דער מלחמה סיי די פון דער אָקופּאַציע־צייט. ער איז געקומען צו מיר נאָך די בלאָקאַדעס און אַוועקגעגאַנגען אין אַ שפּעטער נאָכמיטאָג־שעה, ווען מען האָט זיך געקאָנט באַוועגן אויף די גאַסן. ער האָט בשלום אַדורכגעטראָגן די זאַכן וווהין מען האָט באַדאַרפט.

דערמיט זענען נאָך אָבער די פאַרמלחמהדיקע זאַכן נישט געווען דערליידיקט. באַלד נאָכן 18טן אַפּריל און נאָך דער רעוויזיע ביי אונדז אין קיך, ווען איך האָב זיך געפילט באַדראָט דורך די נאַכט־באַזוכן פון געסטאַפּאָ אין געטאָ, האָב איך דעם סאַמע וויכטיקן טייל פון דעם פאַר־מלחמהדיקן ליטעראַרישן אַרכיוו פון איציק מאַנגערס און מיינע שריפטן אַרויסגעטראָגן פון שטוב. איך האָב זיי אַוועקגעגעבן באַהאַלטן צו רות קאַרלינסקאַ, וועלכע האָט נאָך אַלץ געוווינט אויף פשעיאַזד 1 אויפן 4טן

גאָרן פון דער הויף־אָפּיצין. נאָך גוטקאָווסקיס באַזוך ביי מיר, בין איך באַלד אויף צומאָרגנס 5 אַזייגער גאַנץ פרי אַוועק אויף פשעיאַזד 1, אָפּגע־מען די מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָב אויך אָפּגערעדט איבערצוגעבן צום באַהאַלטן אין אַרכיוו.

די מאַטעריאַלן האָבן זיך געפונען אין אַ זייער גרויסן, אין רומעניע געקויפטן שוואַרצן לעדער־טאַש און זיי האָבן אַרומגענומען אַחוץ קאָ־פּיעס און ערשטע ווערסיעס פון פאַרשידענע שפּעטער פאַרעפנטלעכטע לידער און פּאָעמעס פון איציק מאַנגער, אויך זאַכן אָנגעהויבענע און נישט פאַרענדיקטע, צווישן אַנדערן זיין אייגענע אַ דראַמאַטיזירונג פון די מגילה־לידער מיט אַ בילד פון אחשוורוש הויף און אַ ריי נייע, אין די „מגילה־לידער" נישט פאַראַנענע, געשטאַלטן.

פאַראַן געווען (און האָפנטלעך פאַראַן ביז היינט) די מיט מיין כתב־יד פאַרשריבענע באַאַרבעטונג פון דער „כישוף־מאַכערין", אונד־זערביידנס איבערזעצונג פון ביכנערס „וואָצעק", וואָס איז געשפּילט געוואָרן דורכן „יונג־טעאַטער" מיט קורט קאַטש אין דער הויפּט־ראָל און אויך די איבערזעצונג פון ברונאָ פראַנקס דראַמע „צוועלף טויזנט", וועלכע איך האָב צוגעגרייט פאַרן יונג־טעאַטער שוין נאָך מאַנגערס אַרויספאָרן פון פוילן אין יאָר 1938. געווען אונדזער ביידנס אַן „אַנ־טאָלאָגיע" פון שיינע לידער, וואָס מיר פלעגן אַריינשרייבן אין אַ שוית־פותדיקן העפט. געווען פוילישע און אוקראַינישע לידער, וואָס מאַנגער האָט געזאָלט מיט מיין הילף איבערזעצן פאַר אַ צווייטן באַנד פון די „פעלקער זינגען", געווען אַ בינטל זיינע בריוו צו מיר פון די רייזעס קיין רומעניע אין די יאָרן פון אונדזער צוזאַמענלעבן.

דעם טאַש האָב איך בשלום געבראַכט אויף לעשנאָ 66. גוט־קאָווסקי האָט שוין אָבער צו מיר בשעת דער אַקציע מער נישט גע־קאָנט קומען.

מיין באַגעגעניש מיט רות קאַרלינסקאַ און העלאַ הערמאַן בשעת דעם אָפּנעמען די מאַטעריאַלן איז געווען די לעצטע. רות אין איינעם מיט איר זון אורי, ווי אויך העלאַ, זענען געוואָרן צוגענומען אין איינער פון די בלאָקאַדעס. העלאַס מוטער, די שוועסטער פון פראָפעסאָר שאָר, איז געוואָרן דערשאָסן אויפן אָרט אַלס נישט טראַנספּאָרט־פעיִק.

דעם שוואַרצן רומענישן טאַש האָב איך דערווייל באַהאַלטן אין דעם קעלערל אויף קאָקס, ווו איך מיט נאָך 10 בני־בית האָבן זיך אין אַ

קורצער צייט אַרום באַהאַלטן און געראַטעוועט בשעת דער גרויסער סעלעקציע צווישן 6—13 סעפּטעמבער.

נאָך דער אַקציע האָב איך דעם תּיק מיט דער הילף פון אַ מיט־לאָקאַטאָר אין אַ פּאָליציייִש היטל מיטן נאָמען בער וואַרם אָפּטראַנס־פּאָרטירט אויף גענשע גאַס אין דעם „שאָפּ" „אָסט־דויטשע־באַוטישלעריי", פון אַרכיוו־פריינד אלכסנדר לאַנדוי, צו וועלכן עס זענען אין דער תּקופה פון דער ערשטער און דער צווייטער אַקציע געווען „צוגעשריבן" אליהו גוטקאָווסקי און הערש וואַסער.

אין פיר יאָר אַרום, נאָכן אויסגראָבן די ערשטע גניזה פון רינגעל־בלום־אַרכיוו דעם 18טן סעפּטעמבער 1946, האָב איך אין דעם באַזונדערן קעסטל מיט מיינע מאַטעריאַלן אָפּגעפונען אויך די אַלע זאַכן, וואָס איך האָב אַוועקגעגעבן צו באַהאַלטן בשעת און נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע אַקציע. איך האָב זיי דאָ אַזוי גענוי אויסגערעכנט, ווייל זיי ליגן ביזן היינ־טיקן טאָג אַלס דעפּאָזיט אין אַרכיוו פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. ווי איך האָב שוין אַ פּאָר מאָל געזאָגט — האָב איך צום ראַטע־ווען מאַנוסקריפּטן געהאַט מער מזל ווי צום ראַטעווען מענטשן.

די מאַטעריאַלן פון שוואַרצן תּיק זענען געבליבן אין וואַרשע, ווייל נישט איך נישט מאַנגער האָבן זיי אין אַ געוויסער תּקופה נאָך דער מלחמה — צוליב געוויסע סיבות — נישט רעווינדיצירט.

ווען איך האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק, אין לעצטן יאָר פאַר מאַנ־גערס טויט, איין מיין נאָמען און אין נאָמען פון אַ ליטעראַרישן קאָמי־טעט געפּרוווט אַרויסבאַקומען די מאַטעריאַלן קיין ישראל, ווייניקסטנס אין דער פאָרעם פון מיקראָפילמען, אָדער פאָטאָסטאַטן, האָבן די דעמלטיקע פירער פון היסטאָרישן אינסטיטוט נישט געהאַט די מעג־לעכקייט אָדער דעם מוט זיי אַרויסצוגעבן.

*

נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע אַקציע איז יעדער פון אונדז מגולגל גע־וואָרן אויף אַן אַנדער געביט. רינגעלבלום מיט ליכטענשטיינען האָבן גע־אַרבעט און געוווינט אויף דער נאָוואָליפּקי־גאַס, וואָס איז געווען באַזעצט דורך דער טישלער־פירמע האַלמאַן און אויפגעהיט דעם צוגאַנג צום הויז נומער 68, ווו עס זענען בשעת דער אַקציע דעם 3טן אויגוסט 1942 באַ־גראָבן געוואָרן אַ טייל פון די אָנגעקליבענע מאַטעריאַלן. שפּעטער האָבן זיי דאָרט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו האַלטן מאַטעריאַלן, וואָס זענען ווייי־

טער איינגעפּלאָסן פֿון פֿאַרשידענע קוועלן. רינגעלבלום פּלעגט אויך פֿון דאָרטן אָנהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיטן באַנייטן צענטער פֿון דער ייִדישער אינערלעכער פֿאַרוואַלטונג, און פּלעגט איין מאָל, צוויי מאָל אין דער וואָך אונטערן עסקאָרט פֿון אַ דייטשן סאָלדאַט — און אונטערן פּרעטעקסט פֿון אָפּנעמען פֿאַרזאָרגונגס־פּראָדוקטן — קומען אין אַפּראָוויזאַציע־מלכות פֿון שמואל ווינטער, מיט וועמענס הילף ער האָט אָנגעהאַלטן אַ פֿאַרבינדונג מיט פּערלען, קירמאַנען און רחל אויערבאַך, וואָס זענען געווען באַשעפֿטיקט אויף פּראַנצישקאַנסקע 30.

וואַסער מיט גוטקאָווסקין, וואָס האָבן געאַרבעט אין אויבן דערמאָנטן טישלער־שאָפּ אויף גענשע האָבן געהאַט זייער „ווינד־בלאָק“ אויף מילע־גאַס און אַזוי אַרום אויך געהאַט אַ פּוס אין דעם צענטראַלן געטאָ. סיי די שאָפּן, סיי דאָס נייע געטאָ האָבן עקסיסטירט אויף די יסודות פֿון אַרבעטס־לאַגערן אונטער דער השגחה פֿון דער ס״ס אין די אַרבעטס־שעהען האָט מען זיך נישט געטאָרט ווייזן אין גאַס. פֿון איין געביט אין צווייטן האָט מען נישט געטאָרט אַריבערגיין אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. כמעט יעדן טאָג זענען געווען געשאָסענע און פֿאַרוווּנדעטע פֿאַר עובר זיין אויף אָט די פֿאַרבאָטן, אָבער די ברויזנדיקע אַקטיוויטעט פֿון די דערווייל אָפֿיציעל ביים לעבן געלאָזענע 35,000 ייִדן מיט נאָך איין מאָל אַזוי פֿיל נישט אָפֿיציעלע „ווילדע“ איינוווינער פֿון די אויסגעליידיקטע הייזער, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט.

מען האָט געזוכט — און טיילווייז געפֿונען — נייע וועגן צו ראַטעווען דאָס לעבן און גרייטן די פֿאַרטיידיקונג. רינגעלבלומס דאָקומענטאַציע־ווערק האָט זיך איצט נישט אויסגעשעפּט אין זאַמלען היסטאָרישע מאַטעריאַלן. עס איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ צוזאַמענאַרבעט מיט דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און עס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ סטענאָטיפּישער ביולעטין, אין וועלכן עס באַווייזן זיך ידיעות און אָפּרופֿן וואָס מערקן אָפּ יעדן רעפֿלעקס, יעדן פֿאַקט פֿון דער אָנוואַקסנדיקער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג.

*

אין פּעריאָד צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע האָב איך רינגעלבלומען נישט געזען, בלויז געהאַט וועגן אים פֿון צייט צו צייט אַ ידיעה דורך ווינטערן. ערשט נאָך דער צווייטער אַקציע, ווען איך בין קורץ פֿאַר מיין אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט געקומען אויף פּראַנ־

צישקאַנסקע, זיך געזעגענען מיט ווינטערן, האָב איך אין ווינטערס וואַרט־צימער אומגעריכט געטראָפן דעם ד״ר רינגעלבלום. ער דערציילט מיר וועגן דעם, אַז די זאַמלונגען ווערן באַוואָרנט פאַר דער צוקונפט. „זיי וועלן זיין געשיצט פאַר פייער און פאַר וואַסער", זאָגט ער מיר, ווי ער האָט מיר שוין דאָס אַ פּאָר מאָל פריִער געזאָגט. ווו די זאַמלונגען ווערן באַהאַלטן — זאָגט ער מיר נישט און איך פרעג אים נישט. איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דעם ערשט אַ סך שפּעטער, שוין נאָכן אויפשטאַנד און נאָכן פאַרברענען די הייזער אויף די ביז צולעצט יִדיש געבליבענע געביטן. ער זאָגט מיר אָבער, אַז דאָס באַהעלטעניש איז גרייט יעדע רגע פאַרמאַכט און פאַרמאַסקירט צו ווערן אויף ביז נאָך דער באַפרייונג און אַז וועגן דעם אָרט איז שוין אַוועק אויף דער אַרישער זייט אַ „לעגענדע".

דאָס וואָרט „לעגענדע" איז אַ פאַך־אויסדרוק פון דער היסטאָרישער טערמינאָלאָגיע און עס באַדייט אַ באַשרייבונג פון אַ היסטאָרישן דאָקומענט, ווי אויך אַ באַצייכענונג פון דער צייט און אָרט, ווו ער ווערט אַוועקגעלייגט. ווען איך האָב אָבער אין יענעם געזעגענונגס־מאָמענט דערהערט דאָס וואָרט פון רינגעלבלומס מויל, האָב איך עס אויפגענומען לויט זיין געוויינלעכן, פּאָפּולערן טייטש: לעגענדע...

איך האָב זיך דערפילט אויף אַ רגע איבערגעשטעלט אין ערגעץ אַ שפּעטערער, שפּעטער צייט, ווען דאָס אַלץ געשעענע און געטועגע פון אונדזערע טעג וועט ווערן פאַר אַ דור לעבנגעבליבענע ייִדן — אַ לעגענדע.

דאָס איז געווען אין אָנהייב פון חודש מערץ 1943. איך האָב מיר דעמלט נישט פאָרגעשטעלט, אַז גראָד רינגעלבלום, וואָס האָט געהאַט בעסערע שאַנסן פון אַנדערע צו בלייבן לעבן — זאָל אַזוי גיך אַליין ווערן אַ לעגענדאַרע געשטאַלט פון אונדזער גרויסער און שרעקלעכער חורבן־לעגענדע.

# 19. צוואות

„... איך ווייס, אַז מיר וועלן נישט אויסהאַלטן... בלייבן לעבן פון אַזעלכע שוידערלעכע מערדערייען איז אוממעגלעך... מיט ברען און באַגייסטערונג האָב איך זיך געוואָרפן צו דער אַרבעט ביים זאַמלען אַרכיוו־מאַטעריאַלן. מיר האָט מען איבערגעגעבן, איך זאָל זיין דער שומר הסף. איך האָב דעם מאַטעריאַל באַהאַלטן... באַהאַלטן גוט! הלוואַי ער זאָל דערהאַלטן ווערן. זאָלן מיר זיין די אָפּלייזער פאַר אַלע אַנדערע ייִדן פון דער וועלט. איך גלייב אין קיום האומה... דאָס ייִדישע פאָלק וועט מען נישט אויסראָטן...".

פּסוקים פון יענע טעג. אַזוי האָט ישׂראל ליכטענשטיין, דער אַרכיוואַר פון געהיימען געטאָ־אַרכיוו געשריבן אין זיין צוואה, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע שריפטן באַגראָבן דעם 3טן אויגוסט 1942, דעם דרייצנטן טאָג פון דער ערשטער, גרויסער גירוש־אַקציע אין געטאָ וואַרשע.

העפטלעך מיט געזעגענונגס־בריוו און צוואות האָבן בייגעלייגט צו די מאַטעריאַלן אויך זיינע צוויי יונגיטשקע צוהעלפער, די געוועזענע שילער פון דער באָראָכאָוו־שול אויף נאָוואָליפּקי 68, אין וועלכער ליכטענשטיין האָט געאַרבעט פאַר דער מלחמה אַלס לערער. די אידענטישקייט פון דעם אַדרעס איז, פאַרשטייט זיך, נישט קיין צופעליקע. אויך אָט דער היסטאָרישער אַדרעס איז געווען בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע אַן אַדרעס פון אַ קיך — איינע אַ קיך פון דער נעץ קינדער־קיכן פון צענטאָס, און די צוויי געוועזענע שילער האָבן געהערט צום קיכן־פּערסאָנאַל.

„... מיר האָבן באַשלאָסן צו באַשרייבן די איצטיקע צייט. נעכטן זענען מיר געזעסן ביז שפּעט ביינאַכט, ווייל מיר האָבן נישט געוווסט, צי מיר וועלן דערלעבן דעם היינט. איצט האַלט איך אין מיטן שרייבן און אין גאַס איז אַ שרעקלעכע שיסעריי. איינס בין איך שטאָלץ — וואָס אין די שווערסטע גורל־טעג בין איך געווען איינער פון די, וועלכע האָבן באַגראָבן דעם אוצר... באַהאַלטן די דאָזיקע מאַטעריאַלן, כדי איר זאָלט וויסן וועגן דער פּיין און מאָרד פון דער היטלערישער טיראַניע..."

אַזוי האָט געשריבן דער 18־יאָריקער נחום גזשיוואַטש, און דער 19־יאָריקער דוד גראַבער האָט מיט דער רייפקייט פון אַ מענטש, וואָס שטייט ביים ראַנד פון זיין קבר, געשריבן אַזוי:

„מיר מוזן זיך איילן, ווייל מיר זענען נישט זיכער מיט דער שעה. נעכטן האָבן מיר געאַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט... איך וויל, אַז די קינפ־טיקע דורות זאָלן דערמאָנען אונדזערע צייטן, אונדזערע ליידן און פּיין. מען זאָל געדענקען, אַז אין אַזאַ צייט פון אונטערגאַנג האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט דעם מוט צו טון אַזעלכע אַרבעטן... מיט וואָס פאַראַ ברען האָבן מיר געגראָבן גריבער אויף די פּודלעס... מיט וואָס פאַר אַ ברען האָבן מיר אויפגענומען יעדן נייעם מאַטעריאַל. מיר האָבן געפילט אונדזער אַחריות. מיר האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר דער ריזיקע. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז מיר שאַפן פאַר דער געשיכטע און אַז דאָס איז וויכטיקער, ווי איינצלנע לעבנס... ווו מיר באַ־גראָבן דעם אוצר? — מיר וועלן זיך לאָזן אברים שניידן און נישט אויס־געבן דעם סוד... איך וואָלט וועלן דערלעבן דעם מאָמענט, ווען מען וועט קאָנען אויסגראָבן דעם אוצר און צעשרייען דעם אמת... מיר וועלן עס אָבער זיכער נישט דערלעבן..."

און צום סוף גיט ער צו, דער 19־יאָריקער: „מיר קאָנען איצט רויִק שטאַרבן. מיר האָבן אונדזער שליחות געטון".

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָב אויך איך מיט בערך אַ וואָך פריִער אין דער נאַכט פון 26סטן אויפן 27סטן יולי 1942, נאָכן צוגרייטן צום אַוועקגעבן אין אַרכיוו אַ פּאַק פון מיינע און איציק מאַנגערס כּתבים און צייטונגס־אויסשניטן, צוגעלייגט צו זיי אַ מין צוואה, וואָס איר אָריגינאַל געפינט זיך ביז היינט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. און דווקא מיר, אין איינעם מיט הערש וואַסערן איז באַשערט געווען — נאָך העכער אַ יאָר פון שווערע ראַנגלענישן פאַרן אויסגראָבן דעם אַרכיוו — צו דערלעבן דאָס אָפּזוכן און אַרויסציִען פון אונטער די חורבות פון נאָ־וואָליפּקי 68 די 10 בלעכענע „פּודלעס"; ווידער צו האַלטן אין האַנט אייגענע און נישט אייגענע שריפטן פון יענער אימהדיקער צייט. וויל איך דאָ ווייטער ציטירן נאָך איין צוואה, וואָס איז געוואָרן אָפּגעפונען אין דער גניזה פון סעפּטעמבער 1946 — דעם געזעגענונגס־בריוו פון ישׂראל ליכטענשטיינס פרוי, דער מאָלערין געלע סעקשטיין.

*

איך האָב זיי ביידע געקענט פון פאַר דער מלחמה. אים פלעג איך זען פון צייט צו צייט, ווען איך האָב אין דער ערשטער צייט נאָך מיין באַ־זעצן זיך אין וואַרשע געוווינט ביי אידוסיע (יהודית) מייזל־בלומענטאַל

אויף ציעפּלאַ 19 — אַ שטוב, אין וועלכער עס פלעגן אַריינקומען לערערס און לערערינס פון די יידישע פאָלקסשולן. מיט געלען האָב איך זיך באַקענט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער אין ליטעראַטן־פאַראיין, ווו זי פלעגט טייל מאָל פאַרברענגען אין אַ קרייז, צו וועלכן עס האָט געהערט, צווישן אַנדערע, דער העברעיִשער דיכטער בער פּאַמעראַנץ. אויך איך פלעג מיך אַ מאָל, אין אַ פרייער מינוט צוזעצן צו זייער טישל. מען פלעגט אַ ביסל פּאָליטיקירן, פלוישן, „כאַפּן אַ לאַך". מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז שוין געווען נישט אויף טלאָמאַצקע, נאָר אויף גראַניטשנע, און דאָס געדענק איך בפירוש, ווי ביי אָט דעם טישל האָט זיך פאַרקניפּט דער „ראָמאַן" פון פּאַמעראַנצן מיט אַ סאָליסטין פון שניאורס כאָר, וואָס איז דערנאָך געוואָרן זיין פרוי און די מוזע פון זיינע לעצטע לידער, אין וועלכע עס רעדט זיך שוין וועגן אַ זונדעלע. די לידער האָב איך געלייענט שוין דאָ אין ישׂראל. וועגן זיין לעבן און ביז גאָר טראַגישן סוף האָב איך געלייענט אין יזכּור־בוך פון יאַנוּוו (ביי פּינסק).

אַלס קינסטלערישער דאָקומענט פון געלעס פריינדשאַפט מיטן טאַלענטירטען העברעיִשן פּאָעט איז פאַרבליבן דער זייער גוטער פּאָרטרעט פון בער פּאַמעראַנץ, וואָס האָט זיך אָפּגעפונען אין איינער פון די צען בלעכענע „פּודלעס" פון דער ערשטער גניזה פון רינגעלבלום־אַרכיוו — אין דערזעלבער „פּודלע", אין וועלכער עס זענען געווען באַהאַלטן די צוואות.

*

און איצט דער סאַמע לעצטער, סאַמע רירנדער דאָקומענט פון געלע סעקשטיין גופא.

„ווען איך שטיי אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט..." אַזוי הייבט זיך אָן דער לעצטער גרוס פון דער דעמלט העכסטנס 30־יאָריקער פרוי מיטן „רוסישן", ברייטן פּנים, עטוואָס שיפע אויגן און עטוואָס ברייטע, בולטע ליפּן — אָט אַזאַ, ווי מיר זעען זי אויף איר אויטאָ־פּאָרטרעט; אַ שמייכלענדיק פּנים, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ סך ווייבלעכן חן און צוציִונגס־קראַפט. האָט זיך טאַקע איינער אַ מענטש, אַ גאַסט פון אויסלאַנד, אין איר אין יענעם יאָר 1938 „פון ערשטן אָנבליק" שרעקלעך פאַרליבט; גרייט געווען צו די גרעסטע קרבנות, זי אַרויסצונעמען מיט זיך פון פּוילן ערב דער וועלט־שׂרפה. נישט מער, געלע איז בייגעשטאַנען דעם נסיון און דער מענטש האָט זיך געמוזט באַפרידיקן מיט אַ חברישער פריינדשאַפט, אין וועלכער עס איז אויך געוואָרן אַריינגעצויגן איר מאַן.

„ווען איך בין מער זיכער, אַז איך וועל נישט לעבן, ווי יאָ — איז זי ממשיך איר בריוו — וויל איך זיך געזעגענען מיט מיינע פריינד און מיט מיינע אַרבעטן. צען יאָר האָב איך געאַרבעט, געקליבן, צעריסן און ווידער געאַרבעט, געגרייט זיך אויסצושטעלן מיינע בילדער, געוואָלט אויסשטעלן אַ סעריע אונטערן טיטל „פּאָרטרעט פון ייִדישן קינד". איצט ראַטעווע איך פון מיינע אַרבעטן לויט די מעגלעכקייטן, וויפל עס קאָן אַריין און אויף וויפל עס איז צוגעפּאַסט דאָס אָרט. איך לאָז דערביי איבער אויף הפקר און אויף גאָטס באַראָט, צענדליקער אייל־אַרבעטן, פּאָרטרעטן פון ייִדישע שרייבער, סקיצן און אַנדערע זאַכן, וואָס קאָנען נישט אַריין אין קעסטל".

„איך בעט נישט קיין שבחים, איך וויל נאָר אַ זכר פאַר מיין נאָמען און פאַר מיין טעכטערל, דאָס פעיִקע מיידעלע מרגלית... זי ווייזט אַרויס צו 20 חדשים מאָלערישע פעיִקייטן. אַ ייִדיש מיידעלע, רעדט אַ שיינעם ייִדיש און איז גייסטיק און פיזיש שיין אַנטוויקלט".

אויך ישראל ליכטענשטיין רעדט אין זיין בייגעלייגטן געזעגענונגס־בריוו וועגן דער נאָך נישט צוויי־יאָריקער מרגלית, ווי וועגן אַ גרויס מיידעלע. נישט געווען קיין שום האָפענונג, קיין שום פּערספּעקטיוו פאַר אַ וווּקס, פאַר אַנטוויקלונג — רעדן זיך איין די אומגליקלעכע על־טערן, אַז דאָס קינד איז שוין אַ גאַנצער מענטש, קאָן שוין אַרויסווייזן פעיִקייטן, געבן אַן אַדערויף אויף אַ צוקונפט, וואָס וועט קיין מאָל נישט מקוים ווערן.

„מיינע אַרבעטן — גייט געלע איבער צו די קינדער פון איר פענדזל און בלייפעדער — שענק איך דעם ייִדישן מוזיי, וועלכער וועט געשאַפן ווערן אין דער צוקונפט, כּדי צו רעסטאַווירירן דאָס ייִדישע קונסט־לעבן פון פאַר דער מלחמה ביזן יאָר 1939, ביז דער גרויליקער טראַגעדיע פון ייִדישן ייִשוב אין פּוילן".

און נאָך גיט זי צו פּערזענלעכע גרוסן צו קרובים און נאָענטע, וואָס געפינען זיך אין ווייטע לענדער מחוץ דעם תחום פון די דייטשע מאַסן־מאָרדן. זי דערמאָנט נישט קיינעם פון אירע אייגענע, אָדער איר מאַנס קרובים, וואָס האָבן נאָך אפשר געלעבט אין יענער צייט אויפן שטח פון אָקופּירטן פּוילן, זעט אויס, אַז זי גלייבט נישט, עמעצער פון זיי זאָל קאָנען איבערלעבן די מלחמה. זי גריסט דעם מאַנס אַ שוועסטער און שוואָגער אין אַרגענטינע, ווי אויך זיין ברודער מיט דער פרוי אין ארץ ישׂראל. זי בעט איבערגעבן אירע גרוסן דעם ייִדישן כּלל־טוער ב. צ.

האַריטאָן, ווי אויך דעם ערשטן אַנטדעקער פון איר טאַלענט י. י. זינגער אין ניו־יאָרק, שיקט איבער איר חברישן סאַלוט די יידישע מאָלער און שרייבער פון וואַרשע, וועלכע זענען אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד...

„איצטער בין איך רויק — פאַרענדיקט זי — איך מוז אומקומען, אָבער מיינס האָב איך געטון. איך פרווו באַהאַלטן אַ זכר פון מיינע אַר־בעטן. זייט געזונט מיינע חברים און פריינד! זייט געזונט יידיש פאָלק! דערלאָז נישט מער צו אַזאַ חורבן!"

*

געלעס צוואָה טראָגט די דאַטע פון 1טן אויגוסט 1942. און נאָך איז אַט דאָס יאָר פון די סאַמע גרעסטע צאָלן אומגעבראַכטע יידן פון פוילן און פון אַנדערע אָקופירטע לענדער פון אייראָפּע, נישט געווען דאָס סאַמע לעצטע אין איר לעבן און אין לעבן פון די אַנדערע אַנשי „עונג שבת" אויפן געביט פון נאָוואָליפּקי. נאָך איז זיי באַשערט געווען צו דערלעבן די פריידיק דערשיטערנדע בשורות וועגן די ערשטע גרויסע, דייטשע מפּלות — די מפּלה הינטער על אַלאַמיין, וואָס האָט אין נאָוועמבער 1942 אַראָפּגענומען פון דעם יידישן יישוב אין ארץ ישראל די סכנה פון אַ היטלערישער אינוואַזיע, און אין פעברואַר 1943 דאָס צעקלאַפּן די קרוב האַלב־מיליאָניקע היטלעריש־פאַשיסטישע אַרמייען אין קעסל פון סטאַ־לינגראַד; זיך דערוואַרט אויף דער דערהייבונג פון דעם ערשטן באַ־וואָפנטן יידישן ווידערשטאַנד בעת דער צווייטער גירוש־אַקציע אין חודש יאַנואַר 1943, און מיט דריי חדשים שפּעטער דעם אויסברוך פון דעם געטאָ־אויפשטאַנד. ניין חדשים בסך הכל האָט געדויערט די פּראָלאָנגאַטע פון דעם גזר־דין, מיט וועלכן זיי האָבן זיך שוין כּאילו געהאַט אָפּגע־פּאַרטיקט אין אָנהייב אויגוסט 1942. נאָך האָבן זיי געהאַט דעם זכות אויפצוקלייבן, איינצופּאַקן און באַהאַלטן די צווייטע גניזה פון דעם גע־היימען אַרכיוו — דאָס מאָל אין צוויי הערמעטיש פאַרמאַכטע מילך־קאַנען.

אין די געפערלעכסטע, לעצטע טעג פון דער גרויסער אַקציע, בשעת דער אַלגעמיינער סעלעקציע אין אָפּגעשפּערטן פירעק פון די גאַסן גענ־שע, סמאָטשע, ניסקע, זאַמענהאָף, פון וועלכן מען האָט אין משך פון איין וואָך אַרויסגעשלעפּט און אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע העכער הונדערט טויזנט יידן — האָט דאָס הויז אויף נאָוואָליפּקי 68 באַוויזן זיין כּוח צו באַשיצן און באַהיטן נישט נאָר פּאַפּירן, נאָר אויך מענטשן. אין אַ פּאַר־מאַסקירטער קלאַס פון דער געוועזענער באַראָכאָוו־שול האָבן — אַחוץ

די ליכטענשטיינס און אַנדערע אָנגעשטעלטע פון דער קינדער־קיך — געפונען אַ מקום מיקלט נאָך אַ ריי חברים פון דעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוו, אין איינעם מיט עמנואל רינגעלבלום און הערש וואַסער מיט זייערע פרויען, ווי אויך מיט דעם געוועזענעם הויפט־דירעקטאָר פון קרן קיימת אין פוילן אליעזר ליפע בלאָך.

בשעת דער פויזע צווישן דער ערשטער און צווייטער, ווי אויך צווישן דער צווייטער און דריטער אַקציע, האָט זיך אויפן שטח פון דער דייטשער פירמע האַלמאַן — פון ביידע זייטן נאָוואָליפקי־גאַס, אין די פופציקער און זעכציקער נומערן פון די הייזער, וואָס האָבן איצט גע־דינט אָפיציעל אַלס די וווין־בלאָקן און האָלץ־וואַרשטאַטן — אָפּגעוויקלט אַ נייע, ביז גאָר וויכטיקע פאַזע פון דער געהיימער עונג־שבת־טעטיקייט.

אין דער צווייטער גניזה פון דעם אַרכיוו האָבן זיך אָפּגעזוכט די אויפ־רופן און פלאַקאַטלעך, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט באַוויזן אויף די מויערן, אָדער ווענט פון איינגעשרומפּענעם געטאָ און פון די שאָפּן, וואָרע־נענדיק די רעשטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, זיך נישט צו לאָזן עוואַקויִרן מיט די שאָפּן אויף דער פּראָווינץ און זיך נישט לאָזן כאַפּן אויף דער ווענטקע פון קיין שום דייטשע הבטחות. די מאַטעריאַלן גיבן אַ געטרייע אָפּשפּיגלונג פון די צוגרייטונגען צו דער פאַרטיידיקונג פאַרן אומפאַרמיידלעכן, דעפיניטיוון אָנפאַל אויף די לעצטע רעשטן ייִדן אין וואַרשע. עס איז געווען די צייט פון אינטענסיוון בויען בונקערס, קויפן און אַריינשמוגלען אין געטאָ געווער, אַליין פאַבריצירן גראַנאַטן און אויפ־רייס־פלעשער. איז אויך דער געהיימער אַרכיוו געווען אַן אייגענער, אַ שטאַרקער אָרעם פון אָט דער באַוועגונג.

*

צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן דעם טעם און דעם קאָליר פון צוגעגע־בענע, געשענקטע טעג ביי יונגע, צום טויט פאַרמשפּטע מענטשן? נאָך און נאָך געציילטע שעהען און טעג פון ליבשאַפט און טרויעריקן גליק. אַזאַ האָט געמוזט זיין דאָס צוגעגעבענע מוטער־גליק פון געלע סעקשטיין, ווען זי האָט געזען איר קינד זיך שפּילן, וואַקסן, ווערן וואָס אַ טאָג אַלץ קליגער, שענער. צי איז דאָס געווען מעגלעך עס זאָל זיך נישט האָבן אַריינגעגנבעט אין איר האַרצן דער געדאַנק: ווי אַזוי נעמט מען אַרויס דאָס קינד, ווי שיקט מען זי אַרויס פון „דאַנען"?

די טעג זענען געגאַנגען, טאָג נאָך טאָג, חודש נאָך חודש. די פראָ־

לאַנגאַטע האָט זיך געהאַלטן אין אויסשעפּן און די וועלט־געשיכטע, וואָס האָט זיך שוין געהאַט געטון אַ ריר, איז ווידער אַ מאָל געוואָרן ווי פאַר־גליווערט.

האָט שוין אפשר אויך אין דמיון פון ישׂראל און געלע ליכטענשטיין אָנגעהויבן שאַריִען אַ געדאַנק, אַז אויך זיי, פאַרשפּאַרטע אין די ד׳ אמות פון אַ שליחות זענען שוין דאָ נישט נייטיק, מעגן שוין אפשר אויך זוכן אַ וועג, ווי אַזוי זיך אַרויסראַטעווען מיט זייער קליינער מרגלית. געוויסע מענטשן פון דעם „עונג־שבת״־קאָלעקטיוו זענען דאָך שוין אַרויס אַהין, וווּ די שאַנסן צו דערלעבן די גאולה זענען אָן שום ספק גרעסער...

*

אַ נייער פרילינג איז געגאַנגען, אַ נייער פסח... עמנואל רינגעלבלום, וואָס האָט זיך שוין אַ שטיקל צייט, צוזאַמען מיט זיין פרוי און זון גע־פונען אויף דער אַרישער זייט, האָט באַשלאָסן אַריינצוגיין צום סדר אין געטאָ. דאָס זעלבע האָט אויך געטון הערש וואַסער. מסתּמא האָט ישׂראל ליכטענשטיין באַקומען אַ ידיעה פון זיי, וואָרעם זונטיק, אַ טאָג פאַר ערב־פּסח, איז ער אין איינעם מיטן לערער נתן סמאָלאַר אַריבערגעגאַנגען פון זיין שטח אויף די גאַלעווקעס, וווּ רינגעלבלום האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי עמעצן אַלס גאַסט אין ברויערס שאָפּ.

זיי האָבן גערעדט ביז שפּעט ביי נאַכט און רינגעלבלום דערציילט וועגן דעם אין צווייטן באַנד פון זיינע שריפטן. יענער זונטיק איז געווען דער לעצטער טאָג פאַרן אויסברוך פון דער דריטער און לעצטער אַקציע — פאַרן אויסברוך פון געטאָ־אויפשטאַנד.[40] רינגעלבלום דערציילט, אַז בעת אָט דער לעצטער באַגעגעניש האָט מען גערעדט וועגן דעם, ווי אַזוי אַרויסצוהעלפן סמאָלאַרן פון דער ספּעציעל שווערער סיטואַציע, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, נישט זייענדיק אפשר נאָך די ערשטע צוויי אַקציעס אין ערגעץ „צוגעשריבן״. איך פרווו מיך משער זיין, אַז רינ־געלבלומס באַזוך האָט אפשר באַצוועקט צו שאַפן פאַר נאָך געוויסע מענטשן מעגלעכקייטן אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט. איך טראַכט, אַז אפשר האָט מען אויך גערעדט דעמלט וועגן אַרויסנעמען די משפּחה ליכטענשטיין אויף דער אַרישער זייט.

אַלץ איז שוין אָבער אין יענעם מאָמענט געווען פאַרשפּעטיקט. מען האָט שוין אין יענעם אָוונט אין צענטראַלן געטאָ געוווּסט, אַז ספּעציע־לע אָפּטיילונגען זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע; אַז דאָס געטאָ ווערט

„אַרומגעשטעלט", אַז די קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע געפינט זיך אין מצב פון אַלאַרם־גרייטשאַפט. מען האָט שוין געוווּסט, אַז עס הייבט זיך אָן אַ בייע אַקציע און אין איינעם דערמיט, דאָס פון לאַנג דערוואַרטע — דער לעצ־טער פאַרמעסט...

שטאַמט טאַקע די לעצטע ידיעה וועגן ליכטענשטיינען פון רינגעל־בלומען. שפּעט ביי נאַכט — אַזוי גיט ער איבער — האָט זיך ליכטענשטיין צוזאַמען מיט סמאָלאַרן אַרויסגעלאָזט אין גאַס מיט דער כוונה זיך אַריי־בערצובאַקומען צוריק אויף נאָוואָליפּקי — אין האַלמאַנס שאָפּ, אין יע־נער אויסגעפּרוּווטער „פעסטונג", וואָס האָט שוין אים מיט דער משפּחה און חברים עטלעכע מאָל געראַטעוועט דאָס לעבן.

און מער ווייסן מיר שוין גאָר־גאָרנישט. רינגעלבלום איז זיך משער, אַז די ביידע זענען דעמלט אויפן וועג געוואָרן געהרגעט. און קיין שום ווייטערע, קאָנקרעטע ידיעה וועגן ליכטענשטיינען מיט זיין פרוי און קינד און וועגן די אַנדערע מיטאַרבעטער פון עונג־שבת אויף נאָוואָליפּקי — זענען שוין קיין מאָל צו קיינעם נישט דערגאַנגען. אַזוי לאַנג און מיט אַזוי פיל מוטיקער רעזיגנאַציע, האָבן זיי זיך געגרייט צו אָט דעם סוף און דאָך האָט ער זיי געטראָפן אָפּגעזונדערט פון אַנאַנד. אַפילו די לעצ־טע טרייסט פון שטאַרבן צוזאַמען איז זיי נישט געווען באַשערט.

## 20. נאָך איין געשפּרעך

אויך וועגן רינגעלבלומען האָט מען אַ שטיק צייט נישט געוווּסט, וואָס עס איז מיט אים געשען בעת די קאַמפּן, שׂרפות, מאַסן־עקזעקוציעס און אַרויספירונגען פון שאָפּ־אַרבעטער אין די אַרבעטס־לאַגערן פון לובלינער קאַנט. ערשט אין חודש יולי איז אָנגעקומען אויף אַ פּוילישן אַדרעס אין וואַרשע אַ פּאָסט־קאַרטל מיט דער בשׂורה, אַז רידזעווסקי (רינגעלבלומס פּוילישער פּסעוודאָנים) געפינט זיך אין טראַווניק. מען דאַרף אים אַרויסשלעפּן פון דאָרט, אַריבערפירן קיין וואַרשע. מען שיקט מענטשן מיט בריוו. עס קאָסט אָפּ געלט. אָבער זיי קומען צוריק מיט גאָרנישט. צום סוף לייג איך פאָר מען זאָל שיקן דעם פּוילישן באַן־אַרבעטער טעאָדאָר פּאַיעווסקי, וואָס האָט מיך געהאַט אין חודש מערץ אַרויסגעפירט פון אַן אַרבעטס־פּלאַץ אויף דער באַן־סטאַציע פּעלצאָוויזנע, און אין חודש אַפּריל שוין בשעת דעם אויפשטאַנד אַרויסגעפירט פון דעם זעלבן אַרבעטס־פּלאַץ יאַנאַס טורקאָוו. מיט דער צייט ווערט טעאָדאָר ווערן אַ סטאַבילער פאַרבינדונגס־מענטש און שליח פון דעם ראַט צו העלפן יידן. מיט אים צוזאַמען פאָרט אַ יונג, מוטיק יידיש מיידל מיטן פּסעוודאָנים „עמילקע" (איר אמתער נאָמען איז רויזע קאָסאָווער) און דיביידע שלוחים זענען מצליח, ברענגען רינגעלבלומען צו פירן קיין וואַרשע. אין אַ טאָג פון יענע טעג האָב איך זיך מיט אים געטראָפן.

אין אַ טאָג פון יענע טעג... עס זענען געווען די טעג נאָך מוסאָליניס פאַלן. אין איינעם מיטן רוב באַפעלקערונג פון וואַרשע בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ טראַנס פון באַגייסטערונג. איך האָב זיך גאָרנישט געקאָנט אָנקוויקן מיט דער ווייט־גייענדיקער באַדייטונג פון דעם פאַקט; געהאַלטן אין איין רעדן און פאַנטאַזירן וועגן די קאָנסעקווענצן. אַזוי פיל דעפּיציטן איז געווען צו דעקן מיט דעם ביסל עקזאַלטאַציע!

און דערביי בין איך, ווי אַלע מאָל, נאָכגעגאַנגען מיינע „געשעפטן". צו דעם חודש־געלט פון אונדזערע הילפס־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט דורכויס געקלעקט פאַר מיינע פּערזענלעכע באַדערפענישן, האָב איך נאָך געמוזט עפּעס צופאַרדינען, כּדי צו קאָנען ביישטייערן צום דעקן די פיל גרעסערע לעבנס־קאָסטן פון דער גרופּע באַהאַלטענע מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך מטפּל געווען. האָב איך אין אָט דער צייט

געהאַנדלט. און אַגב האָט דאָס אין דער אָקופּאַציע־צייט געהערט צום לעבנס־נוסח פון אַ גרויסן טייל פון דער אַרבעטסלאָזער, דעקלאַסירטער פּוילישער אינטעליגענץ, צו וועלכער איך האָב זיך „פּאַררעכנט". צווישן אַנדערן האָב איך אויך געהאַנדלט מיט זאָקן און אַלע מיינע אמתע אָדער כּלומרשטע „אַרישע" באַקאַנטע האָבן זיך באַזאָרגט מיט דער דאָזיקער סחורה נאָר ביי מיר.

איך האָב געהאַט אַ באַשטעלונג אויף ראַדזימינסקאַ 2, אַ פּאָר זאָקן פאַר פריילין סטאַכאַ, אַ שוועגערין פון דעם זעלביקן טעאָדאָר פּאַיעווו־סקי, דעם באַן־אַרבעטער, וואָס איז געפאָרן ברענגען רינגעלבלומען.

סטאַכעס אַדרעס האָבן שוין געקענט אַ סעריע יידן פון „עמילקעס" קרייז. אויך איך האָב שוין געהאַט אַ מאָל ביי איר גענעכטיקט עטלעכע נעכט, ווען איך האָב געהאַט פאַרלוירן מיין ערשטע „נאָרמאַלע" דירה. אַריינקומענדיק מיט די זאָקן, טרעף איך סטאַכען אין דער היים, איך זע אָבער, אַז זי איז עפּעס נישט צופרידן און איך פאַרשטיי, אַז זי וויל וואָס גיכער פון מיר פּטור ווערן.

סטאַכע האָט מיך שוין האַלב אָפּגעפּאַרטיקט. איך האַלט ביים אַוועק־גיין, ווען עס האָט זיך פּלוצים דערהערט פון פאָרצימער אַן אָפּגערעדטער קלונג. סטאַכע טוט אויף מיר אַ קוק און אַנטשליסט זיך צו עפענען: ד"ר בערמאַן!

און אָט ווער איך געוואָר די סיבה פון דער אומגעריכטער באַ־געגעניש. רינגעלבלום איז דאָ! — אָט אָ דאָ — אין צווייטן צימער! אויב איך וועל צוּוואַרטן, קאָן איך זיך זען מיט אים.

*

אַזוי איז טאַקע געשען. ווען בערמאַן איז אין אַ צייט אַרום אַרויס־געגאַנגען, האָט ער סטאַכען געגעבן אַ ווונק, אַז זי מעג מיך אַריינ־לאָזן צום גאַסט.

רינגעלבלום האָט זיך שטאַרק דערפרייט, וואָס ער זעט מיך מש־מעות אַ לעבעדיקע און דערביי אַזאַ יוסטע „אַריערין". אין משך פון איין האַלבער שעה האָבן מיר אַדורכגעמישט אין געשפּרעך טויזנט זאַכן. איך געדענק, וואָס ער האָט מיר געזאָגט וועגן ערשטן איינדרוק, וועל־כן עס האָבן אויף אים געמאַכט סטאַכעס באַשיידענע צוויי צימערלעך. זיי זענען אים, נאָך דעם לאַגער, פאָרגעקומען ווי אַן אידעאַל פון גערוימ־קייט, פון ריינקייט און קאָמפאָרט. ער האָט מיר אויסגערעכנט די בע־

מען פון די כלל־טוער, וואָס ער האָט געלאָזט אין טראַווניק, דערציילט ווי אַזוי עס אַרבעט דאָרט די קאָנספּיראַציע; אַז די אָרגאַניזאַציע פאַר־מאָגט שוין אַ ביסל געווער, אַז זי האָט דאָרט אויף אַזוי פיל באַהערשט די לאַגע, אַז זי דעצידירט ווען אַריינצושטעלן אין די טראַנספּאָרטן, וואָס גייען אָפּ קיין סאָביבאָר, אויף גראָבן טאָרף, אין דער אמתן אויף ליקווידאַציע. אויף דעם אופן ווערט מען פּטור פון די קאָנפידענטן און מנוולים, וואָס האָבן זיך געוויזן צווישן די אסירים.

צום סוף האָט מיך רינגעלבלום געבעטן אויספרעגן, וואָס אין וואַרשע טוט זיך. זייענדיק איבערפולט מיט דער מעשׂה מוסאָליני, האָב איך אים אָנגעהויבן צו פאַרשיטן מיט נייעס פון די געהיימע ראַדיאָ־ביולעטינען און דערביי פאַרטייטשן מיין באַגייסטערונג.

— איצט — זאָג איך — איז געשען דאָס, אויף וואָס מיר האָבן די גאַנצע צייט געוואַרט; וואָס מיר האָבן פאַרויסגעזען, נישט זייענדיק זי־כער, פון דעסטוועגן, צי וועט אונדז דיווירקלעכקייט נאָך אַ מאָל נישט דערלאַנגען איבערן קאָפּ, ווי זי האָט אונדז שוין אַזוי פיל מאָל דערלאַנגט אין משך פון דער דאָזיקער מלחמה. איצט האָט דער פאַשיזם באַקומען דעם אמתן קלאַפּ אין חוט השדרה. אין טעאָריע איז שוין אַלץ דערליי־דיקט. דאָס ווייטערע וועט שוין זיין נאָר אַ קאָנסעקווענץ פון דעם, וואָס האָט איצט פּאַסירט. איך האָב ציטירט עפּעס אַן אַרטיקל פון פאַר דער מלחמה א.ט. „נישטאָ קיין היטלער אָן מוסאָליני".[41]

צום סוף האָב איך אויסגעפירט, אַז ווען היטלער וועט פאַלן, וועלן מיר שוין נישט ווערן אַזוי איבעררעאַשט, ווי איצט, ווייל איצט זענען מיר שוין באַפרייט געוואָרן פון ספקות. איצט ווייסן מיר שוין, אַז יענץ וועט זיכער קומען.

— אוי! — ענטפערט מיר רינגעלבלום — אוי וועט יעדער פון אונדז יידן ווערן דעמלט אויף ס'ניי פערזענלעך דערשיטערט. און נאָך מער, ווי איצט, ווייל דעמלט וועט זיך יעדער פון אונדז קאָנען זאָגן, אַז ער אַליין איז שוין אויף אַן אמת געראַטעוועט. אַזוי איז די מענטש־לעכע נאַטור...

ער איז געווען גערעכט. מיר האָבן זיך געקאָנט וועגן דעם איבער־צייגן, אָבער ער האָט שוין, ליידער, דעם מאָמענט נישט דערלעבט.

# 21. מאַרטירער־קרוין

דער ד"ר רינגעלבלום איז פון ראַדזימינסקאַ אַוועק. וואַהין — האָב איך זיך געזאָלט דערוויסן ערשט מיט אַכט חדשים שפּעטער ביי זייער טראַגישע אומשטאַנדן. איך פלעג מיך פון צייט צו צייט נאָכפרעגן ביי די בערמאַנס וואָס ער מאַכט. איך האָב זיך איינמאָל געפּרוווט ווענדן צו אים דורך אונדזער אינעווייניקסטער פאַרבינדונג מיט אַ פּראָיעקט וועגן אַ דאָקומענטאַציע־אַרבעט, אָבער מיין בריוו איז צו אים, זעט אויס, נישט דערגאַנגען, ווייל איך האָב אויף אים קיין ענטפער נישט באַקומען.

דעם 1טן מערץ 1944 האָט ד"ר רינגעלבלום צוזאַמען מיטן ד"ר אַדאָלף בערמאַן צונויפגעשטעלט אַן אויספירלעכן באַריכט וועגן דער קולטור־אַרבעט און וועגן גורל פון אַ ריי שרייבער, קינסטלער און קולטור־טוער אין געטאָ וואַרשע. צו אָט דעם באַריכט, וועלכער איז ערשט מיט העכער צוויי חדשים שפּעטער, מיט דער הילף פון פּוילישן פאַרבינדונגס־דינסט אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון ייִוואָ אין ניו־יאָרק, צו אַ ריי יידישע שרייבער און צו דעם היסטאָריקער רפאל מאַהלער — איז דעם 20סטן מיי צוגעגעבן געוואָרן אַן אַדנאָטאַציע וועגן דעם, וואָס עס איז סך הכל מיט 6 טעג נאָכן פאַרפאַסן דעם באַריכט געשען מיט ד"ר עמנואל רינגעלבלום און זיין משפּחה.

סיי אין דאַזיקן באַריכט, סיי אין דעם באַריכט פון דעם יידישן נאַציאָנאַל־קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט, אַרויסגעשיקט דעם 15טן נאָוועמבער 1943 אויפן אַדרעס פון יידישן פאָרשטייער ביי דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן ד"ר איגנאַצי (יצחק) שוואַרצבאַרט און אונטערגעשריבן פון א. בערמאַן, יצחק צוקערמאַן און דוד גוזיק, איז דערמאָנט געוואָרן מיין נאָמען און פון די קיצורים, וואָס זענען דערשינען אויפן סמך פון אָט די באַריכטן אין דער יידישער פּרעסע האָבן זיך מיינע נאָענטע און פריינד אין יענע לענדער דערוווּסט, אַז איך בין אַרויס מיטן לעבן פון געטאָ און געפין זיך אויף דער אַרישער זייט.

*

דאָס איז געשען אין אַ שרעקלעך קאַלטן טאָג, דעם 7טן מערץ 1944 און מיט דער דאָזיקער ביטערער סענסאַציע האָט געקאָכט גאַנץ וואַרשע. פון אַ קונציק קאָנסטרויִרטן באַהעלטעניש אונטער די אינספּעקטן פון אַ

פּוילישן גערטנער אויף גרויעצקאַ־גאַס 81 האָט מען אַרויסגעשלעפּט 36 באַהאַלטענע ייִדן, זיי פאַרנומען אין דער פּאַוויאַק־תּפיסה, און אין דריי טעג אַרום דערשאָסן.

צווישן אָט די ייִדן האָט זיך געפונען ד״ר עמנואל רינגעלבלום מיט זיין פרוי יהודית און זייער 12־יאָריקן זון אורי.

די מעשׂה האָבן מיר, די פריינד און מיטאַרבעטער פון ד״ר רינגעל־בלום אויף דער אַרישער זייט בפירוש אָפּגעקרענקט. ער איז אומגעקומען נאָכן אַרויסגיין מיטן לעבן פון אַזוי פיל סכנות, נישט קיין גאַנץ יאָר פאַר דער באַפרייונג.

מיר האָבן מיט אָט דער אבדה נישט משלים געווען ביזן היינטיקן טאָג.

*

מיט גוטע עטלעכע חדשים פאַרן אַנטדעקן דעם בונקער אויף גרויעצקאַ 81, האָט אַדאָלף בערמאַן געהאַט אין גאַס אַ שאַנטאַזש. אַ סברה, אַז די מנוּוולים, וואָס האָבן אים דערקענט, זענען געווען ייִדן פון ראַדאָם. זיי האָבן געגנבֿט געוווּסט ווער ער איז, פאַרלאַנגט אַ הויכן סכום אויסקויף־געלט, און ער האָט זיי געמוזט מיטנעמען אין דער דירה, ווו עס האָט אויך גע־וווינט זיין פרוי באַשע, וועלכע איז ביז דעמאָלט געווען געמאָלדן אויף דער אַרישער זייט אַלס זיין שוועסטער. נאָך אָט דער מעשׂה האָבן זיי ביידע גע־מוזט ענדערן זייערע נעמען און פּאַפּירן, איבערמאַכן דעם „טיפּ״ פון זייער אויסזען און לבוש, זיך איבערטראָגן פון צענטער שטאָט אין אַן אַנדער געגנט און בכלל אַ שטיק צייט זיך אויפהערן ווייזן אין גאַס. זיי האָבן זיך איבערגעצויגן אויף זשאָליבאָרזש און אויף וואָכן און חדשים געמוזט טייל־ווייז אָפּשטעלן זייער טעטיקייט.

עס איז דעמאָלט שטאַרק אַקטועל געוואָרן דאָס אַקטיוויזירן פּאָליטיש און געזעלשאַפטלעך דעם ד״ר רינגעלבלום. מען האָט אָנגעהויבן צו פּאָ־דערן, אַז ער זאָל אַרויסקומען פון זיין באַהעלטעניש און זיך באַטייליקן אין דער פּאָליטישער אַרבעט אויף דער אַרישער זייט. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז רינגעלבלום געווען אַ הויכער, אַ בלאָנדער, ממש אַ טיפּי־שער פאָרשטייער פון דער „נאָרדישער ראַסע״ און ער וואָלט זיך וואַר־שיינלעך געווען געקאָנט פרייער פון בערמאַנען באַוועגן איבער דער שטאָט.

צוויי סיבות זענען אָבער געווען, צוליב וועלכע ער האָט נישט פאַר־לאָזט דעם „בונקער״, אין וועלכן ער איז געזעסן באַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין פרוי און זון.

ערשטנס איז ער דאָרט שטאַרק געווען אַריינגעטון אין זיינע אַרבעטן. ער האָט אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג וועגן דער טעטיקייט פון דער ייִדישער אַליינהילף אין וואַרשע און קודם־כל וועגן זיין דאָקומענטאַציע־ווערק „עונג־שבת", אַ סעריע סילועטן פון אומגעקומענע ייִדישע עסקנים, שרייבער, קינסטלער, געלערנטע, אַדוואָקאַטן א.א.וו. אַחוץ דעם האָט רינגעלבלום זיצנדיק אין בונקער, אָנגעשריבן אַן אַרבעט וועגן די ייִדיש־פּוילישע באַציִונגען פאַר און בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.[42]

אַ צווייטע סיבה, צוליב וועלכער עס איז כסדר געוואָרן אָפּגעלייגט רינגעלבלומס אַרויסגיין פון דעם בונקער, איז געווען די שוועריקייט זיך צו שיידן מיט זיין משפּחה. זיין פרוי יהודית־יוזיאַ, האָט נישט געהאַט קיין „גוטן אויסזען". זי האָט זיך אָנגעליטן אַן אַ שיִעור שרעק, ווען ער איז אַוועקגעגאַנגען פאַרן אויפשטאַנד אין געטאָ און עס האָט דערנאָך געדויערט חדשים ביז זי האָט אים צוריקגעזען אַ לעבעדיקן. האָט זי זיך איצט נישט געקאָנט אַנטשליסן אים אַוועקצולאָזן פון זיך באַזונדער, הגם עס איז געווען קעגן די כללים פון דער „אַרישער" לעבנס־טעכניק צו האַלטן גאַנצע משפּחות צוזאַמען.

עס איז בכלל געווען אַן אומפאָרזיכטיקייט צו האַלטן אַזאַ חשובע פערזענלעכקייט ווי רינגעלבלום אין אַ מעלינע, אין וועלכער עס זענען חוץ אים און זיין משפּחה געזעסן נאָך אַ פּאָר און דרייסיק מענטשן, וואָס דער רוב פון זיי זענען נישט געווען פאַר אים קיין פּאַסיקע געזעלשאַפט. זיי זענען געווען צו פיל, זיי האָבן זיך אויפגעפירט נישט באַשיידן, נישט פאָרזיכטיק. די בלויזע אַפּראָוויזירונג פון אַזאַ צאָל נפשות האָט אויפגעריסן די אויגן פון דער סביבה. עס האָבן זיך פאַרקאָכט קאָנפליקטן אין דער משפּחה פון דעם רייך געוואָרענעם בעל הבית, עס האָט זיך אַריינגעמישט אַן עלעמענט פון ווייבערישער אייפערזוכט. די לאַגע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַלער פון טאָג צו טאָג.

פאַראַן רינגעלבלומס אַ בריוו פול מיט פאַרצווייפלונג און בייזע פּאָרגעפילן — דער לעצטער בריוו, וואָס ער האָט איבערגעגעבן וואַנדע עלסטער פאַרן קאָמיטעט, אַבער וועגן זיך אַרויסקלייבן תיכף ומיד פון אָט דעם אָרט האָט ער אַליין געדאַרפט דעצידירן — ער און זיין פרוי...

חדשים־לאַנג איז פאַר זיי געשטאַנען אָנגעגרייט אַ דירה אין איזאַבעלין, אין וועלכער עס האָט זיך סוף כל סוף אַריינגעצויגן — און זיך אָפּגעראַטעוועט אין איינעם מיט זיין משפּחה — אַן אַנדערער עסקן פון געטאָ וואַרשע.[43]

רינגעלבלום — דער מוטיקער, דער היפער־אַקטיווער האָט כסדר אָפּגעלייגט זיין אַרויסגיין פון בונקער.

ביז עס איז געשען וואָס עס איז געשען. אין אַ שרעקלעך קאַלטן ערב־פרילינג־טאָג איז עס פאָרגעקומען. אַ משונהדיק בייזער שאַרפער ווינט האָט געווילדעוועט איבער וואַרשע אין יענע דריי טעג פון 7טן ביזן 10טן מערץ 1944.

צווישן די ייִדן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעשלעפּט פון אונטער די אינספּעקטן פון דעם „באַדילאַרזש" [44] מיעטשיסלאַוו וואָלסקי פון גרויעצקאַ 81, האָט זיך אויך געפונען אַ פּיצל עופעלע וואָס איז געבוירן געוואָרן אין באַהעלטעניש מיט געציילטע טעג פריִער. דאָס נפשל איז געווען דער 37סטער ייִד, וואָס מען האָט אים פאַרנומען אין תפיסה, אַחוץ דעם אייגנטימער פון דעם גאָרטן מיעטשיסלאַוו וואָלסקי, האָט מען דעם זעלבן טאָג אַרעסטירט אויך די פּוילישע אַקושערקע וועלכע האָט געהאָלפן דער מוטער בעת דער געבורט.

*

אין דער תפיסה אויפן „פּאַוויאַק" האָבן זיך געפונען וואַרשטאַטן, אין וועלכע עס האָבן אין יענער צייט געאַרבעט אַ צאָל ייִדישע בעל־מלאכות, וואָס אַ טייל פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט בעת דעם אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד אין אויגוסט 1944. איינער פון די „חורבות־קעמפער" אין געטאָ וואַרשע יוסף לעהמאַן, און אַן אַנטלאָפענער פון טרעבלינקע אהרן טשעכאָוויטש, וועלכע האָבן דעמלט געאַרבעט אויפן פּאַוויאַק, דערציילן אָט וואָס:

ווען די ייִדן פון די וואַרשטאַטן האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם, אַז מען האָט געבראַכט צו פירן רינגעלבלומען, האָבן זיי באַלד אָנגעהויבן מאַכן באַמיִונגען אים אַריבערצופירן אין די וואַרשטאַטן אַלס אַ כלומרשטן פאַכמאַן. לעהמאַן דערציילט, אַז ער זאָל אין יענעם טאָג, אין פאַרבייגיין מיט עפּעס אַ משׂא איבער אַ הויף, אַליין האָבן געהערט אַ שעפּטשען דורך די קראַטעס: „רינגעלבלום איז דאָ, רינגעלבלום איז דאָ". אויף דעם אופן זאָל האָבן געגאַנגען פון מויל צו מויל די ידיעה.

פאַראַן אַ נישט וואַרשיינלעכע ווערסיע, אַז די אַקציע פון די ייִדישע בעלי־מלאכות זאָל האָבן געהאַט אַ פּעולה. רינגעלבלומס פרוי און קינד זאָלן האָבן געוואָרן דערשאָסן מיט דער גרופּע ייִדן, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון בונקער, אָבער ער גופא זאָל נאָך האָבן געלעבט עטלעכע וואָכן

צווישן די ייִדן אין די וואַרשטאַטן. ער זאָל ערשט האָבן דערשאָסן גע־וואָרן בשעת אַן אומגעלונגענעם פּרוּוו צו אַנטלויפן.

דער זשורנאַליסט י. הירשהויט, וואָס האָט נאָך דער מלחמה אויסגע־וואַנדערט פון פּוילן קיין פראַנקרייך און שפּעטער קיין אַמעריקע, קאָרי־גירט אין זיין בוך „פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק" די אויבנגעבראַכטע ווערסיע אויף אַט וואָס פאַר אַן אופן:

סוף 1943 איז ער אַלס כלומרשטער פּאָלאַק געבראַכט געוואָרן אויפן פּאַוויאַק, צוזאַמען מיט אַנדערע קרבנות פון אַ גאַסן־כאַפּעריי, און ער איז שפּעטער נאָך פאַרשידענע גילגולים, אַדאַנק דער הילף פון אַ פּוילישן באַ־אַמטן אין דער תפיסה־קאַנצעלאַריע, אָנגעקומען אין די ייִדישע וואַרשטאַטן. ווען מען האָט געבראַכט צו פירן רינגעלבלומען, מיט וועלכן הירשהויט, אַ גאַליציאַנער, איז געווען פערזענלעך באַקאַנט פון פאַר דער מלחמה, האָט ער זיך אונטערגענומען מיט אים צו פאַרשטענדיקן וועגן פּרוּוון אים צו ראַטעווען. מיט דער הילף פון אַן אונטערגעקויפטן תפיסה־וועכטער האָט ער זיך דערשלאָגן צו רינגעלבלומען אין דער צעלע.

לויט הירשהויט גיט איבער, איז רינגעלבלום געווען שוין אין גאַנצן רעזיגנירט און ער האָט שוואַך רעאַגירט אויף די רעטונגס־פּלענער. ער האָט פאַרשטאַנען — הגם מען האָט עס אים נישט געזאָגט — אַז אויב אַפילו עס זאָל זיך איינגעבן אַרויסשלעפּן אים גופא, איז פאַר זיין פרוי און קינד נישטאָ קיין רעטונג. ער האָט טאַקע הינטער די פּלייצעס פון זיין שיינעם, פרעכטיק געראָטענעם און דערצויגענעם ייִנגעלע, אָנווייזנדיק מיט די אויגן אויף אים, שטיל אַ פרעג געטון:

— און מיט אים וואָס וועט זיין?[45]

די פרוי האָט זיך געפונען אויפן פרויען־אָפּטייל אין איינעם מיט די אַנדערע פרויען פון דעם בונקער.

עס איז קלאָר, אַז רינגעלבלום וואָלט זיין משפחה נישט פאַרלאָזט, כדי צו ראַטעווען בלויז דאָס אייגענע לעבן.

אָבער סיי ווי איז דאָס אויך מסתמא נישט געווען אַקטועל. שוין דעם דריטן טאָג נאָכן ברענגען די ייִדן פון גרויעצקאַ אויפן פּאַוויאַק איז פאָר־געקומען די עקזעקוציע. די ייִדישע פאַלקסמענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן און זענען געווען גרייט איינשטעלן דאָס לעבן, כדי צו ראַ־טעווען דעם פּאָפּולערן כלל־טוער, האָבן פאַר אים שוין גאָרנישט נישט באַוויזן אויפצוטון.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך אויסערן פּאַוויאַק זענען געמאַכט געוואָרן

באַמיִונגען צו ראַטעווען רינגעלבלומען. מען האָט אין דער צייט נישט אײן זאַך געקאָנט דערליידיקן פאַר געלט, אָבער די מעשׂה מיט די 36 ייִדן איז געווען צו פיל באַקאַנט, צו רוישיק. די איינציקע זאַך, צו וועלכער מען האָט זיך דערשלאָגן, איז געווען אַ געהיים בריוול פון תּפיסה, — אין וועלכן רינגעלבלום האָט געבעטן זיינע פריינד מען זאָל אים צושטעלן — סם. און אַפילו די דאָזיקע בקשה האָט מען נישט געקאָנט אים דערפילן.

דער בונקער אויף גרויעצקאַ גאַס איז אויפגעדעקט געוואָרן דעם 7טן מערץ און אויב די ווייטערע ידיעות זענען ריכטיקע, איז די עקזעקוציע פון ד״ר רינגעלבלום, צוזאַמען מיט דער משפּחה און מיט די אַנדערע ייִדן, פאָרגעקומען אויף די חורבות פון געטאָ דעם 10טן מערץ 1944.

*

אָט אַזוי איז אין דער בעסטער קראַפט פון זיינע יאָרן דערמאָרדעט געוואָרן דער שעפער פון דעם געהיימען געטאָ־אַרכיוו, דער ייִדישער היסטאָריקער, דער געטרייער פאָלקס־עסקן ד״ר עמנואל רינגעלבלום.

נישט אויסגעמיטן האָט אים די האַק פון דעם גיגאַנטישן מאַסן־פאַרברעכן. באַגלייך מיט די מיליאָניקע ייִדישע מאַסן איז ער געוואָרן אַ קרבן פון דייטשן פעלקער־מאָרד.

פון זיין איניציאַטיוו, פון זיין זאַכלעכן, באַשיידענעם, אַרבעטזאַמען וועזן, פון זיין גרויסן נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן אינערלעכן פייער, איז אויסגעוואַקסן אַ גרויס נאַציאָנאַל ווערק. זיין לעבן און ווירקן איז אַליין אַ מוסטער־ווערק פאַר ייִדישע דורות, אַ מופת פון ייִדישן הומאַניזם, פון ייִדישער קולטור־שאַפערישער, אייביק יונגער וויטאַליטעט.

און אויב צו דער גאַנצקייט פון דעם בילד איז אין אַזאַ טראַגישער צייט נייטיק געווען די נאָטע פון פערזענלעכן טראַגיזם, אויב צום פּאַטאָס פון אַזאַ געשטאַלט האָט נאָך געפעלט די קרוין פון מאַרטירערטום — איז ער מיט איר געוואָרן באַקרוינט. פאַר אונדז, די איבערגעבליבענע איז דאָס אַ גרויסער ווייטיק, אַן אייביק אומפאַרהיילטע ווונד.

די אַרבעט, וואָס ד״ר רינגעלבלום האָט אָנגעהויבן בעת דער אָקופּאַציע, ווערט ביים היינטיקן טאָג קאָנטינויִרט דורך יחידים און דורך אינסטיטוציעס, אין מדינת ישׂראל, אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער. פון דעסטוועגן איז דער בלויז, וואָס דער תּלין האָט אין יענעם קאַלטן ערב־

פרילינג־טאָג אַרויסגעריסן אין אונדזערע ממילא שוין אַזוי שיטערע רייען — ביז היינט נישט געוואָרן פאַרפולט.

*

און דערנאָך האָבן זיך די געשעענישן געקייקלט און געקייקלט. דער גורל פון דער שטאָט וואַרשע, וואָס איז אויך געווען דער גורל פון העכער צוואַנציק טויזנט יידן באַהאַלטענע אויף דער אַרישער זייט, איז געווען געחתמעט. נאָכן חורבן פון וואַרשעווער געטאָ איז געקומען דער חורבן פון גאַנץ וואַרשע. דאָס טראַגישע פאַטום פון אַ שטאָט איז פונקט אַזוי שווער אָפּצוּווענדן, ווי דאָס פאַטום פון אַן איינצלנעם מענטש. עס ווערן געמאַכט פעלערן, אָבער צי קאָנען מיר זיין זיכער, אַז ווען די פעלערן זאָלן נישט געווען געמאַכט ווערן, וואָלט דער סוף געווען אַנדערש?!

מען האָט פאַפירן פאַרגראָבן, מען האָט פאַפירן צוריק אויסגעגראָבן, אַ טייל מאַטעריאַלן זענען בשעת דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד געגאַנגען פאַרלוירן. דער אַרכיוו אין וועלכן עס זענען געוואָרן אויפגעקליבן רינגעל־בלומס כתבים פון דער אַרישער זייט איז צום גרעסטן טייל געוואָרן אָפּ־געראַטעוועט.

פאַפירן זענען טייל מאָל דויערהאַפטיקער פון מענטשן.

# 22. דער אַלטער זאַקס

ווער עס האָט געקענט, פאַר דער מלחמה, דעם ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין אין וואַרשע, האָט אויך געמוזט קענען די פיגורן וואָס זענען מיט אים פון שטענדיק אָן געווען פאַרבונדן.

געווען, למשל, אַ ייִד — „דער אַלטער זאַקס״ (ש. זאַקס) — אַ טיפּ פון אַ רוסיש־ייִדישן אינטעליגענט, וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט זיך אַרויסצושטעלן מיט זיין קענטשאַפט פון דער רוסישער ליטעראַטור. יאָרן־לאַנג האָט ער געאַרבעט אַלס קאָרעקטאָר אין „מאָמענט״, געפירט אַ קיינעם נישט באַקאַנט פּריוואַט־לעבן. און אפשר האָט ער גאָר אין גאַנצן קיין פּריוואַט־לעבן נישט פאַרמאָגט? געווען אַ פאַרבלאָנדזשעטער אָפּשפּריץ פון אַ געוועזן לעבן אין דער ווייטער, אונטערגעגאַנגענער סביבה פון פאַר־מלחמהדיקן, פאַררעוואָלוציאָנערן, צאַרישן רוסלאַנד.

צו יעדער צייט פון טאָג, אויסער זיינע אַרבעטס־שעהען, פלעגט מען זאַקסן זען אויף טלאָמאַצקע 13. אַ שטענדיקער, געשוווירענער קאָנסומענט פון דער קיך און בופעט אין ליטעראַטן־פאַראיין, האָט ער דעם נאָכמיטאָג־טיי געטרונקען ס׳רוב ביים טישל פון דער פרוי ראַוויטש. צו דעם קרייזל האָבן באַלאַנגט נאָך אַ פּאָר רוסיש־רעדנדיקע געסט און איינגייער פון ליטעראַטן־פאַראיין, מיטן אימפּרעסאַריאָ „פריילין״ גאַריעלאָוו בראש. ווען יענע זענען אַוועקגעגאַנגען, פלעגט קומען די צייט אויף אַ ווייטערדיקן פונקט פון דעם טאָג־פּראָגראַם. דער אַלטער זאַקס פלעגט זיך צושפּאַרן כּדי צו כאַפּן אַ דרימל.

דאָס באַליבטסטע אָרט פאַרן נאָכמיטאָג־„דזשים״ איז ביי אים געווען דער קלאַוויר, וואָס איז געשטאַנען אין לינקן עק פון דער עסטראַדע. ער פלעגט אָפּרוקן דעם קלאַוויר־טאַבורעט, אַוועקשטעלן אויף זיין פּלאַץ אַ בענקל, זיך באַקוועם אַוועקזעצן, אַוועקלייגן די אָרעמס אויפן קלאַווישן־דעקל און אין אַ ווײַלע אַרום שטיל אָנהייבן צו שנאָרכצן. דערנעבן, אַן אויסגעשטרעקטע אויפן טוך פון דער עסטראַדע, האָט אָפּגעהאַלטן איר נאָכמיטאָג־שלאָף די קאַץ.

אונטן אין זאַל זענען אין שכנות פון דעם קלאַוויר און ווייט פון פענצ־טער קיין טישלעך נישט געשטאַנען. דאָ, פאַר דער עסטראַדע, האָט זיך

אויסגעשפּרייט אַ שטיקל פרייער פּלאַץ און דעם דאָזיקן פּלאַץ האָט דער ריכטער יוסף רובינשטיין אַ נאָמען געגעבן — דער „זאַקסישער פּלאַץ".[46]

ווען מען איז, אַרום 5 נאָך מיטאָג, אַריינגעקומען אין ליטעראַטן־פּאַר־איין און געזען — אין איין עק פון גרויסן, אויסגעליידיקטן זאַל אַ טישל מיט אַ פּאָר שאַכיסטן, פאַרגליווערטע ביי אַן אייביקער פּאַרטיע שאַך, און אין צווייטן עק די קאַץ און דעם אַלטן זאַקס, איינגעשלאָפענע אונטערן שוץ פון דעם קלאַוויר־פליגל — האָט פון דעם דאָזיקן „שטיל־לעבן" גע־ווייעט מיט לאַנגווייליקייט און פרידן. די צייטונגען האָבן אַלאַרמירט, די קאָמוניקאַטן פון די טעלעגראַפן־אַגענטורן זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל אומהיימלעכער, אַ צאָל שרייבער האָבן אין משך פון די לעצטע יאָרן עמיגרירט מעבר לים, אָבער ווער האָט רעאַגירט אויף די סכנות ווי אויף אַ זאַך, וואָס קאָן אונדז אָניאָגן פּערזענלעך, פון איין חודש אויפן אַנדערן?! ווער האָט זיך אָפּגעגעבן רעכנשאַפט דערפון, אַז קעגן אָט דער אומשעד־לעכער אידיליע גרייטן זיך שוין ערגעץ שוואַרצע באַטאַליאָנען, וואָס וועלן מיט פייער און אייזן, מיט טאָנען דינאַמיט פאַרשיטן די מדינה און איר הויפּטשטאָט? מיט איין טייוולאָנישן שוועבל־הויך פון בעסטיאַלישער שינאה, אויסלעשן און עוקר מן השורש זיין אַיעדע מענטשלעכע געמיט־לעכקייט פון דעם און פון אַלע אַנדערע יידישע ווינקלען אויף פּוילישער ערד?

*

פונקט ווי עס איז געווען ווייניק באַקאַנט דאָס פּריוואַטע לעבן פון זאַקסן, אַזוי זענען אויך אומבאַקאַנט געבליבן די נאָענטערע פּרטים פון זיין טויט. ער האָט איבערגעהאַלטן די באָמבאַרדירונג, די באַלאַגערונג און קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע אין סעפּטעמבער 1939. אָבער שוין אין צווייטן, צי דריטן מלחמה־חודש, אין דער ערשטער תקופה פון דער דייטשער אָקו־פּאַציע, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זאַקס איז געשטאָרבן.

אַ סברה, אַז מען האָט אים, אין אַן אינדערפרי, געפונען טויט אויף אַ טיש אין די ביוראָען פון „טאָז", אויף גענשע 43, ווו ער פלעגט נעכטיקן.

אַ שטילער, אַ פּריוער אָקופּאַציע־טויט. נאָך איידער עס האָבן זיך באַ־וויזן צו אַנטפּלעקן פאַר די יידן אין דער פולער גרייס אַלע פיר רייטער פון דער נייער, דייטשער אַפּאָקאַליפּסע: הונגער און מגפה, שרעק און אומקום.

דעם אַלטן זאַקס איז געווען ממש מקנא צו זיין מיט זיין טויט, וואָס איז געקומען אַזוי בייצייטנס.

## 23. הערשעלע

זיין מוזע איז נישט געווען גרעסער פון אים, נישט ער פון דער מוזע — דער פאָלקס־דיכטער הירש דאַניעלעוויטש — בקיצור: הערשעלע.

מיט דעם דאָזיקן עטלעכע און פופציק יאָריקן קינד, וואָס האָט גערעדט מיט אַ דין קולכל, האָט זיך דער פאַראיין אַלע יאָרן געמוזט מטפל זיין, ווי מיט אַן אמתדיק קינד. די דאגות האָבן קיין סוף נישט גענומען אַפילו ווען מען האָט אים שוין מיט מזל חתונה געמאַכט, געגעבן אים נדן און אים איינגעאָרדנט אַ געוועלבל אין שטעטעלע הענריקאָוו, וואָס האָט פון דעמלט אָן אין ליטעראַרישן לשון אָנגעהויבן הייסן הערשעלאָוו.

קיין הערשעלאָוו פלעגט ער אַהיים פאָרן מיט דעם שמאָלרעלסיקן באַנדל אין אָוונט; אַהיים פירן אַ קיישל סחורה, אַ באַנקעלע נאַפט. איי־בערן טאָג האָט ער אַמטירט אויף טלאָמאַצקע 13. אַחוץ די הכנסות פון דעם געוועלבל, אין וועלכן ער האָט געלאָזט שאַלטן און וואַלטן דאָס ווייב מיט דער שוויגער, האָט הערשעלע פאַרדינט אויף פרנסה דורך קאָפּירן מאַנוסקריפּטן. מיט זיין שיינעם, פּערלדיקן כּתב האָט הערשעלע דרייסט געקאָנט קאָנקורירן מיט דער שרייב־מאַשין. געווען נאָך ביי אונדז מבינים, וואָס האָבן געקענט אָפּשאַצן אַזאַ כּתב. פאַר זיי איז הערשעלע געזעסן שעהען און שעהען אין אַ ווינקל ביים פענצטער פון גרויסן זאַל אויף טלאָמאַצקע 13 און מיט התמדה געאַרבעט. ער האָט באַלאַנגט צו יענע פאָלקסטימלעכע קאַליגראַפיע־קינסטלער, וואָס פלעגן זיך נאָך אין אונ־דזערע צייטן אָנשלאָגן וועגן אַ רעקאָרד פון אַרויפפּאַקעווען אויף אַ פּאָסט־קאַרטל דעם טעקסט פון אַ גאַנץ בוך, אָדער אויסשטעלן פון דעם טעקסט פון אַ ווערק דעם פּאָרטרעט פון זיין מחבר. האָט מען גענומען אין האַנט אַ פאַרגרעסער־גלאָז איז אַלץ געווען צום לייענען. עס האָט נישט געפעלט קיין אות.

אויך הערשעלע איז געווען אַזאַ „מיניאַטוריסט”, אַ קאַליגראַף, אַ סופר, אויב מען וויל. נישט מער, די הייליקע שורות, איבער וועלכע ער איז אַזוי געדולדיק געזעסן, זענען געווען קורצע שורות פון לידער. זיינע אייגענע „געזאַמלטע ווערק”, געשריבענע מיט געפּערלטע מאַנדל־אותיות, זענען אַריין אין איין „באַנד”: אין אַ פּיצל נאָטיץ־ביכל, וואָס הערשעלע האָט ביי זיך שטענדיק אַרומגעטראָגן אין קעשענע און וואָס האָט זיכער פאַרגע־

שטעלט מיט זיך איינעם פון די אָריגינעלסטע ביבליאָפילישע יקרי המציאות אויף דער וועלט.

נישט יעדער איינער האָט געהאַט די זכיה הערשעלע זאָל אים געבן אין דער האַנט אַריין זיין „באַנד", כּדי ער זאָל איבערלייענען אַ ליד מיט די כאַראַקטעריסטישע, הערשלדיקע גראַמען.

*

אין זיין יוגנט האָט הערשעלע פאַרבראַכט אַ פּאָר יאָר אין דער שווייץ, אין אַ סביבה פון סטודענטן און פּאָליטישע עמיגראַנטן. ער איז געווען אין יענער צייט פערזענלעך באַקאַנט מיט אַ רייע קאָרפּן־קעפּ פון דער וועלט־פּאָליטיק. זיינע עטלעכע לידער פון יענער צייט זענען אַריינגענומען גע־וואָרן אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַנטאָלאָגיע פון אַרבעטער־דיכטונג. ער פלעגט זיך דערמיט קיין סך נישט באַרימען. ער האָט אָבער, אין אַ פּאַסיקן מאָמענט — מיט דער בכבודיקער מינע פון אַ מענטש, וואָס איז געווינט צו אַזעלכע זאַכן — ליב געהאַט וועגן דעם צו דערמאָנען און תּוך כּדי דיבור, אַרויסנעמען יענע אויסגאַבע און ווייזן זיינע שאַפונגען אין דער פראַנצייזישער איבערזעצונג.

מיט דער שווייץ איז אויך געווען פאַרבונדן הערשעלעס באַרימטער אַנטאָלאָגישער „באַווייז" וועגן דער עקסיסטענץ פון גאָט. דער באַווייז איז געווען צונויפגעשטעלט פון לויטער שאלות:

„אין דער שווייץ בינסטו געווען? די בערג האָסטו געזען? און די שטיינער? טאָ ווער האָט זיי דאָרט אַרויפגעטראָגן — איך אפשר, דו אפשר? נו, זעסטו שוין, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט?!".

אויב די שווייצאַריש־פראַנצייזישע באַרימערייען הערשעלעס האָבן אַ ביסל געשמעקט מיט קונדייסישן אָנשטעל, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אין זיין פאַרגאַנגענהייט אַ מאָמענט, וואָס איז געווען דער סאַמע ערנסטער שטאָלץ פון זיין נשמה. דאָס איז געווען דער פאַקט, וואָס געגעבן הער־שעלען סמיכה און אַריינגענומען אים אין דער ליטעראַרישער משפחה האָט ער אַליין — בכבודו ובעצמו: יוד למד פּרץ!

אין הערשעלעס יוגנט האָט אויף אים גערוט זיין גענאַד און ער האָט פאַרמאָגט אַ נומער „יום טוב־בלעטער", אין וועלכן עס האָט זיך, אונטער דער רעדאַקציע פון פּרצן, באַוויזן זיין ערשט ליד. צווישן די נייע טאַלענטן, וואָס פּרץ האָט אין יענעם נומער אויפגערופן צום ליטעראַרישן באַלעמער, האָט אויך זיין נאָמען פיגורירט.

ווען הערשעלע האָט געוואָלט עמעצן אַרויסווייזן זיין רעספּעקט און סימפּאַטיע, פלעגט ער אַרויסשלעפּן יענץ „בלעטל" און געבן דעם בעל דבר איבערצולייענעןביידע זאַכן — סיי דאָס ליד, סיי דאָס אָרט אין פּרצעס אַרטיקל, ווו עס איז דערמאָנט געוואָרן זיין נאָמען. אָט דאָס איז געווען זיין אמתער ליטעראַרישער יחוס־בריוו, וואָס האָט אים געוואַרעמט און געמאַכט גלייך האַלטן זיין רוקן דאָס גאַנצע לעבן. און ווי יענער „חכם" פון לאַטייניש גלייכווערטל, וואָס „טראָגט מיט זיך אַלץ, וואָס זיינס איז", האָט הערשעלע אויך יענעם אַלטן, פאַרגעלטן נומער „יום טוב־בלעטער", אין איינעם מיטן „באַנד" לידער, געטראָגן שטענדיק ביי זיך אין בוזעם־קעשענע — נאָענט צו זיין האַרצן.

ווי אַזוי דאָס בלעטל האָט זיך געהאַלטן און איז געבליבן גאַנץ, אין משך פון אַזוי פיל יאָרן, אין אַ קעשענע פון אַן אָפּגעטראָגן רעקל, דאָס איז שוין געווען אַ סוד פון הערשעלעס קאָפּיסטישער התקרבות מיט פּאַפּיר. אין זיין יוגנט האָט ער, אַגב, געהאַט דעם כבוד צו קאָפּירן אויך די שאַפונגען פון י. ל. פּרץ.

הערשעלע פלעגט אַלע קאָלעגן זאָגן „דו" און אַ סך שרייבער פלעגן אויך הערשעלען זאָגן „דו", זיך גערן חברן און ברודערן מיט אים. דער שטיפער און הויכער ז. סעגאַלאָוויטש, דער „קעניג פון קראָוואַטן" און פאָרשטייער פון עלעגאַנץ אין ייִדישן ליטעראַרישן וועלטל, פלעגט פאַרשטעלן מיט הערשעלען אַ ביז גאָר קאָמיש פּאָרל און ער פלעגט זיך מיט אים ליב האָבן צו פאָטאָגראַפירן. דער פּונקט אַזוי הויכער, אָבער דאַרער איציק מאַנגער פלעגט זייענדיק ביי אַ גוטער שטימונג, אויפהייבן הערשעלען אין דער לופטן, אַרומטראָגן אים פאַר זיך איבערן זאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין און יענער האָט געפּישטשעט און געלאַכט און געבאָמבלט אין דער לופטן מיט די פיסלעך פאַר נחת.

ווען הערשעלע איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, האָט אים דער פאַראיין איינגעאָרדנט, מיטן גרעסטן קנאַק, אַ יובילייִ. איך בין נאָך דעמלט אין וואַרשע נישט געווען, אָבער דער שם פון יענער שׂימחה איז צו מיר דערגאַנגען מיט יאָרן שפּעטער.

נאָך דעם באַנקעט — אַזוי ווי עס איז שוין שפּעט געווען אַהיים צו פאָרן מיט דעם באַנדעלע קיין הערשעלאָוו — האָט איינער פון די חברים־שרייבער מיטגענומען הערשעלען צו זיך אין שטוב און אים איבערגעגעבן בעכטיקט ביי זיך אויף אַ בשותּפותדיקן געלעגער.

— „דיין גליק, וואָס דו בינסט נישט מיין ווייב" — האָט זיך הער־שעלע אָנגערופן אין בעט, ווען מען האָט פאַרלאָשן דעם לאָמפּ.

אַזוי גליקלעך איז ער געווען מיט דעם אָוונט...

פון הערשעלען האָט אויך געשטאַמט דער באַרימטער אַפאָריזם וועגן שקאַרפּעטן. ווען איינער פון די שרייבער (מסתּמא טאָקע סעגאַלאָוויטש) האָט אים אין שייכות מיטן יובילײ, אָדער אפשר גאָר מיט דער חתונה, געפרעגט וואָס פאַר אַ מתּנה ער וויל פון אים באַקומען — אַ בוקעט בלומען אָדער אַ טוץ שקאַרפּעטן — זאָל הערשעלע, אַ סברה, האָבן אויסגעקליבן שקאַרפּעטן און געענטפערט בזה הלשון:

„בלומען וועלקן און שקאַרפּעטן זענען אייביק...".

*

אָבער, גאָט, מיין גאָט — ווי האָב איך זיך דאָס פאַרגאַלאָפּירט?! אַז סך הכל האָב איך בלויז געוואָלט איבערגעבן פאַר די לעצטע לעבנגע־בליבענע, היינט איבער דער וועלט צעשאָטענע מיטגלידער פון דער אַמאָל אַזוי לוסטיקער ייִדיש־ליטעראַרישער כאַליאַסטרע פון וואַרשע — אַ גרוס און אַ ידיעה וועגן דעם ווי אַזוי הערשעלע איז אונטערגעגאַנגען.

און דער גרוס איז דווקא — לויט די השׂגות פון יענער גרויליקער צייט — נישט פון די ערגסטע.

הערשעלע איז געשטאָרבן פאַרן גירוש. מיט אַן אייגענעם טויט, צווישן אייגענע, אויף זיין אייגענעם געלעגער.

ווען מען האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן פון הענריקאָוו איז הערשעלע אין איינעם מיט זיין משפּחה, מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, ווי אויך, מיט דער שוויגער, מגולגל געוואָרן אויף איינעם פון די טרויעריק־באַרימטע פּליטים־„פּונקטן" אויף די נאַלעווקעס. אַדאַנק דער ליטעראַ־רישער פּראָטעקציע, האָט מען דאָרט פאַר הערשעלען מיט דער משפּחה צוגעטיילט אַ באַזונדער צימערל.

עס איז געשטאַנען די פראַגע פון פּרנסה. אויב פאַר דער מלחמה האָט דער וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין — דעמלט אַן עפּנטלעכע, לעבעדיקע אינסטיטוציע — גענומען אויף זיך דעם עול הערשעלען צו שטיצן, האָט זיך געהאַנדלט וועגן סובסידיעס, וועגן אַ צושטייער צו דער פּרנסה. די עקאָ־נאָמישע באַזע פון זיין משפּחה־לעבן איז געווען דאָס געוועלבל אין הענ־ריקאָוו, ווו די דאָזיקע משפּחה איז געווען איינגעוואָרצלט. אַן אַרויסגע־ריסענע פון איר סביבה, אַ באַרויבטע פון איר אָרעמען ביסל פאַרמעגן,

האָט איצט די משפּחה געדאַרפט ציִען די גאַנצע חיונה פון דעם פּאַקטיש נישט עקסיסטירנדיקן ליטעראַטן־פאַראיין.

געווען איז, אייגנטלעך, בלויז אַ ליטעראַטן־קיך, וואָס האָט אַרויס־געגעבן פאַר די מיטגלידער און זייערע משפּחות אומזיסטע זופּן, ווי אויך טרוקענע פּראָדוקטן, און פון צייט צו צייט אויך געוויסע געלט־סומעס.[47]

דאָס איז געווען די הילף. געווען צווישן די אין וואַרשע פאַרבליבענע קיבעצער פון אונדזער סביבה, אַזעלכע בייזע צונגען, וואָס האָבן גע־האַלטן אַז די אָפּנעמער פון דער דאָזיקער הילף זענען גאָר קיין מאָל נישט געווען אַזוי פאַרזאָרגט מיט פּרנסה ווי איצט. זיי האָבן זיך געוויצלט, אַז די אייביקע קבצנים פון פאַראיין פרעגן זיך נאָך מיט שרעק, צי ענדיקט זיך שוין נישט, חס ושלום, די מלחמה און מיט איר די גרויסע גליקן זייערע...

אמת איז, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער קיך אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען מנחם קיפּניס, אהרן גאַוווזע און י. רייזפּעדער, האָט טאַקע פּאַקטיש ביז גאָר ברידערלעך געזאָרגט פאַר די חברים, וואָס זענען געבליבן אין וואַרשע. אָנגעווענדט אַלע מעגלעכע מיטלען, כּדי דאָס הייפל שרייבער זאָל האָבן מיט וואָס איבערצוקומען די שווערע צייט. אויך די דעמלטיקע „ייִדישע מאַכט", דאָס פּרעזידיום פון דער ייִדישער אַליינהילף, האָט זיך באַמיט ווי ווייט מעגלעך אַנטקעגנצוקומען די ייִדישע שרייבער. געפעלט האָבן אָבער די געהעריקע מיטלען און די הילף האָט נישט געקאָנט קלעקן.

און אַזוי איז הערשעלע — צווישן זיין ווייב און קינדער, צווישן ווייב און שוויגער — איינגעגאַנגען.

ער איז נישט געווען קיין שנאָרער. ער האָט זיך פּריוואַט אויף קיינעם נישט אָנגעזעצט. ער האָט פראָסט און פּשוט געטון דאָס, וואָס אַנדערע האָבן געמאַכט נישט פּשוט און נישט פראָסט: געליטן הונגער; געוואָרן אָפּגעמאָגערט, אויף ס'ניי פאַרייִנגערט אפשר מיט 20 יאָר. ער האָט שוין איצט אויסגעזען בפירוש ווי אַ קליין ייִנגעלע...

*

וויל איך איבערגעבן ביי וואָס פאַר אַן אומשטאַנדן איך האָב צום לעצטן מאָל געזען הערשעלען.

דאָס האָט געמוזט זיין ווינטער אָנהייב 1941, אַ פּאָר חדשים נאָכן שליסן דאָס געטאָ.

א. מ. אַפּלבוים פון „מאָמענט", דער לייטער פון דער זשורנאַליסטן־קיך, וואָס האָט זיך ביזן שאַפן פון געטאָ געפונען אויף גראַניטשנע 13 — האָט איבערגעטראָגן די קיך אין אַן אַפּיצין־לאָקאַל, אויף לעשנאָ 14, ווו עס איז געווען אַ גרעסערער זאַל מיט אַן עסטראַדע. די קיך איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ „צוויי־שפּייזיקער אינטעליגענטן קיך". א. מ. אַפּלבוים האָט דאָ איינגעפירט, אין עס־זאַל, „ליטעראַרישע שלוש סעו־דותן". שבת פלעגן דאָ, אויף דער קליינער עסטראַדע, געגעבן ווערן פּרעלעקציעס, קליינע קאָנצערטן, רעציטאַציעס וכדומה געמישטע פּראָג־ראַמען. אויף דער עסטראַדע איז געשטאַנען אַ טיש צוגעדעקט מיט אַ ווייס טישטעך. צוויי יידישע לייכטער אויפן טיש האָבן סימבאָליזירט דעם שבת. די אונטערשטע וואַנט איז געווען באַקלעפּט מיט פון קאַרטאָן אויס־געשניטענע, קאָלירטע, מאָדערן סטיליזירטע חסידישע געשטאַלטן.

די קיך האָט זיך געהאַט אירע מקורבים, אויך צווישן די אָנגע־שטעלטע זענען געווען ליטעראַטן, צווישן זיי דער דיכטער פּעסי (פּסח) ווײַלאַנד. די פּראָגראַמען פלעגן געגעבן ווערן פאַר אַן עולם פון איינ־געלאַדענע געסט. די שרייבער און קינסטלער האָבן דאָ געהאַט אַ פרייען איינטריט. די געסט זענען געזעסן ביי טישלעך און אַחוץ דער גייסטיקער שפּייז באַקומען אַ גלאָז קאַווע און דערצו אַ פּאָרציע פּוכקע־פרישן קוכן, געבאַקן פון ווייס מעל, מיט אַ צומיש פון קאַרטאָפל — אַ לוקסוס און אַן אַטראַקציע, פאַר יענער צייט גאָר נישט קיין קליינע. אַ טייל „שלוש סעודותן" זענען געשטאַנען אויף אַ הויכן ניוואָ, בפרט ווען ביים טיש־מיטן ווייסן טישטעך איז געזעסן און געזאָגט דיכטערישע תורה ישׂראל שטערן, וואָס האָט אין יענער צייט אַנטוויקלט אַ געזעלשאַפטלעך־ליטע־ראַרישע אַקטיוויטעט, מער ווי ווען נישט איז, אין משך פון די פריערדיקע יאָרן.[48]

*

יענעם שבת איז דער לעקטאָר געווען נישט ישראל שטערן, נאָר אויב איך האָב קיין טעות נישט, יצחק בערנשטיין. זיין לעקציע — מיינע רייד זאָלן אים נישט צו שווער זיין — איז געווען אַ ביסל פאַרנעפּלט. דער עולם האָט זיך געלאַנגווייליקט און אַלע האָבן אויפגעאָטעמט, ווען אַפּל־בוימס טעכטערל מיט נאָך אַ מיידל אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטעכלעך, האָבן דערלאַנגט דעם שוואַרצן ערזאַץ־„קאַפע", מיט אמתן (ברוינעם) צוקער און מיט אַ היפּש שטיק פרישן קוכן.

הערשעלע פלעגט דאָ זיין אַ שטענדיקער איינגייער. דאָס מאָל איז ער געזעסן, אָדער אפשר געשטאַנען ביים טישל פון אַ לאָדזשער ייִד, איינעם פון די באַרימטע ברידער קאָן, די פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געדינט אַלס פּראָטאָטיפּן צו די „ברידער אַשכּנזי״ פון י. י. זינגער. דאָס איז, דאַכט זיך, געווען אלישע קאָן. מיט זיין פיין געפלעגט בערדל, מיט די ברייט־צעשטעלטע אויגן און עטוואָס אַרויסשטאַרצנדיקע באַקן־ביינדלעך, האָט ער געכאַפּט דעם אָנבליק פון אַן אַמאָליקן רוסישן סוחר אָדער פּאָמיעשטשיק, ווי מיר קענען דעם טיפּ פון דער בינע און פילם. ווי אויסטערליש־קאָמיש איז אָבער געווען דער אויסדרוק פון געפלעפטקייט און אַנטוישונג אויף אָט דעם פּנים, ווען קאָן האָט נאָכן אַראָפּשלינגען אַ ביסל קאַווע, מיט אויגן פאַרקוקטע אויפן לעקטאָר, געוואָלט צום צווייטן מאָל צוטראָגן צום מויל דאָס נאָר־וואָס איינגעביסענע שטיק קוכן, אויס־געשטרעקט די פינגער צום טעלער און — אים געטראָפן ליידיק...

דאָס איז געווען הערשעלעס אַרבעט. ער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט, ווען קאָן האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און האָט געטון אַ שנאַפּ און אַ כאַפּ דאָס גאַנצע שטיק קוכן מיט אַ מאָל אין מויל אַריין. עס איז געווען אַ סצענע, וואָס האָט געמעגט איינשטיין אין אַ טשאַפּלין־פילם. אלישע קאָן האָט צוריקגעצויגן די האַנט, פאַרמאַכט די פינגער, פאַרמאַכט צוריק צום קייען דאָס אָנגעברייטע מויל און האָט — גאָרנישט געזאָגט...

צום לעבנס־נוסח פון די לאָדזשער ייִדישע אינדוסטריע־מאַגנאַטן האָט געהערט דאָס אונטערשטיצן למדנים, ליטעראַטן וכדומה בטלנישע שייַנ־גייסטער. אלישען איז אפשר געווען נישט אָנגענעם, הלמאי ער קאָן נישט אַנטקעגנקומען זיין בן־עיר הערשעלען מיט קיין געהעריקער הילף.

און אפשר האָט זיך אים בלויז געדאַכט, אַז ער קאָן נישט? אַז ער דאַרף דאָס פון לאָדזש אַרויסגעראַטעוועטע פאַרמעגן האַלטן אויף „שפּעטער״...

איך בין געזעסן ביי אַ שכנותדיק טישל אין איינעם מיט רות קאַר־לינסקאַ. מיר האָבן זיך ביידע איבערגעקוקט, זיך אַ שטויס געטון אונטערן טישל און אַוועקגעדרייט די קעפּ, כּדי נישט אויסצושיסן מיט אַ גע־לעכטער.

אַזוי נאַריש איז דעמלט געווען אונדזער רעאַקציע אויף דער טראַגי־קאָמישער סצענע. מיר האָבן שפּעטער דערציילט די מעשׂה — דעם און יענעם פון די חברים — ווי דאָס וואָלט געווען נאָך איין „שטיקל״ הער־שעלעס פון אונדזער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע.

איך האָב פון דעסטוועגן געמאַכט נאָך איין אויספיר — באַשלאָסן ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט איינצולאַדן הערשעלען ער זאָל אַריינקומען יעדן טאָג אין מיין קיך אָפּעסן אַ זופּ, אַהיים נעמען אַ באַנקעלע זופּ פאַר זיין הויזגעזינד. איידער איך האָב אָבער באַוויזן די כוונה אויסצופירן, האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז הערשעלע איז פּלוצים געשטאָרבן.

דאָס איז געשען אין אָנהייב פון צווייטן מלחמה־ווינטער. אויף הער־שעלעס לוויה איז מיר נישט אויסגעקומען צו זיין. איך האָב געהערט אַז ער איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה אין דער ליטעראַרישער אַלייע פון גענשער בית־עלמין.

ער האָט אַזוי אַרום זוכה געווען צו דעם וואָס דער רוב פון די אין וואַרשע פאַרבליבענע יידישע שרייבער, האָט שוין דערנאָך נישט זוכה געווען: צו אַן אייגענעם, באַזונדערן קבר און צו אַן אייגענער לוויה. אַ חבר האָט אים מספּיד געווען, זיין זון האָט געזאָגט קדיש. נאָר צום שטעלן אַ מצבה איז שוין, דאַכט זיך, נישט געקומען.

## 24. נאָך איין הערשעלע

און נאָך איין הערשעלע וויל איך דאָ דערמאָנען, — הערשעלע שטערן, דעם ברודער פון ישׂראל שטערן. הערשעלע דעם „פּאַראַדיסט".

אָט דער הערשעלע נומער צוויי איז געווען זייער מחיקאַליש, אויפֿגעכאַפּט און נאָכגעזונגען ווו אַ שיין ליד. איך געדענק ווי ער האָט מיך אויסגעלערנט צוויי לידער. איינס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער:

„אויף יענער זייט טייך איז די זון שוין פאַרגאַנגען"...

דאָס צווייטע:

„גראָבט מיין שוועסטערל אַ ברונעם,
שיינט דאָס וואַסער ווי די זונען".

אויף וויפֿל איך ווייס זענען די ווערטער פון מאַני לייב, פון וועמען די מעלאָדיעס זענען, געדענק איך נישט, אָבער זיי קלינגען מיר ביז היינט אין אויער. מיט וואָס פאַראַ נחת האָט ער געזונגען אָט די לידער, ווי האָט ער זיך געקוויקט סיי מיטן טעקסט, סיי מיטן ניגון.

זיכער האָט ער געהאַט עפּעס „מוזאַישס" אין זיך — פון דעם וואָרט מוזע. און אויך דעם ספּעציפֿישן דרך אין דער ייִדישער קולטור, אַז אויב ווער פון דער משפּחה לאָזט זיך אַוועק אויפֿן ליטעראַרישן וועג, גייען אים נאָך זיינע ברידער און טייל מאָל וואַקסט פון זיי אויס אַ גאַנצע דינאַסטיע.

הערשעלע שטערנס „מוזאַישקייט" האָט זיך אויסגעדריקט בעיקר אין הומאָר. ער פלעגט זיך פּרעכטיק נאָכקרימען די ייִדישע זינגערס און זינגערינס, וואָס זענען אויפֿגעטרעטן אויף דער עסטראַדע פון ליטעראַטן פאַראיין. איך געדענק אַפֿילו איינעם אַ געשלאָסענעם, אינטימען אָוונט פאַר חברים פון זיינע פּאַראָדיעס, אויף וועלכן מען איז אַראָפּגעפאַלן פון די בענקלעך לאַכנדיק.

איך געדענק אויך אַ מעשׂה ווען מען האָט געזאָלט שטעלן אין ליטעראַטן־פאַראיין מאַריאָנעטן און הערשעלע שטערן האָט געזאָלט זיין אַ וויכטיקער מחותּן פון אָט דער אימפּרעזע, בעיקר אַלס אויספֿירער פון די טעקסטן און מעלאָדיעס. די אימפּרעזע איז אָבער, דאַכט זיך, נישט צושטאַנד געקומען.

די סאַמע בעסטע „נומערן" און „פילמען" האָט ער געמאַכט פון זיין אייגענעם ברודער, צו וועלכן ער איז, אַגב, פיזיש כלל נישט געווען ענלעך.

ווי נישט באַנאַל און נישט זיסלעך, אָריגינעל אין נוסח, איז געווען די דאָזיקע משפחה, וואָס האָט געשטאַמט פון שטעטעלע אָסטראָלענקע.

איז אויך אָט דער הערשעלע געווען אין וואַרשע נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן. ווי דורך אַ חלום געדענק איך, עס איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה, אַז הערשעלע שטערן, אַ דראָבנע, שוואַך ייִדעלע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט פריילינג 1941.

## .25 „אונדזער גאַנדי“

איך האָב עס שוין געזאָגט: עס איז נישט גענוג געווען צו קענען די מזרח־וואַנט פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין. אויך, די מער באַשיידענע אין גייסט און געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע, זענען געווען אַ טייל פון דער עדה.

איינער פון די פּאָפּולערסטע „ליטעראַרישע קבצנים“ אין וואַרשע איז געווען ברוך טשעבוצקי, וואָס מ'האָט אים, שוין פאַר דער מלחמה, מיט אַ רמז אויף זיין גאָלן קאָפּ און אויף זיינע כראָנישע הונגער־פּעריאָדן, גערופן גאַנדי. איך געדענק אַן אָוונט, לטובת טשעבוצקין, אין ליטעראַטן־פאַראיין. אויפן אַפיש און אין די אַנאָנסן איז געווען געדרוקט: „ליטעראַרישער אָוונט פאַר אונדזער גאַנדי“.

טשעבוצקי־גאַנדי פלעגט זיין אַן אייביקע טעמע פאַר ליטעראַרישער קיבעצעריי. באַשאַנקען מיט אַ באַשיידענעם, אָבער עכטן טאַלענט האָט טשעבוצקי אַמאָל געליטן פון עפּעס אַ קראַנקייט (אפשר די שלאָף־קראַנקייט?) און איז דערנאָך געבליבן אויפן גאַנצן לעבן אַ האַלבער אינוואַליד אויפן חסד־ברויט פון דער יידישער פּרעסע און ליטעראַטור. נאָר זאָל גאָט שומר ומציל זיין, וואָס פאַר אַ ברויט דאָס איז געווען! ווי אַן אייביק הונגער־געשפּענסט האָט זיך טשעבוצקי אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט, איבער דער וועלט, איבערן לאָקאַל פון ליטעראַטן־פאַראיין. טשעבוצקי האָט שטענדיק אויסגעזען, ווי ער וואָלט אין אַ מינוט אַרום געזאָלט אָוועקפאַלן אין חלשות, אָדער אַנטשלאָפן ווערן גייענדיק.

פון צייט צו צייט פלעגט ער פּאַקטיש פאַרשלאָפט ווערן און דווקא ביי נאַכט. אין אַזאַ פאַל פלעגט מען אויפוועקן פון שלאָף דעם פאַרזיצער פון ליטעראַטן־פאַראיין ער זאָל אים שיקן אַ דאָקטער.

דאָס לשון איז ביי אים, נעבעך, געווען געניזוקט. מ'האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. פלעגט ער דעריבער מיט זיין שטאַמלען, מיט זיין קליין כאַראַקטעריסטישער געשטאַלט, זיין אַן אָביעקט פאַר גוטמוטיקע שפּאַסערייען און נאָכקרימענישן פון חברה שרייבער. נחום באָמזע, למשל, איז געווען ממש אַ מייסטער אין נאָכמאַכן טשעבוצקיס קוים פאַרשטענדלעך מרוטשען. ווען י. י. טרונק איז געווען דער פאָרזיצער פונעם פען־

קלוב, פלעגט אים טשעבוצקי נאָכגיין אין פּאַראַיין פּוסטריט און ווי אַ ייִנגעלע ביי דער מאַמען אַן עפּעלע כּסדר מאָנען:

— „יעך ווי אויך די פּען־קלוב זאָ מי אַרויסגעבן אַ ביכל".

עס איז געווען די צייט, ווען דער פּען־קלוב פלעגט פינאַנסירן דאָס דערשיינען פון „פּען־ביכער" און טשעבוצקי איז געווען ווי אַ קינד, וואָס וויל נישט בלייבן הינטערשטעליק לגבי אַנדערע קינדער.

— „מאַך מי אַ הילע, מאַך מי" — איז ער צוגעשטאַנען יעדן טאָג צו דעם מאָלער מענדל רייף, ווערמענס הילעס און גראַפישע אויסשטאַטונג פון ביכער האָבן זיך אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן שטאַרק געהאַט אָנגענומען אין די ליטעראַרישע קרייזן.

דאָס בוך איז נאָך ווייט נישט געווען פאַרטיק צום דרוק. עס האָט נאָך אפשר אַפילו קיין טיטל נישט געהאַט. נאָר אויב אַנדערע האָבן באַשטעלט הילעס ביי רייפן, האָט טשעבוצקי אויך געוואָלט האָבן אַ הילע.

און ביי אַזאַ מעמד האָט טשעבוצקי פאַרמאָגט אַ ווייב מיט קינדער און געפירט אַ מער נאָרמאַל משפחה־לעבן, ווי נישט איינער פון די סאַמע יוסטע שרייבער־סטאַרן. זיין משפחה האָט אַפילו געוווסט זיך צו גרייסן דערמיט וואָס דער מאַן און פאָטער באַלאַנגט צום שבט מענטשן פון דער פּען.

*

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה, איז די לאַגע פון ברוך טשעבוצקין מיט זיין משפחה, געוואָרן זייער אַ שווערע. שוין ב״ים אָנהייב אָקופּאַציע, אין אָקטאָבער 1939, באַלד נאָך דעם ווי אויף לעשנאָ 40 איז געעפנט געוואָרן אַ פאָלקס־קיך און עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז איך בין דאָרט די לייטערין, איז טשעבוצקי אויסגעוואַקסן צווישן אונדזערע קאָנסומענטן. פאַרשטייט זיך, אַז די צוואָנציק גראַשן אויף די זופּן־צעטלען האָט ער קיין מאָל נישט געהאַט און נישט ווענלנדיק „דעמאָראַליזירן" דעם פּער־סאָנאַל, האָב איך געמוזט יעדן טאָג אויף אַן אַנדער אופן קאָמבינירן, ווי אַזוי אָנצוגיסן פאַר אים אַ באַנקע זופּ אָן צעטלען.

די באַנקע איז געווען פון אוגערקעס־קאָנסערוון. בשעת דער באַלאַ־גערונג פון וואַרשע און די שׂרפות פון די גרויסע שפּייז־מאַגאַזינען, איז די שטאָט פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַזעלכע באַנקעס. די צופּאַסונג צום נייעם שטייגער אָקופּאַציע־לעבן האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ באַנקע פון

אוגערקעס. מען האָט אויסגעבויערט אין ראַנד פון דער באַנקע צוויי לעכלעך, דורכגעסילעט אַ שטריקל, אַריבערגעהאָנגען זי, ווי אַן עמער, איבערן אָרעם און געשפּאַנט מיט איר נאָך וואַסער צו דער ווייסל, אָדער נאָך זופּן אין די פאָלקס־קיכן. ווי אומעטום, זענען אויך צו אונדזער קעסל עסן געווען אויסגעשטעלט לאַנגע „קאָלייקעס". טשעבוצקי איז געשטאַנען מיט דער באַנקע אויפן אָרעם און האָט געדולדיק געוואַרט. אויב ער פלעגט מיך ביים פאַרבייגיין אַ צופּ טון ביים פאַרטעך, אַז ער וויל באַקומען די זופּן אויסער דער ריי, איז דאָס נישט געווען צוליב אומגעדולד, נאָר מחמת דעם, וואָס ער האָט געגאַרט נאָך אַ ברעקל אויפמערקזאַמקייט, נאָך אונטערשטרייכן זיין קאָלעגיאַלישקייט, נאָך אַ שטיקל אָנשפּאַר אין אַ שטאַרקערן מענטשן אין דער מוראדיקער אומהיימלעכקייט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף אונדז.

טשעבוצקי האָט אָבער נישט בלויז גענומען. ער האָט אויך געגעבן. ער האָט אַליין אויסגעשטראַלט פון זיך אַ וואַרעמקייט. ער פלעגט קיין מאָל נישט אַוועקגיין אָן אַ „זייַ געזונט". ווען ער האָט מיך נישט געזען ביים נעמען די זופּן, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אין קאָרידאָר פאַר דער קאַנצעלאַריע, וואַרטן ביז איך וועל אַרויסקומען און דאַן אַרויסמרוטשען אַ דאַנק. טייל מאָל פלעגט ער אויך מורמלען האַלב פאַרשטענדלעכע טענות און ווונטשן, וואָס עס איז זיי לייכט געווען צו באַפרידיקן דורך צוגיסן אים אַ שעפער „געדעכטס" אָדער דורך אַ דריק טאָן זיין האַנט, דורך אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל. אַ באַרויִקטער פלעגט ער ווידער דאַנקען און אַוועקגיין.

מיט דער צייט איז אָבער טשעבוצקיס מורמלען און שטאַמלען געוואָרן אַלץ מער אומדייטלעך און אומפאַרשטענדלעך. ביז ער האָט אין איינעם אַ טאָג פאַרפעלט אין דער „קאָלייקע". נאָך דער זופּ איז מיט אַ צעטעלע פון טשעבוצקין געקומען זיין פרוי. ביי דער פאַרשטעלונג, וואָס מען האָט געהאַט וועגן דעם מחבר, האָט דאָס צעטעלע ממש פאַרוווּנדערט מיט דער קלאָרער, שיינער שריפט, מיט דעם קאָרעקטן סטיל.

טשעבוצקיס פרוי, אַ באַלעבאַטיש מענטש מיט אַ סאָליד אויסזען, איז אין אַ קורצער צייט אַרום געוואָרן אַן אַלמנה. אַ טייל פון דער ירושה, וואָס דער מאַן האָט איר געלאָזן — און ווייט נישט דער אומוויכטיקסטער — איז געווען די חזקה ביי אונדז אין קיך אויף אומזיסטע זופּן. אייגנטלעך איז טשעבוצקיס ירושה געווען אַ טאָפּלטע. דער משפחה האָט ער געלאָזן זיין אָרט אין דער ריי אויף אומזיסטע זופּן, און מיר האָט ער

געלאָזן אַ ירושה די משפּחה גופא. אַזעלכע ירושות נאָך פאַרשטאָרבענע קאָנסומענטן פון דער קיך, פלעג איך באַקומען זייער אָפט. די איבער־געבליבענע זענען מיר געקומען דערציילן וועגן זייער אומגליק, גע־זוכט מיטגעפיל, געפרעגט ביי מיר עצות.

די פרוי טשעבוצקי איז געקומען צו מיר מיט אַ יונג טעכטערל, וואָס האָט זיך אין משך פון די ערשטע יאָרן אָקופּאַציע, אויף די נעבעכדיקע זופּן און אויפן אָרעמען שטיקל ברויט אונדזערן, אַנטוויקלט פון אַ קינד אין אַ הערלעך שיין מיידל, מיט אַ צאַרטן, טיפּיש יידישן חן. וויפל מאָל איך פלעג זי זען — מיט דעם אַלטמאָדישן צאָפּ אויף דער פּלייצע און מיט די שעמעוודיק־אַראָפּגעלאָזטע שוואַרצע, זיסע אויגן פון אַ יידיש כלה־מיידל — פלעג איך זיך דערמאָנען אין די ווערטער פון טאָמאַס מאַן וועגן רחלען, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין מויל פון פאַרליבטן יעקב:

„און די קרומע אויגן פון איר פאָטער זענען שיין געוואָרן אין איר געזיכט...״

דאָס מיידעלע איז אַזוי ענלעך געווען צו איר געניזוקטן, קאַריקאַטור־רעלן טאַטן און ס׳אַראַ שיינקייט זי איז געווען! אפשר האָט זי אויך גע־ירשנט דעם שטילן חן פון דעם פאָטערס נשמה. דער חן האָט זי באַשיינט פון אינעווייניק, אַרויסגעשטראַלט פון דעם יונגן פּנימל, פון דער גאַנ־צער דעליקאַטער געשטאַלט...

מ׳האָט געדאַרפט זען, ווי אַזוי די מאַמע מיט דער טאָכטער האָבן געקרעכצט, ווי זיי האָבן געגאַסן מיט טרערן וויפל מאָל מען האָט דערמאָנט דעם טאַטן. נישט איין יידישער שרייבער וואָלט זיך געמעגט ווינטשן איבערצולאָזן אויף דער וועלט עמעצן, וואָס זאָל אים אַזוי האַרציק דער־מאָנען און באַקלאָגן.

די צרה איז נאָר, וואָס אויך דער חלק עולם הבא איז טשעבוצקין נישט אויף לאַנג געווען באַשערט. שוין אין די ערשטע טעג פונעם גירוש, זומער 1942 זענען זיין פרוי און טאָכטער פאַרשוווּנדן פון דער „קאָלייקע״ אויף זופּן, איך האָב אַפילו נישט באַוויזן צו באַמערקן ווען...

*

איך דערמאָן זיך אַ נאָוועלע פון טשעבוצקין, וואָס איך האָב אַמאָל געלייענט אין עפּעס אַ צייטשריפט. דאָרט האָט זיך גערעדט וועגן אַן אַרבעטסלאָזן טריקאָטאַזש־אַרבעטער. ענדלעך האָט ער זיך דערשלאָגן צו אַן אַרבעטס־שטעלע, אָבער זיין איבערגענומענקייט מיט דעם פאַקט, וואָס

אָט־אָט ווערט ער געהאָלפן, האָט אים אַזוי צעבולבלט די געדאַנקען, אַז ער איז נישט אימשטאַנד געווען תופס צו זיין דאָס מוסטער, וואָס מען האָט אים געהייסן מאַכן אויף פראָבע. ער פאַרפלאָנטערט די פעדעם, עס קומט גאָרנישט אַרויס פון דער אַרבעט, ער פאַרלירט צוריק די באַ־שעפטיקונג. איך געדענק דעם חלום וועגן ווילטאָג, וואָס דער מענטש אין דער נאָוועלע האָט געחלומט, בשעת אים האָט זיך געדאַכט, אַז אָט וועט ער ווידער אָנהייבן פאַרדינען: „אַ ביסעלע לאָקשן מיט יויך, אַ גוט ביסעלע קאָמפּאָט...”

טשעבוצקי איז נאָך פון די פרידנס־צייטן געווען גוט באַהאַוונט מיטן פענאָמען: הונגער. ער האָט אינטים אָפּגעפּילט דעם קליינעם מענטש מיט דער קליינער השגה. ער איז אַליין געווען אַזאַ ליב־האַרציקער מענטשע־לע, מיט אַ שטיל, צערטלעך נשמהלע. איז אָבער געקומען אַ מאָמענט, ווען די קליינע השגה זיינע וועגן אַ ביסל אָרעמער זעטיקייט איז גע־וואָרן אַן אומדערגרייכבאַרער מיראַזש און „אונדזער גאַנדי” איז פּונקט אַזוי ווי ער האָט געלעבט, שטילטשקערהייט געוואָרן אויסגעלאָשן.

## 26. תּורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול

אין דער פאָלקס־קיך לעשנאָ 40, ווו איך האָב אָן דעם וויסן און הסכמה פון דער צענטראַלער קיכן־פאַרוואַלטונג, פון צייט צו צייט, באַ־שפייזט אַ נויטבאַדערפטיקן חבר, איז ער געווען איינער פון די ערשטע. — דער אייביקער „יונגער טאַלענט", דער העברעיִשער שריפטשטעלער מ. ד. ווידרעוויטש. מיט זיין הדרת פּנים, מיט זיין בכּבודיקער האַלטונג, האָט ער פאַר דער מלחמה באַשיינט אַ סך קאָלעקטיווע פאָטאָגראַפיעס אין די קור־ערטער און אויף די זומער־קאָלאָניעס פון יידישע אינסטיטו־ציעס... באַלד אין חודש אָקטאָבער אָדער נאָוועמבער 1939 האָט ער אַ פּאָר מאָל מהנה געווען אונדזער קיך מיט אַ פּערזענלעכן באַזוך און דערנאָך אָנ־געהויבן שיקן נאָך די זופּן זיין באַשיידענעם און סימפּאַטישן זון, וואָס האָט זיך לחלוטין נישט געפילט באַליידיקט, ווען זיין פאָטער האָט זיך אין זיין קעגנוואַרט פאַר מיר פאַרענטפערט, הלמאי זיין זון איז אַזאַ „דורכ־שניטלעכער".

געווען אויך אַזאַ געשטאַלט אין אונדזער קרייז — דער העברעיִשער שריפטשטעלער מ. ד. ווידרעוויטש. קיין גענויערע אומשטאַנדן פון זיין טויט געדענק איך נישט. איך קאָן מיך נאָר דערמאָנען, אַז איך האָב אים איין מאָל געזען, אין יאָר 1940, אָדער אָנהייב 1941, מסתּמא איז דאָס געווען קנאַפּ פאַר זיין פּטירה. ער איז נישט געווען געשוואָלן — ביין — נאָר מוראדיק אָפּגעמאָגערט, מיט ברוינע לעבערפלעקן אויפן פּנים, און אַלץ נאָך אַ זאָרגעוודיק אָפּגעגאָלטער, אַ ציכטיקער, מיט אַ זויבערן קראַגן. אָט פונקט אַזוי ווי איך פלעג אים זען פאַר דער מלחמה, ווען ער פלעגט זיך באַווייזן אין אַ פרייטיק פאַר נאַכט אין ליטעראַטן פאַראיין אויף טלאָמאַצקע פאַרן גיין אין דער נאָענטער סינאַגאָגע. נאָך קלינגט מיר אין די אויערן זיין ברוסט־שטים, זיין קלאָרע דיקציע און זיין קאָ־רעקטער ליטוויש־ליטעראַרישער לשון־הדיבור.

תּורה און סחורה און געפּוצטע שטיוול.

געבענטשט זאָל זיין דער טאָג פון זיין שטאַרבן, דערפאַר, וואָס ער איז געקומען צו דער צייט און נישט געמאַכט אַרויספאַלן פון איר פאַסאָן די פייערלעכע, יום־טובדיקע געשטאַלט פון אַלטן ווידרעוויטש...

*

אַזוי האָב איך געשריבן ווינטער 1943/44 אין איינעם פון מיינע נאַכט־סעאַנסן אויף סמאָלנע 24. די דאָזיקע קורצע דערמאָנונג איז נאָך דער מלחמה געדרוקט געוואָרן אין דער לאָדזשער צייטונג Nasze słowo און אַלס פראַגמענט פון דער סעריע Z Ludem pospołu.

און אָט האָט זיך דעמאָלט צו מיר דערפרעגט אַ סימפּאַטישע יונגע פרוי, ווידרעוויטשעס אַ געראַטעוועטע טאָכטער. זי איז מיר געקומען דאַנקען פאַר דער ידיעה וועגן איר פאָטער. אַלס מתּנה האָט זי מיר געבראַכט אַ פאָטאָגראַפיע פון איר טאַטן, אויפגענומען אין פּוילישן קוראָרט טשעכאָ־טשינעק. אויף דער לינקער זייט פון דער פאָטאָגראַפיע איז צוגעשריבן אַזאַ פערזן:

„אין דער היים אַ שלימזל נאַר
און אין טשעכאָטשינעק אַ כראַביע גאָר...
און איך הער וואָס עס זאָגט דער „לשון״:
אַ כראַביע מיט אַ קאַפּעליטש און אָן אַ גראָשן.״

עס האָט מיך געפרייט צו הערן, אַז ס׳איז ווער געבליבן לעבן פון גזע ווידרעוויטש.

## 27. דער פּריוואַט־געלערנטער יצחק ווײַנטרויב

אַ קליענט פון דער פאַלקס־קיך אויף לעשנאָ 40, — אַ נאָרמאַלער קאָנסומענט מיט אַ לעגיטימאַציע... פאַר דער מלחמה איז ער געווען באַקאַנט אין די ליטעראַרישע קרייזן פון וואַרשע אַלס איבערזעצער, איבערשרײַבער און צוגרייטער פון ביכער צום דרוק. ער איז אויך געווען אַ מחבר פון אייגענע פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, און איבערזעצער פון פראַנצייזיש אויף ייִדיש.

אין מײַנע וואָכן־רעפּאָרטאַזשן פון יענער צייט, אָפּגעפונענע אין יאָר 1946, אין דער ערשטער גניזה פון רינגעלבלום־אַרכיוו, האָב איך געטראָפן וועגן אים אַזאַ פּסוק:

„מען האָט צו וויסן געטון אין קיך, אַז עס איז געשטאָרבן יצחק ווײַנטרויב, אַ שטילער, טשיקאַווער מענטש, וואָס האָט געקאָנט רעדן און אויך שרײַבן אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן ייִדישע דיאַלעקטן. „ווי אַזוי די ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר רעדן ייִדיש" — איז געווען דער טיטל פון זײַנער אַ געפּלאַנטער אַרבעט. ער פלעגט העלפן יהושע פּערלען גרייטן צום דרוק זײַנע ביכער און ער האָט זיך אין אָט דער אַרבעט אָפּגעשטעלט אויפן סטיל פון פּערלעס ראָמאַן.

ער איז געווען טויב, האָט ער דעריבער גערעדט זייער שטיל. און מיט דעם דאָזיקן שטילן לשון זײַנעם האָט ער זיך פאַר מיר אַ פאָר מאָל מתוודה געווען וועגן זײַן מצב.

— שוועסטער טײַערע, איך גיי צו גרונט! — האָט ער זיך פאַר מיר געקלאָגט, מיט אַן אונטערהוסט און מיט יענער כאַראַקטעריסטישער, פאַטעטישער היסטעריע פון אַ געשוואָלענעם. ער האָט געזאָגט, אַז ער איז דער ערשטער קאַנדידאַט נאָך הערשעלען „אין קעסטל אַרײַן". איך האָב אים באַרויִקט ווי ווײַט כ'האָב געקאָנט, און בײַ מיר אין האַרצן האָב איך געטראַכט, אַז ער איז גערעכט. איך בין געוואָרן אַ גאַנצער מומחה אין פעסטשטעלן בײַ מענטשן די ערשטע סימנים פון הונגער־געשוויר, וואָס איז אין ניין און נײַנציק פּראָצענט פאַלן אַ טויטן־געשוויר. זײַן גורל איז שוין געווען געחתמעט.

איך האָב געפּרוּווט אַרויסבאַקומען פאַר ווײַנטרויבן פון דער צענטראַלע אַ פּעקל טרוקענע פּראָדוקטן, אַ ביסל געלט. דאָס לעצטע מאָל

האָב איך אים געטראָפן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, אויף די טרעפּ פון אונדזער קיך. איך בין געגאַנגען נאָך דיספּאָזיציעס אין דער קיכן־פאַרוואַלטונג און ער האָט זיך געשלעפּט, מיט שווערער מי, אַרויף אויפן ערשטן שטאָק נאָך אַ זופּ. זיך אָפּגערוט אויף יעדן טרעפּל, מיט ביידע הענט זיך צוגעהאָלפן ציִען אַרויף די געשוואָלענע קני...

„שוועסטער טייערע, איך גיי צו גרונט"...

וואָס האָב איך מער געקאָנט טון פאַר אים, ווי באַזאָרגן אים מיט אַן אומזיסטן צעטל אויף אַ זופּ, אָפּשפּאָרן פאַר אים, פון צייט צו צייט, אַן אַכטל לעפּקע ברויט אין אַ ברויט־טאָג.[49] אָבער דאָס ברויט האָט אים איצט גאָרנישט געקאָנט העלפן, די זופּ איז פאַר אים געוואָרן שעדלעך. ער האָט געדאַרפט פעטס, צוקער, פרישע גרינסן, פרוכטן — אַ ספּעציעלע קוראַציע אויף צו פאַרטרייבן דאָס געשוויר, איניעקציעס. וויינטרויב איז געשוואָלן געוואָרן און אַראָפּ פון די כּוחות נאָך איידער ער האָט אויפגעהערט צו קומען אין קיך. איך האָב אַ פּאָר מאָל געבעטן קירמאַנען ער זאָל צו אים אַרויפגיין; איך האָב אים איבערגעגעבן די פּופּציק זלאָטעס וואָס זענען מיר איבערגעבליבן פון דער נישט־צושטאַנדגעקומענער לוויה פון בראַקסמייערן.[50] „אָבער אויף אַרויסצושלעפּן פון טויט־קלעם אַ מענטש, וואָס איז שוין געוואָרן געשוואָלן, קאָנען נישט העלפן קיין צענער גילדנס, אַפילו נישט קיין הונדערטער. אויף דערויף דאַרף מען האָבן טויזנטער. זיי האָבן זיך, צום גליק, געפונען פאַר דעם קראַנקן דיכטער ישׂראל שטערן, זיי האָבן זיך נישט געפונען פאַר דעם וויניק־באַקאַנטן יצחק וויינטרויב"...

אַזוי האָב איך געשריבן דעמלט. ווען איך לייען היינט די ווערטער נעמט מיך אַרום אַ שווערע מעלאַנכאָליע. אַז אַך און ווי צו דעם גליק, וואָס מיר האָבן באַוויזן אַרויסצושלעפּן פון הונגער־געשוויר ישׂראל שטערן! מיר האָבן אים מיט שווערער מי אַרויסגעראַטעוועט פון הונגער־טויט, כּדי ער זאָל אין אַ צייט אַרום אומקומען מיט אַ פיל שווערערן טויט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע...[51]

*

וויינטרויב האָט איבערגעלאָזט אַ ירושה אין דער געשטאַלט פון קיינעם נישט באַקאַנטע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן וועגן יידישע דיאַלעקטן און נישט אַרויסגעגעבענע איבערזעצונגען פון דער פראַנצייזישער ליטעראַטור. אַלע זאַכן זענען געווען זייער זאָרגעוודיק און פּרעציז באַאַר־

בעט און איבערגעשריבן אויף דער יידישער מאַשין, וואָס איז אויך פאַר־
בליבן אַלס ירושה נאָך וויינטרויבן. זעט אויס, אַז נישט געקוקט אויף
דער מוראדיקער נויט, האָט ער זיך נישט געקאָנט אַנטשליסן די דאָזיקע
מאַשין צו פאַרקויפן. איך געדענק ווי קירמאַן האָט אים זייער פּאַראיבל
גענומען, הלמאַי ער האָט נישט מקריב געווען די מאַשין, כּדי צו פּרווון
ראַטעווען דאָס לעבן. די מאַשין האָבן צוגענומען זיינע באַלעבאַטים. זיי
האָבן געטענהט, אַז וויינטרויב איז זיי געבליבן שולדיק דירה־געלט. אויך
די כּתב־ידן האָבן זיי נישט געוואָלט אַרויסגעבן. מען וואָלט געווען באַ־
דאַרפט אויסאיבן אויף זיי אַ דרוק, אפשר געבן געלט.

פאַר דער מלחמה איז די יידישע מאַשין געווען וויינטרויבס פּרנסה־
וואַרשטאַט. צוו. אַנד. איז ער געווען דער שטענדיקער איבערשרייבער
און אַ ליטעראַרישער סעקרעטאַר נישט נאָר פון יהושע פּערלע, נאָר אויך
פון אפרים קאַגאַנאָווסקי. סיי פּערלע, סיי אַנדערע שרייבער, וואָס האָבן
אָנגעטרויט וויינטרויבן דאָס איבערשרייבן פון זייערע ווערק, האָבן זיך
צוגעהערט צו זיינע באַמערקונגען, אָנגענומען אַ טייל פון זיינע שפּראַכ־
לעכע און סטיליסטישע עצות. האָב איך זייער גוט פאַרשטאַנען פאַר וואָס
וויינטרויבן איז שווער געווען זיך צו שיידן מיט דער שרייב־מאַשין...

מען האָט כּסדר גערעדט וועגן דעם, אַז מען דאַרף באַוואָרענען וויינ־
טרויבס כּתב־ידן. איך האָב אַ פּאָר מאָל דערמאָנט קירמאַנען וועגן דעם.
די זאַך איז אָבער נישט צושטאַנד געקומען.

און מיר האָבן נאָך דעמלט נישט געוווּסט אַז אַ סך אַזוינע נישט
אַרויסגעגעבענע ווערק וועלן אונטערגיין צוזאַמען מיט זייערע מחברים.
מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז מיט זיין רויקן הונגער־טויט, אויפן אייגע־
נעם געלעגער, וועט מען וועגן וויינטרויבן מקנא זיין נישט איין קאָלעגע, מיט
אַ גרעסערן נאָמען פון אים אין דער יידישער ליטעראַטור.

## 28. דער אָרגאַניזאַטאָר

פאַר אַ מענטש, וואָס האָט די דייטשע אָקופּאַציע אין פּוילן נישט מיטגעמאַכט און יאָרן־לאַנג אין קיין פאַרמאַכטן געטאָ נישט געלעבט, וועלן אפשר געוויסע אינעווייניקסטע דערשיינונגען בלייבן אַן אייביקער סוד. מען דאַרף זיך דערגראָבן צו דעם נישט קאָנווענציאָנעלן פּסיכאָלאָגישן אמת פון דעם צוואַנגס־מצב, אין וועלכן עס איז אונדז אויסגעקומען צו קאָנטינויִרן אונדזער עקסיסטענץ. זיך צופּאַסן צו וואָס אַ מאָל ערגערע לעבנס־באַדינגונגען, וואָס אַ מאָל שווערערע, ספּעציעל קעגן יִדן גע־צילטע גזרות, וואָס אַ מאָל גרעסערע סכּנות. און דערביי אַרבעטן און אויפהיטן דאָס מינימום געזונט ביי אַ זייער באַגרענעצטער דערנערונג און אויפהיטן דאָס מינימום גלייכגעוויכט פון דער נשמה אין מיטן אַ ים פון אייגענעם און אַרומיקן אומגליק.

„אונדז״ מיינט די נאָך נישט אין גאַנצן באַנקראָטירטע, אָבער שוין פּ־זיש געבוג אויסגעשעפּטע — די, וואָס אויף זייער „נאַטירלעכן״ טויט האָבן זיך היטלערס „אַדמיניסטראַטאָרן״ נישט געקאָנט דערוואַרטן...

אונדז די איינגעשלאָסענע אין די מויערן פון אַ ריזיקער תּפיסה און אַרומגערינגלטע — אַ ראָד אין אַ ראָד — מיט אַ צווייטער מויער פון שׂינאה און מאָנסטרואַלע שקר־בילבולים, וואָס האָבן געזאָלט באַרעכ־טיקן און באַגרינדן אין די אויגן פון דעם „אַרישן״ פּובליקום דעם שוין פאַרטיקן פּסק־דין: די טאָטאַלע פאַרטיליקונג.

ווי האָט אַמאָל געשריבן הײנע, הגם אין אַן אַנדערן קאָנטעקסט:

אוּן איך האָב דאָס דאָך דערטראָגן —
פרעגט מיך בלויז נישט ווי אַזוי...

*

און אַז מען וויל, איז למשל די אויפקלערונג פון די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַקטיוויטעטן אין אַ געטאָ גאָר נישט אַזוי קאָמפּליצירט און זי מאַכט אויך דערביי פאַרשטענדלעך זייער אויסערגעוויינלעכע אינ־טענסיוויטעט: אַלץ, וואָס איז דעמלט און דאָרט געטון געוואָרן אין פּאַזי־טיוון זין, האָט געדינט דעם אויפהיטן דאָס לעבן — דעם כּוח און ווילן צום לעבן. דער קאַמף קעגן ייִאוש איז פאַר אָט דעם צוועק געווען נישט

וויניקער וויכטיק און ספּאָנטאַן, ווי דער קאַמף קעגן הונגער. ווער שמועסט נאָך, ווען אַט די צוויי צילן זענען געווען מיטאַנאַנד פאַרבונדן.

און, אַגב, האָב איך דאָ נישט בדעה די דערשיינונג צו פאַרטייטשן. איך וויל זי בלויז אַ ביסל באַשרייבן.

איך וויל זיך אָפּשטעלן אויף דער פּרשה „אימפּרעזן". די נישט גע־פּרוווטע וווּנדערן זיך: ווער האָט זיי באַדאַרפט? ווער האָט געהאַט גע־דולד זיך אין זיי צו באַטייליקן, אָדער פון זיי צו געניסן? אין יענעם דלות, ביי יענע צרות, בשעת יענע געפאַרן?!

אַ פאַקט בלייבט אָבער אַ פאַקט — זיי זענען פאָרגעקומען! ביז דער לעצטער תקופה, ביז דעם ראַנד פון אומקום!

„אַזוי איז עס געווען" — האָט יאָנאַס טורקאָוו (אַליין אַ שוישפּילער און טעאַטער־אָנפירער פאַר און בשעת דער מלחמה, דער ל״יטער פון דער אימפּרעזן־קאָמיסיע ביי דער אָרגאַניזאַציע פון דער סאָציאַלער אַליינהילף אין געטאָ וואַרשע) אָנגערופן זיין בוך וועגן די געטאָ־יאָרן, אין וועלכן ער האָט אַממיינסטן אויספירלעך און קאָמפּעטענט געשילדערט די דער־שיינונג פון דעם טעאַטער־ און מוזיק־וועזן, ווי אויך פון אַלע אַנדערע ספּעקטאַקולאַרע אונטערנעמונגען אין וואַרשעווער יידישן קוואַרטאַל.[52]

האָב איך נישט בדעה איבערצוחזרן, וואָס טורקאָוו האָט שוין מיט יאָרן צוריק פאַרעפנטלעכט אויף דער טעמע און אויך נישט צו פאַרמעסטן זיך מיט זיין גרויסער בקיאות אויף דעם געביט. דאָך האָב איך שוין אין די ווינטער־חדשים 1943/44 זיך אָפּגעשטעלט אויף אַט די זאַכן אין מיינע געהיימע פאַרצייכענונגען אויף דער אַרישער זייט. איך האָב זיי אַרומגע־רעדט אויפן סמך פון מיינע אייגענע קאָנטאַקטן און אָבסערוואַציעס, אין קרייז פון מיינע פערזענלעכע באַקאַנטשאַפטן און אַלס אַזעלכע וועל איך זיי דאָ איבערגעבן.

*

דער גורל האָט אַזוי געפירט, אַז נאָך אַלע וואַנדערונגען און איבער־שטעלונגען, נאָך די אַנטלויפענישן און צוריקקומענישן — האָט זיך אין וואַרשע אָנגעקליבן אַ היפּשער אַקטיוו פון שוישפּילער, זינגער, מוזי־קער. אַחוץ די קינסטלערישע כוחות, וואָס האָבן זיך פון תמיד אָן פּראָ־דוצירט פאַר דעם יידישן עולם, זענען אויך געווען אַ צאָל קינסטלער פון יידישן אָפּשטאַם, וועלכע האָבן געווירקט פאַרן פּויליש רעדנדיקן פּובלי־קום און אויך זיי זענען געוואָרן אַריינגעשטויסן אין געטאָ. אַט די אַלע

מענטשן האָבן געדאַרפט פאַרדינען, כּדי צו קאָנען לעבן. דאָס איז געווען איין פאַקטאָר.

פון דער צווייטער זייט זענען געווען די פאַרשידענע צווייגן פון דער סאָציאַלער אַליינהילף און אַ נעץ געזעלשאַפטלעכע פאַטראָנאַטן, הויז־און ראַיאָן־קאָמיטעטן, ווי אויך פּריוואַטע עסקנים־גרופּן, וועלכע האָבן זיך באַמיט צו שאַפן צוגאָב־מיטלען כּדי צו שטיצן די אָפיציעלע אינ־סטיטוציעס, און קודם כּל אויף אַ דירעקטן אופן צו לינדערן די מורא־דיקע נויט פון דער ריזיקער מאַסע פּליטים און אָרטיקע ניצרכים. נישט גרויס איז געווען די צאָל פון די, וואָס האָבן געקאָנט געבן און די וואָס האָבן אָט די געבערס געוואָלט מאָביליזירן, האָבן לויט די מוסטערן פון דער פאַרצייטיקער פילאַנטראָפּיע, אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אונטערנעמונגען, כּדי אַרויסצובאַקומען דאָס געלט מיט דער הילף פון קינסטלערישע פּראָ־דוקציעס. אַזוי איז צושטאַנד געקומען דער אויסטערלישער אויפבלי פון אַ שפּע אימפּרעזן אין פאַרמאַכטן געטאָ.

דער זיידע ר' מענדעלע האָט אַמאָל געפונען אַ „לייזונג" פאַר דער יידישער נויט: איינטיילן דאָס שטעטל קאָבצאַנסק אויף צוויי חלקים. אַ האַלבע וואָך זאָל די ערשטע העלפט בעלי בתּים גיין קלייבן נדבות צו דער צווייטער און די צווייטע האַלבע וואָך — די צווייטע צו דער ערש־טער...

האָט מען זיך שטאַרק געוואָרפן אויף דעם „פּאַרטל". אין גיכן האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז אין אָט דער אימפּרעזן־באַוועגונג איז פון דעסטוועגן פאַראַן נאָך עפּעס. אויסגעקויפט בילעטן, פלעגן אַ טייל מענטשן פּאַקטיש קומען אויף די אימפּרעזן, געפינענדיק אין זיי אַ מיטל זיך אַ ביסל צו אָנטשפּאַנען און פאַרגעסן אויף אַ ווײַלע וועגן דער שרעקלעכערווירקלעכקייט, וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט; געפונען אַ קאָמפּענסאַט פאַר דעם מוראדיקן דעפיציט, וואָס האָט באַוווּסט, אָדער אומבאַוווּסט געפרעסן אונדזער געמיט.

איז טאַקע אין משך פון די קנאַפּע צוויי יאָר געטאָ (פון נאָוועמבער 1940 ביז יולי 1942) פאָרגעקומען אַ ממש קאָלאָסאַלער אויפבלי פון אַלע ספּעקטאַקולאַרע קונסט־צווייגן. אַפילו נייע טאַלענטן האָבן זיך אַנט־פּלעקט אין אָט דער תּקופה אויפן געביט פון מוזיק, טעאַטער־שפּיל, רע־ציטאַציע, און אויפגענומען געוואָרן דורכן פּובליקום אפשר מיט מער אויפמערקזאַמקייט, ווי אין די נאָרמאַלע צייטן.

אויסער דעם איז אויך אַרויסגעטרעטן אַ געשטייגערטער דראַנג צום

לעזן, צום בילדן זיך, צום באַקענען זיך מיט דער אייגענער יידישער לי־טעראַטור און וויסנשאַפט, און דאָס ספּעציעל צווישן די עלעמענטן, וואָס זענען פאַר דער מלחמה געווען אָפּגעריסן פון די יידישע מאַסן און פאַר־זונקען ביז איבערן קאָפּ אין אַסימילאַציע.

מען דאַרף דאָ פון דעסטוועגן, ווי שטענדיק און אומעטום, אויסטיילן אויף דעם געביט צוויי שטראָמען: דעם מער פּאַרווײַלעריש, וואָס האָט זיך געקאָנט אין אַ געוויסער מאָס אויסהאַלטן אויף סוחרישע יסודות און דעם טיפערן, קולטור־שאַפערישן, וואָס האָט געפאָדערט אַן אַנדערן צוגאַנג.

איז דאָ די העכסטע צייט צו דערמאָנען דעם פאַקטאָר, וועלכער האָט די אַלע דערמאָנטע טענדענצן און טעטיקייטן סיי אין אַ גרויסער מאָס סטימולירט, סיי צענטראַליזירט און אָרגאַניזירט. דאָס איז געווען „איקאָר" — די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען נאָכן איינפירן דאָס געטאָ. זי איז געווען אַ נישט אָפיציעלער, האַלב־געהיימער צווייג פון דער דורך דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט אָנערקענטער אָרגאַניזאַציע פון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף (ייסא). זי איז אַרויסגעוואַקסן פון די זעלבע קרייזן און האָט אין איר געהאַט איר געזעלשאַפטלעכע און טעכנישע באַזע. זי האָט אָבער פאַרמאָגט איר איי־גענעם פּראָגראַם און איר אייגענעם מענטשן־אַקטיוו.

דאָס הייס פולסירנדיקע האַרץ פון אָט דער אָרגאַניזאַציע און פון דער באַוועגונג, וואָס איז אַרום איר אויסגעוואַקסן, איז געווען מנחם לינדער.

*

איך האָב לינדערן געקענט פון פאַר דער מלחמה. מיר האָבן גע־שטאַמט פון דער זעלבער געגנט און הגם איך בין פון יענער געגנט אַוועק אַ סך פריער פון אים און געהערט צו אַן עלטערן יאָרגאַנג, זענען צו מיר דערגאַנגען ידיעות וועגן אים וואָס האָבן מיך פאַראינטערעסירט צוליב אַ געוויסער ענלעכקייט, וואָס איך האָב געזען אין אונדזערביידנס אידעישער אַנטוויקלונג און צוגאַנג צום קולטור־ און שפּראַך־פּראָבלעם אין דער יידישער געזעלשאַפט און ספּעציעל אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג. דער ערשטער פובליציסטישער אַרטיקל, וואָס איך האָב אָפּגע־דרוקט אין מיין לעבן אין לעמבערגער „נייעם מאָרגן" האָט געטראָגן דעם טיטל „דאָס ציוניסטיש־יידישיסטישע מיספאַרשטייעניש". און אויך ער — אַזוי האָט מען מיר דערציילט — האָט זיך שוין בשעת זיינע שטו־

דיעס אויף דער לעמבערגער אוניווערסיטעט אָנגעהויבן דערווייטערן פון דער ציוניסטיש־אַקאַדעמישער יוגנט צוליב איר לאַנסירן די לאָזונג „עברית או פולנית", וואָס איז געווען אַ באַקוועמער הכשר פאַר איר פּאַקטישער אַסימילאַציע און פאַרן לייקענען די נאַציאָנאַל־דערהאַלטנ־דיקע פונקציע פון דער ייִדישער שפּראַך.

מנחם לינדער איז דערצויגן געוואָרן אין דער באַוועגונג „השומר הצעיר" און ער האָט געקענט העברעיִש, געהאַט אין ארץ ישראל אַן על־טערן ברודער אַן אינזשעניר און אַ שוועסטער אַ מיטגרינדערין פון דעם קיבוץ משמר העמק. „מוניע" רופט אים ביז היינט דעם ברודערס אלמנה, זהבה לינדער, צו וועלכער איך האָב זיך געווענדט נאָך ביאָגראַ־פישע פרטים. אויך זי איז פון סניאַטין, האָט הינטער זיך צענדליי־קער יאָרן פּראָדוקטיווע אַרבעט אין לאַנד אַלס לערערין. זיכער וואָלט אויך „מוניע" געווען געקומען אַהער גלייך מיט זיינע געשוויסטער, מיט וועלכע ער האָט אָנגעהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט. נישט מער — אין צווישן איז ער אַזוי געוואָרן מיטגעריסן פון דער קולטור־באַוועגונג אין ייִדיש, אַז ער איז בהדרגה אַוועק אויף גאַנץ אַנדערע וועגן.

דעם רעשט דערגענצונגען צו מיינע אייגענע ידיעות וועגן לינדערן האָב איך געשעפּט פון רינגעלבלומס ברודערלעך־האַרציקער דערמאָנונג וועגן אים אין צווייטן באַנד פון זיינע שריפטן פאַרצייכנטע אויף דער אַרישער זייט. אין יאָר 1936 האָט זיך לינדער באַטייליקט אין קאָנקורס פון דער וואַרשעווער דזשאָינט־צענטראַלע אויף אַ מאָנאָגראַפיע פון אַ ייִדישער קהילה אין פּוילן. באַקומען דעם ערשטן פּריז פאַר זיין היסטאָ־ריש־דעמאָגראַפישער אַרבעט וועגן זיין היימשטאָט — אונדזער היימיש־באַקאַנטע, מזרח־גאַליצישע שטאָט סניאַטין. נאָכן פאַרענדיקן די עקאָנאָ־מישע שטודיעס און מאַכן די מאַגיסטער־פּרוווּנגען אויף דער לעמבערגער אוניווערסיטעט, איז לינדער אָנגעקומען קיין ווילנע, ווו די אָנפירער פון ייִדישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. זיי האָבן אין אים געזען אַן אויפגייענדיקן שטערן פון דער מאָ־דערנער ייִדישער פאָרשונג. זיי האָבן געדרוקט זיינע אַרבעטן אין די אויסגאַבן פון אינסטיטוט, דערמוטיקט און מקרב געווען אים אויפן וואַ־רעמסטן אופן. אויסערגעוויינלעך טאַלענטירט, דינאַמיש, אַרבעטזאַם, האָט זיך לינדער געפילט אין דער ווילנער אַטמאָספער, ווי אַ פיש אין וואַ־סער, מיטגעמאַכט דאָ מסתמא דעם סאַמע גליקלעכן פעריאָד אין זיין לעבן. פאַרליבט אין דער שטאָט ווילנע, האָט ער אויך חתונה געהאַט מיט אַ

ווילנער מיידל און אַפילו אָנגעהויבן רעדן יידיש מיטן ווילנער דיאַלעקט. אַ יאָר, צי צוויי פאַר דער מלחמה האָט לינדער אָנגענומען דעם פּאָסטן פון אַ סעקרעטאַר פון דעם וואַרשעווער ייווא־אָפּטייל און זיך איבערגע־טראָגן קיין וואַרשע, ווו ער האָט באַלד, אַחוץ די אָפיציעלע פונקציעס אָנגעהויבן אַנטוויקלען אויך אַנדערע וויסנשאַפטלעכע איניציאַטיוון, מיטרעדאַגירט די צייטשריפט „יידישע עקאָנאָמיק" און צווישן אַנדערן איבערגענומען דעם סעקרעטאַריאַט פון דער יידישער קאָמיסיע צו פאָרשן די געשיכטע פון פּוילישן יידנטום.[53]

בראש פון דעם ייווא־אָפּטייל אין וואַרשע איז געשטאַנען נח פּריי־לוצקי און איינער פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זיינע איז געווען יעקב לעשטשינסקי, וועלכער האָט איך אַ צייט אַרום אין גאַנצן איבערגעגעבן לינ־דערן די רעדאַקציע פון דער „יידישער עקאָנאָמיק".

אויך איך האָב געהאַט אַ געוויסע פאַרבינדונג מיט דעם וואַרשעווער ייווא־אָפּטייל און אין שייכות דערמיט פלעג איך טייל מאָל פאַרבעטן ווערן אויף די זיצונגען פון דער פאַרוואַלטונג, וועלכע פלעגן ס'רוב פאָר־קומען אין דער דירה פון פּרילוצקין.[54]

און טאַקע דאָ, אין אַ גרויסן, שיינעם סאַלאָן, פאַרשפּרייט מיט אַ טייערן פּערסישן טעפּעך, אין וועלכן עס האָט, אַחוץ אַנדערע בילדער, געהאָנגען אַ פּאָרטרעט אין לעבנס־גרייס פון פּרילוצקיס פרוי — די שריפט־שטעלערין פּאַולינאַ פּרילוצקי. אין דער קעגנוואַרט פון די צוויי גרויסע יידישע געלערנטע — האָב איך זיך פאַרזוגלעך באַקענט מיט מנחם לינדער. מיר האָבן דעמלט ביידע נישט געאַנט, ביי וואָס פאַר אַ געביטענע אומ־שטאַנדן עס וועט אונדז אויסקומען צו קאָנטיניִרן אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט קנאַפּע עטלעכע יאָר שפּעטער.

*

בשעת דער אָקופּאַציע האָט זיך מנחם לינדער אַנטפּלעקט אַלס איי־נער פון די פעיִקסטע און פייערדיקסטע עסקנים פון דער פאַרברייטערטער הילפס־אָרגאַניזאַציע ביים דזשאָינט, וואָס איז מיטן לויף פון דער צייט געוואָרן אַ באַזע און אַ דעקמאַנטל אויך פאַר אַלע אַנדערע, דערלויבטע און נישט־דערלויבטע, געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און אויך פּאָליטישע אַקטיוויטעטן פון דער יידישער געזעלשאַפט.

לינדער האָט אָרגאַניזירט ביי דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף אַן עווידענץ־אָפּטייל, אין וועלכן עס איז אַחוץ אַ קאַרטאָטעק פאַר די

באַדערפֿעניש פֿון דער נעץ פֿאָלקס־קיכן און אַנדערע הילפֿס־אינסטיטו־
ציעס, געפֿירט געוואָרן אַ האַלב געהיימע, ברייט פֿאַרמאָסטענע סטאַטיס־
טישע אַרבעט. אונטערן דעקמאַנטל פֿון דער סאָציאַלער הילף, זענען גע־
זאַמלט געוואָרן ציפֿערן וועגן דעם מצב פֿון דער געטאָ־באַפֿעלקערונג,
וועגן איר געזונט, דערנערונג, באַשעפֿטיקונג און קודם כּל וועגן איר
שטערבלעכקייט, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט די דורך די דייטשן פּלאַנירטע
פֿאַראָרעמונג, אויסהונגערונג און סיסטעמאַטישע אויסראָטונג פֿון די
ייִדישע מאַסן, דערווייל נאָך מיט „אַדמיניסטראַטיווע" מיטלען.

די האַלב געהיימע אָרגאַניזאַציע „איקאָר" האָט איינגעאָרדנט רע־
פֿעראַטן־ציקלען אויף טעמעס פֿאַרבונדענע מיט דער ייִדישער ליטעראַ־
טור און געשיכטע. די דאָזיקע רעפֿעראַטן, ווי אויך די קינסטלערישע קול־
טור־אונטערנעמונגען — אָדער אַפֿילו מיני געזעלשאַפֿטלעכע פֿאַרוויילונ־
גען, פֿאַרבונדענע טייל מאָל מיט אַ בופֿעט, געזעלשאַפֿטלעכע שפּילן און
צו מאָל אַפֿילו מיט טאַנצן — זענען געוואָרן איינגעאָרדנט אויפֿן געביט
פֿון די מיטן איינטרעטן פֿון דער „פּאָליציי־שעה" אָפּגעשלאָסענע גרויסע
הייזער מיט זייערע איבערבאַפֿעלקערטע, איבער אָפּיצינען און איבער־
לעבע הייף צעוואָרפֿענע דירות. אומעטום האָט זיך געפֿונען עפּעס אַ גרע־
סערע דירה, אַ געוועזן ביוראָ, אַ געשעפֿט, צי אַ וואַרשטאַט, ווו עס האָבן
זיך געקאָנט אויפֿקלייבן עטלעכע צענדליק מענטשן, וואָס האָבן נאָך גע־
האַט אַ מעגלעכקייט צו דעקן די קאָסטן פֿון אַזאַ אונטערנעמונג, מנדב זײַן
מאכלים, אויסקויפֿן בילעטן. אַדאַנק לינדערס ענערגיע זענען אַ סך אַזעל־
כע לאָקאַטאָרן־צונויפֿמענטרעפֿן — אַחוץ זייער עיקר צוועק צו שאַפֿן הילף
פֿאַר ניצרכים — פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געלעגנהייט פֿאַר באַקענען
ייִדן מיט ייִדישער ליטעראַטור און קולטור.

*

נאָכן איבערנעמען דעם זאַל פֿון דער יודאַיִסטישער ביבליאָטעק אויף
טלאָמאַצקע 5, פֿון וועלכער דער דייטשער אָפּטייל פֿאַר קאָנפֿיסקירן קול־
טור־אָביעקטן האָט שוין אין די ערשטע חדשים פֿון באַזעצן וואַרשע,
אַרויסגעפֿירט די וויכטיקסטע און זעלטנסטע ביכער — האָט דאָרט די
ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן, ממש ווי אַ מין
פֿאָלקס־אוניווערסיטעט מיט אַ וואָס אַ מאָל גרעסערן אודיטאָריום, וואָס
האָט זיך רעקרוטירט בעיקר פֿון די געוועזענע יוגנט־ און אַרבעטער־
אָרגאַניזאַציעס. יעדן שבת און זונטיק, און טייל מאָל אויך אין וואָכן־טעג,

פלעגן דאָ פאָרקומען אַקאַדעמיעס, רעציטאַציעס, קאָנצערטן. וויכטיקערע אויפטריטן פלעגט מען דאַרפן איבערחזרן צו עטלעכע מאָל, כּדי נאָכצו־קומען דעם אינטערעס פון דער וואָס אַ מאָל אָנוואַקסנדיקער מאַסע צו־הערער און צושויער.

די ייִדישע קולטור־אָרגאַניזאַציע פלעגט צווישן אַנדערן אָפּמערקן וויכטיקערע דאַטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע און זי פלעגט זיי אויסנוצן פאַר בילדונג און אויפקלערונגס־צוועקן לגבי דער אונטער־וואַקסנדיקער יוגנט, וואָס איז געווען אָפּגעריסן פון דעם נאָרמאַלן שול־לימוד. אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט איז געלייגט געוואָרן אויף די באַ־דערפענישן פון דער אַסימילירטער אינטעליגענץ אין געטאָ, וועלכע האָט זיך איצט, צום ערשטן מאָל פאַראינטערעסירט מיט דעם פענאָמען פון אַ מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור, וועגן וועלכער זי האָט פריִער כּמעט גאָרנישט געוווּסט.

דער הונדערטסטער געבוירן־טאָג פון מענדעלע מוכר ספרים איז גע־פייערט געוואָרן אין געטאָ וואַרשע (וואָס אַן אמת מיט אַ פאַרשפּעטיקונג פון עטלעכע יאָר) מיט אַזאַ פּאַרנעם, ווי אפשר אין קיין שום אַנדערן ייִדישן צענטער — ווי עס איז אפשר קיין מאָל און אין ערגעץ נישט געפייערט געוואָרן אַ ייִדישער ליטעראַטור־יובל.

עס זענען אויך פאָרגעקומען אימפּרעזן געווידמעט דער שאַפונג פון י. ל. פּרץ, פון שלום־עליכם, אין שייכות מיט זייערע יאָרצייטן, פאַר־בונדן מיט רעפעראַטן און רעציטאַציעס פון זייערע ווערק. עס איז אָפּ־געמערקט געוואָרן דער יובל פון אברהם רייזען. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן לעקציעס, איבערבליקן און רעציטאַציעס געווידמעט דער נייסטער ייִדישער פּראָזע און פּאָעזיע.

דער אויסערגעוויינלעכער דערפאָלג פון דער קולטור־טעטיקייט אין דער ייִדישער שפּראַך האָט לינדערן ממש פאַרשיכורט. ער איז אַרויס מיט דער איניציאַטיוו איבערצוגיין צו דער ייִדישער שפּראַך אין דער אינערלעכער אַרבעט פון דער ייִדישער אַליינהילף — זיך באַנוצן מיט ייִדישע בלאַנקעטן, פאַרייִדישן די אינערלעכע קאָרעספּאָנדענץ. ער האָט אַלנפאַלס געפּרוווט רעאַליזירן אָט דעם פּאָסטולאַט אין זיין אייגענעם אָפּטייל. איך געדענק אַליין זיינעם אַ „קורענדום" וועגן באַקעמפן אין די פאָלקס־קיכן די „מכּה" פון די „טאָפּלטע עסערס". קיין סך האָט ער אין דער ריכטונג נישט געקאָנט אויפטון. די באַאַמטע וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען — אַלנפאַלס די מאַשין־שריי־

בערינס — האָבן זעלטן באַהערשט די ייִדישע שפּראַך און אָרטאָגראַפיע און אַפילו דעם ייִדישן אלף בית... נאָך קלענער זענען געווען די שאַנסן איינצופירן אָט דעם פּאָסטולאַט אין די אַמטן פון דעם יודענראַט. כאָטש אַזוי האָט לינדער אויך דאָרט געפּרוּווט עפּעס אויפטון און רינגעלבלום דערמאָנט, אַז די ראַטמענער שמואל ווינטער און יוסף יאַשונסקי האָבן זיין ווענדונג געפּרוווט אונטערשטיצן.

— לינדער האָט געהאַט פאַנטאַזיע — שרייבט רינגעלבלום.

פאַר זיינע אויגן האָט געשוועבט די וויזיע פון ייִדישער קולטור־אויטאָנאָמיע אין די לענדער פון דער ייִדישער פאַרשפּרייטונג. ער האָט געגלייבט, אַז פון דער געטאָ־קללה וועט אַרויסוואַקסן די ברכה פון אַן אַלגעמיינעם איבערגאַנג פון דער גאַנצער ייִדישער אינטעליגענץ צו דער לעבעדיקער שפּראַך און קולטור פון דעם אייגענעם פאָלק; אַז אַ ניי ליכט וועט אויפגיין איבער דער וועלט פון ייִדישער גייסטיקייט, אַן אַדורכגעאַקערטער מיטן אַקעראייזן פון די גרויסעליידן און טיפע אי־בערלעבונגען פון ייִדישן מענטש; אַז אָט אָט, אַקערשט מען זעט נישט, וועלן ווערן פאַרווירקלעכט די חלומות און אידעאַלן אויסגעקריצט אויף דער פאָן פון דער ייִדישער קולטור־באַוועגונג.

די רעדנער און רעפערענטן פון די געוועזענע ייִדישע פּאַרטייען וועלכע פלעגן לויט לינדערס איניציאַטיוו אַרויסטרעטן אויף די אימפּרעזן, פלעגן באַפּעפערן זייערע רייד מיט פּאָליטישע רמזים, אויף וועלכע דער יוגנטלעכער עולם האָט רעאַגירט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

נישט איין מאָל האָט מען פּשוט נישט געגלייבט די אייגענע אויגן און אויערן. מען האָט געקאָנט האָבן דעם איינדרוק, אַז מען געפינט זיך אויף אַ פּאָליטישער פאַרזאַמלונג; מען האָט ווי לגמרי פאַרגעסן, אַז מען געפינט זיך אין אַ געטאָ, אַז מען שטעקט אין דער פּאַשטשע פון דער רייסנדיקער בעסטיע.

*

ווינטער 1941/42 איז אויפגעקומען אין דער ראַם פון „איקאָר” אַ מין דיסקוסיע־קלוב, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען. די דיסקוסיעס פלעגן פאָרקומען אין די לאָקאַלן פון וואָס אַ מאָל אַנדערע פאָלקס־קיכן. איך געדענק ווי בעת איינעם פון אָט די וויכּוחים האָבן די באַטייליקטע מיט גרויס פאַרוווּנדערונג און באַ־וווּנדערונג אויסגעהערט אַ רעפעריק פון דעם באַקאַנטן אַדוואָקאַט וויעלי־קאָווסקי, אין אַ געשליפענעם מאָדערנעם ייִדיש.

אַסימילאַנטן און ציוניסטן, העברעיִסטן און יידישיסטן און אַפילו פון ייִדישקייט אין גאַנצן אָפּגעפרעמדטע פּאָלאָניסטן, האָבן מיט גרויס אינ־טערעס פּרעקוועגטירט די דיסקוסיעס און זיך אַרויסגעזאָגט אויף ליטע־ראַריש־פילאָסאָפישע און היסטאָריאָסאָפישע יידישע פראַגן, וועגן וועלכע אַ טייל פון זיי האָט פאַר דער מלחמה קיין שום באַגריף נישט געהאַט. איינע פון די דיסקוסיע־טעמעס האָט זיך אַנטוויקלט פון די טעזן, וועלכע ד״ר עמנואל רינגעלבלום האָט פאָרמולירט אין זיינעם אַ רעפעראַט א.ט. „די פּראָבלעמען פון קידוש־השם אַמאָל און היינט״.

נאָך דער ערשטער זיצונג געווידמעט אָט דער טעמע האָט זיך די דיסקוסיע אָפּגעשטעלט...

*

דער וויכּוח האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קידוש השם גופא. זיין ערשטער קרבן איז געווען מנחם לינדער. גלייך מיט אַ ריי אַנדערע עסקנים איז ער, זעט אויס, דעם 18טן אַפּריל 1942 געוואָרן געוואָרנט (אפשר דורך איינעם פון די זעלבע מוסרים, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט די רשימה פון די אָרגאַניזאַטאָרן און מיטאַרבעטער פון דער געהיימער פרעסע) און ער האָט אַ פּאָר נעכט אין זיין היים אויף לעשנאָ 52 נישט גענעכטיקט. און דווקא יענעם פרייטיק צו נאַכטס איז ער יאָ געווען אין דער היים. די געסטאַפּאָ־שליחים האָבן אים העפלעך „גע־בעטן״ מיטגיין, מיטצונעמען אַ בערשטעלע צו די ציין מיט אַ האַנטעך, באַרויִקט די פרוי... אין זייער אויטאָ געבראַכט אים אויף דעם קליינעם סקווער אין דרייעק פון די גאַסן מילנע־נאַוואָליפּיע־קאַרמעליצקע און האָבן אים דערשאָסן ביי דעם פאַרחתמעטן טויער פון עוואַנגעלישן שפּי־טאָל. מענטשן פון שכנותדיקע הייזער האָבן געזען, דורך שפּאַרעס אין זייערע לאָדנס, אַז ער האָט זיך לאַנג געמוטשעט איידער ער האָט גע־לאָזט די נשמה.

אין יענער באַרימטער ערשטער עקזעקוציע־נאַכט פון 17טן אויפן 18טן אַפּריל 1942, זענען אַרומגעפאַרן איבערן געטאָ עטלעכע תּלינים־עקיפּעס און איינע פון זיי איז געקומען זוכן לינדערן אין אונדזער קיך. די דעמלטיקע רעוויזיע מיט אירע ווייטערע קאָנסעקווענצן האָב איך באַ־שריבן אין אַן אַנדער קאַפּיטל פון אָט דעם בוך.[55]

אַ געגנוג לאַנגע צייט האָט זיך געקאָנט דאַכטן, אַז די דייטשע אָקו־פּאַציע־מאַכט אינטערעסירט זיך כּלל נישט מיטן אינערלעכן פּאָליטישן

און קולטורעלן לעבן אין געטאָ וואַרשע. די צאָל געהיימע פּרעסע־אָרגאַנען און אויפרופן פון פאַרשידענע גרופּירונגען האָט זיך מיטן לויף פון דער צייט כסדר פאַרמערט און די ערשטע שחיטה האָט זיך פאַרגרמען זיי צו ליקווידירן. צווישן די 52 מענטשן, וועלכע זענען דעמלט געוואָרן דערשאָסן, האָבן זיך אַחוץ אַקטיווע מחברים און אינפאָרמאַטאָרן פון דער געהיימער פּרעסע געפונען אויך אַ פּראָצענט זעצערס און בעקערס.

פאַר וואָס בעקערס איז געווען פאַרשטענדלעך פאַר יעדן איינעם. אין דער מלחמה און געטאָ־צייט זענען די בעקערייען געוואָרן דער סאַמע וויכטיקסטער פּראָדוקציע־צווייג. זענען בעקערס געוואָרן די פינאַנסיעלע עליטע פון דער געטאָ־באַפעלקערונג און זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן חלק אין פינאַנסירן די אונטערערדישע פּרעסע. די בעקעריי בליימאַן איז געווען אויך פאַר דער מלחמה באַקאַנט אין וואַרשע מיט איר געשמאַקן ברויט, מיט אירע פּסחדיקע מצות. האָט זיך בליימאַן און זיין פרוי געפונען צווישן די 52 דערשאָסענע פון יענער נאַכט.

אַ הויפּט־ליפעראַנט פון מאַטעריאַל פאַר דער געהיימער פּרעסע, דער פּאָפּולערער ליבלינג און מנהיג פון דער יוגנט איז געווען מנחם לינדער. די געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן אין זיין פאַל נישט געמאַכט קיין טעות.

# 29. די פּרעלעגענטן

אויב לינדער איז געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער קולטור־טעטיקייט אין געטאָ וואַרשע, איז מרדכי מזא״ה געווען דער, וואָס האָט די געשאַפענע ראַם אָנגעפילט מיט אַ לעבעדיקן אינהאַלט. ער איז געווען דער הויפּט־פּרעלעגענט, דער געשטאַלטיקער און אויספירער פון אירע פּלענער און פּראָגראַמען.

אין די פריִערדיקע יאָרן, אַלס דירעקטאָר פון דער „ווילנער טרופּע״ פלעגט מזא״הן נישט איין מאָל אויסקומען צו רעדן פאַרן צושויער־עולם אין נאָמען פון דעם אַנסאַמבל. אַלס אַ מענטש מיט אינערלעכער זיכערקייט און לעבנס־טיכטיקייט, פלעגט ער אויספירן מיט דערפאָלג אַיעדע אויפגאַבע. איצט, זייענדיק שוין וואַרשיינלעך איבער די זעכציק, האָט זיך מזא״ה אַנטפּלעקט אַלס ערשטקלאַסיקער טאַלענטפולער רעדנער און פּרעלעגענט. ער פלעגט ממש פאַרכּישופן דעם עולם מיט דער פּיקחות און וואָגיקייט פון זיינע לעקציעס. ער פלעגט זיי באַזאַלצן און באַפעפערן מיט זיין פּרעכטיקן הומאָר, מיטן משל, מיטן מדרש; דערלאַנגט יעדע זאַך בנעימות, אויסגעטראָגן מיט דער פיינסטער שלמות די מחשבה און פּוענטע פון זיין יעטווידן „שמועס״. שוין אָפּגערעדט פון דעם אימפּאָזאַנטן מענלעכן טעמבער פון זיין שטים; פון זיין קלאָרער און ריינער דיקציע. ער האָט אַ סך געלעזן און אַ סך געאַרבעט. פון אַ טעאַטער־אונטערנעמער און אָפּט מאָל האַרטן און שווערן געשעפטסמאַן, איז ער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן לערער, אין אַ פּערזענלעכקייט פון זשיטלאָווסקיס חדר, וועלכע האָט פאַרבונדן אין איר וועזן און אינטעלעקט דאָס אַלטע מיטן נייעם, דעם בית־מדרש און די גרויסע וועלט.

און דאָ דאַרף איך איבערגעבן וועגן זיין גורל. אַלס מענטש פון טעאַטער און אַ פיגור פון דער ייִדישער דראַמע, איז מזא״ה אומגעקומען ערשט אין לעצטן אַקט. איך האָב אים געזען אין נייעם געטאָ אין די ווינטער־חדשים 1942/43. ער האָט וועגעטירט אין עפּעס אַן „אַמט״ פון דעם יודענראַטישן סאָציאַלן אָפּטייל. נאָך דער יאַנואַר־אַקציע האָב איך געהערט, אַז ער איז געבליבן לעבן אין איינעם מיט זיין לעצטער פרוי, די שוישפּילערין אסתּר גאָלדענבערג. זיי האָבן זיך איבערגעטראָגן אין איינעם פון די שאָפּן, אָבער קיין גענויערע פּרטים האָב איך נישט גע־

הערט. לויט רינגעלבלומס אַן אינפֿאָרמאַציע, געדרוקט אין צווייטן באַנד פון זיינע שריפטן זענען זיי ביידע אומגעקומען בשעת דעם אויפשטאַנד אויפן געביט פון צענטראַלן געטאָ.

*

אַ שפּליטער פון מיין לעצטן געשפּרעך מיט מזא״ה איז מיר גע־בליבן אין זכרון. איך האָב אים געטראָפן צופעליק אין לאָקאַל פון בייעם יודענראַט, צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע. איך האָב שוין דעמלט געוווּסט וועגן די אומשטאַנדן פון מרים אָרלעסקאָס אומקום.

— מען האָט זי אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע דעם 13טן סעפּטעמ־בער — האָב איך אים איבערגעגעבן.

— יאָ, — האָט ער מיר געענטפערט — אויך חנה בראַז האָט מען אַרויסגעפירט.

ווי איינער רעדט — מרים אָרלעסקאַ, איינע פון די שוישפּילערינס פון דער „ווילנער טרופּע״... גלייך ווי זי וואָלט פאַר אים קיין מאָל מער גאָרנישט באַדייט.

די זאַך האָט מיך עפּעס ווי פאַרדראָסן, באַליידיקט. עס איז מיר דעמלט נישט איינגעפאַלן, אַז אַזאַ רעאַקציע קאָן זיין דער אויסדרוק פון פאַרלעגנהייט, פון ווען עפּעס פאַרטושן.

און דווקא אסתּר גאָלדענבערג, די אַמאָליקע פריינדין פון מרים אָרלעסקאַ, ביי וועלכער זי האָט, אַזוי צו זאָגן, צוגענומען דעם מאַן, האָט אויסגעפרעגט אויף פּרטים וועגן „פאַליען״ און וועגן גורל פון איר נאָענט־סטער משפּחה.[56]

*

אַחוץ מזא״ה האָט זוכה געווען צו אַ גרויסער פּאָפּולאַריטעט אין געטאָ וואַרשע אַ לאָדזשער אַקטיוויסט פון „בונד״ בנימין ווירזאָווסקי. זיין זייער יידיש פּנים מיט אַ לאַנגער נאָז און זיין נערוועזע, קליינע גע־שטאַלט, שטייט מיר ווי לעבעדיק פאַר די אויגן. ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט געדיכט פאַרבראָקט זיינע רייד מיט פּאָליטישע רמזים און אַלע מאָל זוכה געווען צו שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. זיין נאָמען פיגורירט ביי רינגעלבלומען צווישן די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון איקאָר.

צווישן אַנדערע האָט אויך מיין נאָמען פיגורירט צווישן די פּרעלע־גענטן פון „איקאָר״, הגם צו דער פאַרוואַלטונג, ווי טורקאָוו שרייבט אין

זיין בוך, האָב איך קיין מאָל נישט געהערט. אַריינגעטון ביז איבער די אויערן אין מיין אַרבעט אַלס פּאַרוואַלטערין פון דער פאָלקס־קיך אויף לעשנאָ 40, האָב איך פון דעסטוועגן, לויט לינדערס עקשנותדיקע פאָ־דערונגען, געמוזט עפּעס צוגרייטן פאַר זיין „פאָלקס־אוניווערסיטעט". איך האָב באַאַרבעט שריפטלעך און עטלעכע מאָל פאָרגעטראָגן צוויי רע־פעראַטן: איינעם א.ט. „אַרבעט און פאָלקס־ליד" אויפן סמך פון קאַרל ביכערס ווערק „אַרבייט אונד רהיטמוס" און „דאָס יידישע לעבן אין ליכט פון דער יידישער ליטעראַטור" אויפן סמך פון מיינע אייגענע באַטראַכ־טונגען.

עס איז אפשר געווען מיין מזל, וואָס איך האָב נישט געהאַט קיין צייט זיך מער צו עקספּאָנירן אין דער טעטיקייט פון „איקאָר". אָט האָט די בונדישע לערערין און שול־טוערין סאָניע נאָוואָגרודזקאַ, וועלכע האָט ענערגיש געזאָרגט אַרויסצובאַקומען פון יידישע שרייבער מאַטע־ריאַלן פאַר די בונדישע געהיימע פּרעסע־אָרגאַנען — פיגורירט אויף דער ערשטער ליסטע פון די פּראָסקריבירטע עסקנים. יענעם ערשטן פרייטיק ביי נאַכט האָבן זי די שליחים פון מלאך המוות נישט געטראָפן אין דער היים, און דערנאָך האָט זי שוין ביז צו דער גירוש־אַקציע אין איר שטוב נישט גענעכטיקט.

*

צום גליק פאַר זיך און צו דער טרייסט פאַר אירע פריינד האָט נישט דערצויגן צו יענער ערשטער אַפּריל־נאַכט אַן אַנדערע ביז גאָר וויכטיקע פּרעלעגענטין און מיטאַרבעטערין פון לינדערס קורסן וועגן דער יידישער ליטעראַטור — די פּסיכאָלאָגין און פּעדאַגאָגין ראָזע סימכאָוויטש. ראָזע איז געווען פון די סאַמע ליכטיקע פּערזענלעכקייטן אין געטאָ וואַרשע, איינע פון די שענסטע מענטשן, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין מיין לעבן.

איך האָב זיך באַקענט מיט איר פאַר דער מלחמה דורך דער פאַר־מיטלונג פון די צוויי באַקאַנטע ווילנער שוועסטערן ריווע און וויטע לעווין, וועלכע פלעגן, קומענדיק קיין וואַרשע „איינשטיין" ביי אַ קרובה אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, ביי וועלכער ראָזע האָט געוווינט סטאַביל.

זי איז געווען אויף איר געביט אַ וויסנשאַפטלערין מיט אַ הויכן סטאַזש און פלעגט זיך באַטייליקן אין אינטערנאַציאָנאַלע פּעדאַגאָגישע קאָנגרעסן אַלס פאָרשטייערין פון יידיש־וועלטלעכן שול־וועזן אין פוילן. איר גרויסער אינטעלעקטועלער פאַרנעם, איר פאַך־וויסן און טיפע חכמה,

איר באַשיידנקייט און פערזענלעכער שאַרם — האָבן מיך ממש פאַר־כישופט. די איידעלע, מאָגערע הענט ראָזעס פלעגן אָפט אָנהייבן צו ציטערן ביים אָננעמען די קליאַמקע פון אַ טיר, ביים דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. איך האָב מיך משער געווען, אַז דאָס איז אפשר אַן איבערבלייבעניש פון עפּעס אַ שווערער איבערלעבונג און יעדעס מאָל, ווען איך פלעג עס דערזען פלעגט דאָס אַרויסרופן אַ ציטער אין מיין האַרצן, אַ געפיל פון נאָגנדיקן מיטלייד. ווען איך האָב דאָס דערפילט, האָב איך פאַרשטאַ־נען, ווי נאָענט זי איז מיר געוואָרן. איך קאָן ביז היינט נישט צוזען גלייכגילטיק, ווען ביי אַ מענטשן ציטערן די הענט...

*

פון דער אָקופּאַציע־צייט זענען מיר געבליבן אין זכרון אונדזערעביידנס צוויי באַגעגענישן מיט טרערן.

די ערשטע פון אָט די באַגעגענישן איז פאָרגעקומען נאָך פאַרן שאַפן דאָס געטאָ... איך בין צוריקגעגאַנגען איבער ביעלאַנסקע פון דעם שטאָטישן ביוראָ פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע אויף פּרעדרע־גאַס, וווּ איך האָב גע־האָפט צו דערליידיקן אַ פּלאַץ אויף עטלעכע וואָכן פאַר אַ טעכטערל פון אונדזערער אַ קיך־קאָנסומענטין, אַ קריגס־אלמנה פון דער פּראָווינץ, כּדי דאָס קינד זאָל זיך דאָרט אויסהיילן פון זיין שויך בולטן הונגער־געשוויר. דאָס האָט שוין געזאָלט זיין דאָס דריטע פּראָטעקציע־קינד מיינס, וואָס איך האָב געפּרוווט ראַטעווען פון הונגער־טויט מיט דער הילף פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ביי דער געלעגנהייט בין איך אָבער געוואָר געוואָרן, אַז דאָס צווייטע פון אָט די קינדער, אַ יינגל פון אַ יאָר 13—14 מיטן נאָמען ישעיהו ג. האָט זייענדיק אין דער סאַנאַטאָריע אָנגערעדט נאָך צוויי יינגלעך אין זיין עלטער און מיט זיי צוזאַמען באַגנבעט דעם הלבשה־מאַגאַזין פון דער אַנשטאַלט. די פאַרוואַלטונג האָט אַנטדעקט די גנבה און אַרויסגעוואָרפן דעם גנב נישט טוענדיק מיר כּלל צו וויסן וועגן דעם. דער חברה־מאַן איז צוריקגעקומען צו אונדז אין קיך מיט אויס־געפּאַשעטע, ראָזע בעקעלעך און האָט גאָרנישט דערציילט. דערהערט די מעשה, האָב איך שוין גאָרנישט געבעטן. איך בין געגאַנגען צוריק פון פּרעדרע־גאַס און דעם גאַנצן וועג האָבן זיך ביי מיר טרערן געקייקלט איבער די באַקן.

ראָזע איז דעמלט פּונקט אַרויסגעגאַנגען פון דער צענטראַלע אויף טלאָמאַצקע. זי האָט קוים געקאָנט פאַרשטיין, וואָס איך האָב איר דער־

ציילט, זי האָט מיך אָבער געגומען אונטערן אָרעם און מיך באַגלייט איבער דער לעש; מיך שטיל געטרייסט, אַז דאָס יינגל איז אַ קרבן פון דער סיטואַציע, און וועלכער די מלחמה האָט אים אַריינגעשטויסן; אַז ער מאַכט איצט אוודאי אַדורך זיינע שווערע פובערטאַציע־יאָרן און אַז ער קאָן נאָך ווערן אַ „לייט". זי האָט מיר געראָטן פאַרצוגיין „מיט גוטן"...

איך האָב איר עצה נישט געפאָלגט. איך האָב צו ישעיהון נישט גע־קאָנט מער רעדן. ער האָט פאַרשטאַנען, געפרווט מיך איבערבעטן מיט אַ משונהדיקן, אומבאַהאָלפענעם בריוו און ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן אויף אייביק. מען האָט מיר שפּעטער גע־זאָגט, אַז ער איז אַוועק אויף דער פּראָווינץ. זיין גורל איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן. ווען איך זאָל אַפילו געווען ווייטער זיך מיט אים מטפל זיין און ער זאָל אַפילו געווען ווערן גוט און פרום, וואָלט ער מסתּמא סיי ווי געווען אומגעקומען.

מיט אַ קנאַפּן יאָר שפּעטער האָבן זיך די ראָלן צווישן מיר און ראָ־זען געביטן. אויף כּמעט דעם זעלבן אָרט, ביים אַריינגאַנג אין בנין פון טלאָמאַצקע 5 האָב איך זי געטראָפן אַרויסגיין פון דער צענטראַלע און דאָס מאָל זענען אירע אויגן געווען נאַס פון טרערן.

— ראָזע, מיין טייערע, וואָס איז געשען? — בין איך צו איר צוגע־לאָפן.

— ענגלאַנד — האָט זי אויסגעשטאַמלט — מען באָמבאַרדירט אָן אויפהער לאָנדאָן מיט שווערע באָמבעס... זיי וועלן נישט קאַפּיטולירן. די באַפעלקערונג שיצט זיך אין די טונעלן פון דער אונטערגרונט־באַן... די מענער פון גאַנצן לאַנד זענען אויסגעשולט קעגן פאַראַשוטיסטן. די אַטאַקן ציען זיך חדשים־לאַנג...

ראָזע האָט געלעבט, שטודירט אין לאָנדאָן אַ שטיק צייט. די באַשריי־בונג פונעם „בליץ" האָט זי מסתּמא נאָר־וואָס פריש געהערט אין דער נייעס־קיבעצאַרניע פון אונדזער באַאַמטנשאַפט און איר האַרץ האָט גע־בלוטיקט: די לעצטע פעסטונג פון אייראָפּע, די לעצטע האָפענונג!... און דווקא דאָס, וואָס די ענגלענדער ברעכן זיך נישט איין, האָט זי אַזוי דער־שיטערט.

*

איך האָב זי נאָך נישט איין מאָל געזען און גערעדט מיט איר. איך פלעג זי דערמאָנען אין מיינע וואָכן־רעפּאָרטאַזשן, וואָס איך האָב גע־

שריבן פאַרן געהיימען אַרכיוו, ציטירן אירע נישט סקאַרבאָווע מיינונגען וועגן דער הילף פאַר קינדער. אין אָנהייב ווינטער 1941 האָב איך געוואָלט באַזאָרגן מיט איר הילף אַ פּלאַץ פאַר אַ גרופּע פון 4 יתומימלעך — דריי ברידערלעך מיט אַ שוועסטערל — וועלכע האָבן אין משך פון דעם טאָג נישט אָפּגעטרעטן פון קאָרידאָר אין אונדזער קיך און פלעגן שלאָפן ביי נאַכט אויף אַ בוידעם, ווו עס האָט זיי בוכשטעבלעך געדראָט צו ווערן פאַרפרוירן מיטן נאָענטן אָנקומען פון ווינטערדיקע פרעסט. הערנדיק וועגן די פיר קינדער, איז ראָזע שטאַרק אויפמערקזאַם געוואָרן דערויף, וואָס זיי ווילן זיך בשום אופן נישט לאָזן איינאָרדענען אין אַ פאַרמאַכטן הויז. צוויי מאָל זענען זיי שוין אַנטלאָפן — איין מאָל פון וועג און איין מאָל בעת דער רעגיסטראַציע אין דעם אויפנעמצימער פון אַ „קינדער־פּונקט”, ווו איך האָב פאַר זיי באַזאָרגט אַ פּלאַץ. איינמאָל איז דער שליח פון אונדזער קיך צוריקגעקומען מיט אַ „קוויטונג” אויף 4 קינדער, מיט אַן אונטערשריפט און מיט אַ זיגל פון דעם קינדער־פּונקט, אָבער נאָך איידער דער שליח האָט זיך אומגעקערט, זענען שוין אַלע 4 קינדער געווען צוריק אין אונדזער קאָרידאָר...

אויסגעהערט די מעשׂה, האָט ראָזע געזאָגט, אַז מיטן פּחד פון די קינדער צו ווערן פאַרמאַכט אין אַ פאַרשלאָסן הויז, דאַרף מען זיך רעכענען.

נאָך האָט מען דעמלט נישט געהאַט געהערט וועגן די קינדער־אַקציעס אין לאָדזש. נאָך האָבן זיך נישט געהאַט אָנגעהויבן די מאַסן־מאָרדן פון יידישע קינדער, ווען די יתומים־אַנשטאַלטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין די אַמלייכטסטן דערגרייכבאַרע מקורות פאַר נפשות־קאָנטיגענטן צום אַרויסשיקן קיין טרעבלינקע צי קיין כעלמנאָ, אָדער פאַר די אָפענע גריבער אין ווייסרוסלאַנד און פאָדאָליע. די גרויסע אינטויציע און דאָס געטרייע האַרץ פון דער גרויסער פּעדאַגאָגין האָט שוין אָבער געפילט און פאַראויסגעפילט, וואָס עס קאָן געשען.

— דעם פּחד פון די קינדער, זייער אינסטינקט, דאַרף מען רעספּעקטירן — האָט זי געפּסקנט...

*

„זי איז געווען אַ מלאך אויף דער ערד” — שרייבט עמנואל רינגעלבלום וועגן ראָזע סימכאָוויטש אין זיינע סך־הכּלען וועגן דעם אונטערגאַנג פון דער יידישער אינטעליגענץ אין וואַרשע. זי האָט זיך גע־

מיט דערפאַר, אַז די קינדער אין געטאָ זאָלן אַחוץ ברויט האָבן אויך אַ ביסל פרייד. זי האָט זיך פאַרנומען מיטן אָרגאַניזירן קינדער־פאַרשטע־לונגען; אַליין איבערזעצט פאַר זיי טעקסטן פון דער רוסישער און פוי־לישער קינדער־ליטעראַטור; ווערבירט און באַגייסטערט פאַר אָט דער אַרבעט די רעזשיסערין פון פוילישן קינדער־טעאַטער קלימאַ פוסוועָרק.

די ליבשאַפט פאַר קינדער און מאַמעס האָט אויך געבראַכט ראָזען דעם חסד און ברכה פון איר פריצייטיקן טויט, וואָס האָט איר איינגע־שפאָרט די מוראדיקע דערשיטערונגען פון דער גירוש־אַקציע און די גרוילן פון טרעבלינקע.

*

„זויכען־שפער געביט" — האָבן געוואָרנט דייטשע טאָוולען, אויפגע־שטעלטע אויף דרעונגלעך איבער די אַריינפאַר־וועגן אין דער ייִדישער געגנט שוין אין ערשטן אָקופּאַציע־יאָר. „ייִדן־לייז־טיפוס" — האָבן אַראָפּ־געשריגן פלאַקאַטן אין דער דייטשער און פוילישער שפּראַך פון אַלע פאַרקאַנטעס און רעקלאַמע־סלופּעס נאָכן איינפירן דאָס געטאָ, וואָס האָט אין אַזאַ גרויסער מאָס בייגעטראָגן צום אַרויסרופן און פאַרשפּרייטן די טיפוס־מגפה.

לייז... זיי, די דייטשן, האָבן אַליין מורא געהאַט אימת מוות פאַר אָט די דראָבנע באַשעפענישן, וואָס האָבן זיי גערינגט אַלס די סאַמע געטרייע פאַר־בינדעטע אין זייערע דעראָבערונגס־מאַרשן קעגן אַנדערע פעלקער. זיי האָבן אַליין מורא געהאַט און געשראָקן אַנדערע און גלייכצייטיק געטון אַלץ, כּדי עס זאָל זיי נישט פאַרפעלן קיין געלעגנהייט צום איבערטראָגן זייער טויטן־זרע פון מענטש צו מענטש.

אויף דער אַרישער זייט האָט מען זיך אפשר געקאָנט היטן פאַר די טיפוס־לייז. אין דער ענגשאַפט פון געטאָ, בפרט ביי דער הילפס־אַרבעט פאַר פּליטים און פאַראָרעמטע מענטשן־מאַסן, וועלכע זענען אייביק גע־שטאַנען אין רייען, איז דאָס געווען כּמעט אין גאַנצן אוממעגלעך.

דאָך האָבן געוויסע כּלל־טוער און אָנגעשטעלטע אין די געטאָ־אַמטן געזוכט מיטלען זיך צו איזאָלירן און אויסהיטן פאַר דעם דירעקטן קער־פּערלעכן קאָנטאַקט מיט די ענג צונויפגעדריקטע מאַסן נויטבאַדערפטיקע. מען האָט אויפגעשטעלט אין אַמטן באַלוסטראַדעס, וואָס האָבן געהאַלטן די הילפס־באַדערפטיקע אויף אַ דיסטאַנץ.

מען האָט אויך פאַר ראָזען געוואָלט אויפשטעלן אַזאַ מין באַלוסטראַדע אין איר אויפנעם־צימער אין „צענטאָס", כדי די פאַרלייזיקטע מאַמעס מיט די פאַרלייזיקטע קינדער זאָלן נישט האָבן צו איר קיין צוטריט.

האָט אָבער ראָזע דערצו נישט מסכים געווען. זי האָט נישט געקאָנט ביי זיך פועלן זיך אָפּצוזונדערן פון די אָרעמע, אומגליקלעכע מאַמעס מיט זייערע הונגעריקע, קראַנקע קינדער. זי האָט געזען דערין אַ באַליידי־קונג פאַרן כבוד פון דעם מענטש.

אימון קעגן אָנשטעקונג איז זי נישט געווען, איז זי קראַנק געוואָרן. שוואַך און אויסגעשעפּט נאָך צוויי יאָר מלחמה און אָקופּאַציע איז זי גע־ווען, האָט זי די הויכע היץ נישט אויסגעהאַלטן.

נאָענטע פריינד אָדער קרובים, וועלכע האָבן געוווינט אין דער סביבה פון גזשיבאָווסקע (דעם נאָמען געדענק איך נישט) האָבן זי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב. דאָקטוירים האָבן אַלץ געטון זי צו שטאַרקן, צו ראַ־טעווען. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. אין איינעם אַ שפּעט־האַרבסטיקן טאָג אין 1941 האָט זיך אַ גרעסערע גרופּע מענטשן פאַרזאַמלט אויפן אָנגעוויזענעם פּלאַץ, כדי צו באַגלייטן ראָזע סימכאָוויטש אין איר לעצטן וועג. מיר האָבן זייער לאַנג געוואַרט מען זאָל זי אַרויסטראָגן. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען, אין וואָס עס באַשטייט דער אָפּהאַלט. ביז עס איז פלור־צים אָנגעפאָרן אַן עגלה איינגעשפּאַנט אין איין פערד און נישט אָפּ־שטעלנדיק זיך פאַרן הויז, וווּ מיר האָבן געוואַרט, אַוועקגעקנאַלט אין אַ שנעלן טעמפּאָ, אַרויס דורך סאָלנע־גאַס, און אין אַ נאָך שנעלערן גאַ־לאָפּ אַנטלאָפן איבער דער קאַרמעליצקע אין דער ריכטונג פון גענשער בית־עלמין.

עס איז נאָך אין יענער צייט דערלויבט געווען צו באַגלייטן געשטאָר־בענע אויפן בית־הקברות. אַ פּאָר מענטשן האָבן באַוויזן צו כאַפּן ריק־שעס און האָבן זיך געלאָזט יאָגן נאָך דער עגלה. אַנדערע האָבן דאָס נישט באַוויזן. באַליידיקטע און צעווייטיקטע זענען מענטשן אַוועק אַהיים און זענען שוין קיין מאָל נישט געוואָר געוואָרן ווער עס איז שולדיק געווען אין דעם דאָזיקן בזיון.

אַ וואָסער באַלאַנג האָט דאָס אַגב געקאָנט האָבן פון דער פּערספּעק־טיוו פון דעם, וואָס עס איז שפּעטער געשען מיט ראָזעס מלווים, וועמען מען האָט נישט געלאָזט איר אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מיך שמואל ווינטער געשיקט גע־וואָר ווערן צי קאָן מען שטעלן ראָזע סימכאָוויטש אַ מצבה.

אויך דאָס איז נישט צושטאַנד געקומען.

איך בין נאָך דער מלחמה אויפן גענשער בית־עלמין נישט געווען, פּונקט ווי איך בין קיין מאָל מער נישט געווען אויפן פאַרשווועכטן בית־עלמין אין לעמבערג, ווו עס איז נישט געבליבן קיין שריד ופליט פון מיין טאַטנס און מיין ברודערס קברים און מצבות.

די מצבות פון אונדזערע ליבסטע און בעסטע זענען איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער אַזוי לאַנג מיר לעבן.

# 30. די ביבליאָטעקאַרן

צוויי זענען זיי געווען: דער גרינדער פון ווילנער פאַרלאַג „טאָמאַר", דער למד־וואָוניק פונעם ייִדישן ביכער־וועזן לייב שור און די שפּעטער־דיקע „פּאַני באַסיאַ" פון דער הילף־אָרגאַניזאַציע פאַר ייִדן אויף דער אַרישער זייט — באַשע בערמאַן.

אַ ביבליאָטעקאַרין פון באַרוף, אַ מיטאַרבעטערין פון דער וואַרשעווער „ביבליאָטעקאַ פּובליטשנאַ" אויף קאָשיקאָווע־גאַס, האָט זיך באַשע, שוין פאַר דער מלחמה, פאַראינטערעסירט מיט דעם ייִדישן בוך און אַרויסגע־געבן בהשתדלות פון „צעקאַבע" אַן אַרבעט אד"ט: „די ייִדישע ביבליאָ־טעקן אין וואַרשע אין ליכט פון ציפערן". אין געטאָ האָט זי זיך צונויפֿמען מיט שורן געשטעלט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע.

אַנדערע ייִדישע טוער האָבן זיך געבראָכן די קעפּ, ווי נעמט מען פאַר די וואָס אַ טאָג אַלץ גרעסערע מחנות פאַראָרעמטע, הונגעריקע, היימלאָזע ייִדן מלבושים, ברויט, אַ דאַך איבערן קאָפּ. באַשע בערמאַן און לייב שור האָבן געטראַכט וועגן דעם, ווי נעמט מען פאַר ייִדן גייסטיקע שפּייז. זיי איז די ערשטע איינגעפאַלן ס'אַרא וויכטיקער כּלי־זיין אין קאַמף מיט פאַר־צווייפלונג עס קאָן זיין דאָס בוך.

אין פלוג גענומען וואָלט זיך אויסגעוויזן: ווער באַדאַרף ביכער, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו עסן, אַז מען ווייסט נישט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מען גייט אַרום? די פּראַקטיק האָט אָבער באַוויזן גאָר עפּעס אַנדערש. ביי ייִדן און ביי נישט־ייִדן די זעלבע דערשיינונג. זעלטן ווען איז געקומען ביי מענטשן צום אויסדרוק אַזאַ מאָסן־הונגער נאָך דעם בוך, ווי אין פּוילן בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע. אַ ביסל איז עס געווען אַ דראַנג צו פאַר־געסן די כּסדרדיקע סכּנות, די מרה־שחורהדיקע ווירקלעכקייט; אַ ביסל אַ דראַנג צו באַטעטיקן די גייסטיקע ענערגיעס, צו שטאַרקן דאָס מוראַדיק דערדריקטע זעלבסטגעפיל.

דאָס זעלבע וואָס איז נוגע דערוואַקסענע איז נאָך אין אַ פיל שטאַר־קערער מאָס נוגע קינדער. בפרט דאָס ייִדישע קינד אין געטאָ.

מען האָט ביי אָט דעם קינד צוגערויבט די וועלט — דעם טייך, דעם

גרינעם בוים, די פרייהייט פון באַוועגונג — און אָט דאָס אַלץ האָט עס געקאָנט צוריקגעווינען אין דער כּישוף־וועלט פון דעם געדרוקטן וואָרט.

*

האָבן זיי שוין אין יאָר 1940 אָנגעהויבן זייער טעטיקייט — סיי באַשע בערמאַן, סיי לייב שור.

באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ פאַרבאָט פאַר ייִדן צו געניסן פון עפנטלעכע ביבליאָטעקן. פריי־לינג 1940 זענען שוין אַלע געזעלשאַפטלעכע און דער רוב פּריוואַטע ליי־ביבליאָטעקן אין דער ייִדישער געגנט געווען פאַרמאַכט. דאָס ייִדישע וואַר־שע, וואָס האָט ביז דער מלחמה פאַרמאָגט 50 ביבליאָטעקן מיט איבער אַ פערטל מיליאָן ביכער, איז געבליבן אָן לייען־שטאָף. אומלעגאַל און אומ־אָפיציעל האָט זיך אָבער דער ייִדישער קאָלעקטיוו תּיכף גענומען פאַרטיי־דיקן פאַר דער גייסטיקער פאַראָרעמונג, און וועלכער דער שונא האָט אים געוואָלט אַריינשטויסן דורך צעשיידן אים מיטן בוך.

לייב שור האָט זיך, קודם כּל, גענומען אויפקלייבן די טיילווייז שוין צעשלעפּטע גראָסער־ביבליאָטעק; באַקומען, איך געדענק שוין נישט פון וועמען און ווי אַזוי, אַ מאַנדאַט צו טון די אַרבעט. חוץ דעם האָט ער אָנ־געהויבן זאַמלען מתּנות ביי פּריוואַטע מענטשן. מיט דער אומדערמידלע־כער עקשנות פון אַ ליטוואַק, מיט מסירת נפש און פאַנאַטיזם פון אַן אמתן אידעאַליסט, האָט ער זיך אַריינגעטון אין דער עבודה און שוין אין די ערשטע חדשים נאָכן איינפירן דאָס פאַרמאַכטע געטאָ, אָדער אפשר אַפילו פריִער, פלעגט שור אין זיין טעקע נישט בלויז צונויפטראָגן ביכער, נאָר ער האָט זיי אויך פונאַנדערגעטראָגן צו זיינע „אַבאָנענטן". פאַרזאָרגט אַ גאַנץ היפּשע צאָל מענטשן מיט לייען־מאַטעריאַל.

זיין צווייטער חלום, אַ מער געהיימער און שעמעוודיקער, איז געווען אַרויסלאָזן אין געטאָ כאָטש איין ביכל — אַן אויפלאַגע פון עטלעכע אויף אַ מאַשין איבערגעשריבענע עקזעמפּליאַרן אונטער דער פירמע „טאָמאָר".

אין פרילינג 1941 האָט דער יודענראַט באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויס־צוגעבן קאָנצעסיעס אויף ליי־ביבליאָטעקן, מיט דער באַגרענעצונג אויף ייִדישע און פּוילישע ביכער. לייב שור האָט אָנגעהויבן מאַכן באַמיִונגען וועגן אַ קאָנצעסיע אויף איבערצונעמען דעם ביכער־אוצר פון דער ליי־ביבליאָטעק „לעבן", אויף דזיעלנע־גאַס, וואָס איז פאַר דער מלחמה פאַר־מאַכט און פאַרחתמעט געוואָרן דורך דער פּוילישער מאַכט אונטער דעם

חשד פון דינען אַלס דעקמאַנטל פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט. און דווקא אָט דער געשלאָסענער לאָקאַל מיט זיין גרויסער ביכער־זאַמלונג איז ניצול געוואָרן פון די באָמבעס און שׂרפות אין סעפּטעמבער 1939.

אַליין אַ שוואַכער און אָפּגעמאָגערטער, מיט די ערשטע סימנים פון הונגער־געשוויר אין די געלבלעכע קישעלעך אונטער די אויגן — האָט שור נישט געזוכט קיין פּרנסה און נישט קיין שטיצע פאַר זיך ביי די דעמלטיקע אַנפירער פון יודענראַט און פון דער סאָציאַלער אַליינהילף. האָט אים עפּעס אַ חבר פאַרזאָרגט אַ פּעקל שפּייז פון אַ „דזשאָינט"־מאַגאַזין, האָט ער עס אָפּגענומען. האָט אים די שרייבערין פון די שורות פאַרבעטן אויף אַ זופּ אין פאָלקס־קיך, איז ער געקומען אָפּעסן. אָבער גערעדט וועגן זיין לאַגע האָט ער קיין מאָל נישט. זיין גאַנצע צייט, אַלע זיינע מחשבות האָבן געהערט דעם גרויסן חלום זיינעם: דווקא אין דער צייט און אין די באַדינגונגען אויפצושטעלן אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק.

און אָט האָט דער חלום אָנגעהויבן מקוים צו ווערן.

ער האָט קאָנצענטרירט די ביכער אין דער דרייצימערדיקער דירה אויף לעשנאָ 56, וועלכע ער האָט פאַרנומען מיט זיין פאַר־קאָלעגע אַ געוועזענעם זעצער פון „מאָמענט", ברוך מאַכליס. ער האָט פאַרמאָגט אין מאַכליסן אַ געשווירענעם פריינד און צוהעלפער אין זיינע אידעען און טוונגען. די קאַרטע פון אַ בוך האָט שור גערופן „מעטריקע" און ער האָט קאַטאַלאָגירט די ביכער לויט זיין אייגענעם, אָריגינעלן סיסטעם. מיט גרויס התמדה און ליבשאַפט האָבן זיי ביידע קאַטאַלאָגירט טאָג־טעגלעך צענדליקער בענדער, באַקלעפּט זיי מיט די געהעריקע נומערן און צעטלען, פאַרוואַנדלט אָנגעוואָרפענע הויפנס, טיילווייז באַשעדיקטע ביכער, אין אַ געאָרדנטן קולטור־אוצר, פול מיט חכמה און וויסן פון דער גאַנצער וועלט. אַלע ווענט פון אַלע דריי צימערן פון זייער שותּפותדיקער דירה אויף לעשנאָ 56 זענען שוין, פון פּאָדלאָגע ביז צום סופיט געווען באַקליידט מיט פּאָליצעס, וואָס יעדעס ברעטל און יעדעס שרייפּל זייערס איז געווען די פּרוכט פון אָן אַ שיעור לויפעניש און יאָגעניש, בקשות און פּראָטעקציעס, מתּנות און סובסידיעס.

אַ געוויסער אָפּקלייב ביכער פון דעם גרויסן אוצר זענען שוין אַפילו געווען געאָרדנט און אויסגעשטעלט אויף די פּאָליצעס און יחידי סגולה האָבן שוין געקאָנט קומען באָרגן אָדער „טוישן" אַ בוך. אויך איך האָב געניאָסן פון אָט דעם כּבוד. אין איינעם אַ טאָג בין איך אַהיים געגאַנגען עטוואָס פריִער פון דער קיך אויף לעשנאָ 40 און בין אויפן וועג אָפּ־

געטרעטן אויף לעשנאָ 56, אָפּגעבן שורן אַ „מזל טוב" צו זיין דערגריי־כונג. מיר האָבן שטאַרק געדאַרפט אין יענע טעג, זיך „מאַכן האַרץ" — אין יענע טעג און וואָכן פון „פּאַר־טעראָר", פון שמועות, ידיעות, בייע גזרות און ביינאַכטיקע הריגות פון „אויסגעשריבענע" יחידים...

ווייל דאָס איז געווען זייער טאַקטיק: טעראָריזירן און מאָרדן און גלייכצייטיק אַרויסגעבן קאָנצעסיעס, דורכפירן פּאַספּאָרטיזאַציע, איינ־שלעפערן די וואַכזאַמקייט פאַרן דעצידירנדיקן, מערדערלעכן איבערפאַל...

*

און נאָך זענען נישט אַלע קאָסטנס געווען אויסגעפּאַקט; נאָך איז שור אין איינעם מיט מאַכליסן נישט פאַרטיק געוואָרן מיטן אינווענטאַ־ריזירן און סאָרטירן אַלע ביכער; נאָך האָט מען נישט באַוויזן אויסצו־פּלאַנירן די שטילע — אפשר געהיימע — דערעפענונגס־פייערונג, וואָס מען האָט, נישט געקוקט אויף אַלץ, באַשלאָסן אָפּצוהאַלטן, ווייניקסטנס אין אַ סימבאָלישן פאָרנעם; נאָך האָט די דורך דעם געטאָ־קאָמיסאַריאָט באַ־שטעטיקטע לייַ־ביבליאָטעק נישט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אַלס עפנט־לעכע אינסטיטוציע, ווען עס איז געקומען דער גירוש.

אַלס ערשטקלאַסיקער דרוקער־פאַכמאַן און מאַשין־מעכאַניקער האָט שור — נישט געקוקט אויף זיינע יאָרן און אויף די גרויע האָר — געהאַט שאַנסן זיך איינצואָרדענען ביי דער מאַשין־באַדינונג פון אַ וואָסער נישט איז „שאָפּ". ער האָט זיך אָבער וועגן דעם נישט באַמיט. נישט געקוקט אויף דער מהומה און אויף דער זאָרג פאַר זיך און פאַר די אייגענע פאַמיליעס, האָבן דאָס געפּרוווט אים באַזאָרגן זיינע חברים און פריינד. שור האָט אויף אַזעלכע אָפּערטעס נישט רעאַגירט.

עס איז געקומען דער 5טער אויגוסט 1942, דער 15טער טאָג פון דער „אַקציע". אין אָט דעם טאָג האָבן אַלע איינוווינער פון לעשנאָ, וואָס זע־נען נישט געוואָרן באַשעפטיקט אין דער פירמע טעבענס, געדאַרפט זיך אַרויסציִען פון זייערע דירות, ווייל אַלע הייזער אויף דער גאַס, פון זשע־לאַזנע ביז קאַרמעליצקע, זענען איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער דאָזי־קער פירמע, אַלס שטח פון וואַרשטאַטן און וווין־בלאָקן פאַר אירע אַרבעטער.

אין יענעם מיטוואָך, גאַנץ פרי, האָט זיך שורס שכן און פריינד מאַכליס אַראָפּגעכאַפּט פון בעט, ווען עס איז נאָך געווען כמעט פינצטער. ער איז אַריין אין קיך, אויפגעשטעלט דעם טשייניק אויף טיי, אָנגע־גרייט אויפן טישל די גלעזער און ערשט דעמלט אָנגעהויבן רופן שורן.

נישט באַקומען קיין ענטפער, איז ער אַריינגעגאַנגען אין שורס צימער אים אויפוועקן און דערזען אים שטיין נעבן איינער פון די ביכער־פּאָליצעס עפּעס אַ מאָדנע הויכן, מיטן קאָפּ פאַרריסן אַרויף. ער האָט אים ווידער נישט געענטפערט אויף זיין רופן און ווען מאַכליס איז צוגעקומען נענטער, האָט ער דערזען וואָס עס איז געשען: שור האָט זיך אויפגעהאַנגען...

אַ מוראדיק דערשיטערטער איז מאַכליס אַוועקגעלאָפן אַ פּאָר הייזער ווייטער, אויף לעשנאָ 66 — צו מיר. געקומען זעצן מיטן קאָפּ אין דער פוטרינע פון דער טיר, וויינען און שרייען אויף אַ קול. ער האָט געוווּסט וועגן דער האַרציקער פריינדשאַפט מיינער מיט שורן. וועגן זיינע טאָג־טעגלעכע באַזוכן אין קיך. איך מוז זיך אָבער מודה זיין, אַז איך בין נישט געשטאַנען אויף דער הייך פון זיינע דערוואַרטונגען. איך בין נישט מיטגעגאַנגען מיט אים, כּדי זיך צו פאַרנעמען מיט שורס לוויה, געפינען עמעצן וואָס זאָל אפשר פרווון אַוועקפירן ערגעץ די ביכער. אין צווישן האָט זיך דערנענטערט די שעה פון דער אַקציע. יעדע רגע האָט געקאָנט זיין אויף לעשנאָ אַ בלאָקאַדע. וואָס האָט מען געקאָנט טון פאַר אַ פריינד נאָכן טויט, אַז מען האָט אים נישט געקאָנט העלפן ביים לעבן?

אַזוי איז מען געווען אין יענע טעג. די שרעקלעכסטע געשעענישן זענען געווען אונדזער טאָג־טעגלעך ברויט. מיר האָבן זיי אויפגענומען מיט אַן איינטאָניקער טעמפּקייט. פאַרזונקען אין אַ מין פּסיכאָטישן נאַרקאָז, איז דער אָרגאַניזם אָפּגעגאַנגען מיט בלוט, רעאַגירט בלויז מיט אַ דראַבנעם, קוים באַמערקבאַרן ציטערן אויף די טיפע שניטן אין לעבעדיקן לייב, אויפן פאַרלוסט פון זיין עצמדיקסטן אייגנס.

אַ טייל מענטשן האָבן אויפגענומען די ידיעה וועגן שורס זעלבסטמאָרד מיט אַ געפיל פון באַוווּנדערונג. מען האָט אים מקנא געווען, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך דעם כּוח צו טון דאָס וואָס ער האָט געטון. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך איינגעבראָכן, אין אַ געוויסער מאָס צוליב זיין ביבליאָטעק, וועלכע ער האָט נישט געהאַט וווּאַהין צו עוואַקוירן. דאָך האָט מען געהאַלטן זיין שריט פאַר אַ מוטיקער און שטאָלצער טאַט.

— אַזאַ אַלטיטשקער, אַזאַ ווייסע טויב און ער האָט עס געטון! —
מען האָט אים מקנא געווען, וואָס ער האָט עס שוין געהאַט הינטער זיך, דאָס מיאוסע, אומזיסטע געראַנגל...

*

צי האָט ווער שורן באַגלייט צו זיין אייביקער רו, צי איז בכלל ווער געווען ביי זיין קבורה ? וואָס איז געשען מיט ברוך מאַכליס, זיין פריינד ? איך האָב אים מער נישט געזען און האָב שוין אויך מער גאָרנישט געהערט וועגן זיי ביידע.

די נייַ־קאָשאַרירטע טעבענס־שקלאַפן, וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן אין דער דירה פון די צוויי זעצער־חברים, האָבן זיך מיט דעם פּראָבלעם פון עוואַקויִרן די ביבליאָטעק — וואָס האָט אפשר שורן פון דער וועלט געטריבן — קיין סך נישט געבראָכן דעם קאָפּ. זיי האָבן געמאַכט מיט די ביכער אַ „קורצן פּראָצעס״. משליך געווען זיי דורך די פענצטער די־רעקט אויפן מיסטהויפן. עס איז וואָס אַן אמת געווען צו פיל ביכער, אַז זיי זאָלן קאָנען געפינען פּלאַץ אַפילו אין אַלע מיסטקאַסטנס און מיסט־הויפנס פון די דריי הייף פון דער פּאַסעסיע לעשנאָ 56. האָבן די ביכער פאַרפולט אַלע דריי הייף, געוואַלגערט זיך אין רעגן, אין שטויב, אין אַלע ווייטסטע ווינקלען.

אין משך פון אַ סך טעג נאָך, אין משך פון חודש אויגוסט און פון די ערשטע טעג סעפּטעמבער — ביז צום אַרויסמאַרש פון דעם רעשט געטאָ־יִידן צו דער גרויסער סעלעקציע — פלעגן די שמשים פון אונדזער קיך אויף לעשנאָ 40 יוסף ערליך און זיין נייער חבר, פאָרנדיק מיט אַ האַנטוועגעלע נאָך מעל אין דער מיל, וואָס האָט זיך געפונען אויף לעשנאָ 56, ברענגען יעדעס מאָל צו פירן גאַנצע שטויסן ביכער, וואָס זיי האָבן צונויפגעקליבן אויף יענעם הויף. אין גיכן האָבן זיך אויך אין קיך אויף לעשנאָ 40 אָנגעהויבן וואַלגערן אונטער די פיס, אויף יעדן שריט און טריט, יידישע ביכער.

וואַרטנדיק אין דער ריי אויף קאַווע אָדער זופּ, פלעגן די טעבענס־שקלאַפן נעמען אין האַנט אַ ביכל, אַ גלעט טון דאָס טאָוועלע, אַ מיש טון די בלעטלעך, אַריינקוקן און אָנקלייגן מיט אַ טיפן קרעכץ. אַפילו אַ רגע פאַרגעסונג האָבן זיי שוין קיינעם נישט געקאָנט ביטן — די פאַר־לאָזענע ביכער אין די הענט פון די פון גאָט פאַרלאָזענע מענטשן.

*

אָבער דערווייל האַלטן מיר נאָך נישט ביי יענע טעג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סוף פונעם געטאָ. דערווייל דאַרף איך דערציילן, וואָס עס האָט אין משך פון דער צייט אויפגעטון און דערנאָך פאַרלוירן באַשע בערמאַן.

ווינטער און זומער 1940. באַשע אַרבעט אין סעקטאָר פון מלבושים־הילף. אַנדערע קלייבן פאַר פּליטים בלויז קליידער און וועש. באַשע קלייבט פאַר די קינדער פון די פּליטים — ביכלעך. און כּדי דער ענין זאָל אויסזען מער „כּשר", הייסט עס אַן אַקציע פון קלייבן שפּילצייג און „ביכעלעך". קינדער פון עלטערן, וואָס זענען געבליבן זיצן אויפן אָרט, פאַרמאָגן פון פאַר דער מלחמה אייגענע ביכלעך, טוישן ביכער מיט קינדער פון אַנדערע משפּחות. אין פאַרמעגלעכע הייזער ווערט אָרגאַניזירט אַ ביכער־אויסטויש. געוויסע הויז־קאָמיטעטן פאַרמאָגן קינדער־ווינקלען. אַממיינסטן באַעוולט און אומגליקלעך איז דאָס קינד פון די פּליטים־„פּונקטן". דאָס אָפּט מאָל פאַריתומטע, פאַרוואָגלטע קינד פון די קינדער־הייזער.

און גלייך מיט לייב שורן הייבט זיך אויך באַשע בערמאַן אָן אַרומטראָגן מיט וואַליזקעס ביכער; באַזאָרגט נע־ונדע קינדער מיט די ביכלעך פון איר נע־ונדער ביבליאָטעק.

נאָוועמבער 1940. עס גרייט זיך דאָס געטאָ. אויף לעשנאָ 67 געפינט זיך אַן אָפּטייל פון דער „ביבליאָטעקאַ פּובליטשנאַ". די פּוילישע אינסטיטוציע, אין וועלכער באַשע האָט אַמאָל געאַרבעט — מוז זיך עוואַקוירן. מאַכט זי באַמיונגען אין נאָמען פון „צענטאָס" צו באַקומען דעם לאָקאַל. זי לעגאַליזירט אים אונטער דער פירמע פון דער קאָמיסיע פאַר קינדער־אימפּרעזעס, וואָס אַרבעט זייער פּרוכטבאַר אונטער דער לייטונג פון קלימאַ פוסוועדק — די שפּעטער פּאָפּולערע „באָגושאַ" אויף דער אַרישער זייט.

די אַרבעט מוז מאַסקירט ווערן. די צוויי צימערן ווערן אויסגעפּוצט מיט פּרעסקן פון פּאַפּירענע קינדער־אויסשניטן. אויף פּאָליטשקעס ווערן אויסגעשטעלט ליאַלקעס, חיהלעך, פאַרשידענע מינים שפּילצייג. אויף די טישן ליגן ביכלעך מיט פאַרביקע אילוסטראַציעס. אַלץ, כּדי אָנצוגעבן דער אינסטיטוציע אַ וואָס ווייניקער ערנסטן, מער שפּילעוודיקן אויסזען. אונטער אָט דעם דעקמאַנטל — ווערט אָנגעהויפּט אַן אוצר פון יוגנט־ליטעראַטור אין יידיש און אין פּויליש. די ביכער שטאַמען פון דעם זעלבן קוואַל ווי ביי שורן. איינער פון די וויכטיקסטע צושטעלער איז טאַקע שור גופא. ער טיילט כּסדר אויס פון זיינע זאַמלונגען דעם שטאָף וואָס איז צוגעפּאַסט פאַר קינדער און יוגנט.

— מען דאַרף איר העלפן, באַשען — טענהט ער כּסדר — מען דאַרף

איר העלפן! ער דערמוטיקט מיט גרויס האַרציקייט באַשעס טעטיקייט, מאַכט פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער קינדער־ביבליאָטעק.

אַ צווייטן וואַרעמען פריינד און העלפערין פאַרמאָגט באַשע אין דער פּערזאָן פון דער באַקאַנטער קינדער־פּסיכאָלאָגין ראָזע סימכאָוויטש. נאָך איר טויט סוף האַרבסט 1941, ווערט די קינדער־ביבליאָטעק אָנגערופן אויף איר נאָמען.

*

די ביבליאָטעק אויף לעשנאָ 67 פּראָספּערירט ביז גאָר.

אין אַ קורצער צייט דערגרייכט זי איבער 700 אינדיווידועלע קינ־דער־אַבאָנענטן. די קינדער זענען אין אַ סך פאַלן נישט געוווינט צו לייע־נען יידיש אָדער זיי קענען אין גאַנצן נישט דעם יידישן אַלף־בית. באַשע האָט איר מעטאָדע צו געווינען די קינדער פאַרן יידישן בוך.

זי לייט די קינדער צו צוויי ביכער — איינס אַ פּויליש, דאָס צווייטע אַ יידישס. פאַר נישט איין קינד ווערט דאָס יידישע בוך אַן אַנט־פּלעקונג, אַ שליסל צו דעם אייגענעם געמיט. ביי אַ טייל קינדער צע־פלאַקערט זיך אַן אויסטערלישע ליבשאַפט צום יידישן בוך.

פון צייט צו צייט אָרדנט די ביבליאָטעק איין אַ פאָרלייענען פון יידישע ביכער. עס לייענען פאַר די קינדער גופא. אין דער ביבליאָטעק ווערן איינגעאָרדנט, פאַר אַסימילירטע לערער, פאָרלעזונגען וועגן יידי־שער ליטעראַטור. דאָ טרעפן זיך, אויף אַ באַשיידענער אימפּרעזע, די פּאַטריאָטן פון יידישער קולטור. מען פילט זיך דאָ אַזוי אינטים — אין אָט דער היים פון יידישן קינד און יידישן בוך. דאָ האָב איך צום לעצטן מאָל, פאַר איר שטאַרבן, געזען ראָזע סימכאָוויטש, דאָ האָב איך צום לעצטן מאָל, פאַר זיין דערשיסן, געזען מנחם לינדערן. נאָך קלינגט מיר אין די אויערן זיין שטים, דער ניגון פון „דאָן און דאָניע", וואָס ער ברומט אים נאָך, בשעת דעם אויפטריט פון אַ זינגערין אין לאָקאַל פון דער קינדער־ביבליאָטעק אויף לעשנאָ 67.[57]

די וויכטיקסטע מיטאַרבעטער און העלפער דערציט זיך באַשע פון די קינדער גופא. איר רעכטע האַנט איז שולמית בראַטשטיין, די 17־יאָריקע טאָכטער פון אַ באַקאַנטן וולאָצלאַווקער קולטור־טוער און „יזוואָ"־פריינד און די נאָך פון איר יינגערע מיידלעך טאָבטשע קייטעל, רויזעלע שוואַרצבערג און פאָלע בלאַזער. איינע איז אַלט געווען 13 יאָר, די אַנדערע צוויי צו 15 יאָר.

ווען באַשע פלעגט, שוין נאָך דער מלחמה, דערמאָנען זייערע נעמען

פלעגט אַ טרויעריק פאַרנעפּלטער שמייכל אויפבליִען אויף איר געזיכט. אַפילו נאָך זייער טויט האָט זי געמוזט שמייכלען ביים אַרויסרופן זייער זכר — אַזוי זיס און יונג און מלא חן זענען זיי געווען.

*

צו די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער קינדער־ביבליאָטעק האָט געהערט דאָס באַזאָרגן מיט לייענשטאָף דאָס סאַמע אָרעמסטע און אומגליקלעכסטע קינד. די אַקציע האָט אַרומגענומען די בשעת דער מלחמה געשאַפענע אינטערנאַטן און האַלב־אינטערנאַטן, די קינדער־שפּיטאָלן, אַפילו די קינדער פון דעם קאַראַנטין, ווו מען פלעגט האַלטן וואָכן־לאַנג פאַמיליעס, וואָס זענען דורכגעגאַנגען אַ טיפוס.

און דאָס זענען געווען די טראַגישע קוריאָזן פון געטאָ, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער פאָן פון אַ ליי־ביבליאָטעק.

פאַר קינדער פון די אַנשטאַלטן און פּליטים־פּונקטן איז אויסגעקומען צונויפצושטעלן באַזונדערע ליי־קאָמפּלעטן, דער עיקר צוליב סאַניטאַרע טעמים. צווישן אַנדערע האָט באַשע געהאַט ביי זיך אַ ספּעציעלן קאָמפּלעט פאַר קינדער, וואָס האָבן געליטן פון קרעץ.

אין אַ טייל פּונקטן האָבן די קינדער, ביי אַלע באַמיִונגען פון זייערע דערציִער און פאַרזאָרגער, געלעבט אין שרעקלעכע באַדינגונגען. דער רוב פון זיי האָט נישט געהאַט ווינטער וואָס וואַרעמס אָנצוטון, נישט פאַרמאָגט קיין שטיוועלעך. די שטיבער איז נישט געווען מיט וואָס צו באַהייצן. אָבער געלייענט האָבן זיי — אָט די קינדער! צו טוישן די ביכער פלעגט מען אַרויסשיקן „דעלעגאַטן", אויסשטאַפּירטע אין דעם ביסל וואַרעמע זאַכן, וואָס זענען געווען אין אַלעמענס רשות.

עס פלעגן קומען — אין באַזונדערע טעג — די קינדער מיטן כאַראַקטעריסטישן אויסזען און שלעכטן ריח פון פּליטים־פּונקטן. ס'רוב מיט אָפּגעגאַלטע קעפּלעך פון די אייביקע סאַניטאַרע „פאַרוואָקעס", מיט וועלכע מען האָט געפּלאָגט אַזעלכע אַנשטאַלטן; מיט פּנימלעך טייל מאָל שוין אָנגעצייכנטע מיט די געשווירן־קישעלעך אונטער די אויגן. זיי זענען געקומען, כּדי מיט אָן אַ שיעור זאַכלעכקייט און ערנסט צו „דערליידיקן" ביכער. געשטרעקט די מאָגערע הענטלעך נאָך דעם טייערן, געליבטן רעמעדיום אויף זייער נויט — דאָס בוך.

אין געוויסן „פּונקטן", ווו די קינדער פלעגן, צוליב קעלט אין די אומבאַהייצטע שטיבער, נישט קאָנען אַליין לייענען, פלעגט אָרגאַניזירט

ווערן אַ קאָלעקטיוו פֿאַרלייענען. באַשע פלעגט דערמאָנען די דערציִערין פשעפּיורקאַ פון דעם האַלב־אינטערנאַט אויף וואָלנאָשטש 16. די לערערין האָט געלייענט און די קינדער האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן אונטער די קאָצן און האָבן זיך מיט פֿאַרבענקטע פּנימלעך צוגעהערט צו אַ מעשה וועגן אַ רייזע, אַן אַוואַנטורע, וואָס שפּילט זיך אָפּ ערגעץ אונטער ווייטע הימלען, אין די וואַרעמע לענדער פון אַזיע אָדער אַפריקע...

צווישן אירע קליענטן האָט באַשע געהאַט איינעם אַ שם־דבר. אַ פֿאַרברענטן ביכער־שלינגער מיטן נאָמען מאירל. האָט דער דאָזיקער מאירל איין מאָל אָפּגעגעבן אַ ביכל, וואָס צווישן זיינע בלעטלעך זענען אַרומגעקראָכן לייז. אין דער ביבליאָטעק האָט מען זיך אָבער דערפֿאַר נישט אָנגעבייזערט אויף מאירלען. נישט ער איז זיכער שולדיק געווען אין דעם, וואָס איבער זיין ביכל, פונקט ווי איבער זיין אויסגעמאָגערט גופל, האָבן אַרומגעשפּאַצירט לייז... עס איז בלויז קלאָר געוואָרן, אַז פֿאַר דער ביבליאָטעק שטייט אויך אַ פּראָבלעם פון דעזינסעצירן די ביכער.

*

דעם בוך פון דער קינדער־ביבליאָטעק איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ ראָל אויך אין דער צייט פון די אַקציעס.

— נאָך אַפילו אין די ערשטע טעג פון דער אַקציע — האָט מיר באַשע דערציילט נאָך דער מלחמה — האָבן זיך געפֿונען קינדער, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זייערס. געקומען אין די ליי־שעהען אויף לעשנאָ 67 טוישן ביכער. און נאָך איין מאָל — צום לעצטן מאָל — האָט די ביבליאָטעק באַדינט אירע קליענטן. צווישן זיי איז געווען אַ מיידעלע מיטן נאָמען סימטשע, וואָס איז ביי זיך געווען שטאַרק תּקיף. נישט מורא געהאַט צו גיין אין גאַס.

— מיין טאַטעשי אַרבעט ביי טעבענסן! — האָט זי זיך באַרימט און געוויזן אַן „אויסווייז".

וואָס די אויסווייזן זענען ווערט געווען, ווייסן מיר. די ביכער, וואָס זענען אין יענעם טאָג אַרויסגעגעבן געוואָרן, זענען שוין קיין מאָל נישט דערהאַלטן געוואָרן צוריק. וויפֿל פון זיי זענען געוואָרן איינגעפּאַקט אין קליינעם בינטל, וואָס איז אויך פֿאַר קינדער געווען צוגעגרייט מיטצונעמען אין דער נסיעה „אויף מזרח"! וויפֿל פון זיי האָבן זיך דערנאָך, אין איינעם מיט די סידורים און מחזורים פון די גרויסע רוקזעק, אַרומגעוואַלגערט אויף דעם שטח פון טרעבלינקע!

איך זע איצט פאַר די אויגן אַ ייִנגעלע, בשעת איינער פון די בלאָקאַדעס אויף לעשנאָ. זיין פאָטער איז זינט וואָכן געזעסן אין תּפיסה. די מוטער, אַן אַנטשלאָסענע צו פאָרן מיטן קינד צוזאַמען „גוטווייליק״ אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, כּדי אַזוי אַרום אָנצוקומען צו קרובים אין בריסק, קלייבט צווישן די שכנים ביי אונדז אויפן הויף פון לעשנאָ 66 צידה לדרך. אַרום רוישט דער משונהדיקער הו־האַ פון אַ בלאָקאַדע. אָבער דאָס 12־יאָריקע בחורל, אַן אַריינגעטועטער אין זיינע ניי־אַנטפּלעקטע וועלטן, אַ פּאַרטיפּטער און באַנומענער, שטייט אין ווינקל הויף און הערט נישט און זעט נישט, וואָס נעבן אים קומט פאָר. ער לייענט מיט אַלע חושים אַ צעפּליקט ביכל אין אַ רויטן איינבונד...[58]

## 31. דער פאַרזאָרגער

זיין נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט שוין פאַר דער מלחמה. ער האָט פיגורירט צווישן די נעמען פון די אַקטיווסטע ייִוואָ־עסקנים, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו די אָרגאַניזאַציאָנעלע און פינאַנסיעלע פילאַרן פונעם אינ־סטיטוט. ווער עס האָט געהאַט צו טון מיט פאַרשפּרייטן אַ ייִדיש בוך, האָט געקענט זיין אַדרעס אין וולאָצלאַוועק. אויף דעם געביט פון ייִדישן בוך און ייִדישן טעאַטער איז שמואל ווינטער געווען אַ מעצענאַט און מער ווי אַ מעצענאַט — אַ פרומער חסיד. אויב דער באַגריף פון ייִדישער קולטור־אויטאָנאָמיע האָט געהאַט אין זיך אַ ממשות, האָט זי געגעסטיקט אין די הערצער און אין די מעשׂים פון געציילטע מענטשן פון ווינטערס שניט. איך טראַכט דערביי וועגן נאָך איינעם אַזאַ „ייִד אַ סוחר" — אונ־דזערן אַ גאַליציאַנער, אברהם זיינפעלד, וועלכער איז אויך געווען אַ חסיד און אַ צדיק אין איין פערזאָן און גלייך מיט ווינטערן אַוועק מיטן פאָלק אויף קידוש שם העם.

ווינטער האָט זיך מסתמא געהאַט זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס בנוגע די פּאָליטישע באַוועגונגען אויף דער ייִדישער גאַס, אָבער ווי אַ געטרייער מאַן, אַ מאָנאָגאַמיסט, האָט ער דאָס גאַנצע פייער פון זיין האַרצן אַוועקגעשאָנקען איין אידעע — דער וועלטלעכער מאָדערנער ייִדישקייט. געשלעפּט אויף זיך דעם עול און די אחריות פאַר איר קיום, פאַר איר יעטוועדער באַדערפעניש. און ווייל ער האָט נישט געלאָזט קיין יורשים, קיין פּאַרטיי, וואָס זאָל זיך ייַחוסן מיט זיינע פאַרדינסטן און זיך פאַרנעמען מיטן אויסטראָגן זיין זכר, ווערט ער זייער אַ סך פאַרשוויגן און פאַרגעסן. וויל איך דאָ אַרויסברענגען דאָס ביסל ידיעות און זכרונות פון דער לעצטער פּרשה אין זיין לעבן, די פּרשה געטאָ וואַרשע. די פּרשה ייִדישע קולטור אין אונטערערד, געראַנגל פאַר מענטשלעכער און נאַציאָ־נאַלער ווירדע אין דער צייט פון אומקום.

אויף דאָס אויסטראָגן און אויסהאַלטן די צוגרייטונגען צום באַוואָפנטן קאַמף.

*

מען האָט באַדאַרפט האָבן געזען ווינטערן אין יענע טעג, דערפילן דעם צוטרוי, וואָס עס האָט דערוועקט זיין הויכע, ברייטפּלייציקע גע־

שטאַלט — עטוואָס אַראָפּגעהאָנגען און פֿאָרויסגעשטרעקט דער קאָפּ, דאָס לאַנגע פּנים מיט די זייער דיקע גלעזער אויף די גרויסע טונקעלע אויגן. אַ ייִד אַ סוחר, אמת, נאָר פֿון דעם טיפּ ייִדישע סוחרים, וואָס זייערע אויגן זענען שטענדיק אָנגעצונדן פֿונעם לערנען שפּעט אין דער נאַכט אַ בלאַט גמרא נאָך אַ טאָג מיט אַ סך געשעפֿטן.

אַזאַ האָב איך ווינטערן געטראָפֿן צום ערשטן מאָל אין חודש נאָוועמבער 1939 נאָכן אַריינמאַרש פֿון די דײַטשן, ווען ער האָט זיך אַלס פּליט צווישן פּליטים אין איינעם מיט זײַן פֿרוי און דריי קינדער באַוויזן אין וואַרשע. איך האָב זיך באַקענט מיט אים אין איינעם פֿון די אַמטן פֿון דער ייִדישער אַליינהילף אין בנין פֿון דעם יודאַיִסטישן אינסטיטוט אויף טלאָמאַצקע 5 — דער בנין וואָס איז געוואָרן אַ מקום מיקלט פֿון די מער ראַדיקאַלע עלעמענטן פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין וואַרשע, אַן אַנטיפּאָד און אַנטידאָטום קעגן דעם צווייטן גרויסן הויז, דעם זיצאָרט פֿון ייודענראַט אויף גזשיבאָווסקע גאַס. דער געזעלשאַפֿטלעכער אַקטיוו, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אין דער ייִדישער אַליינהילף האָט אָבער געמוזט האָבן זײַן פֿאַרטרויונגס־מאַן און פֿאָרשטייער אויך אין יענער אינסטאַנץ. ווינטער איז געוואָרן דער פֿאַרבינדונגס־מאַן צווישן אָט די ביידע הייזער.

פֿאַר דער מלחמה איז ווינטער געווען אַ תּבֿואה־סוחר און עקספּאָרטער, אַ מיטגליד פֿון דער מלוכהשער האַנדלס־קאַמער. האָט ער אַזוי אַרום אַלס ווירטשאַפֿטלעכער פֿאַכמאַן פֿאַרנומען איינע פֿון די וויכטיקסטע פּאָזיציעס אין דער אינערלעכער היעראַרכיע פֿון געטאָ — די לייטונג פֿון דעם פֿאַרזאָרגונג־אָפּטייל אין דעם אַפּראָוויזאַציע־אַמט, וואָס אין זײַן שפּיץ איז געשטאַנען דער געוועזענער גרויסער אײַזן־סוחר פֿון וואַרשע אברהם געפּנער. ווי וויכטיק איז געווען, אַז בראש פֿון אַן אינסטאַנץ, וואָס האָט געהאַט צו טון מיט דער באַשפּייזונג פֿון דעם איבערבאַפֿעלקערטן, אין געראַנגל מיטן הונגער פֿאַרשטיקטן „ייִדישן קוואַרטאַל” זאָל שטיין אַ מענטש מיט ריינע הענט און מיט די העכסטע מאָראַלישע קוואַליטעטן. און דאָך האָט אויך ווינטער — מיט געפּנערס וויסן און הסכּמה — געמאַכט „מיסברויכן”: אַראָפּגענומען „מעשׂר”, פֿון די צוגעטיילטע אַרטיקלען און פּראָדוקטן, כּדי זיי אַריבערצופֿירן פֿאַר די צילן פֿון דערהאַלטןביים לעבן דעם געזעלשאַפֿטלעכן אַקטיוו, די „קאַדרען”. אַזאַ לאָזונג איז געוואָרן אויסגעטראָגן דורך דער אָנפֿירערשאַפֿט אין דער ערשטער אָקופּאַציע־צייט. ווער עס האָט געזאָרגט פֿאַר די פּאָליטישע מנהיגים. פֿאַר טוער און אָנפֿירער פֿון די ייִדישע פּאַרטייען, נישט אָפּהענגיק פֿון

זייער באַפאַרבונג. ווינטער האָט אין זין געהאַט די, וואָס זענען געווען ווירטשאַפטלעך אַמשוואַכסטן, אַפּט מאָל פּאָליטיש אינדיפערענט, און לויט זייער נאַטור אַמווייניקסטן פעיִק זיך צו ראַנגלען מיטן אונטערגאַנג. ער האָט געזאָרגט פאַר שרייבער און פאַר קינסטלער, פאַר וויסנשאַפטלער, פאַר יוגנט און פאַר קינדער, פאַר זייערע לערער. אַחוץ די אָפיציעלע צוטיילונגען פון שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס זענען אין מינימאַלסטע קוואַנטומס און אין דער ערגסטער קוואַליטעט געגעבן געוואָרן פאַרן געטאָ דורך דער אָקופּאַנטישער אַדמיניסטראַציע, זענען געווען נאָך אַנדערע מקורות פאַר באַשפייזונג פון דעם יידישן קוואַרטאַל. מיטן מאָביליזירן געלט־מיטלען האָט זיך פאַרנומען דוד גוזיק. ער האָט אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט גרויסע גבירים, וואָס האָבן פאַרמאָגט געהיימע געלט־קאָנטאָס אויפן שטח פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער און האָבן מסכּים געווען אָנצוטרויען די דזשאָינט־פאַרטרעטערס גרויסע סומעס געלט אַלס הלוואות אויף צוריקצוצאָלן נאָך דער מלחמה. פאַר אָט דעם געלט זענען געקויפט געוואָרן שפּייז־פּראָדוקטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון אומלעגאַלן האַנדל און שמוגל. פון אָט דער קוועלע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע הילף אין דער פאָרעם פון שפּייז־פּעקלעך פאַר דער דערמאָנטער קאַטעגאָריע מענטשן און אויך הילף אין פאָרעם פון חודשלעכע געלט־סומעס פאַר די פון זיי, וואָס זענען געבליבן אין גאַנצן אָן אַיעדער אַרבעט און לעבנס־באַזע.

פון אָט דער קוועלע זענען מיט דער צייט פינאַנסירט געוואָרן אויך די קולטור־אַקטיוויטעטן צווישן די נישט נאָר אויף פיזישן, נאָר אויך אויף גייסטיקן אונטערגאַנג פאַרמשפּטע יידישע מאַסן. פון אַ גאָר ספּעציפישן אינטערעס מצד ווינטערן האָט גענאָסן דער געהיימער געטאָ־אַרכיוו אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר עמנואל רינגעלבלום.

*

פון דער תּקופה פאַרן גירוש געדענק איך נאָר איין פערזענלעכע באַגעגעניש מיינע מיט ווינטערן. עס איז געווען עטלעכע חדשים נאָכן טויט פון ראָזע סימכאָוויטש. ווינטער האָט מיך פאַרבעטן דורך אַ שליח אַרויפצוקומען צו אים נאָך דער אַרבעט. ער האָט מיך געבעטן זיך צו דערוויסן צי איז פאַראַן אַ מצבה אויף ראָזעס קבר. דער צוגאַנג אויף דעם גענשער בית־עלמין איז שוין דעמלט געווען אָפּגעשניטן און איך האָב זיך אונטערגענומען צו זיין ביי אירע פריינד אויף גזשיבאָווסקע, ווי אויך זען

זיך אין דעם ענין מיטן דאָקטער לייפונער, דעם אַלט־באַקאַנטן דאָקטער פון די יידישע ליטעראַרישע קרייזן, וועלכער איז, ווייזט אויס, געווען ראָזעס אַ פערזענלעכער פריינד אָדער אַ קרוב. אין דעם געשפּרעך האָט ווינטער מרמז געווען, אַז ער ווייסט וועגן אַ באַשרייבונג פון אַ פאָלקס־קיך אין געטאָ, און דערפון איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ער איז נאָענט צו דער געהיימער אַרבעט פון ד״ר רינגעלבלום. איך האָב זיך שוין ביי אַן אַנדער געלעגנהייט איבערצייגט, אַז ביי דער גאַנצער שטרענגקייט פון זיין קאָנספּיראַציע, האָט רינגעלבלום אַ ביסל ליב געהאַט זיך צו באַרימען מיט געוויסע אַרבעטן פון זיין זאַמלונג. וועגן דער זעלבער מאָנאָגראַפיע האָט אויך געוווּסט העלאַ רייכער, מיין שפּעטערע נאָענטע פריינדין אַניעלאַ מאַקאַרעוויטש אויף דער אַרישער זייט.

איך דערמאָן זיך ווי דורך אַ חלום, אַז איך האָב זיך דערפרעגט צו ד״ר לייפונער ערגעץ אויף נאַוואָליפּקי־גאַס, אָפּגערעדט מיט אים וואָס מען האָט צו פאָדערן פון די „פּני״, כדי צו שטעלן ראָזע סימכאָוויטש אַ מצבה. צום איבערגעבן ווינטערן די רעזולטאַטן פונעם דאָזיקן געשפּרעך איז שוין אָבער קיין מאָל נישט געקומען. עס איז געווען אַפּריל, אַ פּאָר טעג פאַר יענעם טראַגיש באַרימטן פרייטיק ביי נאַכט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די תקופה פון בייניאַכטיקע געסטאַפּאָ־באַזוכן, וועגן וועלכע איך האָב שוין דערציילט אין שייכות מיט מנחם לינדער. די שפּאַנונג איז גע־וואַקסן פון טאָג צו טאָג און מען האָט שוין פון קיין מצבות אויף קברים נישט געזאָלט מער רעדן. ס׳האָט זיך דערנענטערט די צייט, אויף וועלכער עס איז אָנגעווענדט דער פסוק, אַז די לעבעדיקע וועלן מקנא זיין די טויטע.

*

מיין צווייטע באַגעגעניש מיט ווינטערן איז פאָרגעקומען אין דער הפסקה צווישן דער ערשטער און דער צווייטער אַקציע. דער צופאַל האָט אַזוי געפירט, אַז נאָך דער אַקציע האָט זיך גראַד שמואל ווינטער דער ערשטער דערוווּסט אַז איך בין געבליבן לעבן און מיר צוגעשיקט אַ צעטל איך זאָל אַרויסקומען אין צענטראַלן געטאָ אויף פראַנצישקאַנער 30. אין איינעם אַן אָקטאָבער־טאָג האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט מיט אַן אַרבעטס גרופּע פון לעשנאָ דורך דעם „ווילדן״ שטח לענג־אויס קאַרמעליצקע, דורך נאַוואָליפּקי ביז צום טויער פון דעם נייעם געטאָ אויפן ראָג פון גענ־שע־זאַמענהאָף.

„...ווי איבער דער לאַנדשאַפט פון אַ טרויעריקן חלום...״ — דאָס

דאָזיקע פאַרטאָגיקע שפּאַנען פון פאַריתומטע מענטשן איבער ליידיקע גאַסן, אויף וועלכע די פלאַטערנדיקע פלאָקנס פון ערשטן שניי האָבן זיך געמישט מיט פליִענדיקע פעדערן פון צעריסן ייִדיש בעטגעוואַנט... די שורות אויסגעליידיקטע הייזער מיט לאָדנס אָפענע, צעקראָכענע, מיט אָפּגעבראָכענע זאַוויאַסעס; מיט פענצטער געשפּענסטיש צעפּראַלטע, צעפלאַטערט מיט טרויער־פאָנען פון זייערע פאָרהאַנגען, צעבלאָזענע פון צוגווינטן, געלאָזענע אויף הפקר, פאַרשטויבטע און צעפליקטע, אין רעגנס פאַרגעלטע — האָב איך באַשריבן אין מיין „געוויין פון טויטע זאכן”. די באַגעגענישן פון דאָזיקן טאָג האָבן זיך אויף אייביק איינגעקריצט אין מיין זכּרון.

אויף פראַנציסקאַנער 30 האָט זיך אַריינגעקליבן נאָך בשעת דער אַקציע די אַפּראָוויזאַציע־אַנשטאַלט Zakład Zaopatrywania [55], ווינטערן האָב איך געטראָפן אין זיין קאַנצעליי, וואָס האָט זיך געפונען אין פראָנט־בנין. ער איז נאָך געווען אין גאַנצן פאַרטראָגן, ווי שיכּור, אין זיין גרויסן ווייטיק נאָכן אַרויספירן זיין פרוי מיטן ייִנגערן זון. אַרויס פון זיין שטייגער שוויגן, האָט ער געביילט די פויסטן און געקלאַפּט אין טיש מיט אַ מעכטיקער שינאה און נקמה־דורשט.

— אַזאַ, אַזאַ דייטשקע וואָלט איך וועלן הרגענען — האָט ער געשטאַמלט — אַזאַ ווי מיין פרוי איז געווען, אַזאַ מאַמע און אַזאַ באַלעבאָסטע...

ערשט נאָך דער מלחמה בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער האָט שוין דעמלט געהאַט געפונען דעם וועג, וואָס האָט געפירט צו נקמה. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דעם פינאַנס־קאָמיטעט פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און זיין אויפגאַבע איז געווען צו זאָרגן פאַר געלט אויף צו קויפן געווער. ער האָט געגליט און געברענט אין זיין רייפן, טראַגישן פלאַם.

זיך אַ ביסל באַרויִקט, האָט ער מיר איבערגעגעבן אַ גרוס פון רינגעלבלומען, מיר דערציילט, אַז ער קומט יעדע וואָך אויף פראַנציסקאַנסקאַ „פאַסעווען” די שפּייז־צוטיילונגען פאַר די ייִדן פון האַלמאַנס שאָפּ און אַז זיי האָבן באַשלאָסן מיך אַרויסצונעמען פון טעבענס־געביט און מיך צושרייבן צו דער פאַבריק פון קינסטלעכן האָניק און צוקערלעך, וואָס געפינט זיך אָט דאָ אויפן הויף פון אַפּראָוויזאַציע־אַנשטאַלט. דער לייטער פון דער פאַבריק איז געווען דער פאַרמלחמהדיקער דאַנציגער קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקסצייטונג” מיטן נאָמען גרינבערג — דער זעלבער גרינבערג, וועגן וועלכן מען האָט מיר שוין געהאַט דערציילט אַ

טראַגיקאָמישן פאַקט, וואָס האָט מיך פערזענלעך זייער גערירט. נאָך דער „ווילדער אַקציע", וואָס איז פאָרגעקומען יום־כּיפּור און געוואָרן אויס־געפירט דורך אַ „שופּאָ"־אָפּטייל, וועלכן מען האָט געוואָלט אויסאיבן אין דער טעכניק פון מאַכן בלאָקאַדעס, זענען די געכאַפּטע מענטשן געבליבן זיצן אַ שטיק צייט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, און אַ טייל פון זיי זענען פון דאָרט געוואָרן אויסגעקויפט. איז זיך דעמלט אין צענטראַלן געטאָ פונאַנ־דערגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אויך איך געפין זיך צווישן די געכאַפּטע. ווען די שמועה איז דערגאַנגען צו גרינבערגן, איז ער אַרויפגעקומען צו ווינ־טערן, אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ 500 זלאָטי־באַנקנאָט און פאָרגעלייגט צונויפצושטעלן אַ סומע געלט כּדי צו שיקן אַ יידישן פּאָליציאַנט מיך אויסצוקויפן. איצט האָט גרינבערג געזאָלט ווערן מיין שעף.

ווען איך וועל אַהער אַריבערגיין וויל מען איך זאָל זיך נעמען פאַר־שרייבן עדויות וועגן טרעבלינקע. אין געטאָ זענען שוין פאַראַן עטלעכע מענטשן, וועלכע זענען פון דאָרטן אַנטלאָפן און עס איז אויפגעקומען אַ פּראָיעקט אַרויסצוגעבן אַ געהיימע בראָשור וועגן דעם, וואָס עס דער־וואַרט יעדן ייִד, וואָס וועט זיך לאָזן אַרויספירן פון וואַרשע.

*

ווינטער נעמט מיך אַרויף צו זיך אין שטוב אין צווייטן טרעפּן־הויז, וווּאַהין ער האָט זיך אַריינגעצויגן נאָך בשעת דער אַקציע, אין איינעם מיטן צווייטן זון און מיט דער טאָכטער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט. זיי זענען שוין אָבער נישט צוויי, נאָר פיר. די טאָכטער און דער זון האָבן געבראַכט צו אים נאָך אַ ייִנגל מיט אַ מיידל, געבליבענע אָן על־טערן בשעת דער אַקציע און ער האַלט ביי זיך די צוויי יונגע פאַר־פעלקער, וועלכע זענען אויך צוגעשריבן צום אַפּראָוויזאַציע־בלאָק. איך געדענק דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר דעמלט געמאַכט די זויבער אויפגערוימטע, באַהייצטע דירה, דאָס היימישע געקעכטס, וואָס ווינטערס שנור האָט דערלאַנגט צום טיש. זי האָט אויסגעזען ווי אַ גימ־נאַזיסטקע מיט איר צאָפּ אויף די פּלייצעס. איך געדענק ווי עס האָט מיך גערירט די צערטלעכקייט, וואָס האָט געשטראַלט פון די אָפּגעצער־טע, שיינע פּנימער, וועלכע האָבן געשיינט אין זייער ערשטן, אַזוי טראַגישן, אַזוי פון פּאַרויס צום אונטערגאַנג פאַרמשפּטן, ליבע־גליק.

עס האָט אָנגעהויבן ווערן שפּעט. פיר אַזייגער האָב איך ווידער זיך געדאַרפט אָנשליסן אין אַן אַרבעטס־גרופּע צוריקצוגיין אויף דער לעש.

איך געזעגן זיך אָפּ און לאָז זיך אַוועק הויף־אויס, הויף־איין דורך אויסגעהאַקטע לעכער אין די פּאַרקנס צום קוואַרטיראַמט פון דעם נייעם יודענראַט מען זאָל מיר צוטיילן אַ דירה.

אין צוויי וואָכן אַרום, די ערשטע טעג דעצעמבער, האָב איך שוין געווינט אין אַ צימער פון דעם האָניק־בלאָק אויף נאַלעווקעס 37. מיין לאַגע האָט זיך שטאַרק פאַרבעסערט דערמיט, וואָס איך בין איצט געווען פרייער, אַרומגערינגלט מיט פריינד. די אַרבעט איז געווען אַ לייכטע. איך האָב באַקומען ברוינעם צוקער און קינסטלעכן האָניק צו דער זעט, ברויט האָט אונדז דעמלט נישט געפעלט און איך האָב זיך אין גיכן דערפילט אַ ביסל שטאַרקער.

אויך האָב איך באַקומען צוגעטיילט קאַרביד און פּעקלעך גרויסע ליכט — צו קאָנען אויף־זיין ביי נאַכט. מיין שכן אין דער שותּפותדי־קער דירה אויף די נאַלעווקעס איז אַ יונגער מענטש מיטן נאָמען אברהם (יעקב) קזשעפּיצקי, וועלכער האָט געשטאַמט פון דאַנציג און איז דעם 13טן סעפּטעמבער — סך הכּל מיט צוויי חדשים צוריק — אַנט־לאָפן פון טרעבלינקע. איך זיץ מיט אים יעדן אָוונט ביז שפּעט ביי נאַכט און פאַרשרייב זיין מוראדיקע שילדערונג פון די 18 טעג, וואָס ער איז אָפּגעווען אין טויטן־לאַגער. צוויי מאָל אין דער וואָך בין איך „קראַנק”, איך באַקום „פריי”, כּדי צוצואיילן די אַרבעט. [59]

אין דער פאַבריק אַרבעט נאָך פון פריִער יוסף קירמאַן. אין דער בוכהאַלטעריע — יהושע פּערלע און אויך דרייט זיך דאָ אַרום י. י. פּראָפּוס, פאַר דער מלחמה אַ מיטגליד פון רעדאַקציע „מאָמענט”. מיר געהערן צו די געציילטע מענטשן פון דער ליטעראַרישער משפּחה, וועלכע זענען אַנטרונען פון דעם גירוש. דער טרויער נאָך די אומגע־קומענע אין דער אַקציע, די זאָרג פאַר אייגענע, וואָס געפינען זיך אין אַנדערע ערטער, די איוב־בשׂורות פון יידישע שטעט — דאָס נייע אומ־גליק און די נייע סכּנות, וואָס הענגען איבערן איינגעשרומפּענעם געטאָ — דריקט אויף אונדז פון אַלע זייטן. און דאָך קאָנען מיר דאָ אָפּכאַפּן דעם אָטעם, אָנקלייבן אַ ביסל כּוח פאַר די מוראדיקע ווייטערע נסיונות, וואָס דערוואַרטן אונדז אין דער נאָענטסטער צוקונפט. ווינטער זאָרגט פאַר אונדז ווי אַ געטרייער ברודער, ווי אַ פאָטער.

*

און דאָס אומפאַרמיידלעכע קומט אָן. דעם 18טן יאַנואַר 1943 ברעכט

אויס די צווייטע אַקציע. זי דויערט „בלויז״ פיר טעג, זי אַנטפּלעקט די געענדערטע שטעלונג פון דעם רעשט יידן פאַרבליבענע אין געטאָ. קיינער גלייבט נישט מער אין די דייטשע ליגנס, קיינער גייט נישט מיט גוטן, סיידן מענטשן אַרויסגעשלעפּטע פון בונקערס. פאַראַן ביי אַ 6—7 טויזנט קרבנות אַרויסגעפירטע אָדער געשאָסענע אויפן אָרט. אָבער אויך די ערשטע פאַרטיידיקונגס־אַקטן, די ערשטע דייטשן געפאַלענע פון יידישע קוילן. נאָכן אַרויסקריכן פון די בונקערס דערגרייכט אונדז די בשורה פון סטאַלינגראַד. טראַגיש געהויבענע שטימונגען, אָבער אויך נייע בהלות. די דייטשן ווילן דווקא איצטער וואָס מער צעטומלען סיי די יידישע סיי די פּוילישע באַפעלקערונג.

האָט זיך שוין נאָך דער צווייטער אַקציע אַפילו קיין שאָטן פון אַ מין געאָרדנט לעבן מער נישט איינגעשטעלט. דער איצט האָט זיך שוין נישט גערעכנט כּלל. דער לעצטער אַקט האָט זיך דערנענטערט און צו אים האָט מען זיך געגרייט אין אַ פאַרגיכערטן טעמפּאָ. אַרישע זייט אָדער אַ בונקער — דאָס זענען געווען די צוויי דרכים צו פּרווון דער־לעבן די באַפרייונג, וואָס איז דווקא איצט, נאָך דער בשורה פון סטאַ־לינגראַד, געווען מער רעאַל, מער וואַרשיינלעך ווי ווען נישט איז.

וועלכן פוןביידע וועגן האָט אויסגעקליבן ווינטער פאַר זיך און זיינע קינדער?

ביי מיר איז רייף געוואָרן דער פּלאַן אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט און ווען איך בין אין די ערשטע טעג מערץ 1943 געקומען אויף פּראַנציסקאַנער 30 זיך געזעגענען מיט ווינטערן, איז אונדזער געשפּרעך אַרויפגעקומען אויף די צוויי יונגע פאַרפעלקער ביי אים אין שטוב אין דעם ערשטן אויפבלי פון אַ שותּפותדיקן גורל: וואָס וועט זיין מיט זיי? איך האָב מיר נאָך אַליין נישט געקאָנט פאָרשטעלן, ווי וועל איך „דאָרטן״ קאָנען אָנהייבן צו לעבן, זיך באַוועגן איבער גאַסן אַלס אַ פּוי־לישע פרוי אונטער אַ פרעמדן נאָמען. שוין דער וועג אַליין פון שווענ־טאָיערסקע, פון וואַנען איך האָב געזאָלט ווערן „אַריבערגעוואָרפן״, ביז צו אַ הויז אויף ראָג מאַרשאַלקאָווסקע-פּיוסאַ (ווי עס האָט אויף מיר כּלומרשט געוואַרט אַן אָרט צום וווינען) איז מיר פאַרגעקומען ווי אַן עקספּעדיציע אויף אַן אַנדערן פּלאַנעט. ווי אַזוי וועל איך דאָרט קאָנען עפּעס אויפטון פאַר עמעצן אַנדערש? דאָך האָב איך אָנגעבאָטן ווינטערן זיך דאָרט נאָכצופרעגן, אים צו וויסן טון.

איידער איך בין אַריינגעגאַנגען אין זיין צימער, האָב איך זיך דורכ־

גערעדט מיטן ד״ר רינגעלבלום, װעלכן איך האָב דאָ פּונקט געטראָפֿן. ער האָט מיר אָנגעגעבן אַ פֿאַרבינדונגס־טעלעפֿאָן ביי אים אין שאָפּ, דורך װעלכן ער װעט פֿאַר מיר אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיטן ד״ר בערמאַן.[60]

איך האָב געהאַט געהערט, אַז עס איז פֿאַראַן אַ קאָמיטעט, מיט װעלכן עס פֿירט אָן מנחם קאָן און אַז דער דאָזיקער קאָמיטעט דיספּאָ־נירט מיט אַ געװיסן קאַפּיטאַל צו פֿינאַנסירן דאָס אַרויסגיין און איינ־אָרדענען אויף דער אַרישער זייט מענטשן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן אַקטיװ. איך האָב מיט אָט דעם קאָמיטעט נישט געהאַט ביז איצט צו טון און האָב מיך געקליבן אַרויסצוגיין מיט דער הילף פֿון פּערזענלעכע פֿאַרבינדונ־גען. װען איך בין אָבער אַריינגעגאַנגען צו װינטערן האָב איך אים גע־פֿרעגט הלמאַי גייט ער נישט, פֿאַר װאָס שיקט ער נישט אַרויס די יונגע, און ביי דער געלעגנהייט האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט נאָך איין שטריך פֿון װינטערס כאַראַקטער. ער האָט זיך עפּעס װי באַליידיקט, װאָס מען אינסינויִרט אים, אַז ער װעט פֿאַרלאָזן זיין אַמט, זיינע מיטאַרבעטער, מסתּמא געמיינט דערמיט אויך יענץ לגמרי נישט אָפֿיציעלע אַמט, װאָס ער האָט אויסגעפֿירט לטובֿת דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע.

— װאָס הייסט עפּעס איך װעל אַרויסגיין? אַלע קאָנען נישט אַרויס־גיין. פּונקט איך װעל אַרויסגיין? און װאָס װעט זיין מיט די, װעלכע האָבן נישט פֿון װאַנען אַרויסצוגיין?

— עס איז דאָך פֿאַראַן עפּעס אַ פֿאָנד...

װען איך האָב דערמאָנט דעם פֿאָנד, האָט זיך װינטער פּלוצים נאָך מער צעבייזערט, ממש רויט געװאָרן פֿאַר אויפֿרעגונג.

— װער װעט זיך נעמען אַ רעכט צו באַשטימען װער עס זאָל אַרויס־גיין און װער נישט? — דעמלט װען עס האַנדלט זיך װעגן בלייבן לעבן?

איך האָב שוין איין מאָל געהערט װעגן װינטערס עפּעס אומרעאַלע פּלענער פֿון אַן אַקציע, װאָס מען דאַרף אָרגאַניזירן אויף דער אַרישער זייט; שאַפֿן דאָרט אַ שטרענג קאָנפֿידענציאַנעלע געזעלשאַפֿט, װעלכע װעט באַקומען אַ רשימה אַדרעסן פֿון די פּונקטן אין געטאָ, װוּ עס געפֿינען זיך אונטערערדישע בונקערס און זי װעט איבער זיי װאַכן אין משך פֿון דער צייט, װאָס מוז נאָך פֿאַרגיין, ביז דער באַפֿרייונג. איצט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז ער װעט דאָס געטאָ נישט פֿאַרלאָזן. ער װעט זיך העכסטנס איינגראָבן לעבעדיקערהייט אין דער אונטערערדישער געטאָ־פֿעסטונג און װען עס װעט קומען דער לעצטער איבערפֿאַל פֿון די רוצחים, װעט ער זיין פֿון די, װעלכע װעלן אָט די לעצטע שרעקלעכ־

סטע פעסטונג נישט פאַרלאָזן. ער וויל נישט זיין פון די, וועלכע האַלטן זיך „חשובער פון אַנדערע צו בלייבן לעבן״. ער וואָס האָט געשאַפן געלט פאַר אַזוי פיל צילן, פאַר אַזוי פיל מענטשן, וועט פון דעם געלט אַליין נישט געניסן...

אָבער די יונגע, זיינע יונגע קינדער — צי וויל ער אויך זיי מפקיר זיין ?

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיט דעם געדאַנק האָט ער נאָך נישט אין גאַנצן משלים געווען און איידער איך בין אַוועקגעגאַנגען מיטן טרויעריקן באַוווסטזיין, אַז איך זע דעם מענטש צום לעצטן מאָל, האָט ער מיר דאָך נאָך עפּעס אָנגעזאָגט אין לעצטן מאָמענט, ווי ער וואָלט וועלן יוצא זיין פאַר זיך אַליין — אפשר פאַרן זכר פון זיין פרוי, וועל־כע איז אַוועק מיטן שטראָם פון אומקום, געלאָזט צוויי קינדער אויף זיין אַלייניקן באַראָט. ער האָט מיר אויפגעגעבן אַ פּוילישן נאָמען, וועלכן איך האָב אין ערשטן מאָמענט, מחמת זיין עטוואָס יידישלעכער אויסשפּראַך, נישט געקאָנט דעשיפרירן : Czesław Klarner.

— איר געדענקט נישט דעם נאָמען ? זוכט אים אויף, דאַכט זיך, אַז ער איז געבליבן אין לאַנד. זאָגט אים, זאָגט אים, אַז ווינטער בעט אים ער זאָל אים ראַטעווען זיינע קינדער.[61]

איך האָב זיך נאָך דער מלחמה נאָכגעפרעגט און געוואָר געוואָרן, אַז ווינטער, אַלס גרויסער תבואה־עקספּאָרטער איז געווען אַ מיטגליד פון דער מלוכהשער האַנדלס־קאַמער. פון דאָרטן האָט ער מסתמא גע־קענט קלאַרנערן. זיך אָנגעמיט ביי אים אַ מין פּריוואַטע טובה, אים נאָך דער מלחמה אָפּצודאַנקען פאַר איר. פון קיין געזעלשאַפטלעכע טובות איז ער נישט גרייט געווען צו געניסן. איך האָב קלאַרנערן אין משך פון די 5 וואָכן וואָס זענען פאַרגאַנגען זינט מיין פאַרלאָזן דאָס געטאָ ביז דעם אויסברוך פון דער דריטער אַקציע און אויפשטאַנד דעם 19טן אַפּריל, נישט באַוויזן צו געפינען.

ווינטער האָט מיר אויך אָנגעגעבן אַ טעלעפאָן־נומער. עס איז גע־וואָרן אָפּגערעדט, אַז ווען איך וועל האָבן געפונען אַן אָרט אויף דער אַרישער זייט פאַר די צוויי פאַרפעלקער, וועל איך זיך פאַרבינדן מיט „זיגמונדן״ (זלמן פרידריך פון „בונד״). צוזאַמען מיט אים וועל איך קאָנען באַשטימען און באַשטעטיקן די טראַנזאַקציע. איך האָב עטלעכע מאָל זיך דערקלונגען צו אַ שלאָסער־ווערקשטעל, וואָס איז, זעט אויס, געווען זיגמונדס אַ „מעלינע״. יעדעס מאָל האָב איך אָבער באַקומען

דעם ענטפער, אַז ער איז נאָך נישט צוריקגעקומען. פון וואַנען ער דאַרף צוריקקומען האָט מען מיר נישט געזאָגט. נאָר אַזוי ווי די צייט איז געלאָפן און איך האָב זיך בערך אַרום 15טן אַפּריל איינגעמאָלדן אין אַ געדונגענעם צימער אויף פּרוזשנע־גאַס, ראָג גזשיבאָווסקע, אין איי־נעם מיט נאָך אַזאַ „פּאָלקע" ווי איך, מיטן נאָמען סטאַניסלאַוואַ קרו־ליקאָווסקאַ (העלענאַ מערענהאָלץ) און געדונגען דאָס צימער מיט דער הילף פון אַ פּוילישער מעקלערין, האָב איך שבת, דעם 17טן אַפּריל פון אַ טעלעפאָן אויף פראַגע אָנגערופן דעם „פּאַן זימאָווסקי".[62] ער איז עפּעס ווי צעמישט געוואָרן הערנדיק מיין שטים, געווען באַאומרויִקט וואָס איך קלינג אים.

— וואָס איז געשען, צי האָט איר עפּעס געהערט? — האָט ער מיך געפרעגט.

— ניין, גאָרנישט. איך וויל זיגמונד זאָל מיך באַזוכן וועגן דער סחורה. איר ווייסט, מיר האָבן אָפּגערעדט...

איך האָב געמוזט איבעררייסן דאָס געשפּרעך אין דער „קליינער גאָספּאָדע" אויף דער סטאַלאָווע גאַס, ווו עס האָבן זיך אַרומגעדרייט צו פיל אַזעלכע „פּאָלאַקן" און „פּאָלקעס" ווי איך.

*

נישט מיט ווינטערן, נישט מיט פרידריכן האָב איך שוין מער קיין מאָל נישט גערעדט. אַ פּאָר קליינע פּרטים וועגן ווינטערס גורל האָב איך געהערט אין יאָר 1948 פון מאַרעק עדעלמאַן, דעם געראַטעוועטן בונדישן געוועזענעם קאָמענדאַנט פון דעם אַזוי־גערופענעם „בערשטער־געביט" אויף שווענטאָיערסקע־וואָלאָווע. אויפן דריטן טאָג פון דעם אויפשטאַנד אין אַפּריל 1943 האָבן זיך די קעמפער עוואַקויִרט דורך די בוידעמס אויף דער נאָענטער פראַנציסקאַנסקע־גאַס און דאָרט האָט ער מיט בערך צוויי וואָכן שפּעטער, פון זיינעם אַן אָבסערוואַציע־פּונקט אויפן דאַך, געזען מיט די אייגענע אויגן דעם טראַגישן סוף פון שמואל ווינטער און די ייִדן, מיט וועלכע ער איז געזעסן אין איינעם פון די אונטערערדישע באַהעלטענישן.

עדעלמאַן איז געלעגן פּאַרטייעט אויפן דאַך פון דער אָפּיצין אויף פראַנציסקאַנסקאַ 30 בשעת מען האָט נאָכן אַריינוואַרפן אַ הוסט־באָמ־בע אַרויסגעפירט די מענטשן פון דעם גרויסן און שטאַרק באַפעסטיקטן בונקער פון דער אַפּראָוויזאַציע־אַנשטאַלט. דער בונקער האָט זיך געפור־

נען אונטער די קעלערס פון דער קעגנאיבערדיקער אָפּיצינע, און אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָבן דאָס געדאַרפט זיין די קעלערס און די מאַגאַזינען לינקס פון דעם אינערלעכן איינגאַנגס־טויער, וואָס האָט געהערט צו דער פאַבריק פון קינסטלעכן האָניק, ווו איך מיט קירמאַנען און מיט ווינטערס יונגער שנור האָבן געאַרבעט מיט פיר חדשים צוריק. צווישן די הוסטנדיקע און ניסנדיקע מענטשן, וואָס זענען נאָכן אַרויס־קריכן אויף אַלע פיר פון דעם לאָך רעווידירט און אויסגעשטעלט גע־וואָרן אין אַ ריי, האָט עדעלמאַן דערקענט דעם הויכן, עטוואָס געבוי־גענעם שמואל ווינטער און דעם קליינוווקסיקן גרויסן ייִד אברהם געפּ־נער. געפּנער איז געגאַנגען אָנגעטון אין אַ פון הינטן פאַרקנעפּלטן ווייסן קאָמבינעזאָן, אָדער אפשר אין אַ יינגלישן וואַרעמען טריקאָט־גאַרניטור. די צוויי האָבן געשפּאַנט פאָרויס און נאָך זיי די אַנדערע מענטשן, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעשלעפּט פון דעם בונקער.

— צי זענען דאָרט געווען יונגע מענטשן? צי האָט איר נישט דער־קענט ווינטערס זון און טאָכטער און דעם איידעם מיט דער שנור?

— איך האָב זיי נישט דערקענט, אָבער יונגע מענטשן זענען דאָרט געווען מער ווי פיר.

וואוהין מען האָט זיי אַוועקגעפירט האָב איך אַליין פאַרשטאַנען. מסתמא נישט אויפן אומשלאַג־פּלאַץ, נייערט אויף דעם פּלעצל ביים בנין פון יודענראַט, אויף זאַמענהאָף 19, וואָס אַנטקעגן אים שטייט היינט צו טאָג דער דענקמאָל פון די געטאָ־קעמפער. דאָרט זענען זיי געוואָרן דערשאָסן. זוכה געווען צו ווערן באַגראָבן אויף דער אדמת קודש פון גענ־שער בית־עלמין. דאָס איז געשען בערך אין די ערשטע טעג פון חודש מיי.[63]

*

נאָך דער באַפרייונג און צוריקקומען אויף די חורבות פון געטאָ, האָט הערש וואַסער, דער געוועזענער סעקרעטאַר פון רינגעלבלום־אַרכיוו געפונען אויפן הויף פון שוויענטאָיערסקע 34 אַ בינטל האַלב צעניזוקטע בלעטלעך פון ווינטערס טאָגבוך. אונטער דעם הויז האָט זיך געפונען אַ בונקער פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און אין זיין דיל אַן עפענונג, אין וועלכן עס איז לויט יצחק צוקערמאַנס אינפאָרמאַציע, אין דער לעצטער נאַכט פאַרן אויפשטאַנד, געוואָרן באַגראָבן אַ פאַרטיע מאַטעריאַלן,

צווישן זיי ווינטערס טאָגבוך. נאָך דעם ווי די קאַמפן האָבן אויפגעהערט און די שׂרפות זענען געוואָרן אויסגעלאָשן, האָבן אַוודאי „שאַבראָווניקעס" געבושעוועט צווישן די חורבות, געזוכט גאָלד מיט געלט. זיי זענען עס מסתמא געווען די, וועלכע האָבן אויסגעריבט דעם בונקער אויף שוויענטאָיערקע און געפינענדיק „בלויז" פּאַפּירן, אַוועקגעוואָרפן זיי מיט ביטול.[64]

העכער אַ יאָר האָבן זיך געוואַלגערט די פּאַריתומטע פּאַפּירן. טליִענדיקע פלאַמען האָבן זיי אַרומגעסמאַליעט. רעגנס האָבן זיי פּאַרנעצט. דאָך האָבן אַ צאָל בלעטלעך איבערגעדויערט, אָט פּונקט אַזוי ווי מיר. איינצלנע, פּאַריתומטע, האָבן איבערגעדויערט, כּדי איבערצוגעבן אַ ידיעה און אַ דערמאָנונג וועגן יענע מוראדיקע טעג.

# 32. דער פּאַטער

„יוסף קירמאַן האָט נישט געמוזט אומקומען. פונקט ער האָט גע־אַרבעט יאָרן אין דער קאָלאָשן־פֿאַבריק „ריגאַוואַר" אויף פּראַגע. פֿאַר מיין אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט אָנהייב 1943, האָב איך אים פֿאָרגעלייגט אָפּצוזוכן די פּלאַקן, מיט וועלכע ער איז געווען באַקאַנט פֿון אָט די אַרבעטס־יאָרן, פּרוּוון זיי באַוועגן אים צו ראַטעווען. ער האָט אָבער אויף אָט דעם פֿאָרשלאָג כּלל נישט רעאַגירט. ער איז אומגעקומען בשעת דער גרויסער ליקווידאַציע פֿון די רעשטן וואַרשעווער ייִדן אין די לאַגערן פֿון לובלינער קאַנט אין נאָוועמבער 1943".

איך האָב דאָ ציטירט אַ פּאָר זאַצן פֿון דעם באַריכט, וועלכן איך האָב אָפּגעגעבן אויף דער ערשטער נאָך־מלחמהדיקער קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין לאָנדאָן, אין אויגוסט 1945. אין מיינע אָפּ־געפֿונענע שריפֿטן פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו זענען פֿאַראַן נאָך פּסוקים, וואָס האָבן אַ שייכות צו מיינע קאָנטאַקטן מיט יוסף קירמאַן אין די יאָרן פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע. מיינע באַגעגענישן מיט אים הייבן זיך אָבער אָן מיט גוטע עטלעכע יאָר פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

*

ווען מיר, אַ פּאָר גאַליציאַנער פֿון דער גרופּע „צושטייער", האָבן זיך אין דער ערשטער העלפֿט פֿון די דרייסיקער יאָרן אָנגעהויבן אויפֿ־קלייבן אין וואַרשע, האָט שוין דאָ דער גרויסער „שטורעם און דראַנג" פֿון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פֿון לאַנג געהאַט אָפּגעשטורעמט. דער רוב פֿייער־פֿייגל פֿון דער ערשטער ברוויזנדער „כאַליאַסטרע" זענען שוין איינער נאָכן אַנדערן פֿון דאַנען אָפּגעפֿלויגן — ווער קיין אַמע־ריקע, ווער קיין ראַטנפֿאַרבאַנד און ווער קיין ארץ־ישׂראל. נייע נעמען — שטילערע — זענען לאַנגזאַם אויפֿגעשווומען אין דער עפֿנטלעכקייט. יוסף קירמאַן, דער געוועזענער „יונגער" פֿון מאַרקישעס חדר, איז גע־ווען איינער פֿון זיי. ער איז געבליבן ביי די ברייטע אומגעגראַמטע שורות פֿון דעם „ווייסן פּערז", אָבער די זאַכלעכקייט פֿון בילד, און דער עיקר די טעמאַטיק זיינע, האָבן שוין געאָטעמט מיט דער יסודות־דיקער פּשטות פֿון אַ נייעם דור און נייעם שיכט יונגע ייִדישע פּאָעטן.

זיין טראַגיזם איז נישט געווען קיין פילאָסאָפישער וועלט־ספּלין, נאָר אַ דירעקטער רעפלעקס פון דעם טיף מיטגעלעבטן מצב אין זיין נאָענט־סטער סביבה.

מיט זיינע עטוואָס האַמעטנע באַוועגונגען, מיטן ברוסט־טאָן פון זיין שטים, האָט דערביי קירמאַן געהאַט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונדז גאַליציאַנער דערמאָנט אין בער האָראָוויצן. מיר האָבן דערפילט אין זיינע לידער, אין זיינע קאָרגע, פּאַסיאָנירטע רייד, אַן אַנדער שטיק יידישע שוואַרץ־ערד, מיט טיפע וואָרצלען פון אַן אַנדערן קערנדיקן יידיש־לשון, מיט אַן אַנדער מין יידישע פאָלקסטימלעכקייט.

קירמאַן איז געבוירן און אויסגעוואַקסן אין וואַרשע און די טעמע פון דער גרויסשטאָטישער יידישער נויט טראָגט ביי אים אַן אויטאָביאָ־גראַפישן כאַראַקטער. דער שווייגנדיקער ייד, וואָס קאָן אַריינברענגען אין שטוב נישט מער ווי אַ לאַבן שוואַרץ ברויט, איז זיין אייגענער, פאַר דער צייט געשטאָרבענער טאַטע. די בלייכע אויסגעדאַרטע פרוי, וואָס שניידט די רעפטלעך ברויט פאַר די קינדער וואָס אַ מאָל דינער, איז זיין אייגענע, פאַר דער צייט פאַרשטאָרבענע מאַמע.

ער וועט אויף אייביק ווייטיקן וועגן זיין פּיצל שוועסטערל, וואָס האָט געפּויזעט איבערן דיל, אַרומגעזוכט די קרישקעלעך אַראָפּגעפאַלענע ביים שניידן ברויט, זיי אין מיילעכל צו לייגן. און נאָך איין שוועסטער — די פון דער פּאָעמע „מיין שוועסטערס טויט" — וועט ער פאַראייביקן אין זיינע לידער.

ברויט, נויט, טויט — מאָדנע עקשנותדיק, הגם אָן גראַמען, האָבן זיך די ווערטער געצווימען פאַרן אין קירמאַנס פערזן שוין אין זיין סאַמע ערשטער צייט. פאַראַן פרעדיסטינאַציע — פאָרויסבאַשטימונג און פאַר־געפיל — אין זיין ציקל „הונגער", וואָס באַציט זיך אויף דעם פּעריאָד פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין וואַרשע בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיט איר נוסח און אירע טראַגישע בילדער קאָן אָבער אָט די לידער־סדרה דרייסט אונטערגעשריבן ווערן מיט די דאַטעס פון דער צווייטער דייטשער אָקופּאַציע.

איך האָב איצט מיט שווערער מי געפונען אַן עקזעמפּלאַר פון קיר־מאַנס איינציקן לידער־באַנד „איבער שטאָק און שטיין", וואָס איז דער־שינען אין קלעצקין־פאַרלאַג אין יאָר 1930. איך לייען און גלייב נישט מיינע אויגן. איך האָב מסתמא געלייענט די לידער באַלד נאָך זייער

**דערשיינען, איך וואָלט אָבער איצט געקאָנט שווערן, אַז קירמאַן האָט זיי מיר פאָרגעלייענט אין געטאָ וואַרשע אין יאָר 1941 אָדער 1942:**

...זענען שטום געוואָרן אַלע פּנימער פון מענטשן אין אויסגע־
בלייכטער שרעק...
יונגע ריזן, אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך אַליין אין וועגענער
געשפּאַנט,
כּדי צו שלעפּן משׂאות מיט פערד באַגלייך —
מיט דיקע אויפגעלאָפענע פיס ביז די אויגן פון קאָפּ
זענען זיי געלעגן דאָ — מיט געלע, דאַרע הענט...

פייגעלעך מיט דינע פיסעלעך האָבן געטאַנצט
אַרום קנאָכן־ביינער פון ערגעץ־ווו פאַרשלעפּטע
און הונגעריק געפּיקט די פייכטע ערד...

**ווען וועמען רעדט ער דאָ, אויב נישט וועגן ייִדן פון דער פּראָ־ווינץ, ייִדן ווי דעמבעס, אַריינגעטריבענע אין געטאָ וואַרשע? גע־שוואָלענע פון הונגער, רייף געוואָרענע צום אונטערגאַנג אין משך פון אַ פּאָר חדשים; גוססדיקע אויף די טראָטואַרן נעבן אַ פּאָר מטבעות צוגע־וואָרפענע דורך פאַרבייגייערס, וואָס ווען אפשר מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער אַליין אַזוי דאָ ליגן.**

**און אפשר זענען עס די שוין פאַרטיקע, נאַקעט אָנגעוואָרפענע אין הויפנס אין דער מתים־שאָפּע אויפן גענשער בית־עלמין; וואַרטנדיק פאַר־שאַרט צו ווערן אין אַ ברודער־קבר?**

**וועגן ווועמענס ביינער טוט ער רעדן? צי זענען דאָס הרוגים אויף אַ מתים־פעלד?**

**פייגעלעך — „שוואַכע פייגעלעך" — פלעגט ער רופן מיט אַ צען יאָר שפּעטער הונגעריקע קינדער אויף די געטאָ־גאַסן.**

*

**אַפילו אין גאַנצן אומדערפאַרענע מחברים פון זכרונות פון דער חורבן־צייט ווייסן אָבער טייל מאָל, אַז מען דאַרף אָנהייבן מיט אַ קאַפּיטל פריִער, כּדי דער לייענער זאָל פאַרשטיין וואָס עס האָט געטראָפן, דער־פילן דעם קאָנטראַסט.**

מיר זענען נאָך נישט צוגעקומען צו יענער צייט פון גרויסן בראָך. לאָמיר זיך נאָך אויפהאַלטן אַ ווײַלע אין דער העלערער — ווײַט נישט אַזוי העלער — לאַנדשאַפט פון ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך דערמאָן זיך אַ מעשׂה, וואָס איך האָב געהערט, נאָך זײַענדיק אין וואַרשע אַ „גרינע" — אַ מעשׂה מיט קירמאַנען אַלס הויפּטהעלד.

דאָס איז פאָרגעקומען אין דער פּאַר אונדז לעגענדאַרער צייט, ווען מאַרקיש מיט זײַנע „תּלמידים" האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די ייִדישע גאַסן, אין די נעכט און אין די פאַרנאַכטן, געפּראַוועט ליטעראַרישע טישן אין לאָקאַל פון ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין. עס האָבן שוין צו יענער צייט עקסיסטירט פּובליציסטן און בעלעטריסטן, וואָס האָבן זיך געדרוקט סטאַביל אין די גרויסע טאָג־צײַטונגען און געהאַט פּרנסה בריווח פון ייִדישן וואָרט. עס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ גרופּע ייִדישע פּען־מענטשן, וועלכע האָבן פאַרבראַכט וויקענדן און יום־טובים אין די סאַמע באַלעבאַטישע פּענסיאָנאַטן אויף דער אָטוואָצקער ליניע און אַ טייל פון זיי פלעגן אַרויסשיקן אַהער זייערע פרויען און קינדער אויף אַ גאַנצן זומער. האָט זיך געמאַכט, אַז אַזאַ אָנגעזעענער שרײַבער ווי אַלטער קאַציזנע — וועלכער האָט אַגב מפרנס געווען זײַן משפּחה נישט פון דער פעדער, נאָר פון זײַן קינסטלעריש פאַרמאָסטענער פאָ־טאָגראַפישער אַנשטאַלט — האָט זיך פאַרגונען צו קויפן אויף דער „ליניע" אַן אייגענע דאַטשע־שטוב, וועלכע איז געוואָרן דער אָביעקט פון וויצן (אויב נישט פון פאַרבאָרגענער קינאה) אין ליטעראַרישן וועלטל און אַרײַן אין דער ליטעראַטור־געשיכטע אונטערן נאָמען: „די ווילע אין שווידער".

אונדזערע „ברוגזע יונגע" נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען, זעט אויס, געווען נישט ווייניקער אַגרעסיוו, ווי זייערע נאָכפאָלגער אין די אַנדערע ליטעראַטורן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. און ווען פּרץ מאַרקיש האָט איינמאָל, אפשר אין שפּאַס, געוואָרפן די לאָזונג צו „שטורמען די ווילע אין שווידער", האָבן עס זײַנע תּלמידים גענומען גאַנץ בוכשטעבלעך.

גערעדט און געטון און דעם נאָענטסטן זונטיק אין דער פרי איז אַ גרופּע ליטעראַרישע יונגעלייט אויסגעשטיגן אויף דער סטאַציע אין שווידער און זיך געלאָזט צו קאַציזנעס זומער־רעזידענץ. אין שפּיץ פון דער קאָלומנע — אַזוי האָט מען דערציילט — האָט דעמלט מאַרשירט יוסף קירמאַן. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גראָבן שטעקן און

אין קעשענע פון זיין צעקנעפּלטער מאַרינאַרקע האָט ער געשלעפּט אַ זשמעניע שטיינדעלעך.

אַ סברה, אַז מיט איינעם אַזאַ שטיינדל זאָל מען דעמלט האָבן צע־קאַליעטשעט אַ שויב אין איינעם אַ פענצטער פון דער דאַטשע־שטוב און אויפגעוועקט פון געבענטשטן, שפּעטן פרימאָרגן־שלאָף די משפּחה. פּרץ מאַרקיש איז אַפּנים דערביי נישט געווען. ווען זיין פריינד אַלטער קאַציזנע איז אָבער אַרויסגעקומען צו דער חברה אין זיין „פיליסטע־רישן" שטוב־כאַלאַט און ווישנדיק די אויגן־גלעזער, ווי פאַרן נעמען אַ וואָרט אויף דער טריבונע פון ליטעראַטן־פאַראיין, פאַרבעטן די גאַנצע דעמאָנסטראַציע צו זיך אין „פּאַלאַץ" אויף אַ וועגעטאַריש גלעזל זור־מערדיקן „שמאַטע־באָרשטש", האָבן זיי אַלע פאַרלוירן דאָס לשון און שנעל, בגנבה, אָנגעהויבן אַרויסוואַרפן פון קעשענע די שטיינדלעך...

*

אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן איז אָנגעגעבן אַלס קירמאַנס געבוירן־דאַטע דאָס יאָר 1896. אין אונדזער צייט, אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, איז ער שוין אַליין געווען אַ נישט־שלעכט פאַרדינענדיקער יונגער־מאַן, וועלכער האָט גלייך מיט אַלטער קאַציזנען געצויגן זיין פּרנסה נישט פון שרייבן, נאָר פון אַ באַשעפטיקונג, וואָס האָט מיט דער ליטע־ראַטור קיין שייכות נישט געהאַט. מעגלעך, אַז דאָס איז מיט דער צייט ביי אים אַפילו געוואָרן אַ פּרינציפּ און ער האָט ליבערשט געוואָלט פאַבריצירן שטעקנס פאַר אַלטע לייט, איידער נייעס פאַר דער טאָג־כראָניק, האָבן צו טון מיט באָטן און קאַלאָשן פאַר די אָסיענדיקע בלאָטעס, איידער מיט פריוואַטע באָסן פון יידישע טאָג־צייטונגען.

ברייט געבויט, מיט די אין יענער צייט אַלץ נאָך אָבליגאַטאָרישע לאָקן־פלעמעלעך פון שוואַרצע האָר איבערן ברייטן, נישט צו הויכן שטערן; אַ ברייט צעשמייכלט מויל איבער אַ ברייט געפּאַלבטן, ווי עט־וואָס באַזעדאָווישן האַלדז; אַ פייער פון יידישער פּיקחות און איראָניע אין די שוואַרצע אויגן...

יונג געשטאָרבענע בלייבן אייביק יונג...

אַזאַ האָב איך קירמאַנען פאַרגעדענקט און דערביי בין איך שוין היינט נישט גאַנץ זיכער, צי איז אָט די געדעכעניש באַזירט אויף זיין וואָרן געזיכט, צי אפשר גאָר אויף אַ צייכענונג פון די פּאָרטרעט־צייכ־ענונגען, וואָס האָבן באַפּעלקערט די ווענט פון דעם יידישן ליטעראַטן־

פאַראיין. און אפשר איז עס גאָר געווען דער פאָרטרעט זיינער, וואָס איז דערשינען אין די „ליטעראַרישע בלעטער״ יעדעס מאָל, ווען עס איז דאָרט געדרוקט געוואָרן זיינס אַ ליד.

איך ווייס נישט ווען קירמאַן האָט חתונה געהאַט. איך געדענק אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן אַרויפברענגען אויף טלאָמאַצקע 13 דאָס שיינע צאַרטע מיידל — זיין פרוי. ברוינע האָר און ברוינע אויגן און אַ בעזש־ברוינער קאָסטיום מיט זאַמש־לאַטשן אין העל־ברוינעם קאָליר... אַזאַ איז זי פאַרבליבן אין מיין זכרון, אַן עטוואָס שעמעוודיקע, פריי־דיק שמייכלענדיקע שווייגעריןן. גאָלדענע פונקען האָבן זיך ביי איר געצונדן אין די אויגן, ווען מען האָט צו איר אַרויסגערעדט אַ וואָרט.

דעם לעצטן זומער פאַר דעם מלחמה־אויסברוך האָב איך איינמאָל געטראָפן קירמאַנען אויף ביעלאַנסקע־גאַס. ער האָט מיר דערציילט ווי זיין 5־יאָריק קינד איז אייפערזיכטיק אויף דעם קלענערן ברודערל און וואָס די ביידע חברה פאַראַרבעטן אין אַ פרייען פרימאָרגן, ווען זיי קריכן אַריין צו טאַטע־מאַמע אין בעט. איינמאָל האָבן זיי ביידע אַזוי לאַנג אַרומגעהאָצקעט איבערן בעט און איבער די בייכער פון די על־טערן, ביז די גאַנצע פירקעפיקע משפחה איז אַרויסגעפאַלן אין איינעם מיטן מאַטראַץ אויף דער פאָדלאָגע און עס האָט לאַנג געדויערט ביז זיי האָבן זיך אַרויסגעגראַבלט פון אונטערן בעט — אַזוי האָבן זיי אַלע געלאַכט.

און דאָס איז דער לעצטער העלער טאָן אין מיינע דערמאָנונגען וועגן יוסף קירמאַן.

*

אין איינעם פון מיינע געטאָ־רעפּאָרטאַזשן, וועלכע איך האָב צור־ריקגעוווּנען נאָכן אויסגראָבן דעם ערשטן טייל פון רינגעלבלום־אַרכיוו, געפינט זיך אונטער דער דאַטע פון 30סטן יוני 1942 אַזאַ מין פאַרציי־כענונג:

„י. (יוסף) איז פשוט קראַנק אויפן פונקט פון קינדער. ער האָט זיינע צוויי קינדער אין איינעם מיט זייער יונגער מאַמען אַרויסגעשיקט אין איר געבוירן־שטעטל, כדי זיי צו פאַרהיטן פאַר הונגער און טיפוס און ער בענקט נאָך זיי סכנות. האָט אָט די בענקשאַפט אַזוי באַהערשט זיינע געדאַנקען, אַז ער גייט אַרום איבער דער שטאָט ווי אַ באַנומענער פון צער און צערטלעכקייט צו קינדער. די ליבשאַפט צו די אייגענע קינדער האָט זיך ביי אים איבערגעטראָגן אויף קינדער בכלל. אויף די

הונגעריקע, בעטלענדיקע, זינגענדיקע, האַנדלענדיקע קינדער, וואָס פילן אָן מיט זייערע דינע יאָמערנדיקע קולעכלעך דעם גאַנצן חלל פון דער געטאָ־שטאָט. ער גייט איבער דער פאַרשטאָפּטער לעשנאָ־גאַס און טיילט צווישן די קליינע בעטלערלעך די לעצטע גראָשנס פון זיין בייטעלע. און זיי דערקענען אים שוין פון דער ווייטנס — די קינדער — זיי לויפן אים נאָך, פאַרלויפן אים דעם וועג פון פאָרנט. אַלע געשפּרעכן זיינע דרייען זיך אַרום דעם ענין קינדער"...

מיר האָבן זיך אָפט געזען אין יענער צייט. גלייך מיט אַ פּאָר אַנ־דערע חברים פון דער ליטעראַרישער משפּחה, פלעגט אויך קירמאַן מיך באַזוכן פון צייט צו צייט אין דער פאָלקס־קיך אויף לעשנאָ 40. בדרך כּלל פלעגט ער אַהין אַריינקומען נאָכן אַרויסגעבן דאָס עסן. עס האָט אָבער אַ פּאָר מאָל געטראָפן, אַז ער איז אַריינגעפאַלן אין מיטן דעם גרעסטן הונגער־יאַריד, גערופן מיך מיטגיין מיט אים וועגן אַן אינטער־ווענץ ביי אונדזערע דעמלטיקע „מאַכטהאָבער", די דירעקטאָרן פון דער יידישער אַליינהילף.

— קום — פלעגט ער גוזר זיין אויף מיר — דיר וועלן זיי נישט אָפּזאָגן.

איך ווייס נישט, צי האָט ער זיך ווען נישט איז פאַר דער מלחמה אָפּגעגעבן מיט חברים־הילף. אין געטאָ איז ער געוואָרן אַן אויסגע־שפּראָכענער פאַרזאָרגער פון די נויטבאַדערפטיקע און אומבאַהאָלפענע חברים־שרייבער. איך דערצייל אין אַן אַנדער קאַפּיטל, ווי אַזוי מיר ביידע האָבן זיך פאַרנומען מיטן אַרויסשלעפּן פון הונגער־געשוויר ישׂראל שטערן. קירמאַן האָט זיך אָבער מטפּל געווען אויך מיט קלענערע ליטע־ראַרישע אביונים. געבראַכט צו זיי דאָקטוירים, באַזאָרגט זיי מיט רפואות, מיט פעקלעך פּראָדוקטן, מיט לוויות...

און דערביי האָט ער, ווי יעדער איינער פון אונדז, געהאַט מיט זיך צו טון. געלעבט אין אַ מצב פון זעלישער צערודערונג, פון אַ פערמאַ־נענטער שפּאַנונג. די ביינאַכטיקע הריגות, די נבואה וועגן די „40 טעג פון געטאָ", וואָס האָט אַרומגעקרייזט אויף דער אַרישער זייט... אין די זומער־חדשים 1942 האָבן מיר שוין געאַנט און פאַרשטאַנען, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַזאַ גורל, וואָס וועט איבערשטייגן אַלדאָס שרעק־לעכע, וואָס איז געווען ביז דעמלט. מענטשן האָבן געשפּונען פאַנטאַזיעס, זיך געקלאַמערט אין יעדן אינספּירירטן שקר. ביי אַ שרייבער, אויף וויפל ער איז נישט געוואָרן אין גאַנצן צעקוועטשט אונטערן דרוק פון

די געשעענישן, האָבן געווירקט זיינע אייגענע ווענטילן: זיך באַפרייען אויף אַ ווײַלע פונעם קלעם דורך אָנשרייבן אַ ליד, דורך שילדערן אַ בילד, אַפילו בלויז דורכן פאַרצייכענען אַ פאַקט...

זענען ביי אים די שורות אויפגעקומען אין נעכט אָן שלאָף. אים אויפ־גערודערט און געפּייניקט און דאָך אויך געטרייסט און איינגעוויגט. האָט ער לויפנדיק מיט מיר צוזאַמען דורך די געדיכטענישן פון דער לעש גע־קאָנט מיך פּלוצים אַ שלעפּ טון אין אַ ווינקל פון אַ טויער, צי אַ הויף, כּדי מיר איבערצולייענען זיינס אַ נײַ ליד. דאָס איז אַלע מאָל געווען אַ ליד וועגן דעם וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט.

קירמאַנס שורה איז געוואָרן קירצער, מער פּאָלקסטימלעך. צוגע־קומען איז אַן עודף, דער דחילו ורחימא־נוסח פון אַ מענלעכן געוויין אָן טרערן. די ייִדישלעכע טרויער־אינטאָנאַציע האָט נאָך טונקעלער און וואַ־רעמער געמאַכט די טיפע ברוסט־קלאַנגען פון זיין באַסאָווער שטים.

בשעת קירמאַן האָט אין יענע לידער באַקלאָגט דעם גורל פון די געטאָ־קינדער, האָט נאָך קינדער־טויט בדרך כּלל געהייסן הונגער־טויט. אין דעם טאָן און ריטעם פון זיין קלאָג, אין האַרצן פונעם דיכטער, האָט שוין אָבער אין יענע טעג געהויערט די מוראדיקע אַנונג פון דעם פיל שרעקלעכערן קינדער־טויט, וואָס האָט זיך דערנענטערט פון מזרח און פון מערב, אַ ריזיקער און אימהדיקער, כּדי אָפּצוראַמען אַלע קינדער פון די געטאָ־גאַסן.

און אויך אים געלאָזט פאַרטיליקן — דעם פאָטער.

*

אין די לעצטע וואָכן פאַר דער גירוש־אַקציע, האָט זיך דער טעראָר אין געטאָ אַזוי פאַרשאַרפט, אַז כ'האָב שוין אין משך פון חודש יולי 1942 און פון די ערשטע וואָכן אויגוסט, קיינעם פון דער ליטעראַרישער משפּחה נישט געזען. די בלאָקאַדעס האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 22סטן יולי און די מהומה איז פון טאָג צו טאָג געוואַקסן. אין מיטן פון דער אויסזידלונג זע־נען פאָרגעקומען איבערזידלונגען פון גאַס צו גאַס און יעדער האָט גע־האַט מיט זיך צו טון. ערשט אין דער צווייטער העלפט אויגוסט, צום סוף פון דער פערטער גירוש־וואָך, זענען די מערדער פון דעם „ראָל־קאָמאַנדאָ" אַרויסגעפאָרן אויף דער אָטוואָצקער ליניע, ליקווידירן די ייִדן פון די דאַטשע־אָרטשאַפטן און אין דער וואַרשעווער אַקציע איז אַריינגעטרעטן אַן איבעררייס.

אין די בכוונה פֿאַרשפּרייטע קלאַנגען, אַז די אַקציע איז געענדיקט, האָט ווייניק ווער געגלייבט. דער רוב מענטשן אין געטאָ האָבן שוין גע־האַט פֿאַרלוירן קרובים, שכנים, נאָענטע פֿריינד און יעדער האָט זיך געקאָנט ריכטן — נישט היינט איז מאָרגן — אַליין אַראָפּגעשווענקט צו ווערן דורך די כוואַליעס פֿון דעם ברויזנדיקן שטראָם. פֿון דעסטוועגן האָט מען זיך געקאָנט אַרומקוקן און אין די געציילטע שעהען, ווען מען האָט געמעגט אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָבן זיך מענטשן אַרויסגעלאָזט איבערן געטאָ געוואָר ווערן וואָס איז געשען מיט נאָענטע און באַקאַנטע; זען צי זענען זיי נאָך דאָ אין זייערע פֿריִערדיקע וווינונגען און אַרבעטס־פּלעצער.

צי זענען זיי נאָך דאָ בכלל...

איך האָב זיך נאָך דעמלט געפֿונען אויף לעשנאָ 40 און אויף די דירה אויף לעשנאָ 66, אין וועלכער איך האָב געוווינט ביי מיינע קרובים, איז געבליבן אין תּחום פֿון געטאָ. שוין אין די ערשטע טעג אויגוסט האָבן מיר געהאַט דאָס „גליק" אָקופּירט צו ווערן דורך דער פֿירמע טעבענס, וועל־כע האָט איבערגענומען אין איר רשות דעם טייל גאַס פֿון קאַרמעליצקע ביז זשעלאַזנע. אויך אונדזער גרויסע, טעכניש און אָרגאַניזאַטאָריש גוט אָוועקגעשטעלטע קיך, האָט געהאַט דאָס „מזל" צו ווערן אַ „שאָפּ־קיך". נישט מער, טעבענסעס יידישער אַפּראָוויזאַציע־דירעקטאָר האָט תּיכּף געגעבן מען אָנזעצן אויף אונדזערע פּלייצעס אַ כאַפּטע פּראָטעזשירטע און מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט אַרויסשטויסן פֿון דער אַרבעט סיי מיך, סיי די 18 מענטשן, וואָס האָבן אין איינעם מיט מיר די קיך געשאַפֿן און אין איר די גאַנצע צייט געאַרבעט.

דעם ערשטן טאָג פֿון איבעררייס אין די בלאָקאַדעס איז געווען ביי מיר יחיאל לערער און אויף צומאָרגנס גאַנץ פֿרי, בשעת דעם אַרויסמאַרש פֿון די „פּלאַצוווקעס" אויף דער אַרישער זייט, זענען זיך געקומען מיט מיר געזעגענען דער דיריגענט אַדאַם פֿורמאַנסקי און דער קאָמפּאָזיטאָר ישׂראל גלאַטשטיין, וועלכע האָבן דאָס מאָל פֿאַרלאָזט דאָס געטאָ מיט דער כוונה צו בלייבן „קאַשאַרירט" אויסער די מויערן.

דעם זעלבן טאָג — שוין נאָך מיטאָג — האָט זיך פּלוצים באַוויזן אויף לעשנאָ 40 יוסף קירמאַן. ער איז געווען אָנגעטון מעשׂה אַרבעטס־מענטש און אַ ברויטזאַק אויף אַ רימענדל האָט זיך געבאָמבלט ביי די לענדן.

עס איז געווען נאָכן אַרויסגעבן דאָס עסן. די נייע רעגירער זענען אַוועק אַהיים צו זייערע געשעפֿטן. די מיידלעך אין קיך האָבן געשייערט

די קעסלען. די זון האָט אַריינגעשיינט דורך אַלע פענצטער פון דעם גרויסן זאַל און אַפּילו דער קלאַוויר, ביי וועלכן גלאַטשטיין פלעגט ביז גאָר נישט לאַנג, אין די נאָכמיטאָגס, איינשטודירן מיט עטלעכע יונגע־לייט אַ סאַטיריש רעוועלערסן־שטיקל קעגן יודענראַט — איז נאָך אַלץ געשטאַנען אַ נישט צוגערוקטער אויפן פּאָדיום. די אָפּגעווישטע, לאַנגע טישן האָבן געבלאַנקט מיט די ווייסע צעראַטעס, ווי עס וואָלט דאָ גאָר־נישט נישט געשען.

איין זאַך האָט געפעלט: די הונגעריקע מענטשן, וואָס פלעגן פריער אין דער שעה באַלאַגערן די הינטערשטע קיך־טיר, וואַרטנדיק אויפן אויס־שאָבעכטס פון די קעסלען. דאָס בעטלער־געזאַנג פון דער גאַס האָט מען מער נישט געהערט. די בעטלענדיקע קינדער מיט זייערע געזאַנגען זענען שוין נישט געווען...

דער זומער האָט זיך אין משך פון די עטלעכע וואָכן אָנגעהויבן אָפּ־רוקן. דער טאָג איז שוין געווען בפירוש קירצער.

עס איז געווען אַרום האַלב פינף פאַר נאַכט און פון ראָג זשעלאַזנע־לעשנאָ זענען איצט צוריקגעגאַנגען פון דער אַרבעט די „פלאַצוווקאַזשעס" שלעפנדיק מיט זיך בונטן זומערדיקע גרינסן, וואָס מען האָט זיי דערלויבט אַריינטראָגן אין געטאָ.

קירמאַן האָט געוואָלט זען צי איך בין נאָך דאָ און אויך ווייזן זיך פאַר מיר, אַז ער איז גלייך מיט אַנדערע „פאַרזאָרגט מיט אַרבעט". זיין אַרבעטס־פּלאַץ האָט געהערט צו די „זיכערסטע": „אָסטבאַן"! קאָקעטירן זיך אויף „יענער" זייט האָט ער אָבער נישט געהאַט בדעה.

קיין גרינע ציבעלעך מיט מערן האָט ער נישט אַהיימגעטראָגן. ער האָט אַריינגעטון די האַנט אין ברויט־זעקל און דערלאַנגט מיר אַ מתּנה: אַ בינטעלע רויטע וויינשל אָפּגעריסענע פון בוים אין איינעם מיט די שטענגעלעך.

עפּעס האָט מיך אַ וואַרג געטון אין האַלדז: רויטע וויינשל ווי פון אונדזער לאַנאָוויצער סעדל. סלאָיעס איינגעמאַכטס, בוטלעס אויף דער שאַפע, וויינשל אָנגעשיטע מיט מיין מאַמעס הענט אויף פּסחדיקן וויש־ניאַק... פרישע וויינשל רויט צעשמייכלטע ווי דאָס זיסע פּיסקעלע פון אַ קליין קינד...

„עס!" — האָט קירמאַן מיר אַריינגעשטעקט דאָס בינטעלע און איך האָב די וויינשל אָפּגעביסן אַלע מיט אַ מאָל, כּדי זיך נישט צעוויינען קוקנדיק אויף זיי.

איך האָב אים דערציילט וואָס עס ווערט אָפּגעטון אין מיין קיך, וועגן די מעשׂים פון נייעם דירעקטאָר.

„דיין קיך, זיין קיך!" — האָט ער געטון אויף מיר אַ בורטשע מיט תּרעומות, — דו ווייסט נישט וואָס עס טוט זיך אומעטום?! שוין די נערוון! טראַכט נישט וועגן דעם מנוּוול.

אין זאַל איז אַריינגעקומען אַדוואָקאַט גראַף, דער סעקרעטאַר פון קליינהענדלער־פאַרבאַנד, צו וועלכן עס האָט געהערט דער לאָקאַל פון אונדזער קיך, מיט זיין פרוי סטעפאַ און נאָך זיי ד"ר באָטשקאָ, אַ פּליט פון לאַדזש, וועלכער איז ביז דער אַקציע געווען צוגעשריבן צו אונדזער פּערסאָנאַל אַלס מעדיצינישער משגיח. דער סעקרעטאַר האָט מיר איבער־געגעבן, אַז אַ פּאָר מענטשן פון דער פאַרוואַלטונג האָבן מאָביליזירט אַ צאָל ניי־מאַשינען און פערטראַקטירן וועגן איינאָרדענען אין עס־זאַל אַ טעבענס־שאָפּ. ער האָט מיר דערקלערט, אַז מיך זענען זיי גרייט צוצו־שרייבן צום „שאָפּ" אָן געלט. אויך דער דאָקטער האָט געהאַט פאַר מיר אַ פאָרשלאַג. ער האָט מיך אָוועקגערופן אין אַ זייט און מיר געוואָלט אַריינשטעקן אין פאַרטעך־קעשענע אַ טובקע ציאַנקאַלי צו טראָגן דאָס ביי זיך אויף יעדן פאַל — אַ מתּנה, אויף וועלכער עס זענען געווען אין יענער צייט אַ סך בעלנים.

קירמאַן האָט זיך צוגעהערט צוביידע פאָרשלאַגן און ווען איך האָב אים באַגלייט צו דער טיר, האָט ער געטון אַ שאָקל מיטן קאָפּ און מיטן ווייז־פינגער אויף „לאָ", מיר אָנגעזאָגט:

„נישט דאָס און נישט דאָס! אַז דו וועסט האָבן ווו, באַהאַלט דיך!"

*

אַזוי האָב איך טאַקע געטון. ווי איך האָב שוין דערציילט, האָב איך איבערגעהאַלטן די טעג פון דער לעצטער, דעפיניטיווער, אַלגעמיינער סעלעקציע, נאָר אַדאַנק דעם, וואָס איך האָב זיך צו איר נישט צוגע־שטעלט. געבליבן זיצן מיט אַ גרופּע מענטשן אין אַ קעלערל אויף קאָקס, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער דירה פון מיין קוזין ראובן פעלדשו אויף לעשנאָ 66. נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע אַקציע, האָב איך מיך נאָך אַרומגעדרייט אַ פּאָר וואָכן אויף דער לעש, ווי אויף אַן עולם התּוהו, ביז די לעבנגעבליבענע עסקנים פון צענטראַלן געטאָ האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך לעב און אָנגענומען שריט מיך אַריבערצוטראָגן אויף יענעם געביט.

ווי איך האָב שוין דערציילט אין פאַריקן קאַפּיטל, האָב איך ביי מיין אָנקומען אויף פראַנצישקאַנסקע 30, געטראָפן דאָרט דריי שרייבער, וועלכע זענען דאָ געוואָרן צוגעשריבן נאָך פון פריער: יהושע פּערלע, י. י. פּראָפּוס און יוסף קירמאַן.[65]

אָפיציעל האָט יעדער פון אונדז געהאַט זיין פונקציע. פּערלע איז געווען באַשעפטיקט אין דער בוכהאַלטעריע, קירמאַן האָט געאַרבעט ביי די קעסלען, און איך אין מאַגאַזין ביים פּאַקן צוקערלעך. די פאַבריקאַציע האָט זיך געפירט אין אַ גרויסער האַלע מיט איינגעמויערטע קעסלען צום קאָכן און מישן די אינגרעדיענצן פון די „ערזאַץ"-זיסקייטן און מיט הויכע טישן, באַשלאָגענע מיט מעטאַל-פּלאַטן, אויף וועלכע מען האָט די געדיכטע, האַלבוועגס אָפּגעקילטע מאַסע געקנאָטן, געוואַלגערט און געפאָרעמט פון איר פאַרשידענע „קאָנפעקטן".

ביי אַזאַ טיש האָט געאַרבעט יוסף קירמאַן. אַרומגעבונדן ביז די פּאַכוועס מיט אַ מין ברעזענט-שירץ, איז ער געשטאַנען אין אַ מיצל אויפן קאָפּ און געפאָרעמט זיך מיט די זיסע טייגעכצער, עלעהיי אַ פרומער ייד ביים באַקן מצות. אַן אַנדערש מאָל האָב איך אים געזען שטיין אויף אַ נידעריקער באַנק נעבן אַ קעסל און מישן מיט אַ לאַנגער לאָפּעטע די ברוינע „האָניק"-פליסיקייט, וואָס איז פאַבריצירט געוואָרן לויט אַ דייטשן רעצעפּט אויף דער באַזע פון בוראַטשענער מעלאַסע.

אונדזער אַלעמענס שעף און מדריך איז געווען דער פאַרמלחמהדיקער דאַנציגער קאָרעספּאָנדענט פון דער „פאָלקסצייטונג" מיטן נאָמען גרין־בערג, אַ טייערער מענטש, וועלכער האָט זיך צו אונדז באַצויגן מיט אַ ספּעציעלער פריינדלעכקייט. מיר האָבן דאָ באַקומען אַ צוגאָב-פּאָרציע ברויט, געהאַט אַ פרייען צוגאַנג צום „האָניק" צו שמירן דאָס ברויט און צום ברוינעם צוקער צו טרינקען טיי. מיר זענען געווען אַרומגע־רינגלט מיט אייגענע, סימפּאַטישע מענטשן און נישט געקוקט אויף דעם טרויער און אבלות, אין וועלכע מיר זענען געווען פאַרזונקען, — נישט געקוקט אויף די סכנות און די כמעט טאָג-טעגלעכע אַלאַרמען און בהלות — זענען מיר דאָ אַ ביסל געקומען צו זיך.

*

אין איינעם פון די ערשטע זונטיק-טעג, ווען מען האָט געאַרבעט נאָר ביז מיטאָג, האָט מיך קירמאַן באַגלייט אַהיים אין דער קאָלעקטיווער דירה פון דעם האָניק-בלאָק אויף נאַלעווקעס 37. ער האָט מיר דערציילט

וואָס ער האָט מיטגעמאַכט אין די לעצטע וואָכן פונעם גירוש און ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט פון דער סעלעקציע.

אין אַ טאָג, ווען די ייִדישע פּאָליציאַנטן האָבן באַקומען דעם באַפעל צו ליפערן אַ קאָנטינגענט פון „קעפּלעך", האָבן אים צוויי מנוּוולים גע־כאַפּט אין אַ הויף און געשלעפּט מיט כּוח אויפן אומשלאַג־פּלאַץ. ער האָט זיך מיט זיי געראַנגלט, זיי געזידלט, אָבער זיי האָבן צוגערופן אַ דריטן פּאָליציאַנט און האָבן אים געבראַכט אויפן פּלאַץ. עס איז אים אויסגעקומען צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס שווידערלעכע בילד פון ייִדישער פּיין און שפלדיקייט. ער האָט אָבער באַוויזן אַרויסשיקן אַ בריוול צו איציק גיטערמאַן און אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען אים פון דאָרט אַרויסבאַקומען. [66]

אָט די איבערלעבונג, ווען ער איז געווען געפאַנגען אין די הענט פון די „פּויליש רעדנדיקע שמוטעפּאָנים" האָט ער נישט געקאָנט פאַרגעסן. דערציילנדיק די מעשׂה האָט ער זיך שרעקלעך אויפגערעגט. „דערצו האָט מען נישט געטאָרט דערלאָזן!" — האָט ער געשריגן און געזעצט מיט דער פויסט אין טיש אַריין. „קיין שום זאַך האָט נישט געקאָנט זיין ערגער פון דעם, וואָס איז געשען. מען האָט געדאַרפט אַלצדינג אונטערצינדן. מען האָט די ייִדישע פּאָליציי געקאָנט צעטרייבן..."

זיינע ווערטער, וועגן אונטערצינדן דאָס געטאָ ביים אויסברוך פון דער אַקציע, האָבן זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין זכּרון, ווייל איך האָב זיי נאָך נישט איין מאָל געהערט, סיי אין יענער צייט, סיי נאָך דער מלחמה. „בורא מאורי האש" איז געוואָרן די לאָזונג פון דער ייִדישער פאַרטיידיקונג. מיר טרעפן זיך מיט איר כּסדר ביי עדות־באַשרייבונגען וועגן די מרידות און ווידערשטאַנד־אַקטן, בפרט אין די לאַגערן און קליי־נע פּראָווינץ־שטעט.

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט האָט מיר קירמאַן דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט בשעת דער גרויסער סעלעקציע, זיצנדיק כּמעט אַ וואָך צייט מיט פריינד אין אַ באַהעלטעניש אויף אַ בוידעם און דער־נערנדיק זיך מיט אַ זעקעלע רויע גרויפּן און אַ פּאָר שטיקלעך האַרטן צוקער. צום טרינקען האָבן זיי געפונען בלויז איבערגעשטאַנען רעגן־וואַסער אין אַ פאַרזשאַווערטער בלעך.

*

פערלע האָט נישט נאָר געאַרבעט נאָר אויך געוווינט אויף פראַנציש־קאַנער 30. הערנדיק איינמאָל, אַז ער איז קראַנק, בין איך בשעת דער

מיטאָג־פויזע אַריינגעגאַנגען אים מבקר חולה זיין. אַריינגעגאַנגען איז מען מיט אַן אָפּגערעדטן קלינג־סיגנאַל. איך האָב אים געטראָפֿן ליגן אין בעט און שרייבן, באַנוצנדיק זיך מיטן האַרטן טאָוול פֿון אַן אינווענטאַר־בוך אַלס אונטערלאַג.

אויך איך פֿלעג פֿון צייט צו צייט, לויט ווינטערס אַ ווונק, געניסן פֿון אַזאַ „קראַנקייט", נישט צו גיין אין דער פֿאַבריק און ממשיך זיין די אַרבעט ביי דער אויספֿירלעכער עדות־דערקלערונג, וואָס איך פֿלעג פֿאַרצייכענען אין די אָוונטן מיט אַברהם (יעקב) קזשעפּיצקי, אַן אַנטלאָ־פֿענעם פֿון טרעבלינקע, וועלכער איז געווען איינער פֿון מיינע מיטלאַ־קאַטאָרן אין דער קאָלעקטיווער דירה אויף נאַלעווקעס 37.

אַז אויך קירמאַן שרייבט אין יענער תקופה האָב איך איינמאָל גע־הערט ברמז פֿון שמואל ווינטערן. קירמאַן גופֿא האָט מיר אין דער צייט גאָרנישט פֿאַרגעלייענט. איך האָב אים איינמאָל געפּרוּווט אַ פֿרעג טון, צי האָט ער אויפֿגעהיט די לידער, וואָס ער האָט מיר פֿאַרגעלייענט אויף לעשנאָ און צי וואָלט נישט כּדאי געווען זיי אָוועקגעבן צו באַהאַלטן. ער האָט מיר דערויף געענטפֿערט, אַז די לידער זענען געבליבן מיט זיינעם אַ פּעקל זאַכן אויף דזיעלנע און ער קאָן צו זיי נישט צוקומען.[67]

*

אין איינעם אַ טאָג, פֿאַרן אַהיימגיין פֿון דער אַרבעט, איז קירמאַן צו מיר צוגעקומען און געבעטן איך זאָל בלייבן אין פֿאַבריק אים העלפֿן דורכפֿירן אַ טעלעפֿאָן־געשפּרעך מיט דער פּראָווינץ. דעם נאָמען פֿון דער אָרטשאַפֿט געדענק איך נישט. עס איז געווען דאָס שטעטל, וווּאַהין ער האָט אַרויסגעשיקט זיין פֿרוי מיט די קינדער. דער נאָמען פֿון דעם קריסט, וואָס ער האָט מיר געהייסן אַרויסרופֿן אין פּאָסט־אַמט, איז מיר (אַזוי דאַכט זיך מיר) פֿאַרבליבן אין זכּרון. מסתּמא איז דאָס געווען דער זעלבער פּאָלאַק, אויף וועמענס אַדרעס ער פֿלעגט פֿאַר דער אַקציע שיקן בריוו און פּעקלעך פֿאַר זיין משפּחה. נאָכן מאַכן די באַשטעלונג האָבן מיר געוואַרט אפשר אַ שעה, ביז עס איז געקומען אַ קלונג פֿון פּאָסט־אַמט, אַז דער אַרויסגערופֿענער איז דאָ. קירמאַן איז געוואָרן ווייס ווי די וואַנט. ער איז צוגעלאָפֿן צום טרייבל און גענומען שטאַמלען:

— האַלאָ, האַלאָ! פּאַן וואָזשניאַק? פּאַניע וואָזשניאַק! צאָ ראבי מאַ־רישיאַ, דזיעצי? צאָ ז'דזיעטשמי, צאָ? צאָ? גלאָשניעי!! ניע סלישען, פּאַניע וואָזשניאַק ניע סלישען...

„מאַרישיאַ” איז אַוודאי געווען דער אָפּגערעדטער פּוילישער נאָמען פון זיין פרוי. דעם ענטפער האָט ער, זעט אויס, נישט געקאָנט באַנעמען. ער האָט געהאַלטן דאָס טרייבל מיט ביידע הענט, אַריינגעשריגן וואָס אַ מאָל העכער, אַז ער הערט נישט, איבערגעפרעגט אָן אויפהער — „צאָ? צאָ?” — און קוקנדיק אויף אים האָב איך אויך כמעט אָנגעהויבן צו ציטערן פאַר נערוועזיטעט. איך האָב נישט געוווסט וואָס דער קריסט האָט אַזוינס געזאָגט, וואָס ער האָט עס נישט געקאָנט פאַרשטיין. אפשר האָט יענער אויך נישט פאַרשטאַנען, וואָס קירמאַן שרייט אַריין אין טרייבל — צו הויך, צו שנעל אין אַ מצב פון עקסטרעמער אויפרעגונג.

— מאַרישיאַ, מאַרישיאַ, גדזיע מאַרישיאַ? — האָט ער ווידער גערופן און איך האָב געזען אַז ער פאַרלירט אין גאַנצן די קאָנטראָל איבער זיך. איך האָב אים שנעל אונטערגערוקט אַ בענקל און ממש אַרויסגעריסן פון זיינע הענט דאָס טעלעפאָן־טרייבל.

— פּאָמילקאַ, פּאָמילקאַ, פּראָשען סיען אָדלאָנטשיטש! — אַ טעות, אַ טעות, אויסשאַלטן — האָב איך געהערט עמעצן רופן פון דער ווייטן מיט אַ קול פון כעס און שרעק. אפשר האָט יענער קריסט זיך דערשראָקן, אַז עמעצער קאָן אים מסרן, און אפשר האָט ער זיך פּלוצים געוואָלט צו־ריקציען, ווייל ער האָט נישט געהאַט פאַרן פאָטער קיין גוטע בשורות? אפשר האָט מען די פרוי מיט די קינדער צוגענומען שוין מיט אַ צייט צוריק און ער האָט אים דאָס נישט געוואָלט זאָגן?

— אָדלאָנטשיטש! אָדלאָנטשיטש! פּראָשען סיען נאַטיכמיאַסט אָדלאָנ־טשיטש! — תיכף ומיד זיך אָפּבינדן! — האָב איך דערהערט רופן נאָך איין קול, אַוודאי דאָס קול פון פּאָסט־באַאַמטן. איך האָב אַ קוק געטון אויף קירמאַנען און איך האָב תיכף אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל.

איך האָב אים צוגעפירט צום הויכן טיש און דערלאַנגט אים אַ גלאָז וואַסער. זיין גאַנג איז געווען וואַקלדיק, זיין שטערן באַדעקט מיט גראָבע טראָפּנס שווייס. גענומען אַ טרונק וואַסער, איז ער געבליבן זיצן אַ פּאָר מינוט מיטן קאָפּ אין ביידע הענט, אָנגעלענט אין קאַנט פון טיש און נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. צום סוף האָט ער זיך אויפגעהויבן און מיט אַ פאַרבלאָזער שטים מיר געהייסן זיך צואיילן מיטן אַהיימגיין, ווייל עס דערנענטערט זיך די פּאָליציי־שעה. ערשט אין טויער, פאַרן אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָט ער מיר געזאָגט אַ זייער מאָדנע זאַך, אַ זאַך, וואָס איז פּשוט געווען אַ האַלוציגאַציע:

— איך האָב געהערט ווי זיי רופן מיך: יוסף, יוסף — האָט ער גע־זאָגט — איך האָב געהערט רופן מיין נאָמען יוסף...

איך האָב אים נישט געוואָלט זאָגן, אַז איך האָב בלויז געהערט ווי מען האָט געהייסן אויסשאַלטן דעם טעלעפאָן, אַז מסתמא איז דאָס געווען אַ טעות.

מיר זענען אָנגעקומען אויף די נאַלעווקעס און זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין צוויי פאַרשידענע ריכטונגען. מיר האָבן זיך, נישט דעמלט און מער קיין מאָל נישט אומגעקערט צו יענעם טעלעפאָן־געשפּרעך. די דעמלטיקע באַגעגעניש איז געווען איינע פון אונדזערע לעצטע.

בלויז פאַר זיך אַליין האָב איך נאָך נישט איין מאָל געטראַכט וועגן דעם מאָדנעם פאַרפאַל פון יענעם פאַרנאַכט, געפּרוּווט דערגיין פון אים, דעם גורל פון קירמאַנס משפחה.

מער פון אַלץ האָט זיך געלייגט אויפן שכל, אַז זיי האָבן שוין דעמלט נישט געלעבט. סוף 1942 איז שוין נישט געווען קיין יידישער ישוב, ווו עס זאָל נישט האָבן פאָרגעקומען קיין אַקציע, אויב אַפילו נאָך נישט אַר־מעטום פאַרבונדן מיט פולשטענדיקער ליקווידאַציע. אפשר האָט קירמאַנס פרוי געפּרוּווט אַנטלויפן מיט די קינדער צו וואָזשניאַקן און ער האָט זיך אין סאַמע געפערלעכן מאָמענט דערשראָקן און האָט איר געהייסן פאַרלאָזן זיין הויז צי זיין סטאָדאָלע. און אפשר האָט זי בכלל נישט באַוויזן צו אים אָנצוקומען? אפשר האָט זי זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט איר משפחה? אפשר איז זי געוואָרן אַזוי אַפּהעטיק אין יענעם מאָמענט, ווייל זי האָט נישט געהאַט דעם מאָן נעבן זיך...

איך ווייס נישט און איך וועל זיך שוין אַוודאי קיין מאָל נישט דער־וויסן, ווען און וועלכער פון די מיר אַזוי גרויליק באַקאַנטע אומקום־וואַרי־אַנטן, האָט געטראָפן אין דעם פאַל — ביי וואָסערע אומשטאַנדן איז אַוועק פון דער וועלט די פרוי מיט די גאָלדענע שפּרענקעלעך אין די ברוינע אויגן, אין איינעם מיט אירע צוויי קינדער.

און אפשר — טראַכט איך נאָך ביז היינט — איז דאָס רופן, וואָס קירמאַן האָט דעמלט געהערט, כלל נישט געווען קיין צוהערעניש. אפשר האָט עס געבלאָנדזשעט אין חלל איבער די הריגה־פעלדער זינט וואָכן אָדער חדשים — זינט יענעם לעצטן מאָמענט, אַ רגע פאַרן לאָזן די נשמה — ווען די אַלע דריי האָבן אַזוי זייער געגאַרט און געבענקט צו אים מיט אַלע זייערע חושים, געוואָלט אים נאָך איין מאָל זען און פילן נעבן זיך, זיך געזעגענען, זיך פאַראייניקן מיט אים אין זייער לעצטן אָטעם.

און פונקט אין דעם מאָמענט פון זיין העכסטער שפּאַנונג, ווען ער איז מיטן כּוח פון זיין העכסטער ליבשאַפט געווען איינגעשטעלט אויף אַ וואָרט פון זיי און וועגן זיי — האָט דאָס פאַריתומטע, בלאָנדזשענדיקע קול זייערס געטראָפן דעם וועג צו אים, זייענדיק באַשטימט פאַר אים און בלויז פאַר אים.

אָט פונקט אַזוי, ווי עס וואַנדערט אין עטער אַ כוואַליע פון קולות — טראָגט זיך איבער הונדערטער און טויזנטער מייל און דערגרייכט דעם אָפּנעמער — וואָס איז מיט קיין דראָט און איבערפירער נישט פאַרבונדן מיטן מקור פון אָט די קולות, אָבער ער איז אָנגעשטעלט אויף דער זעל־בער כוואַליע, ציטערט אויף אין דער זעלבער אַמפּליטודע...

איז דאָס רופן צו אים דערגאַנגען. נישט מער עס האָט נאָך געדאַרפט אַוועקגיין אַ שטיק צייט, ביז ער האָט דעם רוף געפּאָלגט.

ער האָט זיך נאָך תּחילת געפּרוווט מאַכן נישט וויסנדיק. נישט גע־וואָלט זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן דין וידיעה, אַז זיי געפינען זיך שוין אויף יענער זייט און אַז דאָ וועט ער זיי שוין נישט זען און נישט הערן קיין מאָל.

*

עפּעס האָט זיך אָפּגעריסן ביי קירמאַנען אין האַרצן אין יענעם פאַר־נאַכט פון דעם נישט צושטאַנד געקומענעם געשפּרעך. די מעשׂה איז פאָר־געקומען ערגעץ אָנהייב יאַנואַר 1943 און איך האָב אים בלויז נאָר נאָך איין מאָל געזען. מיר האָט זיך דעמלט געדאַכט, אַז אָט, נאָך אַ וואָך צי צוויי, וועל איך אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט און איך האָב אים בשעת אונדזער לעצטער באַגעגעניש פאַרגעלייגט ער זאָל מיר זאָגן די נעמען פון די פּוילישע אַרבעטער אין דער קאַלאָשן־פאַבריק אויף פּראַגע, מיט וועלכע ער איז געווען באַקאַנט פאַר דער מלחמה. איך האָב נאָך אַליין נישט געוווּסט, ווי אַזוי עס וועט זיך געשטאַלטיקן מיין עקסיסטענץ אויף „יענער" זייט, נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז אפשר וועט זיך מיר איינ־געבן אָפּזוכן זיינע באַקאַנטע און פּועלן ביי זיי צו שאַפן פאַר אים אַ מקום מיקלט מיט אַ באַהעלטעניש, אָדער אַן אַרבעטס־פּלאַץ מיט גוטע פּאַפּירן. איך האָב אויך צוגעגעבן, אַז אפשר וואָלט כדאַי געווען, ווער פון זיי זאָל אַריינפאָרן אין שטעטל, וווּ עס געפינט זיך זיין פרוי מיט די קינדער.

ער האָט ביי אָט דעם פּונקט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיך פּלוצים אָנגעקוקט מיט אַ שטרענג פאָרשנדיקן בליק. מסתּמא האָט ער געוואָלט דערקענען אויף מיין פּנים צי איך מיין עס אויפן רעכטן אמת, אָדער איך

מאַך בלויז אַן אָנשטעל, כּדי אים צוצוגעבן האָפענונג... דערנאָך איז זיין פּנים געוואָרן צוריק פאַרחושכט און פאַרשוויגן. אפשר האָט ער זיך שוין געהאַט אין צווישן עפּעס דערוווּסט און מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן וועגן דעם.

— גיי געזונט און זיי מצליח! — האָט ער מיר צום סוף אָנגעוווּנטשן ביים צעגיין זיך. און הגם עס זענען נאָך פאַרגאַנגען קנאַפּע אָנדערטהאַלבן חדשים ביז מיין פּאַקטישן אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט, האָב איך שוין קירמאַנען מער נישט געזען. דאָס געשפּרעך איז פאָרגעקומען פאַרן פּלוצימדיקן אויסברוך פון דער צווייטער אַקציע, וואָס האָט געדויערט פונעם 18טן ביזן 21סטן יאַנואַר און אויף ס'ניי איבערגעוואָרפן און איבער־געדרייט דעם פערזענלעכן מצב ביי יעדן פון אונדז.

נאָכן אַרויסגיין פון דעם באַהעלטעניש אויף נאַלעווקעס 37 האָב איך זיך איבערגעטראָגן אויף מוראַנאָווסקע. איך האָב פאַרענדיקט די טרעב־לינקע־עדות, איבערגעשיקט פאַרן אַרכיוו די לעצטע פּאַרטיע פון מאַנו־סקריפּט און זיך פּאַרטיק געמאַכט צום פאַרלאָזן דאָס געטאָ...

אויף פראַנציסקאַנסקע בין איך בלויז נאָך איין מאָל געווען, כּדי זיך צו געזעגענען. קירמאַנען האָב איך דאָרט נישט געטראָפן און קיינער האָט מיר נישט געוווּסט צו זאָגן, ווו ער געפינט זיך. מעגלעך אַז ער האָט זיך בשעת איינער פון די בהלות נאָך דער יאַנואַר־אַקציע איבערגעטראָגן אויפן טעבענס־געביט און געבליבן דאָרט ביזן אויפשטאַנד, אָדער ביז איינער פון די פריִערדיקע איבערזידלונגען פון די טעבענס־שאָפּן אויף דער פּראָווינץ. אַ נייע ידיעה וועגן קירמאַנען איז מיר אויסגעקומען צו דער־האַלטן ערשט מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער.

*

סוף יולי 1943. שליחים פון דעם יידישן נאַציאָנאַל־קאָמיטעט אויף דער אַרישער זייט האָבן באַוויזן אַרויסצופירן פון לאַגער פּאָניאַטאָוואַ די טוערין פון די לינקע פּועלי־ציון פאַליע עלסטער. פון איר האָב איך זיך דערוווּסט, אַז צווישן אַנדערע באַקאַנטע יחידים פון וואַרשע געפינט זיך אין יענעם לאַגער אויך יוסף קירמאַן. איך האָב מיט איר גערעדט וועגן דעם, צי וואָלט מען נישט געקאָנט אויך אים אַרויסשלעפּן פון דאָרט. פאַליע האָט קירמאַנען געקענט אַלס פאַרמלחמהדיקן סימפּאַטיקער פון איר פּאַר־טיי און זי האָט מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט רעדן וועגן דעם מיט די חברים פון קאָמיטעט. איך האָב דערווייל אַליין גערעדט מיט באַשע בערמאַן, גע־טענהט אַז קירמאַן איז שוין איינער פון די סאַמע לעצטע ביים לעבן גע־

בליבענע שרייבער פון געטאָ וואַרשע. אויך זי האָט מיר צוגעזאָגט צו טון וואָס עס וועט זיך לאָזן, הגם די זאַך איז ווייט נישט געווען פון די גרינגע.

דערווייל איז די צייט געלאָפן. מען האָט געשיקט געלט פאַרן געהיי־מען קאָמיטעט אין לאַגער און מסתּמא האָט אויך קירמאַן געגאָסן פון אָט דער הילף. אין צווישן האָט די ראָטאַציע פון די שליחים אָנגעהויבן צו הינקען. אין די ערשטע טעג נאָוועמבער זענען זיי אַוועק אין פּאָניאַטאָוואָ מיט אַ גרויסער סומע געלט, געזאָלט פון דאָרטן ברענגען מענטשן. צי איז אויך קירמאַן געווען אויף דער ליסטע איז מיר נישט געלונגען פעסטצו־שטעלן. איינס איז באַוווּסט — זיי זענען אָנגעקומען צו שפּעט.

*

דאָס איז געשען דעם 3טן נאָוועמבער 1943 און אַריין אין דער כראָ־ניק פון די דייטשע מאַסן־מאָרדן אונטערן נאָמען „ערנטע־פעסט".

„דריטער נאָוועמבער" — האָט דער יידישער מאָלער פון קיעוו זינאָווי טאָלקאַטשאָוו, וועלכער איז געקומען קיין פּוילן אין יאָר 1945 אַלס סאָל־דאַט פון דער רויטער אַרמיי — אָנגערופן איינעם פון זיינע בילדער־ציק־לען „דריטער נאָוועמבער"...

עס איז געווען 9 חדשים נאָך דער דייטשער מפּלה הינטער סטאַלינגראַד, 3 חדשים נאָכן אַראָפּוואַרפן מוסאָליניען, אויך נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון דער איטאַליענישער אַרמיי. די פראָנטן האָבן זיך אָנגעהויבן איבעררוקן אויף צוריק, דער לובלינער דיסטריקט, דער צווייט־גרעסטער צענטער פון יידישן אומקום אין אייראָפּע: שן מאַסשטאַב, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געביט פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אויף דער טראַסע פון די דייטשע חיילות, פּאַרטיזאַנער פון אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען — אויך יידישע — האָבן זיך געמערט אין די וועלדער. אין צוויי יידישע טויטן־לאַגערן, טרעב־לינקע און סאָביבאָר, זענען אין די חדשים אויגוסט און אָקטאָבער 1943 פאָרגעקומען מרידות און אַנטלויפונגען פון דער יידישער מאַנשאַפט. „דער יידן־פּראָבלעם איז זיך צוואַקסן אין אַ געפערלעכן מאַסשטאַב" — האָט הימלער געשריבן צו זיין באַפולמעכטיקטן אין קראָקע. בריוו און דעפּעשן האָבן אָנגעהויבן יאָגן פון בערלין קיין לובלין. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ליקווידירן אַרום 40 טויזנט יידן, לרוב רעשטן פון וואַרשעווער יידנטום, וועלכע זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אין די לאַגערן בשעת דעם אויפשטאַנד. מיט אַ יאָר צוריק איז אַזאַ ציפער נישט געווען קיין פּראָב־

לעם. איצט האָבן די גאַז־קאַמערן מער נישט געאַרבעט. מען האָט זיך גע־מוזט אומקערן צום אַלטן מיטל — הייס געווער.

12,000 ייִדן אין טראַווניק, 13,000 אין מײַדאַנעק, 14,000 אין פּאָניאַ־טאָווע. „דריטער נאָוועמבער" — ערנטע־פעסט", אַ בילדער־ציקל אין אַן אַלבום — דער עפּילאָג, דאָס פּאָסט־סקריפּטום צו חורבן וואַרשע...

*

צו די שוואַכסטע זייטן פון באַנוצן זיך מיט הייס געווער האָט פון היטלעריסטישן שטאַנדפּונקט געהערט דאָס לאָזן עדות — נישט דערשאָ־סענע, לײַכט־פאַרווונדעטע, וואָס פלעגן זיך נאָכן פאַרשיטן די גריבער אַרויסבאַקומען ביי נאַכט פון קבר און טייל מאָל אַרויס מיטן לעבן פון די אַלע שווערע פּורענויות, וואָס האָבן נאָך געוואַרט אויף זיי, ביז זיי איז גע־לונגען צו דערווישן אַ בגד, וואָסער צום אָפּוואַשן דאָס בלוט, אַ שפּליטער מענטשלעך רחמנות, וואָס זאָל זיי העלפן אָננעמען צוריק די צורה פון אַ לעבעדיקן מענטש.

האָבן מיר שוין, אין יאָר 1945, געהאַט פאַר זיך די שילדערונגען פון אַזעלכע מין אַנטרונענע פון קברים. אויך פון פּאָניאַטאָווע.[68]

איינע פון זיי מיטן נאָמען אסתּר רובינשטיין־ווינדערבוים (ביים היינ־טיקן טאָג אַ תּושבטע פון גבעתיים) האָט דערציילט פאַר דער ייִדישער היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש, ווי אַזוי דער דריטער נאָוועמבער איז דאָרט געוואָרן דורכגעפירט.

מיט אַ פּאָר טעג פאַר דער עקזעקוציע האָט מען אָוועקגעשטעלט עט־לעכע גרופּן מענער מיט דזשאַגאַנעס און לאָפּעטעס, גראָבן „אַנטי־סאָוויע־טישע אָפּווער־ראָוון קעגן טאַנקן". אויך דעם 3טן נאָוועמבער אין דער פרי האָט מען די זעלביקע שטאַרקע מענער אַרויסגעפירט צו דער אַרבעט. נישט מער, מען האָט ביי זיי באַלד נאָכן אָנקומען אָרט צוגענומען די לאָפּעטעס מיט אַנדערע מכשירים און געעפנט אויף זיי דאָס ערשטע פייער.

מיר האָבן אַ גרונט אָנצונעמען אַז צווישן אָט די שטאַרקע מענער איז אויך געווען דער דעמלט 47־יאָריקער יוסף קירמאַן און אַז פון דער ערשטער פרימאָרגן־סאַלווע זענען די קרבנות געפאַלן טויט אויפן אָרט.

נישט בלויז ייִדישע עדות זענען פאַרבליבן צו דערציילן וועגן דעם פאַרלויף פון יענעם נאָוועמבער־טאָג. מיט העכער צוויי יאָר צוריק זענען געשטאַנען פאַרן דייטשן געריכט אין שטאָט וויסבאַדען צוויי 60־יאָריקע הערן, וועלכע האָבן גענומען אָנטייל אין יענעם „פעסט". איינער פון זיי, גאָטהאַרט שומאַן, אַ נאָמענטרעגער פון דעם באַרימטן דייטשן קאָמ־

פּאַזיטאַר, האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין דערקלערונג אַ פּרט, וואָס האָט זיך אים איינגעקריצט אין זכּרון:

„בשעת דעם שיסן האָט מען פון די אויפגעשטעלטע הילכערס כּסדר געהערט שפּילן פאַרשידענע מעלאָדיעס. די הילכערס האָבן געאַרבעט אויף די העכסטע אָקטאַוועס און ווען די פּלאַטן האָבן זיך אויסגעשעפּט האָט מען אָנגעהויבן די סדרה אויף דאָס ניי".

אַ פּוילישער עדות, אַ געוועזענער העפטלינג פון מיידאַנעק, האָט פאַר דער פּוילישער הויפּט־קאָמיסיע צו פאָרשן דייטשע פאַרברעכנס אין פּוילן איבערגעגעבן פּרטים וועגן דער מוזיק־באַגלייטונג פון דעם דריטן נאָוועמבער. אין מיידאַנעק זענען דאָס נישט געווען קיין גראַמאָפאָן־פּלאַטן מיט הילכערס. דאָ האָט עקסיסטירט אַן אייגענער אַסירים־אָרקעסטער, וועלכער איז געשטאַנען נישט ווייט פון די אויסגעגראָבענע גריבער און ביים אַקאָמפּאַניאַמענט פון די סאַלוועס כּסדר געשפּילט דעם באַליבטן וואַלס פון אָדיל גלאָבאָצניק, דער ס.ס. און פּאָליציי־פירער פון לובלינער דיסטריקט, הימלערס רעכטע האַנט פאַר די ענינים פון יידן־פאַרטיליקונג אין מזרח־אייראָפּעישן טויט־באַסיין. דאָס איז געווען דער וואַלס פון יאָהאַן שטראַוס דעם זון, אונטערן טיטל: .An der schoenem blauen Donau מען האָט געענדיקט דעם וואַלס און אים ווידער אָנגעהויבן אויף דאָס ניי. גלאָבאָצניק איז געוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין ווין.[69]

*

יוסף קירמאַן האָט אפשר געקאַנט האָבן געוויסע, ווען אויך קליינע, שאַנסן זיך צו ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך אַפילו מיט זיי נישט געפּרוווט פאַראינטערעסירן. איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז ער האָט נישט געוואָלט לעבן; איך וויל אפילו נישט זאָגן, אַז ער האָט עס נישט געטון, ווייל ער האָט געוווסט אָדער געאַנט, אַז זיינע נאָענטסטע און טייערסטע לעבן נישט מער. און דאָך האָבן אין אים, פּונקט ווי ביי אַנדערע יידישע שרייבער אין יענער צייט געווירקט אימאַנענטע כּוחות, איבער וועלכע זיינע באַוווסטזיניקע אימפּולסן האָבן קיין שליטה נישט געהאַט. טיף פאַרוואָרצלט אין גורל און וועזן פון די יידישע מאַסן, איז ער אפשר נישט געווען מסוגל צו זוכן קיין וועג זיך צו ראַטעווען מחוץ דעם יידישן תּחום.

אויך ער איז געווען איינער פון די, וואָס זענען אין בלינדער גראַוויטאַציע צום אייגענעם שטאַם, אין איינעם מיטן פאָלק צום טויט געגאַנגען.

## 33. וואַקסענע ליכט

איך האָב געקענט יחיאל לערערן פון פאַר דער מלחמה. געקענט פון דער ווייטנס, ווי צענדליקער אַנדערע חברים פון ליטעראַטן־פאַראיין. די משפחה איז נאָך דעמלט געווען גרויס. איך געדענק אַפילו נישט צי האָט ער אין וואַרשע געוווינט, אָדער פלעגט ער בלויז קומען צו פאָרן פון זיין שטעטל זשעלעכאָוו. אין די ליטעראַרישע קרייזן האָבן זיך גע־דרייט אַ היפש ביסל „יונגעלייט פון ווייסענבערגס חדר". וועגן לערערן האָט מען געוווּסט, אַז דאָס איז אַן אמתער טאַלענט — אַ פּאָעט, וואָס האָט מיט זיינע לידער אַריינגעבראַכט אַן אייגענעם, עכטן און וואַרעמען טאָן אין דער דיכטונג פון די דרייסיקער יאָרן; ביי אַ נייס — אפשר שוין צום לעצטן מאָל — אַרויסגעבראַכט די לאַנדשאַפט און די אַטמאָספער פון יידישן לעבן אויף פּוילישער ערד. לערער האָט נאָך געהאַט וואָס צוצוגעבן צו דעם, וואָס אַנדערע האָבן שוין געזונגען און געזאָגט אין פּאָעזיע און אין פּראָזע אויף דער טעמע. די פּרעמיע, וואָס ער האָט באַ־קומען פון פּען־קלוב פאַר דער פּאָעמע „מיין היים" האָט אים אַרויסגע־הויבן אַלס איינעם פון די סאַמע באַגאַבטע נייע כוחות פון יידיש־דיכטע־רישן וואָרט.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז לערער נישט געלאָפן אויף מזרח, אָדער אפשר געלאָפן און זיך אומגעקערט צוריק. אויך דאָס איז מיר נישט גענוי באַוווּסט. איינס ווייס איך: ווען די וואַנדערונגען פון 1939—1940 האָבן אויפגעהערט, ווען מיר זענען דעם 15טן נאָוועמבער 1940 איינגעשלאָסן געוואָרן אין „יידישן קוואַרטאַל", איז לערער געווען איינער פון דער גרופּע פּען־מענטשן, וואָס זענען פאַרבליבן אין וואַרשע.

*

די שרייבער אין וואַרשעווער געטאָ האָבן נישט אויפגעגעבן זייער שאַפונג. נאָך דער מהומה פון די קריגס־געשעענישן אין ערשטן מלחמה־חודש, נאָך דער כוואַליע רעפּרעסיעס און דעפּרעסיעס וואָס האָבן זיך אָנ־געדרוקט אויף אונדז מיטן אַריינמאַרש פון די דייטשן, איז געקומען אַ צייט פון קאָנצענטרירן די איבערגעבליבענע כוחות, צופּאַסן זיך צו דער נייער, מוראדיקערווירקלעכקייט. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן דאָס גרויסע און

פֿאַרצווייגטע ווערק פֿון דער יידישער הילפֿסטעטיקייט און אונטערן דעק־מאַנטל פֿון סאָציאַלער הילף איז אויך באַנייט געוואָרן דאָס פּאָליטישע און קולטורעלע לעבן פֿון דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

ווי איך האָב שוין דערציילט אין די פֿריערדיקע קאַפּיטלען, האָב איך זינט דעם 1טן אָקטאָבער 1939 אָנגעפֿירט מיט דער פֿאָלקס־קיך אויף לעשנאָ 40. טאָפּאָגראַפֿיש איז דאָס געווען אַ צענטראַלער פּונקט און דאָרט פֿלעגן מיך חברים — שרייבער און קינסטלער — אָפֿט באַזוכן.

און אָט וואָס איך האָב פֿאַרצייכנט וועגן לערערן אין די זכרונות, וואָס איך האָב געשריבן אויף דער אַרישער זייט, אין די ווינטער־חדשים 1943—1944.

„אין פֿאַרשידענע צייטן איז לערער געווען — אָפֿיציעל אָדער נישט אָפֿיציעל — אַ קאָנסומענט פֿון אונדזער קיך. אַחוץ דעם פֿלעגט ער מיך דאָרט באַזוכן צוזאַמען מיט יוסף קירמאַן און שלמה גילבערט אין די נאָך־מיטאָג־שעהען. דאָס עסן פֿלעגט שוין דעמלט זיין אַרויסגעגעבן. די „לעגאַלע" קאָנסומענטן, וואָס האָבן געגעסן אויפֿן אָרט אָדער אַהיים גענו־מען די זופּן אין באַנקעס, זענען אַלע אַוועק. צוזאַמען מיטן לעצטן לעפֿל אויסשאָבעכץ זענען אַוועק פֿון קאָרידאָר און פֿון די קיך־טרעפּ אויך די „אומזיסטע עסערס". דאָס געשריי, די בקשות און די דינגעניש וועגן נאָך אַ לעפֿל „געדיכטס", וועגן נאָך אַ קאַרטאָפֿל, זענען אַנט־שטומט געוואָרן. דער פּערסאָנאַל איז געווען פֿאַרנומען מיט אויפֿרוי־מען, מיטן שייערן די כּלים, אויסוואַשן אין מאַגאַזין די פּראָדוקטן און גרייטן דאָס קאָכן פֿאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג. נאָכן מאַכן די קאַסע און עקספּעדירן אין דער צענטראַלע דעם טאָג־ראַפּאָרט, פֿלעג איך ווערן אַ ביסל פֿרייער. פֿלעגט מען זיצן אין דער שמאָלער „קאַנצעלאַריע" צווישן די זעק מיט אויסגעוווינענע פּראָדוקטן, צווישן פּעסער אָפּגערייניקטע ירקות, טעפּ מיט אייל, און דאָס געשפּרעך פֿלעגט אַרויפֿקומען אויף לי־טעראַרישע טעמעס. גילבערט פֿלעגט אַרויסשלעפּן פֿון קעשענע אַ העפֿט און פֿאָרלייענען פֿאַר אונדז אַ נײַ „בילד" פֿון דער דראַמאַטישער פּאָע־מע, וואָס ער האָט זי אָנגעפֿילט מיט וויכּוחים צווישן גאָט און פֿאָלק, מיט סימבאָלישע געשטאַלטן, מיט זיינע געדיכט־פֿאַרפֿלאָנטערטע פּסוקים וועגן אַ פֿאַנטאַסטישער נשמה־וועלט, געפֿרווּוט אין זיי פֿאַרענטפֿערן די שרעקלעכע ממשות פֿון דעם הייגט...."

און נאָך לייען איך אין די פֿאַרצייכענונגען מיינע פֿון יענער צייט:

„גלייך מיט גילבערטן איז שוין אויף דער צווייטער אָדער דריטער

וואָך פון גירוש, אָן גרעסערע שהיות, אָפּגעשוואָמען קיין טרעבלינקע אויך יחיאל לערער. איך האָב לעצטנס געטראַכט וועגן זיין עלעגיש־לירישער פּאָעמע וועגן דער יידישער פּראָווינץ. ווי פול זי איז מיט ליבשאַפט צו דער היים, צו אָט דער ערד, אויף וועלכער עס האָט זיך געפירט דאָס פשוטע און אָרעמע, אַזוי מיט געפיל און געראַנגל פאַרן קיום אַדורכגעזאַפּטע לעבן פון דעם קליינעם יידישן מענטשן. יענע פּאָלאַקן, וואָס שיסן אויף אונדז, נאָך אַפילו איצט, אין אונטערערדישע אָרגאַנען — אַפילו אין אַרטיקלען געווידמעטע דער יידן־אויסראָטונג — פאַרסמטע פיילן פון זייער אַלטן פּיזמון אַז די פּוילישע יידן האָבן נישט ליב דאָס פאָטערלאַנד — די דאָזיקע פּאָלאַקן דאַרף מען אָפּשיקן צו לערערס פּאָעמע. אמת איז, אַז דער פּוילישער ייד האָט נישט פאַר־מאָגט קיין פאָטערלאַנד, נאָר אַ שטיף־לאַנד לויט דער באַציִונג און באַהאַנדלונג, וואָס עס האָט צו אים אַרויסגעוויזן די פּוילישע מלוכה; אמת איז אָבער אויך, אַז דער פּוילישער ייד האָט אָט דאָס לאַנד און אָט די ערד אין זיין האַרצן ליב געהאַט, ווי יעדער מענטש מיט נאָר־מאַלע אינסטינקטן האָט ליב די ערד, וווּ ער איז געבוירן און אויסגע־וואַקסן און ווו ער פאַרמאָגט די קברים פון די נאָענטע זיינע. אַ סימן — לערערס פּאָעמע! וואָרעם עס קאָן זיין אַ מלך אָן אַ לאַנד, אָבער עס איז נישט פאַראַן קיין דיכטער אָן אַ לאַנד, אַפילו ווען ער איז אַ דיכ־טער פון אַ היימלאָז פאָלק...".

*

לערער האָט געאַרבעט אַלס באַאַמטער ביים יודענראַט. איך האָב פאַרשריבן, אַז ער איז געווען אָנגעשטעלט אין וווידענץ־אַמט, רינגעל־בלום שרייבט אַז אין פּאָסט־אַמט. זיכער איז, אַז ער האָט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן, געווען ווי נישט איז באַזאָרגט מיטן מינימום פּרנסה. אַחוץ די וויזיטן זיינע מיט קירמאַנען און גילבערטן אין קיך, פלעגט ער אויך פון צייט צו צייט, אין די פרייע טעג, ווען די קיך האָט נישט גע־קאָכט, אַרויפקומען צו מיר אַהיים אויף לעשנאָ 66. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט פּאָליטיק, מיט דער לאַגע אויף די פראָנטן. ער פלעגט נאָכפּאָלגן די דייטשע פּרעסע, לייענען און קאָמענטירן זי — בפרט צווישן די שורות...

געקומען איז אויך לערער צו מיר — צום לעצטן מאָל — בשעת דער גירוש־אַקציע.

עס איז געווען אַ טאָג, אין וועלכן עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין

בלאָקאַדעס, אין איינעם פון די טעג ווען די תּלינים זענען געהאַט אַרויס־געפאָרן אויסראָטן די ייִדישע ייִשובים אויף דער אָטוואָצקער ליניע. אין די ערשטע טעג פון דער אַקציע האָט זיך לערער געהאַט אַריינבאַקומען אין שאַפּ פון שולצן אויף נאָוואָליפּיע־גאַס. דער פאָטער לערערס, אַ פרומער ייִד אַ למדן און מיוחס, אַ טאַטע פון ניין קינדער, האָט געאַרבעט אַלס נאַמן און אַ מין בוכהאַלטער ביי די זשעלעכאָווער געשעפטסלייט. קיין בעלי־מלאכות האָט ער מסתּמא אין דער משפּחה נישט געהאַט, אָבער כאָטש אַזוי האָט ער זיך אין דער ערשטער צייט פון דער אַקציע געהאַט פאַרשריבן אין די וואַרשטאַטן פון קאַראָל געאָרג שולץ אַלס — קירזשנער. נישט מער — עס איז קענטיק געווען, אַז ער וועט פון דער פּריווילעגיע פון זיין אמתער צי כּלומרשטער פאַכמענישקייט לאַנג נישט געניסן.

דער טשאַד און די קאַשמאַרן־שטימונג פון די גירוש־טעג האָט זיך נישט אויסגעוועפּט אין דער הפסקה. ווי אין אַ געלן נעפּל איז פאַרהילט די דערמאָנונג מיינע וועגן מיין לעצטן געשפּרעך מיט לערערן".

איך לייען ווייטער אין דעם העפט פון 1943:

„זיין פּנים איז געווען געל און איינגעקאָרטשעט ווי ביי אַ בר מינן. די גרויע אויגן זיינע האָבן זיך געטוקט אין טרערן. זיין געשטאַלט האָט אויסגעזען קלענער ווי תּמיד, געבראָכן און פאַרשניטן ביז צום שורש. נאָר זיין האָרץ האָט נאָך געפלאַקערט, ווי דאָס וואַקסענע יום־כּיפּור־ליכט, אַמאָל אין זיין היים — דאָס ליכט אַן אויפגעצויגנס אויף אַ קנויט, וואָס יעדער פאָדעם זיינער איז אַ נאָמען פון אַ נאָענטן מענטשן, אַן אַרויסגערעדטער דורך דער מאַמעס ליפּן. אויף די ווערטער זיינע זענען געווען ווי טראָפּנס טריפנדיקער וואַקס פון דעם נשמה־ליכט אין יום־הדין".[70]

— ייִדישע פּאָליציי, שאַפּן — פאַרראַט! — האָט ער געשטאַמלט וועגן דעם, וואָס טוט זיך אַפּ אין שטאָט; וועגן דער לאָזונג „זאָל זיך ראַטעווען ווער נאָר עס קאָן, ווי אַזוי ער קאָן"... ער האָט געטראַכט וועגן די, וואָס קאָנען נישט...

איך האָב שוין נאָך דעם לערערן מער נישט געזען... ער האָט, זעט אויס, מער נישט געמאַכט קיין אָנשטרענג זיך צו ראַטעווען. מיט אַ פאַרצווייפלטער נשמה איז ער — דער געטרייער זון פון די ייִדישע מאַסן — אַוועק צום טויט צוזאַמען מיטן פאָלק".

*

איך האָב איצט באַקומען פון ראָזע גראָסמאַן אַ געשענק פון משה גראָסמאַנס ירושה — לערערס וווּנדערשיינע, וווּנדערלעך עכטע אידיליע, „מיין היים", אַרויסגעגעבן מיט גרויס פיעטעט (און מיט אריה מערזערס קופערשניטן) דורך דעם אַרגענטינער פאַרלאַג פון פוילישן ייִדנטום. די ערשטע אויסגאַבע איז דערשינען אין יאָר 1937. און שוין דעמלט איז דאָס געווען אַ געזעגענונגס־פּאָעמע מיט דעם ערב־מלחמהדיקן „נעכטן", דעם נעכטן פון זיינע טאַטע־מאַמע.

אַזוי פיל טיפע ליבשאַפט — אַזוי פיל יראת הכבוד פאַר דעם פרו־מען טאַטן מיט זיין אַבסאָלוטער געטריישאַפט צום אַלטן שטייגער און מיט זיין טיפן ווייטיק און פּראָטעסט קעגן די נייע וועגן פון זיינע זין און פון זיין ליבסטער טאָכטער, דער מיזינקע. די קינדער קהלן זיך אין „פאַראיינען", פאָרן אויף די „הכשרות" און גליטשן זיך אַרויס איינער נאָכן אַנדערן פון זיין רשות, און וואָס ערגער איז — פון זיינע דלד אמות, פון זיין שטוב, פון שטעטל, פון זיין היים...

צי האָבן טאַטע־מאַמע אין זייער פאַרשעמטער געטריישאַפט און ליבשאַפט, מיט זייער אָנוואָקסנדיקער איינזאַמקייט און בענקשאַפט, גע־קאָנט דעמלט פאָרויספילן און זוכן אַ טרייסט אין דעם, אַז אָט די „אַנ־דערע" וועגן פירן צום — בלייבן לעבן?

אַדאַנק אָט די אַנדערע הכשרה־וועגן פון לערערס ברידער און שוועסטער איז געווען דאָ אין ישראל זיינער אַ ברודער משה צדוק, אַ וויכטיקער אָפיציר אין צה"ל, אַ דור ההמשך פון יענער שיינער לערנעריי־שער „היים" וועלכער איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דאָ אין לאַנד געשטאָרבן. די שוועסטער, די מיזינקע, לעבט אין קאָסטאַריקאַ און באַזוכט אָפט דאָס לאַנד. פאַראַן נאָך איינער פון זיינע משפחה־קינדער, אלימלך ראָם, אַ טאַ־לענטפולער, וויכטיקער כּוח פון ישׂראלדיקן ראַדיאָ און פון אונדזער דיפּלאָמאַטישן דינסט אין אויסלאַנד.

*

אין זיין בוך „אומגעקומענע שרייבער פון געטאָס און לאַגערן" ציִ־טירט ב. מאַרק אַ פראַגמענט פון לערערס אַ ליד, וואָס איז געוואָרן אָפּ־געפונען צווישן די אויסגעגראָבענע שריפטן פון רינגעלבלום־אַרכיוו. עס לייענט זיך ווי אַ המשך, ווי אַ פּאָסט־סקריפּטום צו „מיין היים".

„און גראָד דווקא לעצטנס האָט זיך פאַרשפּרייט אַזאַ וויסטער,
העסלעכער קלאַנג:

מיינע אַלטע טאַטע־מאַמע האָט מען אַרויסגעוואָרפן פון זייער
ירושה־נעסט דאָ נישט לאַנג

זיי וואַלגערן זיך צווישן פרעמדע מענטשן, אויף פרעמדער גאַס...
צי קוקט זי נאָך אַלץ אויס, מיין מאַמע, גאָט זאָל אַרויסציִען די זון
פון איר פוטער־פאַס

און באַלייכטן די גאַנצע וועלט מיט זיין העלסטן און הייליקסטן ליכט?
און פאַרטרייבן די שאָטנס, וואָס זענען אַזוי גרויס, אַזוי שוואַרץ,
אַזוי געדיכט

אין אונדזערע יידישע היימען? אָדער האָפּט זי שוין גאָרנישט,
גאָרנישט מער?

מיינע ליבע פריינד, מיין האַרץ איז מיר אַזוי איבערגעלאָדן, אַזוי שווער,
ווען איך טראַכט פון מיין מאַמען. און איך וויל אייך פרעגן:
אפשר ווייסט איר,

אפשר האָט איר געהערט וועגן איר? און אויב יאָ, זאָגט מיר באַלד
און ברענגט אַ טרייסט מיר".

„מיין אַלטע, גרויע מאַמע זוכט און קוקט אויס אַ פרילינג אַזאַ יונגן,
וואָס זאָל זיין אַזוי ראָז, אַזוי בלוי און אַזוי צעזונגען,

און אַזוי שטאַרק — ווי אַ טייך אין זיין פאַרפלייצונג: אַלע שליוזן
זאָל ער ברעכן און אַריינדרינגען

זאָל ער אומעטום, אומעטום: אין אַלע לענדער, איבער אַלע ימען,
אַלע ווייטע זאָל ער דערנעענטערן און אַלע קינדער די צעזייטע —
צוריקברענגען צו זייער מאַמען".

**ווען איך זאָל האָבן אַ דעה, וואָלט איך אָט די תפילה־ווערטער פון אַן אומגעקומענעם יידישן פּאָעט געלאָזט אויסקריצן פון קליינע עלעקטרישע לעמפּעלעך, און זיי אויפהענגען איבער דעם לופט־פעלד, ווו עס לאַנדן עראָפּלאַנען, וואָס ברענגען צו פירן קיין ישראל די צעזייטע קינדער, בכדי אַז אָט די ווערטער זאָלן זיין אַ זכר פון די פאַרלוירענע זין און פאַרלוירענע מאַמעס, וואָס האָבן זיך שוין קיין מאָל מער נישט באַגעגנט.**

# 34. אַ בוים אין געטאָ

מסתּמא איז דאָס געווען פרילינג אָדער אָנהייב זומער 1941. דעמלט אין סאַמע הויך־סעזאָן פון הונגער און טיפוס, פון מחנות בעטלער, הענדלער, זינגער אויף די גאַסן. עס איז געווען נאָך הערשעלעס טויט. איך האָב מיר נישט געקאָנט מוחל זיין הלמאַי האָב איך בייצייטנס נישט געפּרוּווט אים אונטערקאָרמען אין מיין קיך — און ווען איך האָב צו־פעליק געטראָפן ישׂראל שטערן, אין איינער פון די אינסטיטוציעס אונד־זערע, האָב איך אים אַוועקגערופן אין אַ זייט, פאַרבעטן ער זאָל קומען יעדן טאָג אויף לעשנאָ 40 אָפּעסן אַ זופּ. זיין ערשטע פראַגע איז געווען, צי די קיך איז כּשר.

— וואָס האָט נישט צו זיין כּשר? — האָב איך אים געענטפערט — ס'איז נישט מילכיק, נישט פליישיק. מען שמעלצט דאָס עסן מיט אייל — איז עס פאַרעווע.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער זיך טאַקע באַוויזן; אָנגעהויבן קומען כּמעט יעדן טאָג. ווי נאָר אונדזער האַלינע פלעגט אים דערזען, פלעגט זי אים תּיכּף — לויט מיין אינסטרוקציע — צושיקן אַ טעלער זופּ אָן אַ צעטל. סיי זי, סיי דער שטענדיקער „פּאַטראָן" פון אונדזער קיך, אברהם בעלדיגער, זענען געווען געוווינט צו אַזעלכע מיני ליטעראַרישע קליענטן. זיי האָבן אויך דעם דאָזיקן קאָנסומענט אַריינגע־רעכנט צווישן מיינע „אומזיסטע טיפּן". נישט מער, זיי האָבן נישט גע־קאָנט שלום מאַכן דערמיט, הלמאַי גיב איך אים בעסער נישט אַהיים דאָס עסן; הלמאַי בעט איך גראָד אים אין זאַל, צום טיש.

און באמת — וואָס איז דאָ צו לייקענען? אַפילו אויפן פאָן פון די דעקלאַסירטע און אויסגעמאַטערטע פליטים פון דער פּראָווינץ, פון וועל־כע עס איז באַשטאַנען דער רוב קאָנסומענטן אין קיך, האָט שטערן זיך געוואָרפן אין די אויגן מיט זיין מוראדיקער אָפּגעלאָזנקייט.

זיין פּאַלטן איז אונטן אַרום געווען אויסגעסטרעפּעט. די אַרבל אין די פּאַכוועס אויסגעפליקט. דעם שוואַרץ־פאַרפּעטסטן קאַפּעליוש האָט ער כּמעט קיין מאָל נישט אַראָפּגענומען פון קאָפּ. די זעלטן געגאָלטע באַקן זענען געווען אָנגעיויזשעט, ווי אַ סטערניע, מיט אַ האַרט שטאַרצנ־דיקן ווילדוווּקס. אונטערן מאַנטל איז שוין, דאַכט זיך, נישט געווען קיין

רעקל און דאָך איז ער געווען מאָדנע אָנגעבלאָזן אויפֿן בויך. איך האָב געפֿרעגט ביי יוסף קירמאַנען וואָס קאָן דאָס זיין און קירמאַן האָט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין:

— היות די קעשענעס פֿון פּאַלטן זענען אויסגעריסן, טראָגט שטערן אונטער די פּאַלעס זיינע נייטיקסטע חפצים: דאָס ביכל, וואָס ער האַלט אין לייענען און דערצו זיין אייגענע אַ נישט־אָפּגעשפּרונגענע קוואָרט צום אָפּגיסן די הענט לויטן שולחן ערוך...

ווי דאָס אַלטע וועלט־ווערטל זאָגט וועגן דעם חכם, וואָס טראָגט אַלץ דאָס זייניקע מיט זיך.

מיר האָבן נאָך פֿאַר דער מלחמה געוווּסט, אַז שטערן איז אַ חסיד פֿון די בראַסלאַווער „טויטע חסידים”. דאָך האָב איך מיר נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז ער איז אַזוי ווייט אָפּגעהיט...

*

אין יאַנואַר 1942, איז די קיך אויף לעשנאָ 40 — אין דער ראָם פֿון דער ווינטער־הילף — פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעקאָנוואַלעסצענטן־קיך און אָנגעהויבן צו קאָכן נאַרהאַפֿטיקע און פֿעטע זופּן, בעיקר פֿאַר מענטשן וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ טיפֿוס. פֿון דער קיך האָט מען איצט געהאַט דאָס רעכט צו געניסן נאָר אויפֿן סמך פֿון אַ ספּעציעלער צו־ווייזונג און נאָר אין משך פֿון איין חודש. די קיך איז איצט געווען אויס־געשטעלט אויף כּסדרדיקע וויזיטאַציעס, אָבער אויך איצט האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, געקאָנט אַריינשמוגלען אַן „אויסנאַם”. חברים שרייבער, מאָלער, מוזיקער האָבן זיך איצט נאָך מער פֿאַראינטערעסירט מיט אונד־זער קיך און מיט אירע קאַלאָריעס. פֿאַר שטערנען איז אָבער אַן עיקר־זאַך געווען כּשרות. האָב איך געהאַלטן פֿאַר מיין חוב אים צו אינפֿאָר־מירן, אַז דאָס עסן וועט פֿון איצט אָן געקאָכט ווערן אויף טריפֿהנעם פֿעטס און פֿערדישע ביינער. פֿון דעם טאָג אָן איז שטערן פֿון דער קיך פֿאַרשוווּנדן.

אַ פּאָר חדשים האָב איך אים נישט געזען. ערשט בערך פֿאַר פּסח 1942 קומט קירמאַן אויף לעשנאָ 40 און דערציילט מיר, אַז שטערן גע־פֿינט זיך אין אַ מוראדיקן מצב, ממש צו לאָזן די נשמה און אַז מען דאַרף אים זען צו ראַטעווען.

איך לאָז אַלץ שטיין, מיר גייען ביידע. אין אַ סוטערין־שטוב, אויף ראָג פּאַוויע און סמאָטשע וווינט אַ חסידיש־באַלעבאַטישע משפּחה און

שטערן פֿאַרנעמט דאָרט אַ ווינקל צום שלאָפֿן. דורך די פֿאַרדראָטעוועטע פֿענצטערלעך אונטערן סופֿיט זייעט זיך אַריין אַ שיטער ביסל ליכט. צוויי הויך פֿאַרבעטע בעטן — נאָך איבערגעדעקטע מיט רויטע פּליוש־דעקן — שטייען ביי די ווענט. אַן אַלטער ספֿרים־אַלמער אַנטקעגן דער טיר. איידער מיר זענען אַריינגעגאַנגען, האָבן מיר אַריינגעקוקט פֿון גאַס דורך די פֿענצטער.

ביים טיש, אין מיטן שטוב, איז אַן אומהיימלעך פֿאַרענדערטער געזעסן ישראל שטערן. די פּיס, דער גאַנצער גוף געשוואָלן ביז אַרויף. דאָס אָנגעדראָלענע פּנים אַרומגענומען מיט אַ היפּש אונטערגעוואַקסענער באָרד, ווי ביי אַן אָבל.

די מענטשן אין שטוב האָבן גענומען זיך פֿאַרענטפֿערן פֿאַר אונדז, הלמאַי שטערנס בעט איז אויך פֿאַרבעט. — אַז ער וויל נישט בלייבן ליגן — האָבן זיי געזאָגט — וואָס קאָן מען טון?

שטערן האָט זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך. ער איז שוין, זעט אויס, אַליין געווען דענערווירט צוליב זיין מצב. געלאָזט אונדז באַשליסן וועגן זיך לויט אונדזער איינזען. פֿאַר איין זאַך האָט ער זיך באַוואָרנט: ער וועט נישט פֿאָרן מיט קיין ריקשע, אויף אַ מענטשלעכן געשפּאַן.[68]

איך געדענק שוין נישט פֿון וואַנען מיר האָבן דעמלט דערווישט אַ פֿערד און וואָגן. קיין דראָשקעס זענען שוין כּמעט אין געטאָ נישט געווען. מיר האָבן שטערנען אַוועקגעפֿירט אין „טאָז", אויף גענשע, ווו מיר האָבן געהאַט אַ שטאַרקן צד אין דער משפּחה — דעם שריפֿטשטעלער יצחק פּעלד, דעם לייטער פֿון דער אַדמיניסטראַציע.

מען האָט שטערנען אָפּגעשווירן, אָפּגעגאָלט, אויסגעבאָדן, אָנגעטון פֿון קאָפּ ביז די פּיס אין נייע זאַכן פֿון „טאָז"־מאַגאַזין. ערשט נאָך דעם האָט מען געלאָזט אים אונטערזוכן דורך אַ דאָקטער, אַן אינטערניסט, וואָס האָט נישט אָפּגעוואַרט דעם רעזולטאַט פֿון די אַנאַליזן און איינגעשפּריצט אים אַ גרויסע פּאָרציע גלוקאָזע. נאָך דעם האָט מען שטערנען אַריבערגעפֿירט אויף דעם פּליטים־פּונקט, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דעם הויז אויף לעשנאָ 14.

מיר האָבן אַלאַרמירט די דירעקציע פֿון דער יידישער סאָציאַלער אַליינהילף — איציק גיטערמאַן און עמנואל רינגעלבלום. לויט אַ רעקאָמענדאַציע פֿון די „הויכע פֿענצטער" האָט דער לייטער פֿון דעם „פּונקט" געלאָזט אַריינשטעלן אין קאַנצעלאַריע אַ בעטל, כּדי שטערן זאָל דאָ האָבן זיין באַזונדער צימער. פֿון די „ייסאַ"־מאַגאַזינען האָט מען אַרויס־

געגעבן פאַר שטערנען ספּעציעלע פּעקלעך טרוקענע פּראָדוקטן. מען האָט געצאָלט אַ פּרוי, זי זאָל קומען ריין מאַכן, אָפּקאָכן, דערלאַנגען. מען האָט באַזאָרגט די היילמיטלען און געלטמיטלען, וואָס זענען געווען נייטיק פאַר אַ וויטאַמין־רייכער צוגאָב־באַשפּייזונג. נישט מער — דאָס געלט האָט מען אַוועקגעגעבן אין רשות פון יוסף קירמאַן. מען האָט גע־ווּוּסט, אַז שטערן האָט אַ קליינשטעטלדיק־פויערשע שווערע האַנט „אויסצוגעבן” געלט.

קירמאַן האָט געקענט שטערנען מיט אַלע פּיטשעווקעס און דערביי געווען אים איבערגעגעבן ווי אַ ברודער. מיט ליבשאַפט אים משמש גע־ווען און זיך געניאַנטשעט מיט זיין יעדן קאַפּריז.

פלעגט מיר קירמאַן געבן איין מאָל, צוויי מאָל אין דער וואָך אַ ביסל געלט און איך פלעג מיך אַריינכאַפּן אין באַזאַר אויף לעשנאָ 42 — דאָס צווייטע הויז נעבן מיין קיך — איינקויפן פאַר שטערנען אַ געשמוגלט שטיקל קעז, אַ שטיקל פּוטער; די ערשטע גרינוואַרג און פּירות וואָס מען האָט אַריינגעשמוגלט פון דער אַרישער זייט.

אָט אַזוי האָט מען שטערנען געהיילט און צוגעזען. און עס האָט טאַקע געהאָלפן. דאָס געשווילעכץ איז צו ביסלעך אָפּגעגאַנגען, שטערן איז אויפגעשטאַנען און סוף יוני האָט ער אָנגעהויבן אַרויסקומען אין גאַס.

דאָס אַרויסציִען אים פון הונגער־געשוויר האָט אָפּגעקאָסט אַ פּאָר טויזנט גילדן. איך דערמאָן דעם פאַקט אַנטקעגן דעם, וואָס געשוואָ־לענע זענען דעמלט געווען אין געטאָ אין די צענער טויזנטער און ווען איינער איז שוין געוואָרן געשוואָלן, איז זיין גורל געווען געחתמעט. די זופּן פון דער פאָלקס־קיך האָבן אים נישט נאָר נישט געניצט מער, נאָר משמעות געוואָרן פאַר אים שעדלעך און אויסגעבן צו עטלעכע טויזנט זלאָטעס אויף יעדן געשוואָלענעם איז, נאַטירלעך, די יידישע סאָציאַלע אַליינהילף נישט געווען ביכולת.

*

עס איז געווען אָנהייב זומער 1942. אין דער תקופה פון די ביינאַכ־טיקע הריגות פון געסטאַפּאָ, אין דער צייט פון „ערב־טעראָר”, וואָס איז געווען די הקדמה צו דער ערשטער, גרויסער גירוש־אַקציע. וואָס אַ מאָל גרויליקער, וואָס אַ מאָל געפערלעכער זענען געווען די סימנים; וואָס אַ מאָל מער געשפּאַנט די אַטמאָספער.

און שטערן איז זיך געלעגן אָפּגעזונדערט אין זיין צימער, געלייענט

פּאָעזיע, געטראַכט. די שלעכטע ידיעות פון דער גאַס האָט מען אים אויסגעמיטן צו דערציילן. קיין צייטונגען מיט די מעלדונגען וועגן די דייטשע נצחונות האָט מען אים נישט געבראַכט. איך מיין, אַז שטערן האָט דעמלט איבערגעלעבט אַ שטילע אידיליע אויפן ראַנד פון אונטער־גאַנג.

איך געדענק איינעם אַ באַזוך מיינעם, אַ שמועס מיט שטערנען, בשעת ער איז געלעגן אויפן „פּונקט" און איך האָב אים אַרויפגעבראַכט אין אַ שקאַרמיצל עטלעכע טרוסקאַווקעס און אַ סלאָיִקל קאָמפּאָט פון וועפּרענעס, אָפּגעקאָכט פּריוואַט אין אונדזער קיך.

די קאַנצעלאַריע פון דעם פּליטים־פּונקט האָט זיך געפונען אויפן צווייטן שטאָק פון דער לינקער אָפיצינע, געגרענעצט מיט אַ פליגל פון דעם אין געטאָ איינגעשלאָסענעם עוואַנגעלישן קלויסטער, וואָס זיין אָפּ־געשלאָסענע בראַם האָט זיך געפונען אין פראָנט. דורכן אָפענעם פענצטער האָט מען געזען אַ געפלעכט פון טורעמס און טורעמלעך, פון שטיינערנע פאַסאַדן — אַ פראַגמענט פון קריסטלעכער אַרכיטעקטור. און נאָך נענטער — אַ גרויסן, ברייטן, בוים, דער קאַשטאַן־בוים איז געווען איצט אָפּגעשיט מיט ווייסע קווייטן, ווי אַ קריסטבוים באַ־שטעקט מיט ווייסע ליכט און געלע פלעמעלעך. צווישן די געזימסן פון דעם קלויסטער האָבן זיך געפונען פייגל־נעסטן, אין וועלכע עס האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעבריט יונגע פייגעלעך. די פייגל־עלטערן זענען אַלע מאָל געקומען צו זיי צו פליִען מיט קרישקעס עסן אין די שנאָב־לען. געצוויטשערט און געפלאַטערט אַרום די נעסטן, ווי זיי וואָלטן נישט געוווּסט, אַז אויך זיי געפינען זיך אין געטאָ, אַז ייִדן זענען פאַרמשפט אויף אונטערגאַנג...

אַ שטילקייט, אַן אָפּגעזונדערטקייט, ווי צוויי טריט פון דאַנען וואָלט די גאַס זיך נישט געוואָרפן אין ערב גסיסה־פיבער; ווי אַפילו מיר וואָלטן פון גאָרנישט נישט געוווּסט.

...„אין שאָטן פון דער אַלטער קאַטעדרע"... מיר האָבן גערעדט וועגן דעם ווייניק באַקאַנטן זאַלאַ, דעם ראָמאַנטיקער; אַזאַ ווי ער אַנטפּלעקט זיך אין זיין ראָמאַן „דער חלום", אין וועלכן ער שילדערט אַ יוגנטלעכע ליבע צווישן אַן אומלעגאַלן בישאָף־זון און דעם טעכטערל פונעם אָרגל־שפּילער...

— נישטאָ קיין גרויסער שרייבער ער זאָל נישט זיין קיין ליריקער, כאָטש אין אַ געוויסער פאַזע פון זיין שאַפן — האָט באַמערקט ישׂראל

שטערן. ער האָט מיך געבעטן איך זאָל אים פאַרלייענען אַ ליד פון סטע־פאַן געאָרגע, ווייל אים איז שווער צו לייענען אין פאַרנאַכט.

— זאָגט מיר בעסער אייערס אַן אייגן ליד — האָב איך געבעטן — שרייבט אַן אַ ליד וועגן אָט דעם בוים, וואָס בליט אין מיטן געטאָ...[71]

פאַרן אַוועקגיין האָט מיך שטערן אַ פרעג געטון וועגן „נייעס" און הגם איך האָב זיך אַרויסגעדרייט אים עפּעס צו דערציילן פון שלעכטן, וואָס האָט זיך געטון אין שטאָט און פון דעם נאָך ערגערן, פון וואָס מען האָט אין שטאָט געשמועסט, האָב איך דעמלט דערקענט אַז אין גאַנצן אָפּנאַרן האָט ער זיך נישט געלאָזט.

— דער דייטש איז שטאַרק, דער דייטש איז שטאַרק — האָט ער געברומט, ווען מען האָט גערעדט וועגן דער לאַגע אויף די פראָנטן. אין געטאָ האָבן נישט געפעלט קיין אָפּטימיסטן, וואָס האָבן אין יעדער ידיעה פון מזרח, צי פון מערב, געזען סימנים פון דער קומענדיקער מיליטע־רישער מפּלה פון די דייטשן. ישׂראל שטערן האָט צו די אָפּטימיסטן נישט געהערט. ער האָט אויך נישט געוואָלט זיך מאַכן קיין אילוזיעס וועגן דער צוקונפט פון געטאָ ביי אונדז אין וואַרשע.

נישט געוואָלט זיך איינרעדן קיין פוסטע מעשׂיות, נישט געגלייבט אין זיי.

און אפשר פאָרט אַ ביסעלע געגלייבט?

*

ווען דער גירוש האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך שטערנען מער נישט געזען.

אַנדערע האָבן מיר דערציילט, אַז אַריינגעצויגן אין דעם טייוולאַנישן געווירבל פון דעם אומזיסטיקן געראַנגל מיטן אומקום, האָט שטערן אַרויסגעוויזן אַ געוויסן זעלבסטדערהאַלטונגס־חוש. עמעצער פון געטאָ־אַרבעטסאַמט (דאַכט זיך דער זשורנאַליסט פּטאַקאָווסקי)[72] האָט שטער־נען צוגעשריבן צו אַ דייטשער אַרבעטס־שטעלע. לויט דער איינפאָר־מאַציע פון רינגעלבלומען איז דאָס געווען דער „שאָפּ" פון האָפמאַנען. אין משך פון אַ געוויסער צייט פלעגט מען זען שטערנען שפּאַנען יעדן פרימאָרגן אין די אַרבעטער־רייען, וואָס פלעגן פאַרן אָנהייב פון די בלאָקאַדעס אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט.

שטערן איז שוין דעמלט געווען איבער די פופציק. אָבער ער האָט זיך גלייך מיט אַנדערע באַמיט אויסצוזען „געזונט און פריש". מען האָט

מיר דערציילט, אַז ער האָט געהאַט פון ערגעץ אַרויסבאַקומען אַ נייעם, העל־בלויען כאַלאַט, אַרויפגעצויגן אויפן קאָפּ אַ קאַשקעט, אַריבערגע־האַנגען איבער די פּלייצעס אַ לייוונטענעם ברויטזאַק און מאַרשירט אין טראַט צוזאַמען מיט די אַנדערע.

לאַנג האָט דער מאַסקאַראַד נישט אָנגעהאַלטן. די גרויסע אַלגעמיינע סעלעקציע אין דעם אַזוי גערופענעם „קעסל" פון די אָפּגעשפּערטע גאַסן צווישן דעם 6טן און 13טן סעפּטעמבער האָט ער נישט איבערגעדויערט. מיטגעמאַכט דעם יידישן וועג — געשפּאַנט צום אומשלאַג־פּלאַץ, געוואָרן פאַרלאָדן אין אַ פלאָמבירטן וואַגאָן, געפאָרן מיט די צום טויט־פאַר־משפּטע ביז יענער לעצטער סטאַציע אין מיטן פון דעם גרינעם סאָסנע־וואַלד, פאַרענדיקט זיינע טעג אין איינער פון די טרעבלינקע־קאַמערן.

*

ישראל שטערן איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע דיכטער, וועלכע זענען אויפגעקומען אין אונדזער ליטעראַטור, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין ציקל „שפּיטאָל־לידער" האָט אים שוין אין די צוואַנציקער יאָרן אַוועקגעשטעלט אין די ערשטע רייען פון יידישן פּאָעטישן שאַפן אין גאָר דער וועלט.

אַ טיפער, רעליגיעזער ברען האָט באַפאַרבט זיין וועלט־געפיל; אַ הייסער אינעווייניקסטער קלימאַט האָט געאָטעמט פון זיין יעדער סטראָ־פע — אַן אָריגינעל געמיש פון יידישער לומדות און מאָדערנעם געדאַנק.

אַ ביסל דער אָפּשטאַם און די אומנאָרמאַלע אַנטוויקלונגס־באַדינגונ־גען פון אַ דיכטער ביי יידן, און אַ ביסל די נאָרמאַלע אַנאָמאַליעס פון אַיעדן דיכטער אין געראַנגל מיט זיין סביבה און מיט זיך אַליין — האָבן געמאַכט פון שטערנען דאָס וואָס ער איז געוועזן: אַ גייסטיקן פּאָטענטאַט און אַן אמתן בטלן אין טאָג־טעגלעכן לעבן. זיין בטלנות איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַפילו צום צונויפקלייבן און צום אַרויסגעבן כאָטש איין זאַמלונג פון זיינע אייגענע לידער האָט מען אים אַ לעבן־לאַנג נישט באַוויזן צו באַוועגן.[73]

אַזאַ איז ער געווען, ישראל שטערן, ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. וואָס איז פון אים געוואָרן אין דער צייט פון חורבן? צו דעם וואָס כ'האָב דערציילט וועגן זיין גורל, וויל איך נאָך צוגעבן אַ וואָרט וועגן דעם גייסטיקן גילגול, וואָס שטערן האָט מיטגע־מאַכט אין געטאָ.

באַטראַכטנדיק די פּירוגג זיינע אין יענער צייט האָט ווער געזאָגט, אַז אָט איז דער פּרוש נאָך יאָרן פון התבודדות דערגאַנגען צו דער מדרגה פון התגלות. ער איז געוואָרן מענטשלעך צוגענגלעכער, געזעל־שאַפטלעך אַקטיווער. אין דער געפּרעסטער אַטמאָספער פון יידישן גורל און מענטשלעכן לייד, האָט שטערן זיך דערפילט ווי אין זיין אייגענעם עלעמענט. געשעפט פון איר אַ מעכטיקע אינספּיראַציע.

*

קופּעס הרוגים האָבן פאַרפולט די וועגן פון גירושים און נגישות, פון איין עק פּוילן ביז צום אַנדערן.

איבער גאַסן פאַרשטאָפּטע מיט הונגעריקע מענטשן, צעריסענע מיט בעטלער־געוויין און הענדלער־געשריי, האָט דער טויט אַרומגעשפּאַצירט אין מיטן העלן טאָג, אָנגעטון אין אַ גרינעם מונדיר און אַ קאַסקע פון אַ דייטשן זשאַנדאַרם — געשוועבט אַרום די טויערן, וואַך געהאַלטן ביי די טויערן, געשאָסן פון אַ ביקס צו קליינע קינדער.

מתים האָבן זיך געוואַלגערט, צוגעדעקטע מיט פּאַפּיר־בויגנס,ביים ראַנד פון טראָטואַרן. די מגפה האָט געבושעוועט, דער קברות־מאַן און שטאָט־משוגענער האָבן דאָס זייעריקע געטון. צי האָט געקאָנט פאַר־פעלן דאָ אַ דיכטער?

וואָס אַ מאָל פינצטערער זענען זיי געשטאַנען — מאַרקישעס „טעג פון בלוט און האָניק" — יידישע טעג — פאַרקלעמט דאָס האַרץ און אויפגעמאַכט די לעפצן פון דעם יידישן פּאָעט.

איז ישׂראל שטערן צום סוף פון זיינע טעג געוואָרן ווי איינער פון יענע נאָמענלאָזע טרייסטערס, וואָס מען פלעגט זיי זען אויף די הייף און גאַסן־ראָגן נאָך נעכט פון עקזעקוציעס — שטיין און דרשענען אַ טרייסט־דרשה, זינגען אַ נחמה־ליד.

דאָס טראַגישע און גראָטעסקע, דאָס פאַנטאַסטישע און אויסטער־לישע האָט צערודערט און געמאָנט, צעגראָבן די נשמה ביז דער לעצ־טער שיכט.

איך האָב אין קאַפּיטל „הערשעלע" דערמאָנט די „ליטעראַרישע שלוש־סעודות"ן אין דער קיך פון י. מ. אַפּלבוים אויף לעשנאָ 14.

אויף דעם פּאָדיום איז געשטאַנען אַ ווייס פאַרשפּרייטער טיש מיט אַ פּאָר מעשענע, שבתדיקע לייכטער. די ווענט זענען געווען דעקאָרירט מיט סטיליזירטע חסידישע געשטאַלטן. דאָס איז געווען אַ זשעסט, אַ רמז

אויף דער שוין קאָנווענציאָנעלער פּרץ־טראַדיציע. פלעגט זיך אָבער ביים טיש אויף דער טריבונע אַוועקזעצן אין אַ בין השמשות ישׂראל שטערן, פאַרטראַכטן זיך, אַ ווײַלע שווייגן, איידער ער האָט אָנגעהויבן ר׳עדן — פלעגן איבערן זאָל אַ שוועב טון פייערדיקע אותיות. וועגן וואָס ער זאָל נישט רעדן, האָט מען מיט שפּאַנונג אויסגעהערט זיין דיכטעריישע תורה, זיין באַפליגלטן פילאָסאָפישן געדאַנק, מיט ריינער פּאָעזיע פאַראייניקט אין איין פלאַם.

ישׂראל שטערן האָט פאַרלוירן די פּאָדערשטע ציין און זיין לשון איז געווען שווער־פאַרשטענדלעך. ווי אַ מרוטשען, ווי אַ ברומען, האָבן זיך געטראָגן זיינע רייד איבערן זאַל. און דאָך איז דער אינהאַלט דערגאַנגען צו די צוהערער. די צאָל חסידים פון זיינע שבת־פאַרנאַכטיקע שמועסן איז, פון מאָל צו מאָל, געוואַקסן.

אַן אַנדערש מאָל פלעגט ער פאַרן עולם פאַרלייענען איינס פון זיינע נייע לידער. אַ ליד וועגן דעם, וואָס האָט אונדז אַרומגערינגלט.

איך געדענק אַ רמז און א שפּליטער פון איינעם אַזאַ ליד. געהייסן האָט עס „אַ בריוול קיין אַמעריקע״, אַ פּאַראַפראַזע פון אַ באַקאַנטן ליד. עס איז געווען אַ פאַרקלאָגן זיך — אַ גרוס פון די צום טויט פאַרמשפּטע צו יענע ווייטע יידן, וואָס וועלן אַ מאָל באַוויינען אונדזער בראָך.

מיר האָבן דאָס נאָך אפשר דעמלט נישט פאַרשטאַנען — אָפילו שטערן נישט — אָבער דער דיכטער האָט דאָס שוין פאָרויסגעפילט, פאָרויסגעזאָגט מיטן חוש פון דער פּאָעטישער נבואה.

*

מיט שטערנס צוזאַמען זענען צו גרונט געגאַנגען אויך די אַלע לידער זיינע, וואָס ער האָט געשאַפן אין יענע יאָרן. נאָך טיפערע, נאָך רייפערע ווי די פון פריִער.

שיינע ווי שיין עס איז דאָס שקיעה־ליכט אין שעה פון אונטערגאַנג, הייסע ווי די בענקשאַפט, וואָס טוט פאָרויס אַ ברי אין האַרצן אין דער רגע פון צעשיידונג.

אויב איך וועל נאָך אַ מאָל זוכה זיין צו זען די אויטענטישע מאַטעריאַלן פון דעם צווייטן טייל רינגעלבלום־אַרכיוו, וואָס האָבן זיך אָפּגעפונען אין דעצעמבער 1950, אין די מילך־קאַנען — וועל איך אפשר

באַווייזן צו אידענטיפיצירן ישׂראל שטערנס אַ ליד, וואָס איך האָב, מיט קנאַפּע 30 יאָר צוריק, אַוועקגעגעבן צו באַהאַלטן אין אַרכיוו, אין איינעם מיט מיינע אייגענע פּאַפּירן.

דאָס ליד וועגן דעם בלײַענדיקן קאַשטאַן־בוים אין מיטן געטאָ, פֿאַרשריבן אויף דער לינקער זייט פֿון אַ רעקלאַמע־צעטל פֿון אַ געטאָ־וועשעריי. דאָס ליד, וואָס איך האָב עס אַליין „באַשטעלט" ביי אים אַ חודש פֿאַרן גירוש; באַקומען עס צום איבערלייענען און שוין נישט באַוויזן עס אים אָפּגעבן צוריק.[73]

## 35. צעשאָטענע פערל

מיט יהושע פערלע בין איך געווען באַקאַנט פאַר דער מלחמה. אין יאָר 1935 איז דערשינען זיין אויטאָביאָגראַפישער ראָמאַן „ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר" און אָט דאָס בוך איז מיר אַזוי געפעלן, אַז איך האָב וועגן אים אָנגעשריבן אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין צוויי נומערן פון די „ליטעראַרישע בלעטער".

פערלע האָט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין פּרצעס צייטן, אָבער מיט זיין זשאַנער און צוגאַנג צום ייִדישן לעבן איז ער אַ פאָרשטייער פון דעם דור שרייבער, וועלכע זענען אויפגעקומען אין דער עפנטלעכקייט ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס אייגנאַרטיקע לעבן פון די ייִדישע מאַסן אין די סלאַווישע לענדער, די פּראָבלעמאַטיק פון ייִדישן קיום — איז שוין ביי פערלען נישט דער עיקר־אָביעקט, נאָר בלויז דער פאָן פון זיינע שילדערונגען. אים פאַסצינירט די סטיכיע מענטש אַלס אַזעלכע. די עלעמענטאַרע אינסטינקטן און ליידנשאַפטן, וואָס קומען צום אויסדרוק — ביי אַלע העמונגען — אויך אין אַ ייִדישן וואַריאַנט. סעקס, קינאה, דער דראַמאַטישער געראַנגל צווישן פאַרשידענע כאַראַקטערן און פסיכאָפיזישע נוסחאות ביי מיטגלידער פון דער זעלבער משפחה. די „קאָנקורענץ" צווישן טאַטע־מאַמע וועגן דער נשמה — און אין דער נשמה — פון דעם זון.

פערלעס מענטשן רעדן נישט צו פיל, און אויך ער רעדט נישט קיין סך וועגן זייערע געדאַנקען און געפילן. ער ווייזט זיי מיט דער הילף פון קנאַפּ־געצייכנטע בילדער, מיט זייטיקע באַמערקונגען.

דער רוב ייִדישע שרייבער צום סוף פון 19טן און די ערשטע 20—30 יאָר פון אונדזער יאָרהונדערט, האָבן זיך דערצויגן, אויף די מוסטערן פון די גרויסע רוסישע דערציילער. פערלע האָט אין זיך איינגעזאַפּט די השפעות פון דעם מאָדערנערן פוילישן רעאַליזם, וועלכער האָט זיך נאָך פאַרן צוריקגעווינען די מלוכהשע אומאָפּהענגיקייט, געפרוווט באַפרייען פון נאַציאָנאַלן קאָמפּלעקס, וואָס האָט באַהערשט די פוילישע ליטעראַטור פון מיצקעוויטשן ביז וויספּיאַנסקין און זשעראָמסקין — געמאַכט זי כמעט אומפאַרשטענדלעך פאַר נישט־פּאָלאַקן.

דאָס פּראָבלעם פון דער ייִדישער ליטעראַטור איז געווען, זיך באַ־

פרייען פון שילדערן דאָס ייִדישע לעבן אין ליכט פון עטנאָגראַפישער עק־זאָטיק און פון די איבערטריבענע השפעות פון אידעאָלאָגישע וויכּוחים.

יהושע פערלע איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין דער רוי־ערד פון דער סאַמע אויטענטישער ייִדישערווירקלעכקייט, אָבער נישט איר זעלבסטפאַר־שטענדלעכע אַנדערשקייט פון דער אַרומיקער וועלט האָט אים באַשעפ־טיקט. פונקט פאַרקערט, אים האָט אינטערעסירט די אידענטישקייט פון אַלץ לעבעדיקע. ער האָט איינגעביסן נייע טעמעס, נייע געביטן פון מענטשלעכער דערפאַרונג.

*

געבוירן אין ראַדאָם, אין יאָר 1888, האָט ער געהאַט אַ שווערע יוגנט אין אַ שטוב מיט אַ קנאַפּער פּרנסה, צווישן אַ טאַטן מיט קינדער פון אַן אַנדער ווייב און אַ מאַמען מיט קינדער פון אַן אַנדערן מאַן. צו 14 יאָר האָט ער שוין געמוזט פאַרלאָזן די היים, אָנגעשפּאַרט אין וואַרשע, געאַר־בעט פיזיש, זיך דורכגעשלאָגן ביז דעם „ווילשטאַנד" פון אַ באַנק־באַ־אַמטן. אויך זיין פען האָט אַדורכגעמאַכט פאַזן און אומוועגן, ביז ער איז דערגאַנגען צו זיין אמתן תכלית, אָנגעהויבן וואַקסן.

איך בין דאָ נישט מחויב זיך אַריינלאָזן אין דער ביבליאָגראַפיע פון פערלעס שריפטן, איך וויל אָבער דערמאָנען, אַז ער איז געווען זייער פּראָדוקטיוו, אָפּעראַטיוו. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט אַלע יאָרן געאַרבעט אויף פּאָסטנס, האָט ער כּסדר אַרויסגעבראַכט נייע ביכער: בענדער דערציילונגען („ביין אַזייגער אינדערפרי", „ציפערן" און נאָך), ראָמאַנען („מירל", „רוטאַ", „גאָלדענע פּאַווע" א.א.) און דערצו נאָך אַ סעריע פּאָפּולערע צייטונגס־ראָמאַנען, וואָס זענען מיט גרויס שפּאַנונג געוואָרן געשלונגען דורך צענדליקער טויזנטער ייִדישע לייענער אין גאַנץ פּוילן. פערלע האָט געדרוקט פון צייט צו צייט עסייען וועגן ליטעראַטור און קונסט און אויך עוסק געווען אין איבערזעצונגען („משהלעך, יאָסע־לעך, ישׂראליקלעך" פון יאַנוש קאָרטשאַק, אַ סיבירער ראָמאַן פון וואַצ־לאַוו סיעראָשעווסקי און נאָך). ער איז דערגאַנגען אין זיין שרייבן צו אַ זאַפטיקן, פולבלוטיקן סטיל, צו אַ גרויסער געניטקייט אין קאָנסטרוקציע און טעכניק פון אויסשפּינען אַנטוויקלונגען, כאַראַקטערן, זייטיקע מאָטיוון. די קרוין פון זיין שאַפונג ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען דער אויבנדערמאָנטער ראָמאַן „ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר", אין וועלכן זיין פּראָזע האָט דערגרייכט אַ הויכן שטאַפּל פון קינסטלערישער רייפקייט.

דערפאַר טאַקע טוט אַזוי ווי דאָס האַרץ, הלמאַי ער איז געוואָרן פאַרשניטן אין סאַמע ברען פון זיין שאַפונג, אין דער בעסטער קראַפט פון זיין קענען און פאַרשטיין.

ער איז דעמלט אַלט געווען 55 יאָר.

*

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1939 האָב איך מיט פערלען קיין קאָנטאַקט נישט געהאַט. איך האָב נישט געהערט אַז ער איז אַוועק פון וואַרשע. פון די ידיעות, וואָס זענען אָנגעקומען פון די דורכן ראַטנ־פאַרבאַנד באַזעצטע געביטן, האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז ער געפינט זיך אין לעמבערג. האַרבסט 1941, אַ פּאָר חדשים נאָכן דייטשן אַריינמאַרש קיין לעמבערג, האָט זיך פערלע מיט זיין זון און שנור — אַ פּאָרפאָלק יונגע אינזשענירן — אומגעקערט קיין וואַרשע. ער איז אַריין צו בן־ציון כילינאָ־וויטש אויף נאָוואָליפּיע 22, און איך בין געווען איינע פון די ערשטע, וואָס כ׳בין געלאָפן אים זען, אָפּנעמען גרוסן פון מיינע חברים און פריינד אין לעמבערג.

די אַלגעמיינע ידיעות וואָס פערלע האָט אונדז געבראַכט, זענען גע־ווען זייער טראַגישע. די גזרות און רדיפות, וואָס האָבן געטראָפן די ייִדן פון גאַליציע מיט קנאַפע 2 יאָר שפּעטער ווי אונדז, האָבן איבערגעשטיגן מיט זייער אכזריות און מאַסנהאַפטיקייט די אונדז באַקאַנטע סטאַנדאַרדן פון מערב־ און צענטראַל־פּוילן. מיטן אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד און דעם מאַרש אויף מזרח זענען אַוועקגעפאַלן אַלע ביז דעמלטיקע אָפּהאַלטן צו אָרגאַניזירן די שוין פון לאַנג פאַרטיקע פּלענער פון „לעזן דעם יודענ־פּראָבלעם". דערצו איז נאָך אויף די נײַ־באַזעצטע געביטן צוגעקומען אַן אָרטיקער שותּף, דער אוקראַאינישער פאַשיזם, וואָס האָט שוין פון לאַנג אַרויסגעקוקט אויף אָט די „באַפרייער", כּדי צוצוטרעטן צום דורכפירן מאַסן־הריגות פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

האָט אונדז פערלע געבראַכט די איוב־בשורה וועגן שוידערלעכע רציחות, וואָס האָבן צווישן אַנדערן אַרויסגעריסן קרבנות אויך צווישן אונדזער ליטעראַרישן אַקטיוו. ער האָט דערציילט וועגן דעם ווי אַזוי אַן אויפגעהעצטער אוקראַאינישער המון האָט באַקומען פרייע הענט צו נעמען „נקמה" אין די ייִדן פאַר אַלע פאַקטישע און צוגעטראַכטע פאַרברעכנס פון דעם קאָמוניסטישן רעזשים — פאַרברעכנס, וואָס אויך זיינע קרבנות זענען, אין אַ גרויסער מאָס, געווען ייִדן.

פאַרן סאָוויעטישן ריקצוג האָבן די ענקאָוועדיסטישע סאַדיסטן אין רוב גרעסערע שטעט פון מזרח־גאַליציע אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אויסגע־מאָרדעט אין די תּפיסות די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן און בעיקר די ייִדן און אַ טייל פּאָלאַקן, וואָס זענען דאָרט געזעסן. צום אַרויסרוימען און באַ־גראָבן די קרבנות פון אָט די מאָרדן, האָט די אוקראַיִנישע מיליץ גע־בראַכט צו טרייבן גרעסערע גרופּן ייִדישע מענער, אויף וועלכע עס האָט שוין געוואַרט אַ צונויפגעלאָפענער המון האַלב און גאַנץ פאַרברעכערישע הפקר־עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך אויף זיי געוואָרפן מיט שטעקנס. מיט דרענגער, שטיקער אייזנס, אַזוי לאַנג זיי געשלאָגן און געפּייניקט ביז דער רוב פון זיי זענען געפאַלן טויט.

אין לעמבערג איז אין אַזאַ לינטש געוואָרן דערמאָרדעט אויפן הויף פון דער בריגידקי־תּפיסה מיין ערשטער רעדאַקטאָר — דער שעף־רעדאַק־טאָר פון דער „כווילאַ" הענריק העשעלעס, בשעת צווישן די קרבנות פון די סאָוויעטישע רציחות האָט זיך געפונען זיין רעדאַקציע־קאָלעגע און פאַרטרעטער לעאָן וויינשטאָק, וועלכער איז געזעסן אין תּפיסה פאַר ציוניזם.

אין סטאַניסלאַוו איז געפאַלן טויט אונטער די קלעפּ פון אוקראַיִנישן המון דער אוקראַיִנאָפיל און איבערזעצער פון אוקראַיִנישער ליטעראַטור, דער דיכטער בער האָראָוויץ. אַלטער קאַציזנע האָט אויסגעהויכט די נשמה אונטער די קלעפּ פון אוקראַיִנישע רוצחים אין טאַרנאָפּאָל.[74]

*

פּערלעס צוריקקומען קיין וואַרשע האָט אונדז פאַרשפּאַרטע אין געטאָ באַרייכערט מיט אַ שלל ידיעות וועגן דעם ליטעראַרישן שטייגער לעבן אויפן סאָוויעטישן אָקופּאַציע־געביט. לעמבערג, די הויפּט־שטאָט פון „מערב־אוקראַיִנע" איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שותּפותדיקן דריי־שפּראַכיקן, דריי־נאַציאָנאַלן צענטער. אין אַלע דריי גרופּן האָבן, פאַר־שטייט זיך, געפירט דאָס רעדל די קאָמוניסטן, הגם נישט דווקא די, וועל־כע זענען אין די פּוילישע צייטן געזעסן אין די תּפיסות.

פאַר די צילן פון אַ שותּפותדיקן ליטעראַטן־קלוב איז רעקווירירט געוואָרן אַ שיין פּאַלאַצל פון אַ פּוילישן גראַף אויף דער קאָפּערניק־גאַס. די צרות האָבן זיך אָנגעהויבן ווען מען איז צוגעטרעטן פאַרוואַנדלען דעם קלוב אין אַ פּראָפעסיאָנעלן ליטעראַטן־פאַראיין. ביים רעגיסטרירן די שרייבער זענען די קאַנדידאַטן אַדורכגעגאַנגען אַ מין ווערפיקאַציע־

פּראָצעדור און יעדער פון זיי האָט געמוזט באַשטעטיקט ווערן דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון חברים.

זענען איצט אַלע אַלן אַרויס פון זייערע זעק און אויב אורטיילן אויפן סמך פון די ידיעות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען, האָבן זיך לײדער ביי דער געלעגנהייט די סאַמע נאַרישע און סאַמע פיינלעכע מעשׂים אָפּגעשפּילט דווקא אין יידישן סעקטאָר. פּערלע האָט אונדז דערציילט וועגן די צרות וואָס ער אַליין האָט געהאַט אויסצושטיין מצד יונגע קאָמוניסטישע שרייבער־אַדעפּטן, וועלכע האָבן אים באַשולדיקט אין בונדיזם אויפן סמך דערפון, וואָס ער האָט זיך פאַר דער מלחמה אָנגעהויבן צו באַטייליקן אין ליטעראַרישע בונדישע צייטשריפטן. די זאַך איז נישט געווען קיין קינדער־שפּיל און כאַראַקטעריסטיש איז געווען דער פאַקט, וואָס פאַר פּערלען האָט זיך אָנגענומען די פּוילישע קאָמוניסטישע דיכטערין על־זשביעטאַ שעמפּלינסקאַ און דווקא זי, וואָס האָט פון פּערלעס פּעדער קיין איין שורה נישט געלייענט, האָט אים געהאָלפן מיט איר אַרויסטריט זיך אָפּשאָקלען פון די יידישע „גאַרליוועצעס״.

נישט אַזוי לייכט און פּשוט איז געווען די מערכה פון שמואל יעקב אימבער, דעם דיכטער, עסייִיסט און איבערזעצער, אַ פאַרבינדער צווישן יידיש און העברעיִש, ענגליש און פּויליש, אַ פּובליציסט און פּאָלעמיסט, אַ גרויסער ערודיט — אַ קולטור־פּערזענלעכקייט פון ערשטן ראַנג. און ווער איז געווען זיין באַשולדיקער, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ באַוואָרעניש קעגן אָננעמען אימבערן אין לעמבערגער שרייבער־פאַראיין, באַשולדיקט אים אין ציוניזם און אומלאָיאַליטעט קעגן ראַטנפאַרבאַנד?! איך בין געווען ממש געפּלעפט ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען דוד קעניגסבערג, דער כּלומרשטער שעף־רעדאַקטאָר פון אונדזער „צושטייער״ — דער וועמען אימבער האָט אייגנטלעך אַריינגעפּירט אין דער יידישער פּאָעזיע, יאָרן לאַנג געווען זיין לערער און רעדאַקטאָר.

זיך צושטעלן צו דער וועריפיקאַציע האָט אימבער געמוזט — צוליב פּרנסה, ווױן־רעכט, עקסיסטענץ־באַזע — צוליב דעם באַדאַרף פון אַ מינימאַלער דעקונג, ערב די דעפּאָרטאַציעס און רדיפות, וואָס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אין מזרח־גאַליציע. האָט דעריבער אין קעניגסבערגס אַרויסטריט געשטעקט פּונקט אַזוי פיל טיפּשות ווי רישעות און מאַנגל אין אחריות. אימבערס קרובים און פריינד האָבן געפּרוּווט ביי אים פּועלן, ער זאָל רעווידירן, אָדער כאָטש מילדערן, זיינע באַוואָרענישן. ער איז אָבער נישט איינגעגאַנגען אויף קיין שום פּשרות...

די זאַך איז געבליבן הענגען און אימבער האָט זיך שוין פון אַט דעם שאָק נישט אָפּגעשאָקלט — ביז צום אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעט־טישער מלחמה. מעגלעך, אַז נישט געקוקט אויף זיינע קנאַפּע סימפּאַטיעס פאַרן ראַטנפאַרבאַנד, וואָלט ער — דער סאַמע שאַרפער באַקעמפער פון היטלערן אין פוילן, דער רעדאַקטאָר פון אַנטי־היטלעריסטישע שריפטן אין דער פוילישער שפּראַך — געוועזן זיך אַנטשלאָסן צו אַנטלויפן קיין רוס־לאַנד. אָפּגעשניטן פוןביידע וועלטן, באַרויבט פון זיין קוראַזש, איז ער נישט געוועזן פעיִק צו אַזאַ מין שריט. ער איז אַוועק אויף דער פּראָווינץ און זומער 1942 האָט מען אים אַרויסגעשלעפּט אין זלאָטשאָוו פון אַ בונ־קער און אים דערשאָסן נישט אַלס ש. י. אימבער דעם קעמפנדיקן אַנטי־היטלעריסט, נאָר פּשוט און פּראָסט דערפאַר, ווייל ער איז געוועזן אַ ייִד.

נאָך דער מלחמה בין איך געוואָר געוואָרן, אַז אין לעמבערג זענען נאָר צוויי יונגערע ייִדישע דיכטער געפאַלן אַלס קרבנות פון זייערע קאָ־מוניסטישע קאָלעגן: דער אמתדיקער פּראָלעטאַרישער פּאָעט, אַ מיטגליד פון אונדזער „צושטייער"־גרופּע יעקב שודריך און דער ביז גאָר טאַלענ־טירטער דיכטער משה־מאָריצע שימעל, וועלכער האָט געשריבן סיי אין ייִדיש סיי אין פּויליש. דעם ערשטן האָט עפּעס אַ נישט־פאַרגינער באַשולדיקט אין טראָצקיזם, דעם צווייטן אין „קליינבירגערלעכקייט". שוד־ריך האָט זיך פאַרטיידיקט, געוואָרן רעהאַביליטירט. שימעל, דער היפּאָכאָנ־דריקער און מענטש פון פאָביעס, איז אַראָפּ פון דער אַרענע. ביידע זענען זיי צוליב אָט די באַשולדיקונגען געבליבן שטעקן אויפן אָרט און זיי זע־נען ביידע אומגעקומען פון דייטשע הענט — שודריך אַ באַוואָפנטער אויפן וועג צו אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין בזשטשאַוויצער וואַלד.

אויך דוד קעניגסבערג האָט דעם סוף פון דער מלחמה נישט דער־לעבט. געוואָרן מערדערלעך צעשלאָגן אין דער געסטאַפּאָ־תּפיסה אויף לאָנצקי־גאַס. מען האָט אים געבראַכט אין אַ גוססדיקן צושטאַנד אין ייִדישן שפּיטאָל און אַן עדות פון זיין טויט איז געוועזן דער דעמלט זייער יונגער פּראַנצייזיש־ייִדישער שרייבער פּעפּער ראַוויטש, וועלכער דער־מאָנט אים אין אַ נאָמען אין זיין בוך „בלוט פונעם הימל".

הלמאַי אויך ער, דער הייסער סאָוויעטישער פּאַטריאָט, איז פאַרן אַריינמאַרש פון די דייטשן נישט אַנטלאָפן מיט זיין משפּחה אין ראַטנ־פאַרבאַנד, איז פונקט אַזוי שווער צו פאַרשטיין, ווי זיין משונהדיקע אויפ־פירונג לגבי זיין לערער און פריינד שמואל יעקב אימבער.

*

אין נאָך־מלחמהדיקן בוך פון טאַניע פוקס „אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן" איז אָפּגעדרוקט אַ פאָטאָגראַפיע, אויף וועלכער מען זעט פּרץ מאַרקישן אַרומגערינגלט דורך די שרייבער, וועלכע האָבן זיך אין משך פון די ערשטע אַנדערטהאַלבן מלחמה־יאָרן געפונען אין לעמבערג — צווישן זיי פּערלע מיט אַלטער קאַציזנען. די זעלבע פאָטאָגראַפיע האָב איך געזען ביי פּערלען שוין אין יאָר 1941.[75] ער האָט אונדז דערציילט וועגן די באַזוכן פון סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבער אויף די באַזעצטע געביטן און וועגן דעם גרויסן קעגנזייטיקן אינטערעס, וואָס די באַגעגעניש האָט אַרויסגערופן נאָך דער יאָרן־לאַנגער אָפּגעשניטנקייט פון אַנאַנד. אַחוץ מאַרקישן זענען געווען אין לעמבערג אויך איציק פעפער, דוד האָפשטיין, אַ קאָמאַנדיר פון אַ גרענעץ־פּאָסטן און דערביי אַ ייִדישער פּאָעט מיטן נאָמען שיקע דריז און נאָך אַנדערע ייִדישע שרייבער.

מאַרקיש איז געקומען קיין לעמבערג אין שייכות מיט דער אויפפירונג פון זיין דראַמע „די מאָלצייט", וואָס איז געוואָרן געשטעלט אין ביידע געשאַפענעם ייִדישן מלוכה־טעאַטער. ביידע צדדים זענען געווען גליקלעך פון דעם באַנייטן קאָנטאַקט. די ליטעראַרישע געסט האָבן געוואָלט הערן וואָס מער וועגן די נייע ייִדישע טאַלענטן, וואָס זענען אויפגעקומען אין משך פון די לעצטע צען־פופצן יאָר אין פּוילן, אין רומעניע, מעבר לים, זיך געכאַפּט לייענען זייערע ביכער; געפרייט זיך (נישט עפנטלעך, פאַרשטייט זיך) מיט די לעבעדיקע זאַפטן, וואָס שטראָמען אין די ייִדישע צענטערס, הגם זיי אַליין זענען פון זיי אָפּגעריסן.

דאָס זענען זיי געווען, די שטראָמען פון ייִדישער אידענטיטעט איבער גאָר דער וועלט, פאַר וועלכער זיי — די געסט — האָבן מיט צען יאָר שפּעטער געזאָלט באַצאָלן מיטן לעבן.

נאָך די באַזוכן פון די מאָסקווער סאָוויעטיש־ייִדישע שרייבער אין לעמבערג, איז געקומען אַ רעוויזיט פון די לעמבערגער אין מאָסקווע. אין דער דעלעגאַציע האָבן זיך באַטייליקט: אַלטער קאַציזנע, רחל קאָרן, בער שנאַפּער. יהושע פּערלען האָבן די מאָסקווער געמאַכט ליטעראַרישע אַוואַנסן. אַ מאָסקווער צייטשריפט האָט אָפּגעדרוקט אין אַ רוסישער איבערזעצונג זיין רעפּאָרטאַזש־דערציילונג וועגן די פּוילישע אַנטלויף־וועגן אין סעפּטעמבער 1939, אונטערן טיטל „שאָסיא" (דער שאָסיי), און דער סאָוויעטיש־ייִדישער מלוכה־פאַרלאַג האָט אָנגעהויבן דרוקן (מיטן סאָוויעטישן אויסלייג) אַ נייע אויסגאַבע פון זיין ראָמאַן „ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר".

נישט מער, אויף אָט דעם ניידרוק פון זיין בוך האָט זיך שוין פּערלע

נישט דערוואַרט, ווייל אין צווישן איז אַריין אַ מיכשול: דער אויסברוך פון דער דייטש־סאָוויעטישער מלחמה.

*

און איצט קומט אַ פּרשה פּערלע־ביאָגראַפיע, אין וועלכער איך בין אַליין דער עדות. אין מיינע זכרונות וועגן יוסף קירמאַן, האָב איך שוין דערמאָנט די תּקופה פון מיין „צוגעשריבן" זייך צום ייִדישן אַפּראָוויזאַציע־אַמט אויף פראַנצישקאַנסקע 30, ווו עס האָבן נאָך דער ערשטער גירוש־אַקציע אַחוץ מיר און קירמאַנען געפונען אַ מקום מיקלט אויך יהושע פּערלע און י. י. פּראָפּוס. מיר האָבן זיך דאָ אַלע פיר אַ ביסל „אָטחיהט" און צו זיך געקומען נאָך די שווידערלעכע איבערלעבונגען פון דער אַקציע. יעדער פון אונדז האָט דאָ באַקומען אַן אָפיציעלע באַשעפטיקונג, אויסער דעם האָבן מיר זיך איינגעשפּאַנט אין באַשרייבן די לעצטע געשעענישן פאַרן געהיימען געטאָ־אַרכיוו.

פּערלע האָט נישט בלויז געאַרבעט (אַלס בוכהאַלטער), נאָר אויך געוווינט אויף פראַנצישקאַנסקע אין איינעם מיט זיין זון. אין אָט דער צייט, צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע, האָט פּערלע אָנגעשריבן זיין שילדערונג פון ערשטן גרויסן גירוש, וואָס איז נאָך דער מלחמה געוואָרן אָפּגעפונען אין דער צווייטער גניזה פון דעם רינגעלבלום־אַרכיוו און פאַרעפנטלעכט אונטערן טיטל „חורבן־וואַרשע".

פּערלעס דירהלע אין פאַרטער פון דער לינקער אָפיצין אויף פראַנציש־קאַנסקע 30, האָט געגרענעצט מיט דער האָניק־ און צוקערלעך־פאַבריק אין וועלכער איך האָב געאַרבעט. פלעג איך פון דאָרט פון צייט צו צייט פאַרן אַהיימגיין אַריינקוקן צו פּערלען. איינמאָל האָט ער מיר דערציילט, אַז פאַרן מלחמה־אויסברוך אין יאָר 1939 האָט ער געהאַט אויסגעפאַרטיקט אַ צווייטן באַנד פון די „ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר", וואָס האָט שוין אין האַרבסט געזאָלט אַריינגיין אין דרוק. פאַרן אַנטלויפן פון וואַרשע האָט ער איבערגעלאָזט אַ קאָפּיע ביי זיינע באַקאַנטע און נאָך זיין צוריקקומען פון לעמבערג האָט ער זי צוריקגענומען.

— טאָ ווו האָט איר דאָס? — האָב איך געפרעגט.

— איר ווילט דאָס זען? — האָט פּערלע זיך געטון אַ בייג אַראָפּ אונטערן בעט, אַרויסגעצויגן אַ וואַליזע און מיר דערלאַנגט אַ בייכיקן פאַליאַנט, געבאָרגט מיר אים צום איבערלייענען.

איך האָב דעם מאַשין־באַנד אַהיימגעשלעפּט אויף נאַלעווקי 37 און

מיט גרויס נייגער אָנגעהויבן לייענען. דאָס איז געווען אַן אויטאָביאָגראַ־פישער המשך פון דעם, זעט אויס אויף דריי בענד פאַרמאָסטענעם ראָמאַן, וואָס האָט אַרומגענומען די איבערגאַנגס־יאָרן פון דעם מחבר נאָך דעם ווי ער איז אָנגעקומען פון דער פּראָווינץ קיין וואַרשע. אָפּגעבן צו פיל צייט פאַר אָט דער לעקטור האָב איך נישט געקאָנט, ווייל איך האָב אין די אָוונטן געדאַרפט ממשיך זיין פאַרן אַרכיוו די געשפּרעכן מיט מיין שכן, דעם פּליט פון טרעבלינקע אברהם (יעקב) קזשעפּיצקי. און איידער וואָס־ווען האָט זיך אונטערגערוקט די צווייטע אַקציע פון דעם 18טן ביז דעם 20סטן יאַנואַר. דער נישט איבערגעלעזענער ראָמאַן איז געבליבן אין מיינע הענט. איך האָב אים גלייך מיט מיינע אייגענע מאַ־נוסקריפּטן אויפגעהיט אין באַהעלטעניש, און נאָך דער אַקציע ווי אַמ־שנעלסטן אָפּגעשיקט אויף פּראָנצישקאַנסקע 30. קומענדיק אַהין האָט מיין שליח, דער עדות קזשעפּיצקי, פּערלען נישט געטראָפן און ער האָט איבער־געגעבן דאָס פּעקל ווינטערן.

אַזוי איז געשען דאָס אומגליק.

נאָך דער אַקציע האָט זיך — אין איינעם מיט דער בשורה וועגן סטאַלינגראַד — פאַרשפּרייט אַ שמועה וועגן פאַרקלענערן דאָס געטאָ און איבערזידלען דעם רעשט ייִדן אויף די גאַסן ניסקע־סטאַווקי — ממש אַ שריט פון דעם אומשלאַג־פּלאַץ. ווינטערס קינדער, ווי אויך פּערלס מיטן זון, האָבן זיך איבערגעטראָגן אין טעבענס־שאָפּ אויף לעשנאָ און אַהין האָט זיי ווינטער נאָכגעשיקט זייער געפּעק, אַריינלייגנדיק פאַר פּערלען אין אַ בינטל בעטגעוואַנט זיין ראָמאַן. אין אַ צוויי טעג אַרום האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די גזרה פון פאַרקלענערן דאָס צענטראַלע געטאָ ווערט נישט אויסגעפירט. ביי טעבענסן איז אַרויס אַ באַפעל, אַז די ייִדן פון זיינע „שאָפּן" זאָלן ווערן אַריבערגעפירט אין לאַגער פּאָניאַטאָוואָ און תּיכּף ומיד האָט זיך אָנגעהויבן אַ לויפעניש צוריק אין דעם צענטראַלן געטאָ. בשעת אָט דער לויפעניש איז דאָס בעטגעוואַנט פון ווינטערס קינ־דער ביים טויער פון געטאָ געוואָרן צוגערויבט און דער צווייטער באַנד פון פּערלעס ראָמאַן בתוכו.

אַזוי איז געגאַנגען לאיבוד דער המשך פון פּערלעס בעסטן ווערק. איך געדענק דעם גרויסן צער פון ווינטערן און זיינע וואָכן־לאַנגע פּרוּוון אָפּצוגעפינען און אויסצוקויפן מיט דער הילף פון ייִדישע פּאָליציאַנטן און אונטערגעקויפטע זשאַנדאַרן דעם פאַרלוירענעם סקריפּט. דער סקריפּט

האָט זיך אָבער נישט אָפּגעפּונען און מיר ביידע מיט ווינטערן האָבן פון זיך ממש שטיקער געריסן פאַר עגמת נפש.

דאַקעגן האָט פּערלע גופא אויפגענומען דאָס דאָזיקע אומגליק מיט דעם גרעסטן סטאָיציזם. ער איז נאָך פון טעבענסן געהאַט צוריקגעקומען אויף פראַנצישקאַנסקע און איך האָב אים נאָך דאָרט איין מאָל — צום לעצטן מאָל — געזען. נישט איך און נישט ווינטער האָבן געהערט פון אים אַ וואָרט פון תרעומות. ער האָט אַפּנים געזען דערינען בלויז אַ קליינעם פּרט פון דער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע, אין וועלכער מיר זע־נען געוואָרן פאַרזונקען ביזן האַלדז.

*

און נאָך אַ מאָל אַן ענדערונג פון דעם פּייזאַזש. ביז איצט זענען געגאַנגען די „המשכים" פון פּערלעס לעבנס־ראָמאַן. איצט קומט דאָס לעצטע קאַפּיטל — די לעצטע סטאַציע פון זיינע פּרוּוון צו אַנטרינען פאַרן פאַטום.

און ווי עס פּירט זיך אָפט מאָל אין אַ מענטשנס לעבן, איז ער דעם סאַמע גורלדיקן פּעלער באַגאַנגען דווקא דעמלט, ווען ער האָט פון זיך אַרויסגעבראַכט דעם סאַמע גרעסטן אָנשטרענג צו ראַטעווען דאָס טייער־סטע און ליבסטע פון זיין לעבן — דעם זון.

אַ מענטש פון וואַרשע, וואָס האָט פּערלען גוט געקענט אין זיינע פּריזע יאָרן, האָט מיר לעצטנס דערציילט, ווי עס האָט זיך ביי אים, נאָך דעם טראַגישן טויט פון זיין יונגער פרוי אין יאָר 1926, אַנטוויקלט אַ קרענק־לעכע אַנגסט, אַז יעדע רגע קאָן מיטן דעמלט זיבן־יאָריקן קינד געשען אַן אומגליק. אָט די פּאָביע האָט אים, זעט אויס, נישט פאַרלאָזט ביז צום סוף פון זיינע טעג. ער האָט דעם זון נישט אַוועקגעלאָזט פון זיך אַפילו נאָך זיין חתונה. אַריינגענומען דאָס יונגע פּאָרפאָלק צו זיך אין דער דירה און אויך בשעת דער מלחמה כסדר געוווינט מיטן זון צוזאַמען.

אין איינעם פון מיינע העפטן פון דער אַרישער זייט זענען פאַראַן אַ פּאָר זייטלעך וועגן פּערלען, פאַרשריבן אין אַ ווינטערנאַכט אין אָנ־הייב 1943:

„עטלעכע וואָכן נאָך מיין אַרויסגיין פון געטאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך יהושע פּערלע מיטן זון האָבן זיך אַהער אַרויסבאַקומען אין חודש מערץ. דער יונגער האָט, זעט אויס, געהאַט דאָ קריסטלעכע חברים, וועלכע האָבן פאַרזאָרגט פאַר זיי די ערשטע פּאַפּירן און דאָס ערשטע

ווינוווינקל. דעם פאָטער האָט מען גערופן „פאַן סטעפאַן״. אין גיכן האָבן זיי אָנגעקניפּט אויך אַנדערע קאָנטאַקטן. זיי זענען אַזוי אַרום געווען פאַר־זאָרגט פאַרן ערגסטן און זיי וואָלטן זיך דאָ וואַרשיינלעך געפונען ביז היינט, ווען נישט די פאַרשאָלטענע מעשׂה מיט די „טויטע נפשות״ פון דעם „האָטעל פּאָלסקי״. האָבן אויך זיי געדאַרפט אַריינפאַלן צווישן די יורשים פון די דרום אַמעריקאַנער פּאַפּירן, וועלכע זענען נאָך דער אַקציע אָנגעקומען פון נייטראַלע לענדער פאַר יידן, וואָס זענען אין צווישן אומ־געבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע. זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין חודש יולי אונטער אַן עסקאָרטע אין אַן אינטערנירונג־לאַגער נישט ווייט פון האַנאָווער. עס האָט געהייסן, אַז דאָס לאַגער געפינט זיך אונטער דער השגחה פון דעם רויטן קרייץ און אַז זיי וועלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וואָס זיצן ערגעץ אינטערנירט ביי די אַליאַנטן.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די אַלע „דרום־אַמעריקאַנער״ פון דעם „האָטעל פּאָלסקי״ זענען שוין אויף דער וועלט נישטאָ. זיי זענען ליקווידירט געוואָרן אין אַ טויטן־לאַגער נעבן אוישוויץ. איך קאָן דאָס נישט פאַרשטיין און נישט פאַרליידן, וואָס אַ קלוגער ייִד, ווי פּערלע האָט זיך אַזוי געלאָזט אַרייננאַרן אין זאַק אַריין; שוין זייענדיק אַ האַלבוועגס פרייער, אַליין צוריק אַריין צום טייוול אין דער פּאַשטשע״.

*

נאָך דער מלחמה האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט נאָך און נאָך דערגענצן די ידיעות מיינע וועגן פּערלעס אומקום און וועגן גורל פון נאָך אַ צאָל וויכטיקע ייִדישע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי יצחק קאַ־צענעלסאָן, וועלכער איז אויך פאַרפירט געוואָרן דורך דעם פאַלשן רע־טונגס־מיראַזש, אַרויסגעפאָרן מיט אַן ענלעכן טראַנספּאָרט, ווי פּערלע פון אַ צווייטן האָטעל מיטן נאָמען „רויאַל״ אויף כמיעלנע־גאָס שוין אין חודש מײַ 1943; אָנגעשפּאַרט — אויך ער, צוזאַמען מיט אַ זון — אין פראַנצייזישן קור־אָרט וויטעל, אין אַ לאַגער, וואָס איז פּאַקטיש געווען אַן אינטערנירונגס־לאַגער, פּאַקטיש באַקומען הילף פון רויטן קרייץ און כאָטש אַזוי אויך געווען נישט מער, ווי אַ פּרוזדור צום טויט.

דאָס „לאַגער נעבן האַנאָווער״ איז געווען בערגען־בעלזען און האָט נישט פאַרמאָגט דעם מעמד פון אַן אינטערנירונגס־פּלאַץ פאַר פרעמדע

בירגער. די ייִדן, וועלכע זענען אָהין געקומען פון וואַרשע, האָבן נישט געקאָנט באַקומען און אַרויסשיקן קיין פּאָסט און זענען בכלל געווען ווי אַמשטרענגסטן איזאָלירט פון יעטוועדן קאָנטאַקט מיט דער דרויסנ־דיקער וועלט.[76]

זיי זענען, וואָס אָן אמת, נישט גענוצט געוואָרן צו קיין צוואַנגס־אַרבעט, נישט געליטן פון דער דערמיט פאַרבונדענער בעסטיאַלישער באַהאַנדלונג מצד די אַרבעטספירער. די „קעסט", וואָס זיי האָבן דאָרט באַקומען און זייערע לעבנס־באַדינגונגען זענען אָבער נישט געווען קיין סך בעסערע ווי אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָבן זיי זיך אָריענטירט, אַז זיי זענען „אין פּעקל". קיין וועג אויף צוריק איז אָבער נישט געווען. עס האָט זיך ביי זיי איינגע־שטעלט דאָס אייביקע „ויתרוצצו" צווישן האָפענונג און פאַרצווייפלונג מיט אַ קלאָרער אָנונג וועגן דעם, וואָס עס קאָן מיט זיי געשעען. דאָס איינציק פּאָזיטיווע אין פאַרגלייך מיט די „אויסטויש־ייִדן" פון וויטעל, איז געווען דער פאַקט, וואָס זייער מאָראַלישע פּיין האָט זיך שנעל גע־ענדיקט. דריי חדשים נאָך זייער אָנקומען, האָט מען זיי פאַרלאָדן אין אַ באַן־טראַנספּאָרט און עקספּעדירט צוריק אויף מזרח קיין בזשעזשינקע־בירקענאַו — די טויטן־סטאַציע פון אוישוויץ.

*

פון די אייגנטימער פון די דרום־אַמעריקאַנער דאָקומענטן, וואָס זענען געווען אין בערגען־בעלזען זענען קיין עדות נישט פאַרבליבן. צוזאַמען מיט זיי זענען אָבער געקומען פון וואַרשע נאָך אַ פּאָר הונ־דערט מענטשן, וועלכע זענען געווען רעגיסטרירט אַלס קאַנדידאַטן צו באַקומען סערטיפיקאַטן קיין ארץ ישראל. און דווקא זיי, וואָס זייערע שאַנסן האָבן זיך גערעכנט פאַר די סאַמע שוואַכסטע, זענען געבליבן אין בערגען בעלזען כּמעט ביז צום מלחמה־סוף — ביז אַפּריל 1945. זענען די פון זיי, וואָס האָבן אויסגעהאַלטן די פּורעניות, וואָס האָבן נאָך געוואָרט אויף זיי אין משך פון די אַנדערטהאַלבן יאָר ביז דער באַפרייונג — געבליבן די איינציקע עדות צו דערציילן וועגן דעם לעצטן אַקט פון דער טראַגעדיע פון די „דרום־אַמעריקאַנער" פאַרטנערן זייערע פון וואַרשע.

מיר האָבן אַזעלכע עדות געזוכט און געפונען. אַ פרוי מיטן נאָמען סלאַווע ציטריניק האָט אונדז אין יד־ושם דערציילט וועגן דער שטימונג,

וואָס האָט באַהערשט די וואַרשעווער גרופּע, ווען מען איז געוואָר גע־וואָרן, אַז די „דרום־אַמעריקאַנער" פּאָרן אָפּ מיט אַ טראַנספּאָרט. תּחילת איז מען געווען זיכער, אַז דאָס איז שוין די ישועה — דער לאַנג דער־וואַרטער אויסגעבענקטער טראַנספּאָרט אין דער שווייץ צום אויסטויש. אַ מין עופּאָריע — אַ געפּיל פון גליק און פון געזונט־ווערן, וואָס קומט ביי געוויסע קראַנקייטן קורץ פאַרן טויט — האָט באַהערשט די, וואָס האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין. אַ סך פון די פּאַלעסטינער זענען גרייט געווען אַוועקגעבן פון זיך דאָס לעצטע, אַבי עמעצער פון די פּאָ־רער זאָל זיך וועלן מיט זיי בייטן מיט די פּאַפּירן. אַ מיידל, וואָס האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן מיט עמעצן אַ נאָענטן פון די איבערבליי־בער, האָט טאַקע מסכּים געווען צו אַזאַ אויסטויש. די טראַנזאַקציע איז געלונגען און דאָס מיידל איז — געבליבן לעבן. ערשט אין לעצטן מאָ־מענט האָבן די אַרויספאָרער דערשמעקט עפּעס נישט גוטס. זיי זענען שוין אָבער געזעסן אין די פאַרשלאָסענע וואַגאָנען און זיי זענען אַוועק אין וועג. דאָס געוויין און די גרויסע בהלה אין דעם צוג האָט זיך מסתּמא אָנגעהויבן ערשט דעמלט, ווען די מענטשן האָבן אין אַ צייט אַרום גענומען לייענען די נעמען פון די סטאַציעס אויף דער טראַסע, וואָס האָט געפירט צוריק קיין פּוילן, פאַרשטאַנען וווּהין מען פירט זיי.

*

לעצטנס האָב איך אויף ס'ניי גענומען זוכן שפּורן אין די בערג מיט אַש. נאָך און נאָך האָב איך זיך נאָכגעפרעגט אויף מענטשן, וואָס האָבן געקאָנט זען פּערלען אין בערגען בעלזען.

אין ספר־ראַדאָם, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1962 אונטער דער רעדאַקציע פון יצחק פּערלאָוו, ווערט פּערלען אָפּגעגעבן אַ סך פּלאַץ. איך האָב געלייענט אין דעם בוך אַ פראַגמענט פון די „יידן פון אַ גאַנץ יאָר" און עס איז מיר אויסגעקומען פעסטצושטעלן, אַז דער רושם פון אַט דער פּראָזע האָט זיך ביי מיר נישט פאַרמינערט נאָך די 35 יאָר, וואָס זענען פאַרגאַנגען זינט מיין שרייבן וועגן איר. איך האָב אויך גע־לייענט אין יזכּור־בוך אַ קליינעם, שיינעם עסקיז פון אַ ראַדאָמער מחבר יהושע לענדער א.ט. „פּערלע דער מאָלער פון דער פּוילישער לאַנד־שאַפט". איך ציטיר עטלעכע שורות:

„...לויט עס האָט מיר איבערגעגעבן אַ צוריק־געקומענער פון יענער

וועלט, האָט מען אין בערגען בעלזען געטראָפן פערלען אַ צעבראָכענעם, פאַרוויינטן"...

דער מחבר פון אָט די שורות איז מיט אַ צייט צוריק געשטאָרבן אין פאַריז, האָב איך נישט בײַ וועמען צו פרעגן, ווו מען קאָן געפינען דעם מענטש, וואָס האָט זיך געטראָפן מיט פערלען אין בערגען בעלזען.

אַ גרויס רחמנות נעמט מיך אַרום, ווען איך טראַכט וועגן די טעג און נעכט פון פערלען אין משך פון די לעצטע וואָכן און חדשים פון זיין לעבן. מיך ברענען יענע טרערן, וואָס ער האָט פאַרגאָסן פאַר אַ לאַנדסמאַן — בלוטיקע טרערן פון אַ פאָטער, וואָס האָט אַליין מיט זיינע הענט געבראַכט זיין זון צו דער עקדה. און קיין שום נס איז נישט געשען מער, כאָטש ער האָט אָוודאי אַזוי געוואַרט אויף אים מיט צאַנ־קענדיקער האָפענונג... געזוכט דעם מלאך צווישן ווייסע וואָלקנס אויפן הימל. אפשר וועט ער פאָרט קומען צו פליִען פון אויבן, אין דער לעצ־טער רגע נאָך אָוועקדרייען די האַנט מיטן געציקטן חלף...

עס האָבן דערנאָך געפלאַטערט אַ סך מלאכים אויף שטאָלענע פליגל און האָבן באַפרייט די ייִדן, וואָס האָבן געלעבט אין בערגען־בעלזען צווישן בערג מיט מתים. דאָס איז אָבער געשען ערשט דעמלט, ווען פערלע מיט זיין זון און יצחק קאַצענעלסאָן מיט זיין זון, זענען שוין פון לאַנג אַליין געהאט אַרויפגעפליגן צו די הימלען מיט די קוימען־רויכן פון בזשעזשינקע.

# הערות און אויפקלערונגען

## א

1. לויט דעם ווי עס גיט אָן דער געוועזענער פּרעזידענט פון וואַרשע אין דער אָקופּאַציע־צייט אין זיין בוך Julian Kulski: „Stefan Starzyński w mojej pamięci”, Instytut Literacki, Paryż 1968 איז סטאַזשינסקי דערשאָסן געוואָרן אין שכנות פון לאַגער דאַכאַו אין אָקטאָבער 1943.

2. „נאַרציאַרקע” — היטל פון אַ סקי־לויפער מיט אַ דאַשיק און טוכענע קלאַפּעס, וואָס מען האָט געקאָנט אַראָפּלאָזן איבער די אויערן, פאַרקנעפּלען אונטער דער באָרד און אַזוי אַרום פאַרשטעלן אַ טייל פון פּנים און באַשאָטענען די ייִדישע נאָז. אָט דאָס היטל האָט זיך שטאַרק אָנגענומען ביי ייִדן אין דער ערשטער אָקופּאַציע־תּקופה. מען פלעגט דעמלט זאָגן אין שפּאַס אויף אַ ייִד: אַ נאַרציאַרזש”.

3. „אַוועק אַלס מאַן” — האָט מען געזאָגט אויף די מענטשן, וואָס האָבן פאַרלאָזט וואַרשע אויפן סמך פון דעם באַפעל פון פּראָפּאַגאַנדע־שעף פון פוילישן גענעראַל־שטאַב ראָמאַן אומיאַסטאָווסקי אין דער נאַכט פון 7טן אויפן 8טן סעפּטעמבער 1939. „אַוועק אַלס ייִד” האָט מען געזאָגט אויף די, וואָס האָבן אין משך פון ווינטער 1939/40 באַוויזן אַריבערצוגיין די דייטש־סאָוויעטישע דעמאַרקאַציע־ליניע און אַזוי אַרום זיך אַרויסבאַקומען פון דעם דייטשן אָקופּאַציע־שטח.

4. אַממייִנסטן באַקאַנט איז געווען דער פאַל פון ליפּאַ קעסטין, וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פון דער באָמבאַרדירונג, בשעת זיין אַנטלויפן אויף מזרח און פון שמעון האָראָנטשיק, וועלכער איז בשעת דעם אַנטלויפן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד נאָך דעם, ווי זיין זון, וואָס איז אַנטלאָפן מיט אים צוזאַמען, איז געוואָרן דערשאָסן דורך די אַריינמאַרשירנדיקע דייטשן.

## ב

5. דער אַנאַליז פון גייסטיקן מצב פון די געשוואָלענע שטיצט זיך אויף די אייגענע אָבסערוואַציעס פון דער מחברטע. אין די מעדיצינישע קרייזן פון געטאָ וואַרשע האָט מען זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיטן פעסטשטעלן די השפּעה פון הונגער און פון זיין השפּעה אויפן אָרגאַניזם. אין ייִדישן שפּיטאָל אויף טשיסטע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ מעדיצינישע איינהייט, וואָס אירע מיטגלידער האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אויספאָרשונג פון די ביאָפיזישע און ביאָ־כעמישע פּראָצעסן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער הונגער־קראַנקייט. די מאַטעריאַלן האָבן זיך אויפגעהיט אויף דער אַרישער זייט און נאָך דער מלחמה זענען זיי געוואָרן אַרויסגעגעבן בהשתּדלות פון „דזשאָינט” אויף פויליש א.ט. Choroba głodowa. Badania kliniczne nad głodem, wykonane w getcie warszawskim w roku 1942. Warszawa, A.J.D.C. (Joint) 1946.

ענלעכע הונגער־דערשיינונגען ווי אין די געטאָס, האָבן זיך אַנטפּלעקט אין די דייטשע קאָנצענטראַציע־לאַגערן, ווו די פאַרהונגערטע, דערשעפּטע און צו אַלץ

שוין אַפּאַטישע אַסירים זענען גערופן געװאָרן „מוזולמענער". דער נאָמען האָט זיך
װאַרשײנלעך גענומען דערפון, װאָס די כאַראַקטעריסטישע סימפּטאָמען זענען דאָס
ערשטע מאָל אַרױסגעטרעטן מאַסנהאַפטיק בײ די סאָװיעטישע קריגס־געפאַנגענע,
צװישן װעלכע ס'האָבן זיך געפונען אַ גרױסע צאָל מחמדאַנער. אין געטאָ לאָדזש
האָט מען די געשװאָלענע גערופן „קלאַפּסידרע". די ספּעציפישע אַפּאַטיע און
אומבאַהאָלפענע היסטעריע, װאָס טרעט אַרױס בײ פאַרהונגערטע, באַװײזט װי
גרונט־פאַלש עס זענען די נאָך־מלחמהדיקע חקירות פון ניט באַהאַװנטע מחברים,
אַז „ייִדן געשװאָלענע פון הונגער האָבן געמאַכט דעם אױפשטאַנד".

6. צװישן די רעפּאָרטאַזשן, װאָס איך פלעג אַװעקגעבן יעדע װאָך אין אַרכיװ,
האָב איך זיך אַ סך מאָל ענטוזיאַסטיש אָפּגערופן װעגן דעם שמוגל, װאָס איז גע־
װיען דער עיקר־מקור פון אַפּראָװיזירן דאָס געטאָ. דאָס איז געװען אַן אױסער־
געװײנלעכע לײסטונג, פּרעציז און מלא חכמה, בפרט װען עס רעדט זיך װעגן
דעם „גרױסן שמוגל", ד.ה. װעגן אַרײנפירן אין געטאָ צענדליקער לאַסט־װעגענער
מיט תבואה, מעל, קאַרטאָפל, אױך פלײש אָדער לעבעדיקע פערד צום „שעכטן".
ניט אײן מאָל זענען געװען גרױסע שאָדנס און אַ סך ייִדישע קרבנות, אָבער
דער שמוגל האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. דאָס איז געװען אין יענער סיטואַציע
אונדזער הױפּט־געװער, װאָס אָן אים האָט מען ניט געקאָנט עקסיסטירן. אַפילו
די קאָלאַבאָראַנטישע קאָמענדאַנטן פון דער ייִדישער מיליץ האָבן פאַרשטאַנען די
כלל־ייִדישע געזעלשאַפטלעכע באַדײטונג פון דעם שמוגל דורך די געטאָ־טױערן
און פלעגן צו דעם צװעק באַפרײען פון דינסט די סאַמע אױסגערופענע פּאָלי־
ציאַנטן־ספּעציאַליסטן, װעלכע מען האָט גערופן „גרײקעס" (שפּילערס). זײ האָבן
געהאַט זײערע מעטאָדן אונטערצוקױפן, אָדער „טיצירן", „פאַרטשאַקען" די זשאַנדאַרן
בײ די געטאָ־טױערן. עס האָט זיך געשאַפן אַ גאַנצע טערמינאָלאָגיע פון אָט דעם
פאַך. אַ פּאָר װאָכן פאַרן גירוש זענען צען אַזעלכע „שפּילערס" געװאָרן געשאָסן
אין אײן טאָג, צוזאַמען מיט נאָך הונדערט קלײנע שמוגלערס. כּדי זיך ניט אײ־
בערצוחזרן, שיק איך אָפּ דעם לײענער צו מײנע רעפּאָרטאַזשן אין ערשטן טײל
(געטאָ) פון מײן בוך „בחוצות װארשה" (דערשינען אין פאַרלאַג „עם עובד" תל־
אביב 1954). אין רינגעלבלום־אַרכיװ האָט זיך אָפּגעזוכט אַן אַרבעט פון אַ געװע־
זענעם פּאָליציאַנט מ. פּאַסענשטײן, װאָס איז געװען געדרוקט אין ביולעטין
פון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין װאַרשע M. Passenstein, Szmugiel
w getcie warszawskim, „Biuletyn Żydowskiego Instytutu Historycznego"
Nr. 26/1958.

7. מיטן אײנפירן דאָס געטאָ האָט ניט אײן ייִדישער אַדװאָקאַט אָדער
אינזשעניר אָנגענומען די שטעלע פון אַ הױז־װעכטער און געװען העכסט צופרידן
מיט זײן סטאַזש, באַקומענדיק אַ דירה אָן אָפּצאָל און פאַרשידענע אַנדערע באַלױ־
נונגען „אין נאַטור". נחום נױפעלד האָט בײ אונדז פאַרנומען צװ. אַנד. אַ ביז גאָר
װיכטיקע פּאָזיציע אַלס צושטעלער און קאָמענטאַטאָר פון די געהײמע ראַדיאָ־
ידיעות, נאָך װעלכע ער פלעגט יעדן פאַרנאַכט אױסרוקן אױף אַן אומבאַקאַנט
אָרט. איך קאָן נאָך ביז הײנט ניט נאָכזאָגן די אַלע נעמען פון פונקטן אױף
דער מאַפּע, בײ װעלכע עס פלעגן זיך אױף װאָכן און חדשים אָפּשטעלן די
פראָנטן במשך פון די ערשטע מלחמה־יאָרן. ער האָט זײ אַלע געקענט װי דעם

„מה טובו״. זיין פאָטער איז געווען אַ חשובער רב צווישן דעם פּליטים־ציבור אין וואַרשע.

8. זע: ד״ר עמנואל רינגעלבלום, שריפטן פון געטאָ, פאַרלאַג יידיש בוך, באַנד 2, וואַרשע 1963.

9. יוזעף קאָלאַסינסקי, אַ פּוילישער פּליט פון ריפּין, האָט אַחוץ די בעלדיי־גערס געהאָלפן אויך אַנדערע יידן פון זיין שטאָט. אין יאָר 1961 האָט ער לויט דער איינלאַדונג פון דער ריפּינער לאַנדסמאַנשאַפט באַזוכט ישׂראל, געוואָרן אָנער־קענט דורך דעם יד־ושם אַלס איינער פון די חסידי אומות העולם, געפלאַנצט אויף זיין נאָמען אַ בוים אויפן הר הזכרון אין ירושלים און אָפּגעגעבן אין תּל־אביבער אָפּטייל פון יד ושם אַן עדות־דערקלערונג וועגן זיינע קאָנטאַקטן און הילף פאַר יידן אין דער אָקופּאַציע־צייט. (עדות נר. ק/2487/215).

10. זע מיין בוך „בחוצות ווארשה״, פּרק 5 ע׳ 25.

11. דאָס דערפל כעלמנאָ אין פּאָוויאַט קאָלאָ איז אַריין אין דער געשיכטע פון יידישן חורבן אַלס דאָס ערשטע טויטן־לאַגער אויפן שטח פון אָקופּירטן פּוילן, אין קרייז פון א.ג. וואַרטעגאַו, וואָס האָט אַרומגענומען די מערב־געביטן וועלכע זענען געוואָרן אָנגעשלאָסן אין דייטשן רייך. דעצעמבער 1941 האָט זיך אין אַ קליינעם פּאַלאַצל אין כעלמנאָ אָנגעהויבן אַן אַקציע פון מאַסנהאַפטיקן מאָרדן די יידישע באַפעלקערונג מיט דער הילף פון מאָנאָקסיד ($CO^1$), וואָס איז געוואָרן אַריינגעלאָזט דורך אַ רער פון אַן אויטאָ־מאָטאָר פון אַ „סאַניטעטס־וואָגן״, אין וועלכן מען האָט פאַר דעם פאַרלאָדן די אַהער געבראַכטע יידן. מען האָט זיי איינגערעדט אַז זיי דאַרפן פאָרן מיט אָט דעם וואָגן אין אַ באָד־אַנשטאַלט, פון וואַנען זיי וועלן געפירט ווערן אין אַן אַרבעטס־לאַגער. זע: Władysław Bednarz: Obóz straceń w Chełmnie nad Nerem, Państwowy Instytut Wydawniczy, Warszawa 1946.

12. וועגן דער ראָל פון דעם יידישן געסטאַפּאָ־אַגענט מאָריץ קאָן ביים ראַ־טעווען פרומע יידן אין דער ערשטער תּקופה פון דער גירוש־אַקציע — זע קומענ־דיקן באַנד, קאַפּיטל „דער בעל־תּשובה״.

13. לויט די עדות־דערקלערונגען וועגן טרעבלינקע, האָט די דייטשע וואַך אַ נאָמען געגעבן דעם וועג וואָס האָט געפירט פון אויסטער־פּלאַץ צו די גאַז־קאַמערן „דער הימל־וועג״ און דאָס העק־געציג פון די קרבנות איבערן דאָזיקן וועג „די הימל־פאַרט״ — אַ רמז אויפן „עולם האמת״.

14. אין רעזולטאַט פון דער ערשטער גרויסער גירוש אַקציע פון געטאָ וואַרשע, זענען איבער דריי מאָל הונדערט טויזנט יידן — העכער 80 פּראָצענט פון דער געטאָ באַפעלקערונג — געוואָרן אַרויסגעפירט און דערמאָרדעט אין די גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע. אין דעם א.ג. „קעסל״ פון דער אַלגעמיינער סעלעקציע, אין פירעק פון די גאַסן גענשע, סמאָטשע, ניסקע, זאַמענהאָף — זענען אין משך פון דער וואָך פון דעם 6טן ביזן 13טן סעפּטעמבער 1942, פאַר אַ טייל מיט־אַרבעטער פון די אַרבעטס־אונטערנעמונגען אַרויסגעגעבן געוואָרן „לעבנס־נומערן״. פאַר די אַרבעטער פון דער קיך אויף לעשנאָ 40 וואָס האָט אין דער פּאַזע געקאָכט טויזנטער זופּן אַ טאָג פאַר די טעבענס־שאָפּן, האָט מען לויט מיינע אינפאָרמאַציעס, צוגעטיילט 40 נומערן. צו די 18 מענטשן, וועלכע האָבן די קיך געשאַפן און אין

איר ביזן לעצטן מאָמענט פּאַקטיש געאַרבעט, איז אָבער קיין איינציקער נומער נישט אָנגעקומען. פּינף, אפשר זעקס נומערן, זענען צוגעטיילט געוואָרן פּאַר אַ פּויזנער פּראָמינענטער משפּחה און דער רעשט פּאַר די אַנדערע מקורבים פון טע־בענסעס אַפּראָוויזאַציע־דירעקטאָר און זיין געליבטער. פון דעם פּריִערדיקן פּערסאָ־נאַל זענען צוריקגעקומען פון דעם „קעסל" בלויז צוויי יינגעטשקע מיידלעך — סטעלאַ און דאָראַ — און דאָס נאָר אַדאַנק דעם קאַפּריז פון אַ דייטשן וואַכמאַן, וועלכער האָט זיי אַרויסגעלאָזט פון דעם אָפּגעצוימטן שטח אויפן סמך פון זייערע בליִענדיקע פּנימלעך.

15. זע קאַפּיטל 29 און קאַפּיטל 30.

ג

16. לעהמאַנס מאַטעריאַלן אויף דער טעמע פון ייִדיש־פּוילישע באַציִונגען, האָבן לויט מיינע ידיעות אַרומגענומען בעיקר ווערטלעך און שפּרוכן, אויסדרוקן פון קעגנזייטיקן שפּאָט און שינאה אָבער אויך פון שכנותדיקע באַציִונגען און פּאָלק־לאָר פוןביידע פעלקער. מיט דער זעלבער טעמע — און זיכער נישט צופעליק, ביי דער נאָענטער פריינדשאַפט צווישן די ביידע — האָט זיך אויך פאַרנומען ד״ר עמנואל רינגעלבלום. ער האָט אויף דער אַרישער זייט אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַר־בעט אויף אָט דער טעמע, וועלכע האָט זיך אָפּגעראַטעוועט אין אַרכיוו פון די בערמאַנס און דערשינען אין דער איבערזעצונג פון בערל מאַרק אין צווייטן באַנד פון זיינע „כתבים פון געטאָ". הייִנטיקס יאָר איז אָט די אַרבעט אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן יד־ושם אין אַן ענגלישער איבערזעצונג, רעדאַגירט און באַאַרבעט דורך יוסף קערמיש און שמואל קראַקאָווסקי. רינגעלבלומס אַרבעט פאַרנעמט זיך צווישן אַנדערן מיט דער פּויליש־ייִדישער צוזאַמענאַרבעט בשעת דער אָקופּאַציע אויפן ווירטשאַפטלעכן געביט (שמוגל און אומלעגאַלער האַנדל) ווי אויך מיטן שטייגער פון אויסבאַהאַלטן ייִדן אויף דער אַרישער זייט.

17. ליידער האָט זיך אָט די סברה נישט באַשטעטיקט. זע ז' 60, ווי אויך הערה 29 אויף ז' 344.

18. „שקאָלע" — ייִדישער בית התפילה, שול.

19. געוואָלט האָסטו כאַפּן אין ייִדישע פּערינעס אַ שלאָף,
מוזסטו איצט, וואַסילטשע, באַצאָלן מיטן קאָפּ.

20. שווימט דער קאַטשור אויפן דונאַי,
שווימט דער קאַטשור אויפן דונאַי —
וויים איך נישט וואָס מיר טוט וויי.

דונאַי הייסט אין אוקראַיִנישן פאָלקלאָר יעדער גרויסער טייך, אַ גרויס וואַ־סער, ווי אין ייִדיש־פּוילישן פאָלקלאָר „אַ וואַאַסל" (אַ ווייסל).

21. וויקטאָר חענקין, אַרטיסט פון דעם רוסישן קליינקונסט־אַנסאַמבל „בלויער פייגל", וועלכער האָט אין די צוואַנציקער יאָרן גאַסטראָלירט איבער אייראָפּע אין אַ סאָלאָ־פּראָגראַם, אין וועלכן ער האָט אַריינגענומען אויך ייִדישע נומערן, צוו. אַנד. „די אַלטע קשיה".

22. „קאָגוציק״ — אַ פּראָשעק קעגן קאָפּ־ווייטיק אין פֿאַרמלחמהדיקן פּוילן.

23. איך געדענק יאַנקל אַדלערס אַקטיוויטעט ביי אַזעלכע געלעגנהייטן. ער פֿלעגט זיין אויף מיר ברוגז, וואָס איך רוים אַראָפּ פֿון טיש פֿלעשער בראָנפֿן. זיין גלאַנץ־לייסטונג ביי אַזאַ מין שׂימחהלע פֿלעגט זיין אַ העברעיִשע „דרשה״ אין וועלכער ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם טאָן און דעם ריטעם פֿון העברעיִשן רעד־נער־נוסח ביז צום אַריינפֿירן מענטשן אין אַ טעות, אַז ער דרשנט אויף עברית און דערביי האָט ער נישט באַנוצט קיין איינציק העברעיִש וואָרט.

24. איינער פֿון אַזעלכע געליטענע צוריקקומערס איז געווען דער קאָמוניס־טיש געשטימטער, אינטעליגענטער שריפֿטשטעלער געלענבערג, וועמענס אַ באַ־ריכט וועגן די צרות, וואָס ער האָט אויסגעליטן אויפֿן דייטש־סאָוויעטישן דעמאַר־קאַציע־שטח, האָב איך געלייענט נאָך דער מלחמה צווישן די אָפּגעפֿונענע מאַ־טעריאַלן פֿון רינגעלבלום־אַרכיוו. וואָס עס איז מיט אים ווייטער געשען, האָב איך נישט געהערט.

25. זייענדיק אַלס אַרויסגעטריבענע פֿון וואַרשע אין דער שטאָט קאָנסק, האָב איך אָבסערווירט אַן ענלעכע „קסענאָפֿאָבישע״ באַציִונג פֿון דער אָרטיקער פּויליי־שער באַפֿעלקערונג לגבי די וואַרשעווער פּליטים. נישט געקוקט אויף דער טעטי־קייט פֿון דער הילפֿס־אָרגאַניזאַציע ר. ג. א. ווי אויך אויף די באַמיִונגען פֿון אַ יונגן גלח, האָט די אָרטיקע באַפֿעלקערונג זיך באַצויגן גאַנץ גלייכגילטיק, אויב נישט פֿיינטלעך צו די העלדן און קרבנות פֿון וואַרשעווער אויפֿשטאַנד. צווישן אַנדערן האָט זיך אין אַ געוויסן מאָמענט פֿאַרשפּרייט אין קאָנסק אַ ידיעה, אַז אַ „וואַרשאַוויאַק״ האָט געהרגעט איינע, אַ מוטער פֿון זיבן קינדער. אַ מעשׂה שלא היה ולא נברא.

26. אין יאָר 1960, שוין וויסנדיק אַז לעהמאַנס זאַמלונגען זענען פֿאַרפֿאַלן גע־וואָרן, האָב איך וואָכן לאַנג איבערגעגעבן דעם ליידער אַזוי פֿרי פֿאַרשטאָרבענעם אורי ווײַנרייכן מיינע ידיעות וועגן פֿאָדאָליש־ייִדישער עטנאָגראַפֿיע און פֿאָלקלאָר. ער האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין ישׂראל אַלס גאַסט־פּראָפֿעסאָר פֿון דער העברעיִשער אוניווערסיטעט און ער האָט רעקאָרדירט אינטערוויוען וועגן ייִדישע דיאַלעקטן. ער האָט אָבער אויך אויפֿגענומען מיינע זייער אויספֿירלעכע זכרונות און אויפֿקלע־רונגען וועגן ייִדישע מינהגים און ספּעציעלע ווערטלעך פֿון די פּאָדאָליער ייִדן, אַפֿילו וועגן זייערע מאכלים און געבעקסן. ווי ער האָט מיר דעמאָלט דערציילט, האָט ער וואָכן־לאַנג געפֿירט געשפּרעכן מיטן דיכטער און פֿילאָלאָג דניאל לייבל, וועלכער האָט אים געגעבן גאָר אויספֿירלעכע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער ייִדישער עטנאָגראַפֿיע און פֿאָלקלאָר פֿון מערבֿ־גאַליציע. איך האָף, אַז די טאַשמעס וואָס ער האָט דעמאָלט מיט אונדז רעקאָרדירט, האָבן זיך אויפֿגעהיט.

27. ישׂשכר פֿאַטער, „ייִדישע מוזיק אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות״, וועלט־פֿעדעראַציע פֿון פּוילישע ייִדן, תּל־אָביב, 1970.

28. מיינע ידיעות און באַטראַכטונגען וועגן אַברהם גאַנצווייך, האָב איך אַרויסגעבראַכט אין אַ קאַפּיטל א.ט. „דער ייִדישער נאַציאָנאַל־סאָציאַליסט״, וואָס וועט דערשיינען אין אַ ווייטערדיקן בוך פֿון מיינע שריפֿטן.

29. געווען אין וואַרשע נאָך אַ ריי אַלמנות, וועלכע האָבן צוליב זייער פֿאַלש פֿאַרשטאַנענער געטריישאַפֿט צו די שאַפֿונגען פֿון זייערע מענער, צונישט געמאַכט די באַמיִונגען פֿון ד״ר עמנואל רינגעלבלום אָפּצוראַטעווען זייערע אין יאָרן לאַנגער מי אויפֿגעקליבענע קולטור־אוצרות. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז דאָס זעלבע וואָס מיט קיפּניסעס מוזיקאַלישע זאַמלונגען, געשען אויך מיט די אין משך פֿון 30 יאָר אויפֿגעקליבענע און אין געטאָ טיילווייז באַאַרבעטע און קאַטאַלאָגירטע עטנאָגראַפֿישע און פֿאָלקלאָריסטישע זאַמלונגען פֿון שמואל לעהמאַן.

מנחם קיפּניס האָט אויך אין משך פֿון דער מלחמה געפֿירט אַ טאָגבוך און אויך דער, זיכער ביז גאָר אינטערעסאַנטער דאָקומענט, איז אויף אייביק געגאַנגען פֿאַרלוירן.

אַ שווערע אבדה האָט צווישן אַנדערן גורם געווען שׂרה לינדער, די יונגע אַלמנה פֿון דעם אונטערערדישן עסקן און טאַלענטירטן וויסנשאַפֿטלער מנחם לינדער. אויך ער האָט די גאַנצע צייט פֿון דער מלחמה געפֿירט אַ טאָגבוך און נאָך זיין דערמאָרדן דורך דער געסטאַפּאָ אין דער באַוווּסטער נאַכט פֿון 17טן אויפֿן 18טן אַפּריל 1942, האָט די אַלמנה פֿאַר פּחד זיין טאָגבוך פֿאַרברענט.

ד

30. אין יאָר 1964 האָט געוויילט אין ישׂראל דער היינט זייער באַקאַנטער קריטיקער פֿון מערב־דייטשלאַנד מאַרצעלי ראַניצקי. מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט אויף צו נעמען ביי אים אַן עדות־דערקלערונג וועגן זיין אַרבעט אַלס סעקרעטאַר פֿון דעם יודענראַט־פּרעזעס אַדאַם טשערניאַקאָוו פֿאַר זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. ער האָט אונדז דערציילט וועגן רינגעלבלומס באַמיִונגען צו באַקומען מיט זיין הילף קאָפּיעס פֿון אָט דער קאָרעספּאָנדענץ, ד.ה. נישט נאָר פֿון די ענטפֿערס וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די דייטשן, נאָר אויך פֿון די בריוו, פֿאַראָרדענונגען און באַפֿעלן מיט וועלכער דער געטאָ־קאָמיסאַר ד״ר היינץ אוערסוואַלד, ווי אויך די רעפֿערענטן פֿון געסטאַפּאָ האָבן זיך געווענדט צום יודען עלטעסטען. ראַניצקי האָט איבערצייגט דעם פּרעזעס, אַז מען דאַרף קאָפּירן יעדעס שריפֿט־שטיק וואָס פֿליסט אַריין פֿון די דייטשע פֿאַקטאָרן. ער האָט אַזוי אַרום געקאָנט ליפֿערן רינגעלבלומען קאָפּיעס סיי פֿון די אַריינגעקומענע סיי פֿון די אַרויסגייענדיקע דייטשע שריפֿטשטיק. אָפּנעמען די קאָפּיעס פֿלעגט קומען רינגעלבלום אַליין. אין סוד איז געווען אַריינגעצויגן, אַלס קאָפּיסטין פֿון די אַלע אַקטן, די פּויליש־יִדישע שרייבערין גוסטאַווע יאַרעצקאַ.

31. וועגן אָט דער אַנקעטע האָט ד״ר יוסף קערמיש שוין אין יאָר 1951 פֿאַרעפֿנטלעכט אין „די גאָלדענע קייט" אַן אַרבעט א.ט. „די צוואָה פֿון וואַרשעווער געטאָ". אויף העברעיִש איז די אַרבעט געווען געדרוקט אין דער אָפּסעט־בראָשור א.ט. „יום עיון לזכרו של ד״ר עמנואל רינגלבלום", ירושלים י״ב ניסן תשכ״ד .25.3.64

32. זע: רינה אָפּער־אָפּאָטשינסקי, געזאַמלטע שריפֿטן פֿון פּרץ אָפּאָטשינסקי, אַרויסגעגעבן פֿון זיין שוועסטער, ניו־יאָרק, 1951 און פּרץ אופּוצ׳ינסקי, רשימות בית לוחמי הגיטאות ע״ש יצחק כצנלסון, הוצאת הקיבוץ המאוחד תש״ל, תל־אביב, 1970.

33. הרב שמעון הובערבאנד, קידוש השם — כתבים מימי השואה, הוצאת „יזכור“, תל־אביב תשכ״ט 1969.

34. עמנואל רינגעלבלום, שריפטן פון געטאָ, פאַרלאַג יידיש בוך, באַנד 1, וואַרשע 1961, באַנד 2, וואַרשע 1963.

35. דאָס רינגעלבלום־יאָר איז פאָרגעקומען אין 1964, אין סימפּאָזיום פון יד־ושם האָבן זיך באַטייליקט: פּראָפ. בן־ציון דינור, פּראָפ. רפאל מאַהלער, מג״ר הערש וואַסער, ד״ר יוסף קערמיש, ד״ר שאול אש און ד״ר אריה ל. קובאָווי. אין משך פון דעם רינגעלבלום־יאָר זענען פאָרגעקומען אָנדענק־אַקאַדעמיעס אין לאַנד און אין אויסלאַנד. אין אַ ריי שטעט אין ישראל זענען אָנגערופן געוואָרן גאַסן אויף רינגעלבלומס נאָמען.

36. איך ברענג דאָ אַ נישט קאָמפּלעטע רשימה פון מיינע אַרבעטן וועגן טרעבלינקע: א. אברהם קזשעפּיצקי. „18 טעג אין טרעבלינקע“ (25.8—13.9) „בלעטער פאַר געשיכטע“ ב. 1 נר. 2־1, וואַרשע 1956; ב. היסטאָרישער רעפּאָרטאַזש „אויף די פעלדער פון טרעבלינקע“ — יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע, לאָדזש, 1947: ג. „די לעצטע יידן“ — הער־שפּיל טראַנסמיטירט אין יידיש און העברעיש אין „קול ישראל“; ד. פילם־עסקיז אין מאַנוסקריפּט א.ט. „די מרידה“; ה. Treblinka, Encyclopaedia Judaica, 1365—1372, Jerusalem, 1972

37. אייגנטלעך איז אָט דאָס בוך אַ מין אָפּרוף אויף יענער באַשטעלונג, וואָס רינגעלבלום האָט ביי מיר געמאַכט בעת דעם ערשטן געשפּרעך מיט מיר וועגן דעם אַרכיוו.

38. וועגן דעם, אַז אין די גניזות פון עונג שבת זאָל זיך האָבן אָפּגעזוכט אַן אַרבעט פון קאַוווע, האָב איך נישט געהערט. פּערלע האָט שוין אין יאָר 1941 אָנגעשריבן אַ באַריכט וועגן דער סאָוויעטישער תקופה אין לעמבערג און אין דער תקופה צווישן דער ערשטער און צווייטער אַקציע צום סוף פון יאָר 1942 אַ שילדערונג פון דעם גירוש א.ט. „חורבן וואַרשע“ און אַ סאַטירע אויף די א. ג. „שאָפּן“ א.ט. „4580“.זע קאַפּיטל 35 פון דאָזיקן בוך „צעשאָטענע פּערל“.

39. זע הערה 11.

40. זונטיק, ערב דעם געטאָ־אויפשטאַנד, איז געווען דער 18טער אַפּריל, ביי רינגעלבלומען פיגורירט אָבער על פי טעות די דאַטע פון 17טן אַפּריל. ער האָט דאָס געשריבן אויף דער אַרישער זייט און שוין נישט באַוויזן צו קאָנטראָלירן און פאַרריכטן די דאַטע.

41. Kein Hitler ohne Mussolini — דער מחבר פון דעם אַרטיקל איז דאַכט זיך געווען דער עסטרייכישער סאָציאַליסט יוליוס אַדלער.

42. זע הערה 16.

43. אין אָט דער דירה אין איזאַבעלין האָט זיך אַריינגעצויגן דער עסקן פון דער רעכטער פּועלי־ציון־פּאַרטיי, דער גימנאַזיע־לערער יוסף סאַק מיט זיין משפחה.

44. „באַדילאַרזש“ — אַלטמאָדישער אויסדרוק אין פּוילישן פאָלקס־לשון, באַ־

צייכענונג פאַר אַן אינספּעקטן־גערטנער, וואָס האָדעוועט און פּאַרקויפט פלאַנצן צום איבערזעצן. איך האָב געהערט אַז דאָס וואָרט אין דער מעלינע, ווו עס זענען געווען באַהאַלטן אַ גרופּע ייִדן, מיט וועלכע כ'האָב זיך מטפּל געווען. די מעשׂה האָט געמאַכט אַ פאַטאַלן איינדרוק אויף די פּאַלאַקן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסבאַהאַלטן ייִדן.

45. י. הירשהויט „פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק", זכרונות, געשטאַלטן, ביל־דער, בוענאָס־איירעס, צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע 1948.

ה

46. זאַקסישער פּלאַץ איז געווען דער היסטאָרישער נאָמען פון דעם גרויסן, רעפּרעזענטאַטיוון שטח, פאַרן פּאַלאַץ פון מיניסטער בריל, דעם מושל פון לאַנד אין דער צייט פון קעניג אויגוסט דעם 2טן פון דער סאַקסישער דינאַסטיע. אַט דער פּלאַץ האָט אין דער תּקופה צווישןביידע וועלט־מלחמות געהייסן פּילסודסקי־פּלאַץ און אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע: היטלער־פּלאַץ.

47. טרוקענע פּראָדוקטן: ד.ה. נישט קיין געקעכטס, נישט קיין זופּ. אין די פּעקלעך פון די יי.סי"אַ־מאַגאַזינען פלעגט מען באַקומען ברויט אָדער מעל, צו־קער, פעטס און נאָך עפּעס אַן אַנדער שפּייז־אַרטיקל, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַגאַזין.

48. זע קאַפּיטל 34 ז' 320/23.

49. ברויט־טאָג: זע אויבן, קאַפּיטל 7, ז' 73.

50. בראַקסמייערס לוויה — זע קאַפּיטל 12, ז' 111/13.

51. זע קאַפּיטל 34.

ו

52. יאָנאָס טורקאָוו, אַזוי איז עס געווען, צענטראַל פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס 1948.

53. מיינע ידיעות וועגן מנחם לינדערן האָב איך דערגענצט אויפן סמך פון רינגעלבלומס אַ ביאָגראַפישן איבערבליק און אָפּשאַצונג וועגן לינדערן, געדרוקט אין צווייטן באַנד פון זיינע „שריפטן פון געטאָ". אויך האָב איך אַחוץ לינדערס שוועגערין זהבה לינדער גערעדט אין ישׂראל מיט לינדערס פּערזענלעכע חברים און חברטעס פון סניאַטין. איינע פון זיי איז געווען יונה מעצקער, די שוועגערין פון דעם שרייבער איטשע מעצקער, מחבר פון דעם ראָמאַן וועגן אונדזער ביידנס היים־דאָרף לאַנאָוויץ „אויפן ביידנס פעלדער". יונה האָט מיר אָנגעגעבן נאָך און נאָך נעמען און אַדרעסן פון גאַליציאַנער ותיקים, זינט צענדליקער יאָרן איינגעוואָרצלטע אין לאַנד ישׂראל. וואָהין אויך ער וואָלט זיכער פריִער אָדער שפּעטער געווען געקומען. ליידער האָב איך נישט קיין מעגלעכקייט אויסצוברייטערן די ביאָגראַ־פישע פּרטים וועגן דעם יונג־פאַרשניטענעם וויסנשאַפטלער און געזעלשאַפטלעכן עסקן פון ערשטן ראַנג. דריק איך דאָ אויס דעם ווונטש, אַז די אַרבעט זאָל געטון ווערן דורך עמעצן אַנדערש. עס זענען שוין אויפגעקומען ביי אונדז מאַטוראַנטן

און סטודענטן, וואָס באַאַרבעטן חורבן־טעמעס אין דער ראַם פון זייערע דיפּלאָם־אַרבעטן און די געשטאַלט פון מנחם לינדערן איז אָן שום ספק זייער צוגעפּאַסט אַלס טעמע פאַר אַזאַ אַרבעט.

54. מיין פאַרבינדונג מיט דעם ייוואָ־אָפּטייל אין וואַרשע האָט זיך גענומען דערפון, וואָס איך האָב אין לעמבערג געהערט צו דער פאַרוואַלטונג פון ייוואָ־פריינד, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען ד״ר לייב לאַנדאַו.

55. זע קאַפּיטל 18 ז׳ 184/88.

56. דער ציווילער נאָמען פון מרים אָרלעסקאַ איז געווען פאָלאַ אָלטוסקאַ.

57. דאָס דאָזיקע ליד פון אַמעריקאַניש־ייִדישן דיכטער ה. רויזענבלאַט איז געוואָרן זייער פּאָפּולער אין געטאָ וואַרשע אַדאַנק אַ זינגערין וואָס פלעגט עס זינגען בעת אַלע אירע אויפטריטן.

58. דאָס איז געווען דאָס 12־יאָריקע זונדעלע פון דעם רעוויזיאָניסטישן טוער ד״ר א. ליפּמאַן, וואָס איז אין דער צייט געלעגן קראַנק אין תּפיסה־שפּיטאָל. זיין מוטער וואָס האָט דעם מאַן שוין מיט גאָרנישט נישט געקאָנט העלפן, האָט זיך אין דעם טאָג געלאָזט פאַרנאַרן דורך דעם צוזאָג, אַז די וואָס וועלן זיך מעלדן פרייוויליק צו דער „איבערזידלונג״ וועלן נישט ווערן צעטיילט פון זייערע משפּחות און וועלן געניסן פון אַ „גראַטיפיקאַציע״ צו באַקומען אויפן וועג 3 קילאָ ברויט און אַ פּושקע האָניק אָדער מאַרמאָלאַדע. זי האָט געגלייבט, אַז זי וועט זיך אויף דעם אופן קאָנען אַרויסבאַקומען צו איר משפּחה אין בריסק. זי האָט שוין נישט געהאַט קיין שום מיטלען צום לעבן, האָט זי געהאָפט, אַז זי וועט אויף דעם אופן קאָנען ראַטעווען דאָס קינד.

זי איז נישט געווען די איינציקע, וואָס האָט זיך אין יענע טעג צוגעשטעלט פרייוויליק צום אומשלאַג־פּלאַץ. די גאַסן פון געטאָ זענען געווען פאַרפּלייצט מיט מחנות מענטשן, וואָס האָבן אויף דעם אופן געפרווט משלים זיין מיטן גזר פון — פאַרלאָזן די היים... דעם אַכזריותדיקן שווינדל האָבן זיי אַנטדעקט ערשט נאָכן אַנקומען קיין טרעבלינקע.

59. מיין פון טרעבלינקע אַנטלאָפענער שכן, קזשעפּיצקי, ביי וועמען איך האָב אויפגענומען אַן עדות דערקלערונג וועגן זיינע 18 טעג אין טויטן־לאַגער, איז אין יאָר 1939 בשעת די סעפּטעמבער־קאַמפּן, אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט, פון וועלכער ער האָט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום באַוויזן צו אַנטלויפן אין אָקופּירטן וואַרשע. לויט די פּערסאָנאַליען וואָס ער האָט מיר אָנגעגעבן, האָט ער כּלומרשט געהייסן אברהם. אַזוי האָב איך פאַרשריבן זיין נאָמען אין דער עדות און אַפילו אויף זיין פאָטאָגראַפיע וואָס ער האָט מיר צוגעגעבן צו דער עדות, צושרייבנדיק אויף איר אַ גרוס צו זיין משפּחה אין סאַנט־מאוריטיוס. די משפּחה איז געווען צוגעשריבן צו אַ גרופּע דאַנציגער ייִדן, וואָס האָט געהאַלטן אין עמיגרירן קיין ארץ ישׂראל, אַרויסבאַקומען זיך מיט אָט דער גרופּע און אין יאָר 1940 מיט אַ ספּעציעלן טראַנספּאָרט איבער דער דאַנאַו און שוואַרצן ים אָנגעקומען מיט אַ נעבעכדיקער שיף ביז צום חיפהער פּאָרט, פון וועלכן זי איז אָבער איז איינעם מיט אַנדערע ייִדישע מעפּילים פאַרשיקט געוואָרן דורך די ענגלישע מאַנדאַטאָרן אויף דעם דערמאָנטן אינדזל.

נאָך דער מלחמה פלעג איך יעדעס מאָל, שרייבנדיק וועגן טרעבלינקע, דערמאָנען דעם ערשטן עדות מײַנעם, קזשעפּיצקין. איך האָב זיך אַ סך מאָל געוווּנדערט, וואָס עס האָט זיך צו מיר נישט דערפֿרעגט קיין שום מענטש פֿון קזשעפּיצקיס משפּחה, כּדי געוואָר צו ווערן נענטערע פּרטים וועגן זײַן גורל. אין יאָר 1956 האָט זיך די עדות פֿון קזשעפּיצקי אָפּגעדרוקט אין די וואַרשעווער „בלעטער פֿאַר געשיכטע" און אין ישׂראל האָב איך אַ לענגערע צײַט געדרוקט אויף העברעיִש פֿראַגמענטן פֿון אָט דער עדות אין „על המשמר", און כאָטש אַזוי האָט זיך צו דער רעדאַקציע קיינער נישט געוואָנדן, נישט אין פּוילן און נישט אין ישׂראל.

אָט די רעטעניש האָט זיך אויפֿגעקלערט ערשט אין יאָר 1967. ווען עס איז אַרעסטירט געוואָרן דער געוועזענער קאָמענדאַנט פֿון טרעבלינקע פֿראַנץ שטאַנגל. אין שײַכות מיט אָט דעם סענסאַציאָנעלן אַרעסט האָט זיך נח קליגער פֿון „ידיעות אחרונות" געווענדט אין תּל־אביבער אָפּטייל פֿון יד־ושם נאָך מאַטעריאַל, באַקומען פֿון מיר אַ פּאָר פֿראַגמענטן פֿון קזשעפּיצקיס עדות און נאָך זייער דערשײַנען אין דער צײַטונג האָט זיך באַלד אָפּגערופֿן אַ ברודער און שוועסטער פֿון מײַן עדות. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער אמתער נאָמען זײַנער איז יעקב און אברהם איז געווען דער נאָמען פֿון זײַן מיט אַ צײַט צוריק פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער. אין שײַכות מיט זײַן עוקר זײַן פֿון דער דײַטשער געפֿאַנגענשאַפֿט האָט קזשעפּיצקי באַקומען זײַן טאַטנס דאָקומענט צוגעשיקט קיין וואַרשע און אומעטום זיך אָנגעהויבן צו רעגיסטרירן און באַנוצן מיטן נאָמען אברהם. נאָכן דערהאַלטן אָט די ידיעה האָב איך פֿון מײַן זײַט, בײַ אַלע נײַע געלעגנהייטן אָנגעהויבן זיך באַנוצן מיט ביידע נעמען — מיט אײנעם ווײַל ער איז אמתדיק און מיטן צווייטן ווײַל ער איז אַרײַן אין דער חורבן־ליטעראַטור סײַ אַלס נאָמען פֿון אַ זייער פּריִען און פּרעציזן עדות, סײַ אַלס נאָמען פֿון אַ געפֿאַלענעם קעמפֿער אין וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד, וואָס איך בין מחויב אויפֿצוהיטן זײַן זכר און זײַן אידענטיטעט.

מיר האָבן פֿאַרשריבן מיט קזשעפּיצקיס ברודער מנחם אַן עדות וועגן אונדזער „אברהם־יעקב" ווי אויך וועגן די איבערלעבונגען פֿון דער משפּחה און אַנדערע ייִדן אין דער ענגלישער פֿאַרשיקונג אויף סאַנט־מאַוריטיוס. מיר האָבן אויך פֿון אים באַקומען אַ בינטל פֿאָטאָגראַפֿיעס און צווישן זיי אַ קאָפּיע פֿון דעם זעלבן בילד, וואָס איך האָב בײַגעלייגט צו דער עדות, וואָס איר אָריגינאַל אין אײנעם מיט דער פֿאָטאָגראַפֿיע געפֿינט זיך ביז הײַנט אין ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע. (זע עדות־דערקלערונג פֿון מנחם קזשעפּיצקי אין תּל־אביבער אָפּטייל פֿון יד־ושם ק. 2759/130.)

וועגן קזשעפּיצקיס אָנטייל אין דער קאַמף־גרופּע פֿון הנוער הציוני אויפֿן געביט פֿון בערשטער־שאָפּ אונטער דער אָנפֿירונג פֿון יעקב פּראַשקער זע דאָס קאַפּיטל „אַ בוידעם אויף פֿראַגע" אין מײַנע ווײַטערדיקע שריפֿטן.

60. בערך אַ וואָך נאָך מײַן אַרויסגיין אויף דער אַרישער זײַט, האָב איך אָנגעקלינגען צו רינגעלבלומען אויף דעם נומער וואָס ער האָט מיר אָנגעגעבן אין דער פֿירמע בערנאַרד האַלמאַן. ער האָט בײַ דער נאָענטסטער באַגעגעניש מיט בערמאַנען אָפּגערעדט פֿאַר מיר אַ טרעפֿונג מיט אים אין אַ קליינעם לאָקאַל אויף ווילענסקאַ־גאַס אויף פֿראַגע און אַדאַנק אָט דער טרעפֿונג האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו בלײַבן אויף דער אַרישער זײַט.

61. Czesław Klarner — פּוילישער מלוכה־מאַן אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אָרגאַניזאַטאָר פון האַנדלס און אינדוסטריע־קאַמערן אין די הויפּט־ראַיאָנען פון דער פּוילישער מדינה און אין משך פון אַ פּאָר קאַדענצן מיניסטער פון אָט די צוויי דערמאָנטע רעסאָרטן. אַלס גרויסער עקספּערטער פון הבואה־זאַמען פון פּוילן קיין אויסלאַנד, האָט זיך ווינטער מסתמא באַגעגנט מיט קלאַרנערן אויף זיצונגען און שטאַמענדיק פון דער זעלבער געגנט ווי דער מיניסטער (פּלאָנסק), איז ער אפשר געווען מיט אים באַפריינדעט.

62. דער נאָמען „זימאָווסקי", איבערזעצט פון נאָמען ווינטער, איז אַ מוסטער פון אַ כאַראַקטעריסטישן פעלער, וואָס פלעגט געמאַכט ווערן דורך ייִדן פאַרן געברויך פון דער אַרישער זייט. פאַראַן אַ פּוילישער נאָמען זימינסקי, וואָס קער זיך אָן מיט ווינטער. ליידער איז אַפילו דערצו נישט דערגאַנגען מען זאָל האָבן אין דעם פאַל צרות צוליב אָט דעם פעלער.

63. זע ר. א. „מרד גיטו וואַרשה" פּרק 20 עמוד 105, הוצאת „מנורה" 1963.

46. די אָפּגעפונענע, האַלב־פאַרברענטע, האַלב־פאַרפוילטע בלעטלעך פון ווינ־טערס טאָגבוך זענען דאָך טיילווייז געוואָרן דעשיפרירט און זיי זענען מיט ב. מאַרקס קאָמענטאַרן פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דריטן באַנד פון די „בלעטער פאַר געשיכטע" טאָפּלהעפט 2—1, ז' 48—29 וואַרשע 1950.

ז

65. זע קאַפּיטל 31 ז' 278.

66. דאָס בריוול צו גיטערמאַנען איז געדרוקט אין ב. מאַרקס בוך „אומגעקו־מענע שרייבערס אין געטאָ און לאַגערן", פאַרלאַג „ייִדיש בוך", וואַרשע 1954.

67. אין יאָר 1972 האָט געוויילט אין ישׂראל דער דיכטער אברהם זאַק מיט זיין פרוי פאַניאַ רעמס. די פרוי פאַניאַ האָט פאַר דער מלחמה געוווינט אין וואַרשע און זי האָט אויך דאָ אַדורכגעמאַכט די טעג פון געטאָ און אַקציעס. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז זי מיט איר ערשטן מאַן, זענען געווען די אייגנטימערס פון דער קאַ־לאָשן און באָטן־פאַבריק „ריגאַוואַר", אין וועלכער קירמאַן האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט. זיי האָבן מיט אים געהאַט אַ קאָנטאַקט בשעת דער דייטשער אָקופּאַציע און די פרוי פאַניאַ האָט מיר איבערגעגעבן פאַרשידענע פרטים וועגן קירמאַנען. זי האָט מיר באַשטעטיקט מיין סברה, אַז קירמאַן האָט אין דער תּקופה צווישן ביידע אַקציעס געשריבן און זי האָט מיר דערציילט, אַז ער פלעגט פאַר זיינע פריינד פאַרלייענען די לידער. מעגלעך, אַז זיי האָט ער געמיינט ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיינע געטאָ־לידער פון פאַר דער אַקציע איבערגעלאָזט אויף דזיעלנע. ביי די קירמאַנס האָט פאַר דער מלחמה געוווינט זיין פרויס אַ ייִנגערע שוועסטער, אָבער ווי אַזוי עס האָט געהייסן דאָס אָרט וואָהין קירמאַנס פרוי מיט די קינדער איז אַרויסגעפאָרן נאָכן שליסן דאָס געטאָ, געדענקט נישט די פרוי פאַניאַ.

68. זע: Obozy, Dokumenty i materiały, opracował mgr. N. Blumenthal, Żydowska Komisja Historyczna, Łódź, 1946. זע אויך עדות פון אסתּר ווינדערבאַום־רובינשטיין, אַרכיוו יד־ושם ת"א ו־2209/118.

.69 Stanisław Piotrowski, „Misja Odyla Globocnika, Państwowy Instytut Wydawniczy, Warszawa 1949. וועגן דער מוזיק־באַגלייטונג צום „ערנטע־פעסט" פון דעם דריטן נאָוועמבער 1943 טראַכט איך יעדעס מאָל, ווען עס דערוועקט זיך אויף די שפּאַלטן פון דער ישׂראלדיקער פּרעסע אָדער אין ראַדיאָ דער וויכּוח צי זאָל מען שפּילן אין ישׂראל די מוזיקאַלישע שאַפונגען פון ריכאַרד שטראַוס...

.70 אין דער געגנט פון וועלכער איך שטאַם (גאַליציש פּאָדאָליע) פלעגן די משפּחה־מוטערס אין די עשׂרת ימי תּשובה — און אפשר שוין אין חודש אלול — זיך צונויפקלייבן צום „לייגן קנייטלעך". מיין מאַמע און די מומעס פלעגן צו דעם צוועק פאָרן פון דאָרף לאַנאָוויץ אין נאָענטן שטעטל אָזיעראַן — דאָס שטעטל וווּהין לאַנאָוויצער ייִדן האָבן געפירט צו קבורה זייערע טויטע. יעדע מאַמע האָט מיטגעבראַכט צוויי מאַטקעס ווייסעביימוול — איינעם פאַרן ליכט פון די לעבעדיקע, וואָס מען פלעגט ערב יום־כּיפּור אָפּטראָגן אין קלויז אַריין, דעם צווייטן פאַרן נשמה־ליכט, וואָס מען פלעגט אַריינשטעלן אין אַ טאָפּ מיט זאַמד און לאָזן ברענען אין שטוב אין משך פון יום הדין. איך בין איין מאָל אַלס קינד גע־ווען אָנוועזנד ביי דער דאָזיקער צערעמאָניע. אַ פּירזאָגערין איז געזעסן אין דער מיט, זי האָט געזאָגט און די ווייבער האָבן נאָכגעזאָגט, געגאָסן מיט טרערן מיט גרויס כּוונה, תּפילה געטון פאַר זייער הויז־געזינד. ביי די „קנייטלעך" צום ליכט פון די לעבעדיקע, איז דער נוסח געגאַנגען בערך בזה הלשון: מיין מאַנס קנייטל, זיין מלאכהס קנייטל, ער זאָל לאַנג לעבן, ער זאָל זיין געזונט און שטאַרק א.אַ.וו.

ביים ציִען די ביימוול צום טויטן־ליכט, האָט מען נישט געזאָגט „קנייטל", נאָר „פּאָדים", למשל: מיין טאַטנס פּאָדים, זיין מלאכהס פּאָדים, ער זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, ער זאָל זיין אַ מליץ־יושר א.אַ.וו.

דערביי האָבן זיי ביי יעדער פּראַזע אָפּגעמאָסטן מיט ביידע הענט און איבער־געריקט אַ שטיקל ביימוול. די אויף אַזאַ אופן אויסגעבענטשטע און אויסגעהייליקטע ביימוול, וואָס האָט מען דערנאָך ביי אונדז אין דאָרף אָוועקגעגעבן צו דער אַלטער מומע פרומע און זי האָט פון איר אויסגעדרייט צוויי לאַנגע קנויטן און אויפגעצויגן אויף זיי צוויי לאַנגע, שמעקעדיקע ליכט פון געלן בינען־וואַקס. דאָס ליכט פאַר די טויטע איז געווען קלענער און געהייסן „נשמה־ליכט".

איך געדענק אין אונדזער דאָרף אַ וואָרט „מען גייט שוין מיט די געלע ליכט" — ד.ה. ס'איז שוין שפּעט, מען דאַרף זיך איילן ערב יום־כּיפּור פאַר נאַכט אין קלויז אַריין. פון דעם מינהג שטאַמט דאָס ווערטל „צולייגן אַ קנייטל", ד.ה. זאָגן וועגן עמעצן אַ גוט אָדער אַ שלעכט וואָרט בשעת מען רעדט וועגן יענעם.

.71 פון מיין דעמלטיקן געשפּרעך מיט שטערנען איז אַרויס אַ גרויסער קוריאָז. נאָך דער מלחמה און נאָך בערל מאַרקס צוריקקומען פון ראַטנפאַרבאַנד, האָב איך אים געגעבן צו לייענען מיינע אויסגעגראָבענע העפטן, אין וועלכע ער האָט געלייענט וועגן דעם. אַז ישׂראל שטערן האָט מיר אויף לעשנאָ־גאַס 14, געגעבן צו לייענען אַ ליד פאַרשריבן אויף דער לינקער זייט ‏; פון אַ רעקלאַמע־צעטל, אַז דאָס איז געווען ישׂראל שטערנס אַ געטאָ־ליד געשריבן אויפן צעטל

פון אַ געטאָ־ווערעריי. ווען עס איז אין יאָר 1954 דערשינען אין פוילן מאַרקס בוך וועגן די אומגעקומענע שרייבער, האָב איך אויף דער זייט 57 געפונען אָט וואָס פאַר אַ „ליד״:

„אַזאַ שיינער הימל,
די וועלט איז מיר ענג,
אַ וואַלד מיט ביימער,
איך קוק, צי בין איך גליקלעך,
צי בין איך אומגליקלעך.
איך מוז לעבן,
איך וויל שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט״.

און אָט וויל איך אויפקלערן דעם סוד פון אָט דעם „ליד״. בשעת איך האָב אין די ווינטער חדשים 1942/43 פאַרשריבן די עדות פון קזשעפּיצקין פלעג איך טייל מאָל הערנדיק פון זיין מויל עפּעס מער כאַראַקטעריסטישע אויסדרוקן, שנעל איי־בערדרייען דאָס בלעטל און אויף דער לינקער זייט נאָטירן בוכשטעבלעך גענויע זיינע ווערטער. בנוגע דעם טעקסט וואָס מאַרק „ציטירט״ דערמאָן איך זיך, אַז איך האָב אים פאַרשריבן אין מאָמענט ווען קזשעפּיצקי האָט מיר געפּרוּווט באַ־שרייבן וואָס ער האָט געפילט, ווען ער איז נאָך דעם אַנטלויפן פון דעם לאַגער, אונטער די פּעק מלבושים פון די געהרגעטע, וואָס זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד — אַרויסגעשפּרונגען פאַר טאָג פון דעם וואַגאָן אין מיטן פון אַ נישט־באַוווינטן שטח און דערשפּירט, אַז ער איז פריי! גלייכצייטיק איז ביי אים אָבער אויך געקומען די רעפלעקסיע, אַז ער ווייסט נישט וואוּהין צו גיין, וואָס ווייטער צו טון מיט זיך.

אויטענטיש זענען די ווערטער: „צי בין איך גליקלעך, צי בין איך אומגליק־לעך?״ אין מיין דמיון איז אויך פאַרבליבן אַן אויסדרוק: „אַזאַ שיינע, גרינע, וועלט!...״ אָבער זיכער קאָן איך נישט זיין. מיין טרעבלינקע־מאַנוסקריפּט איז אָפּגעפונען געוואָרן אין דער צווייטער גניזה פון רינגעלבלום־אַרכיוו, וואָס איז (דאָס מאָל צופעליק) אַנטדעקט געוואָרן בעת דעם גראָבן אַ פונדאַמענט פאַר אַ ניי הויז, אין צוויי, הערמעטיש פאַרמאַכטע, מילך־קאַנען. איך האָב זיך שוין דעמלט געפונען אין ישראל. מאַרק האָט מיך דעמלט בריוולעך באַגריסט און מיר מודיע געווען וועגן דער נייער סעריע מיינע כתב־ידן, וועלכע זענען אָפּגעפונען געוואָרן, און ער האָט מיר אויך געגעבן די נייטיקע אָנווייזונגען ווי אַזוי און אויף וואָס פאַראַ אַדרעס איך זאָל זיך ווענדן צו די פוילישע אינסטאַנצן כדי ער זאָל מיר קאָנען צושיקן אַ קאָפּיע. פאַקטיש האָב איך אין אַ צייט אַרום דערהאַלטן אַ מיקראָפילם פון דעם טרעבלינקע־מאַנוסקריפּט (320 ז״ז); ליידער איז אָבער דער מאַנוסקריפּט פאָטאָגראַפירט געוואָרן בלויז פון דער רעכטער זייט. אַזוי, אַז נישט די אויבן ציטירטע אויסדרוקן און נישט קיין אַנדערע הערות פון קזשעפּיצקין האָב איך נישט דערהאַלטן.

איך וואָרן אַזוי אַרום ליטעראַטור־היסטאָריקער, נישט אַריינצופאַלן מיט אָט די פּאָר שורות און נישט אַריינצונעמען זיי ווו נישט איז אַלס כלומרשטן פראַגמענט פון ישראל שטערנס אַ חורבן־ליד.

72. Ptakowski - Podkowiński האָט אַלס באַאַמטער פון אַרבעטס־אַמט געהאָלפן אַ סך יידישע פּעך־מענטשן און יידישע קינסטלער צו באַקור־מען אַרבעטס־אויסווייזן. ער אַליין האָט זיך געראַטעוועט אויף דער אַרישער זייט אין איינעם מיט זיין פרוי און טעכטערל. אין דער לעצטער תקופה פלעג איך זיי באַזוכן אין שליחות פון דעם הילפס־קאָמיטעט. זיי האָבן געוווינט אין אַ ווייטער געגנט פון דרום־וואַרשע. אַ טאָג פאַרן אויפשטאַנד, ווען קיין טראַמווייען זענען שוין נישט געפאָרן, האָב איך געוואַנדערט צו זיי צופוס און געבראַכט זיי דאָס חודש־געלט פאַר אויגוסט, וואָס האָט זיי געהאָלפן בשעת דעם אויפשטאַנד זיך אַרויסבאַקומען אין אַ פאָרשטאָט־אָרטשאַפט אויסער וואַרשע און איבערהאַלטן בשלום די תקופה ביז דער באַפרייונג. נאָך דער מלחמה איז פטאַקאָווסקי געוואָרן זייער פּאָפּולער, דרוקנדיק קאָרעספּאָנדענצן פון דעם נירנבערגער פּראָצעס אין אַ ריי וויכטיקע פוילישע צייטונגען אונטער דעם נאָמען מאַריאַן פּאָדקאָווינסקי. אונ־טער אָט דעם נאָמען האָט ער אויך יאָרן לאַנג געדרוקט זיינע זאַכן אין דער פוילישער קראָקאָווער וואָכן־צייטונג Przekrój וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון אַ צווייטן פעיקן זשורנאַליסט פון יידישן אָפּשטאַם, Marian Eile

73. נאָך דער מלחמה איז דערשינען אַן אָפּקלייב פון ישראל שטערנס שאַ־פונגען א.ט. לידער און עסייען, ציקאָ פאַרלאַג, ניו יאָרק 1955.

74. יולי 1945 צום יאָרצייט פון קאַציזנעס טויט, איז אין ניי־געשאַפענעם יידישן ליטעראַטן־פאַראיין אין לאָדזש פאָרגעקומען אַ טרויער־אַקאַדעמיע מיטן אָנטייל פון זיין טאָכטער שולמית און אין דער צייטונג „דאָס נייע לעבן" האָט זיך אָפּגעדרוקט אַ דערשיטערנדיקע שילדערונג פון נחמן בליץ א.ט. „דער קרייץ־וועג פון אַלטער קאַציזנע".

75. זע דאָס בוך, טאַניאַ פוקס „אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן", צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס 1947.

76. מיט די אומשטאַנדן פון יצחק קאַצענעלסאָנס און יהושע פערלעס אומקום אין איינעם מיט זייערע זין, קאָן מען זיך באַקענען אין די אַרבעטן פון ד"ר נתן עק:

א) נסיונות הצלה בעזרת דרכונים ותעודות של אזרחי ארצות אמריקה הלטינית, קובץ מחקרים א' יד־ושם, ירושלים תש"י ז' 1957.

ב) יהודים תמורת גרמנים, דפים לחקר השואה, בית קצנלסון, הוצאת הקיבוץ המאוחד ת"א תשל"ג, 1973.

ווי אויך אין דער אַרבעט פון Dr. Eberhardt Kolb, Bergen Belsen, Hannower 1962.

אין די מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָב מיטגעבראַכט פון פוילן האָט זיך אויך צוו. אַנד. אָפּגעזוכט אַ דערמאָנונג פון פרוי אסתר בוימאַן, די לעצטע חדשים פון יהושע פערלע אין בערגען־בעלזען, געדרוקט אין לאָדזשער „נייעם לעבן", נומער 16(185), 1948.

## ראשי־תיבות

Ce Ka Be — Centrala Kas Bezprocentowych — צענטראַלע פון די גמי־לת חסדים־קאַסע, פינאַנסירונג־אָפּטייל פון דזשאָינט.

Centos — Centrala Opieki nad Sierotami — צענטראַלע פאַר יתומים (קינדער)־הילף.

D. O. K. — Dowództwo Okręgowe Korpusu I — קרייז־קאָמענדאַנטור פון קאָרפּוס I.

O. P. L. — Obrona Przeciwlotnicza — ציווילע לופט־שוץ־אָרגאַניזאַציע.

R. G. O. — Rada Główna Opiekuńcza — פוילישע צענטראַלע הילפס־אינסטיטוציע אויף די שטחים פון דער דייטשער אָקופּאַציע (גענעראַל־גוווערנע־מענט).

Schupo — Schutzpolizei — פּאָליציי־פאָרמאַציע. בעת דער צווייטער העלפט מלחמה טעטיק אויף אָקופּירטע געביטן אַלס הילפס־איינהייט צונויפגע־שטעלט פון מאָביליזירטע רעזערוו־עלעמענטן).

SS — Schutz Staffetn — עליטאַרע פאָרמאַציע פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַ־ליסטישער פאַרטיי.

Stuka — Sturzkamf Flugzeuge — דייטשע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען.

TOZ — Towarzystwo Opieki Zdrowotnej — עקספּאָזיטור פון דער ייִדישער וועלט־אינסטיטוציע צו זאָרגן פאַרן געזונט פון די ייִדישע פאָלקס־מאַסן אויפן שטח פון פוילן.

Z. Z. — Zakład Zaopatrywania — אַפּראָוויזאַציע־אַנשטאַלט.

Ż. T. O. S. — Żydowskie Towarzystwo Opieki Społecznej — אויף ייִדיש „זשיטאָס״.

Ż. O. S. — Żydowska Opieka Społeczna — קירצערע ווערסיע — אויף ייִדיש „זשאָס״ אָדער „ייסא״, ייִדישע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע.

## ווערטער־פּאַרטייטשונגען

אומשלאַג־פּלאַץ — אָפּצווייג פון דאַנציגער באַנהויף האַרט נעבן דער סטאַווקי־גאַס, רעכטס פון איר קרייצונג מיט דער דזשיקע־גאַס. ביז דעם 22סטן יולי 1942 האָט דער פּלאַץ געדינט פאַרן אָפּלאָדן די אָפּיציעלע אַפּראָוויזאַציע־צושטעלונגען פאַרן געטאָ און פאַרן סחורה־אויסטויש צווישן דעם ייִדישן קוואַר־טאַל און דעם רעשט וואַרשע (טראַנספּער־שטעלע). זינט דעם 22סטן יולי האָט מען אַהער געבראַכט די ייִדן, וואָס זענען געוואָרן פאַרנומען אין דער גירוש־אַקציע און דאָ איז פאָרגעקומען זייער פאַרלאָדן אין פלאָמבירטע באַן־עשאַלאָנען, וועלכע זענען אָפּגעגאַנגען „אויף מזרח" אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע און בעת די שפּע־טערע אַקציעס אויך אין אַנדערע לאַגערן פון לובלינער דיסטריקט.

קריסטאַל־נאַכט — די נאַכט פון 9טן אויפן 10טן נאָוועמבער 1938, ווען די היטלעריסטישע פּאַרטיי־אָרגאַנען האָבן אָרגאַניזירט כּלומרשט ספּאָנטאַנע איבער־פאַלן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג אין דייטשע און עסטרייכישע שטעט, פאַרבונדן מיט אונטערצינדונגען פון ייִדישע בתי־תּפילה, אינסטיטוציעס און גע־שעפטן, אין וועלכע מען האָט צעזעצט די שויפענצטער, צעבראָכן גלאָז מיט פּאָרצעליי־סחורות א.ד.גל. דער פּאָגראָם איז לאַנסירט געוואָרן אַלס נקמה־אַקט פאַרן טויט פון דעם דייטשן לעגאַציע־ראַט אין פּאַריז פאָן ראַט, וועלכער איז געוואָרן געהרגעט דורך הערש גרינשפּאַן אַלס אַ רעאַקציע אויף די ידיעות, וואָס ער האָט באַקומען פון זבאָנשין פון זיינע נאָענטע, וועלכע זענען אויף אַן אַכזריותדיקן אופן געוואָרן פאַרטריבן פון זייער היים אין דייטשלאַנד און גע־בליבן שטעקן אויף דער גרענעץ פון פּוילן, וואַהין די פּוילישע רעגירונג האָט די געוועזענע פּוילישע בירגער נישט געוואָלט אַריינלאָזן.

פאַרוווקע — דעזינפעקציע פון די איינוווינער פון חפצים פון די הייזער, אין וועלכע עס זענען פעסטגעשטעלט געוואָרן פאַלן פון טיפוס. די פּראָצעדור האָט ס'רוב מער געשאַט, ווי געהאָלפן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּלאָג פאַר דער אָרעמער באַפעלקערונג פון געטאָ, בשעת די מער פאַרמעגלעכע עלעמענטן האָבן זיך פון איר אויסגעקויפט. די מלבושים מיטן בעטגעוואַנט פון די געפּלאָגטע מענטשן פלעגן פון די פליסיקייטן און היץ אין די דעזינפעקציע־אויוונס ווערן אַ תל. בשעת די אייעלעך (די „ניס") פון די טיפוס־לייז זענען געבליבן לעבן. אויף לעשנאָ 40 אין אונדזער קיך פלעגט קומען אַ פרוי מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, וואָס איר פּרנסה איז באַשטאַנען פון גיין אַ פּאָר מאָל אין טאָג נעמען פאַר עמעצן אַ הייסע באָד און לאָזן יעדעס מאָל „אויספּאַרען" די זעלבע צעפליקטע לאַכעס אירע באַשטימטע פאַר אַט דעם צוועק. די סאַניטאַרן פון די באָד־אַנשטאַלטן האָבן זי שוין געקענט, אָבער זי האָט זיי געצאָלט „פּראָצענט" פון אירע „פאַרדינסטן".
„יעדער מוז לעבן" — איז געווען די לאָזונג פון יענע צייטן.

פונקט — מאַסן־ווין־פּלאַץ פאַר היימלאָזע פּליטים.

פּלאַצוווקע — דייטשע אַרבעטס־שטעלע אויסער די מויערן פון געטאָ.

ריקשע — לאָקאָמאָציע־מיטל פאַר איין מענטש מיט אַ זיץ־אָרט פון פאָרנט צוגעשפּאַנט צו אַ ביציקל מיט אַ ראָווערדיסט אויפן זאָטל, וועלכער האָט מיט די באַוועגונגען פון זיינע פיס געטרעדלט פאָרויס דעם גאַנצן עקיפּאַזש.

שאַבער — דאָס פאַרכאַפּן זאַכן פון דירות, פון וועלכע מען האָט אַרויס־געפירט די איינוווינער. דאָס לקחענען מלבושים, חפצים, ווערטזאַכן וואָס זענען געבליבן אָן אַ בעל־הבית.

שאָפּ — אַרבעטס־ווערקשטעל פאַר דייטשע צוועקן. דאָס וואָרט שטאַמט פון יידיש־אַמעריקאַנישן סלענג, פון דער תּקופה ווען דער רוב עמיגראַנטן פון מזרח־אייראָפּע פלעגן אַרבעטן אין גרויסע שניידערישע קאָנפעקציע־אונטערנעמונגען.

# אינדעקס

# אינהאַלט

## ה. באַוויזן צו שטאַרבן פאַרן גירוש



## ו. די מענטשן פון איקאַר



## ז. נשמה־ליכט

**ביז איצט דערשינענע ביכער פון רחל אויערבאַך:**

**אויף די פעלדער פון טרעבלינקע**
ייִדישע היסטאָרישע קאָמיסיע, לאָדזש 1947

**דער ייִדישער אויפשטאַנד**
צענטראַל־קאָמיטעט פון די ייִדן אין פוילן, וואַרשע 1948

**אונדזער חשבון מיטן דייטשן פאָלק**
נייַוועלט, תּל־אָביב 1952

**בחוצות ווארשה**
עם־עובד, תּל־אָביב 1954

**מרד גיטו ווארשה**
„מנורה", תּל־אָביב 1963

**אין לאַנד ישׂראל**
פאַרלאַג י. ל. פּרץ, תּל־אָביב 1964

## באַמערקטע דרוקפעלערן

דער נאָמען פון אַפּלבוים אויף זייט 224 דאַרף געלייענט ווערן: י. מ. אַפּלבוים.

די פּעטיט־נומערן 55 אויף זייט 276, 68 אויף זייט 316, 73 אויף זייט 323 — דאַרפן נישט גענומען ווערן אין אַכט ביים לייענען די הערות און אויפקלערונגען. אין דער ריכטיקער נומעראַציע געפינען זיך די זעלבע נומערן: 55 — אויף זייט 250; 68 — אויף זייט 306; 73 — אויף זייט 320.